שלום שטערן

# שרייבער וואָס איך האָב געקענט

## מעמואַרן און עסייען



ארויסגעגעבן מיט דער הילף
פון מולטי קולטור דעפּאַרטמענט פון
דער קאַנאַדער פעדעראַלער רעגירונג
אין שלום שטערן בוך פאָנד קאָמיטעט



מאָנטרעאל, קאנאדע
1982, תשמ״ב

# Writers I. Knew

## Memories and Essays

By

SHOLEM SHTERN

Sholem Shtern, Book Fund Committe
acknowledgments with thanks:
We gratefuly appreciate the assisttance
received from the Multicultural
department of the seccratary of state of
Canada.





PRINTED:
ADLER PRINTING AND LITHOGRAPHING REG.
4180 DE COURTRAI, ROOM 218
MONTREAL, QUE. H3S 1C3
1 9 8 2

אין ליבשאַפט
סאָניען
און אונדזערע קינדער
לייבל און ריוואַ
דוד און עלספעט,
און אייניקלעך
דזשאָעל, קערן, ליסאַ און אַלען,
דזשערעמי און לאָראַ,
צום געדענקען
און היטן די שעפערישע מי
פון דורות יידישע שרייַבער.

## איך דאַנק האַרציק דעם:

"שלום שטערן בוך־פאָנד־קאָמיטעט"

•

"מולטי קאָלטשוראַל דעפּאַרטמענט פון דער קאַנאַדער פעדעראַלער רעגירונג"

The Multicultural department of the Secretary of State of Canada.

•

"די פונדאַציע פון דער יידישער קהילה אין מאָנטרעאַל"

Allied Jewish Community Services Foundation in Montreal

•

ועד העיר מאנטרעאל

•

חיה און פנחס הובערמאַן פונדאַציע פאַר יידישער קולטור, וואַנקואווער

•

The Samuel Lapitsky Foundation in memory of Samuel and Rose Lapitsky and Burtha.

די סאַמיועל לאַפּיצקי פונדאַציע אין אָנדענק פון שמואל און רחל לאַפּיצקי און טאָכטער בווירטאַ.

•

אין אָנדענק פון אונדזער ליב־האַרציקן און אומפאַרגעסלעכן מאַן, פאָטער און זיידע משה ריקליס, פרוי: מלכה, קינדער: ראָני און לאהלע. אייניקלעך: דזשעפערי, דזשאָי און געריּ

•

די משפחה רעזניק אין אָנדענק פון זייערע עלטערן לאה און נחמן רעזניק.

The Family Reznick in memory of their parents Liza and Nachmen Reznick.

•

מיט דאַנק פאַרצייכן איך: אייניקע אַקטיוו־באַטייליקטע אין שלום שטערן בוך פאָנד קאָמיטעט: ד"ר יוסף קעידזש, נאָרמאַן מעסי און נחום ווילטשעסקי.

•

**IN MEMORY OF MOISHE RYKLES:**
Wife Malkea, children Ronnie & Layeleh, grandchildren Jeffrey, Joy and Gary.

# אַ תחינה פאַר יידיש

אָ יידיש דו מיין.
ווען, ווי שרה בת־טובים
איך בין אַזוי גנאָדיק און פרום,
אַ תחינה וואָלט איך געמאַכט:
אַז אין מויל פון יידישע קינדער,
זאָל אונדזער לשון ניט זיין שטום.

אָ, יידיש דו מיין.
איך וויל, ווי אין אַ תחינה
פון שרה בת־טובים רחמים בעטן:
אַז די טיר פון יעדן אידיש האַרץ,
זאָל ווידער אָפן זיין פאַר דיר.

אפשר וועל איך האָבן די ווערט,
אַז מיר זאָל דער נס ווערן באַשערט:
אַז אידיש זאָל ווידער לויכטן,
ווי אין פרילינג־פרימאָרגן —
דער זילבערנער טוי אויפן בלוי
פון יונגן בעז.

יידיש, אין אונדזער נאַכט,
אין חושך טיף און געדיכט,
ביסטו שטענדיק געווען
דאָס לויטערע ליכט
אויף יעדן פרעמד־שרעקנדיקן שליאַך.

יידיש, דו מיין.
ווי שרה בת־טובים,
איך וויל מיט אַ תחינה בעטן:
אַז יעדע אידישע טיר,
אָפן זאָל זיין פאַר דיר.
היינט, אין אונדזער פיין,
זאָלסטו ווידער זיין דאָס ליכט
פון אונדזער האָפן.

## שלום שטערן

# מאַני לייב

זאָלן זיך די לייענער נישט וווּנדערן, אַז איך וועל פון איצט אָן, גאַנץ אָפט, דרוקן כאַראַקטעריזאַציעס פון אַ צאָל יידישע שרײַבער, פּאָעטן דערציילער און עסייאיסטן. אין מײַנע מעמואַרן, וועל איך פּרוּוון איבערגעבן דאָס וואָס האָט מיך דערנעענטערט צו זיי. דער עיקר, ווי אַזוי איך האָב זיי געקענט, ווי אַזוי זיי האָבן זיך געלאָזט, איך זאָל זיי זען און דערקענען.

פאַרוואָס גראָד איצט? ווײַל די יאָרן מײַנע פון דער יונגשאַפט זײַנען שוין לאַנג, הגם צו פרי, אַנטרונען פון מיר. און היות, פּאָעזיע לייענט מען גאָר ווינציק — בפרט, יידישע פּאָעזיע אויף יידיש — זאָל מען כאָטש לייענען און וויסן, וואָס פאַר אַ שטייגער מענטשן זײַנען אָט די יידישע שרײַבער געווען.

אמת, מיט אָט די שרײַבער האָב איך געהאַט די פרייד צו פאַרברענגען בלויז געציילטע טעג, אויף זייערע באַזוכן אין מאָנטרעאָל. דאָך שטייען זיי פאַר מײַנע אויגן. איך רעד צו זיי, און פאַרנעם דעם דין־מוזיקאַלישן קלאַנג פון זייערע לידער, דעם הייליקן ציטער אין זייער געמיט. דורכן מויל פון זייער פען האָט געזונגען דאָס אײַדעלע, הערלעכע געזאַנג פון דער יידישער דיכטונג, וואָס צינדט נאָך אַלץ אין מיר דעם גלויבן, אַז די יידישע ליטעראַטור איז אַ לאַנג־דויערנדיקע. דעריבער, דאַכט זיך מיר אָפט, אַז מיר גייען נאָך אַלץ צוזאַמען און שמועסן און ביי די שמועסן בין איך נישט אַליין. אַז לייענערס און פאַרערעס פון אָט די שרײַבערס הערן זיך אײַן.

עס איז געווען אין אָנהייב פון די דרײַסיקער יאָרן. מאַני לייב איז פאַרבעטן געוואָרן פון דער יידישער ביבליאָטעק אין מאָנטרעאָל, צו רעדן און פאָרלייענען זײַנע לידער. אײַנגעשטאַנען איז ער ערגעץ אין אַ האָטעלעכל אויף שערברוק סטריט. אָדער פאַרק עוועניו. מאַני לייב איז פון שטענדיק אָן געווען דער פּאָעט, מײַן פּאָעט, וועמען איך האָב מקנא געווען און גלײַכצײַטיק שטאַרק ליב געהאַט. בין איך אים געגאַנגען אָפּגעבן שלום עליכם.

איך בין געגאַנגען צו אים מיט אַ געפיל פון שעצונג און אָפּשײַ, ווי אַ חסיד צו זײַן רבין. האָב איך אָנגעקלאַפּט אין טיר. מאַני לייב איז געזעסן אָן

אַ רעקל. אויף מײַן „גוטמאָרגן" האָט ער עפּעס אַ מורמל געטאָן און געשוויגן. איך האָב אים געזאָגט מײַן נאָמען. האָט ער זיך אויפגעכאַפּט ווי פון אַ דרימל, און אַרויסגעזייַעט עטלעכע ווערטער: „מײַן אײַזיק ראַבאָי (מאַני לייב האָט שטאַרק געהאַלטן פון ראַבאָיען און אים זייער ליב געהאַט) האָט מיט מיר גערעדט וועגן אײַך. איך האָב געלייענט אײַער ליד „אַ חלום" אין „צוקונפט". באמת אַ הערלעך ליד! אָבער אין אַנדערע לידער זוכט איר טעמע. אין פּאָעזיע איז דער עיקר די פאָרם, די שטימונג, דאָס בילד. אינהאַלט? איבערלעבונג פון אייגענעם אומעט, פון דער שטילער פרייד און די בענקשאַפט, „דאָס איז דאָס סאַמע האַרץ פון דיכטונג". (איך גאַראַנטיר ניט, נאָך אַזוי פיל יאָרן, אַז געננוי די זײַנען געווען זײַנע רייד. נאָר דעם תמצית פון די רייד זאָגט מיר דער זיכּרון אונטער גאַנץ קלאָר).

דערנאָך האָט ער מיר געגעבן אַ גאַנצע פּאָרציע מוסר. וועגן דעם, אַז דער באַגער צו שרײַבן פּראָלעטאַרישע לידער, וועט אויסליידיקן מײַן ליד פון פּאָעטישער שיינקייט. (פּיל ווייניק). דאָס אַלץ האָט ער נאָך באַשמאָלצן מיט עטלעכע ניט אײַדעלע ווערטער, אין סטיל פון משה לייב האַלפּערן. איך בין געזעסן קעגן אים ווי אַן אָפּגעשמיסענער.

פּלוצלינג טוט ער אַ פרעג: — וואָס טוט איר אַ גאַנצן טאָג? — וואָס איך טו? איך לערן אין די מאָריס ווינטשעווסקי שולן. — און ווי ראַבאָי האָט מיר איבערגעגעבן, האָט איר אַ גאָר שיינע, און ביז גאָר פײַנע פרוי (איר ווייסט דאָך — בײַ ראַבאָיען זײַנען אַלע פערד און פרויען שיין...) און איר האָט שוין אַ קינד אויך. איך האָב אויך פּרי חתונה־געהאַט. זיך באַנאַרישט. פאַרליבט און חתונה געהאַט, האָב שוין קינדער. אָבער קיין באַלעבעסל וועל איך נישט און קען נישט ווערן. מסתמא זײַנען דאָך אײַך באַקאַנט די לידער פון אַבאַ שטאָלצענבערג. אַן עכטער, לירישער דיכטער! אָבער מיר דאַכט אָבער. אַז מיט דער צײַט וועט ער ווערן אַ באַלעבעסל. אַרבעט זיך אַרויף אָט דער טײַערער פּאָעט שטאָלצענבערג. איך בין נישט זיכער צי ער וועט גרייכן הויך. ווײַל ער איז מיר לעצטנס זייער צופרידן מיט זיך. אַ פּאָעט איז שטענדיק נישט צופרידן מיט זיך, מיט זײַן שאַפן. ער צווייפלט שטענדיק אין דער ווערט פון זײַן טאַלאַנט. אַ פּאָעט איז שטענדיק אומרויק. זײַן טאַלאַנט נערט זיך פון דעם טרויער, וואָס מיט אים איז אָנגעקוועלט זײַן געמיט.

— איר ווייסט, וואָס איך טו? איך בין אַ שוסטער, איך ניי שיך. בײַנאַכט, אויב איך האָב שטימונג, שרײַב איך אָן אַ ליד. מיר קומט דאָס שרייבן אָן נישט גרינג. ווער איך מיד. רעד איך זיך אָפּ מיט מײַן פרײַנד און חבר שקלאַרסקי (געווען אַ ביכער־פּאַרקויפער) און מיר קנאַקן אָפּ אַ פּאָר נעכט אין קאָרטן.

— איר ווילט הערן עפּעס אַ שיינס. הערט, איך קום איינמאָל אַ היים שפּעט אין אָוונט פון דער אַרבעט. איך וואַש זיך אַרום, און גרייט זיך צום

טיש עסן. איך האָב ליב שוואַרץ ברויט מיט הערינג. זיצט אָבער אַ יונגערמאַן מיט אַ פולן טשעמאָדאַן און וואַרט אויף מיר. פרעג איך אים, יונגערמאַן וואָס האָט איר אין דעם טשעמאָדאַן — זאָגט ער: לידער. — ווונדער איך זיך, אַזאַ פולן טשעמאָדאַן? ענטפערט ער: איך האָב נאָך עטלעכע אַזעלכע פולע טשעמאָדאַנען אין דער היים. איך ווער אַ דערשראָקענער. ער קען דאָך יעדן אויפדערנאַכט קומען מיט אַן אַנדערן טשעמאָדאַן. — נו, זאָג איך, זייַט אַזוי גוט און לייענט. שלעפּט ער אַרויס אַ פּאַק פּאַפּירן און לייענט. און אַ כתב האָט ער, ממש געטאָקטע אותיות. אויף מיר געזאָגט געוואָרן. און אַ טאַלאַנטלאָזיקייט איז ער, באמת געבענטשט פון גאָט מיט נישט-קענען שרייַבן... איר ווייסט דאָך, ווען גאָט האָט געוואָלט שעלטן, האָט ער אים געבענטשט מיטן געשאַנק פון טאַלאַנט, געגעבן אים דאָס טאַלאַנט פון זיין אַ פּאָעט. איז ווי האַלטן מיר? — יאָ, מייַן לידער־מאַכער ביי דעם נישט־טאַלאַנט (י.י. סיגאַל וואַרפט זיך צו גיך און גרינג מיטן וואָרט גראַפאָמאַן. אַ גראַפאָמאַן איז אַ מדרגה). אָבער מייַן פאַרשווין איז אַ נודניק געווען. לייענט ער און לייענט און איך פיל איך גיי אויס. פשוט, אָט, אָט און איך חלש אַוועק.

טו איך אַ זאָג: יונגערמאַן געגנוג געלייענט. איך קען אייַך שוין זאָגן מייַן מיינונג. זאָגט מיר, וואָס טוט איר מיט אָט די לידער? — וואָס הייסט, גלאָצט ער אויס צוויי קעלבערנע אויגן, וואָס איך טו מיט זיי? איך בין זייער פּראָדוקטיוו. איך שרייַב אַ סך. איך שרייַב און צערייַס. — אויב אַזוי, זאָג איך צו אים: גייט אָן מיט אייַער אַרבעט!...

דער יונגערמאַן האָט זיך אַ דערפרייטער אויפגעהויבן און מיר הערצלעך באַדאַנקט. — הייסט עס, איך האָב טאַלאַנט. — געוויס. איך האָב דאָך אייַך געזאָגט, גייט אָן מיט אייַער אַרבעט, שרייַבט און צערייַסט וואָס מער, און שרייַבט נישט אויף אַזאַ שיין און טייַער פּאַפּיר. איר דאַרפט דאָך טאָן אויך די אַרבעט פון צערייַסן...

מאַני לייב האָט זיך הויך און קינדעריש צעלאַכט, און זייַנע גרינע אויגן האָבן מילד און שטיפעריש געשמייכלט. און איצט, איר האָט דאָך געוויס געבראַכט לידער צו לייענען. אויך שטאָלצענבערג ברענגט לידער, אַמאָל לייענט ער זיי אויף אויסנווייניק און אַמאָל פון פּאַפּיר. איך בעט אים: טרינק אַ גלאָז טיי מיט צובייַסעכץ. און ער: מאַני לייב הערט דאָס איינע ליד. אַ בריליאַנטן ליד! זישע לאַנדוי זאָגט אויך אַזוי!

געוויס האָט ער שיינע לידער! נאָר בריליאַנטן? וואָס וועט ער טאָן מיט אַזוי פיל בריליאַנטן? ער וועט דאָך ווערן דער גרעסטער גביר ביי אונדז. און פונעם בלענד פון אָט די בריליאַנטן וועלן מיר אַלע נאָך חלילה בלינד ווערן. אַ פּאָעט האָט נישט קיין סך דימענטענע לידער. אַ פינף־צען לידער, און דאָס איבעריקע איז דער גלוסט צו שרייַבן. עס איז דער גייַסט פון טרויער וואָס טרייַבט צו שכור ווערן מיט אייגענע ווערטער. איז לייענט־זשע עפּעס!

## איז ווו איז אײַער טשעמאָדאַן?

איך בין געזעסן, ווי אַן אָפּגעשמיסענער. איך האָב זיך געשעמט אויפצוהויבן די אויגן. מאַני לייב! אָט דער צאַרטער פּאָעט, זאָל מאַכן אַזאַ פאַרגלײַך מיט אַ טשעמאָדאַן, און מיר אויך געבן די אָנצוהערעניש פון "אנגיין מיט מײַן אַרבעט: פון שרייב און צערײַס!"" האָב איך זיך אויפגעשטעלט און געזאָגט לאמור אַזוי צו זאָגן: מאַני לייב, איך האָב זיך דערמאָנט אין אײַערס אַ פערז:

"די זון פאַרגייט,
זי מוז פאַרגיין"

וואָס מיינט עס "זי מוז פאַרגיין"? ווער נויט זי צו פאַרגיין! וואָס איז דאָס פאַר אַ זאָג פאַר אַזאַ געהיטענעם פּאָעט, ווי איר? מילא ווען איר שרײַבט כאָטש זי וועט פאַרגיין. נישט זי מוז! מען מוז נישט ברענגען קיין טשעמאָדאַן מיט לידער! מען מוז נישט לייענען קיין לידער פאַר מאַני לייבן. מײַן טאַטע איז אַ שוחט האָט ער געמוזט אָנשטעלן אַ חלף, און ברענגען צו יעדן שמאַטעוואַטע רבעלע, וואָס איז געקומען אין שטעטל. יענער דאַרף אויספּרווון דעם חלף, צי ער האָט נישט קיין פּגימה. איך האָב נישט קיין חלפל צו ברענגען און איר דאַרפט מיך נישט אויספּרווון. איך שרײַב ווי איך פיל, און דאָס איז שוין חל אויף סאָציאַלע און טראַדיציאָנעל-שטייגערישע לידער. פּאָעזיע איז טאַקע דאָס אַלץ, וואָס איר זאָגט, געפיל און אימאַזש, אָבער אָן אינהאַלט, איז דאָס ליד אַ ליידיקע כּלי...

מאַני לייבס גרינע אויגן זײַנען גרינער געוואָרן מיט אַזאַ העלן, קינדישן שײַן. זײַן פלייצע האָט זיך געהויקערט. זיינע צאַרטע געשניצטע פינגער האָבן געקנייטשט אַ שטיקל פּאַפּיר. ער האָט מיך אויסגעהערט, געשמייכלט און שטיל געלאַסן אַ זאָג געטאָן: איר ווייסט, י.י. סיגאַל שרײַבט צו פיל. ער איז צו פּראָדוקטיוו. וואָס גיסט ער אַזוי פיל טינט? ער איז אַ פּאָעט מיט אַ גרויסן טאַלאַנט! נאָר ער האָט פּשוט נישט קיין רחמנות אויפן פּאַפּיר. ער קען נישט זען קיין ליידיק שטיקל פּאַפּיר! איך האָב אים שוין נישט איין מאָל געשריבן וועגן דעם. אָבער עס איז אַזאַ קרענק בײַ אים! — איז יאָ, אין קאָרטן שפּילט איר נישט? אין "קאַמף" שרײַבט איר. אין "צוקונפט", אין "ליטעראַרישע בלעטער", אין ווײַנפּערס "אויפקום" דרוקט איר פון צײַט צו צײַט לידער. אַ לערער בײַ די לינקע זענט איר, און טאַלאַנט האָט איר. אַ סימן, איר האָט דאָך נישט געבראַכט קיין טשעמאָדאַן... איז לייענט.

שלעפּ איך שוין אַרויס פון בוזעם-קעשענע אַ סעריע פון מײַנע סאָנאַטאָריע לידער, און הויב אָן, מיט אַן אומזיכער קול, צו לייענען. — לייענט העכער — טוט ער אַ באַפעל. שטעלט זיך אָפּ און לייענט נאָך אַמאָל אָט די שורה: "די זון איז אַרויס, אַ בעכער פול מיט טוי איז די רויז". וווּנדערלעך! איך לייען, און ער שטעלט מיך כּסדר אָפּ. אַ וואָרט אין אַ ליד

האָט זיך זייַן אייגענעם טעם. פריקרע! אָבער עס זיסט אויפן גומען! לייענט נאָך אַמאָל:

„אויף די שפּיץ־פינגער גיי,
זע, ווי קליינע קינדער
שלאָפן זיי".

איך לייען, שוין העכער און מאַני׳ לייב מוטיקט מיך: לייענט די גאַנצע לידער: 15

„אַ קראָ קראַקעט
אויף אַ שטיין,
עמעצער גייט
אין וואַלד אַליין".

„דער שניי פאַלט
אויפן דאַך,
דער שניי פאַלט
אויפן שליאַך
און ליכטיק טוט
לבנה שטומען"...

פון אויפרעגונג און פון דערוואַרטונג האָב איך זיך ממש געבאָדן אין שווייס.

— דאָס זייַנען שיינע לידער! באמת שיינע, לירישע לידער. אָבער דער ריטם אין גראַם, וועט אַ סך שיינקייט אַרייַנרעגנען אין אייַערע דיכטעריש פערזן. — מיר האָבן געטרונקען טיי און נאָענט־היימיש זיך געזעגנט ווי מיר וואָלטן זיך געקענט שוין יאָרן לאַנג.

צו זייַן לעקציע אין ביבליאָטעק איז געקומען אַ גאַנץ נישקשהדיקער עולם. ער האָט פּאַרט נישט געצויגן אַזאַ מאַסע ווי לייוויק. מאַני לייבן האָט עס גאָרנישט געאַרט. — איך בין אַ קנאַפּער רעדנער. איך לייען בלויז לידער, און ווער האָט דאָס געדולד צו הערן לידער. איך לייען אין יעדער שטאָט פאַר יחידים, וואָס האָבן ליב און לעבן מיטן ליד. דאָהי וועל איך לייענען פאַר י.י. סיגאַלן, פאַר אייַך. דאָס איז גענוג פאַר אַזאַ שוסטער־יונג ווי איך... וואָס איז געוואָרן אַ פּאָעט בייַ יידן.

אויף צו מאָרגנס, נאָך דעם אָוונט, האָט אים סיגאַל פאַרבעטן צו זיך אויף מיטאָג. אָבער דערווייַל האָבן מיר געמאַכט אַ שפּאַציר אויף סט. דזשאָזעף, פון סט. לאָרענס ביז פּאַרק עוועניו. עס איז געווען אַ גאָלדענער האַרבסטיקער אינדערפרי. אַ מילדער ווינט האָט געצופּט די בלוטרויטע בלעטער פון דיביימער. די בלעטער האָבן געשאָרכעט און מען האָט גערעדט וועגן שרייַבער, ווי דער שטייגער מער באַרעדט, ווי גערעדט. ביז מען איז אַרויף אויף משה לייב האַלפּערן.

אין מיטן גערייד האָט מאַני לייב אַ וואָרטשע געטאָן: שלום שטערן האַלט פון משה לייב האַלפּערן. ער קען נאָך נישט אונטערשיידן פון פּשטות ביז באָמבאַסטיק. איך זאָג מיט מײַן גאַנצער אויפריכטיקייט, אָן שום פּניות: משה לייב האַלפּערן איז אַ גראַפאָמאַן! י.י. סיגאַל האָט געהאַט אַזאַ שטאַרקן און גרויסן אָפּשײַ פאַר מאַני לייבן, אַז ער האָט נישט געוואַגט אים צו דערווידערן. האָט ער עפּעס אונטערגעמורמלט, און מיר איז געוואָרן קאַלעמוטנע אויפן האַרצן און איך האָב זיך אָפּגערופן: משה לייב האַלפּערן איז פון די דיכטער וועמען מען דאַרף נישט פאַרטיידיקן. ער האָט גרויסע לידער. פּאָעטיש גרויסע און מעכטיקע לידער; דווקא זײַן "גאַסן פּויקער" נעמט מיך נישט. אָבער זײַן "די זון וועט אַרונטערגיין אונטערן באַרג" איז גרויסע ליריק! און אין דעם וויטיק און טרויער פון זײַן ליד, פאַרנעם איך דאָס געוויין פון לײַדנדיקע און געפּלאָגטע. משה לייב האַלפּערן איז אַליין אַ טיף-לײַדנדיקער מענטש און אַ גרויסער דיכטער! און אַפילו די וווּלגאַרע רייד, זײַנען דער אַרויסשטראָם פון דעם צאָרן פון זײַן פּײַן. זײַנע לידער רעדן צו מיר און זאָגן מיר מער ווי לייוויקס כּסדר לאָזן וויסן, אַז עס טוט אים וויי, און אַז ער גאַרט נאָך דער גאולה. געוויס איז לייוויק פון די הויך־אויפגעשטיגענע דיכטער, אָבער מען מאַכט אים שוין פאַר אַ הייליקן. און מיר זײַנען דערווידער די פאַרפרומטע לײַט מיט די פאַרגלאָצטע אויגן.

מאַני לייב האָט זיך גאָרנישט אָפּגערופן. נאָר י.י. סיגאַל האָט זיך צערעדט: לייוויק איז אַ פּאָזיאָר אין פיל פון זײַנע לידער. זײַן "וואָלקנס איבערן וואַלד" איז מער אָנשטעל ווי פּאָעזיע. דאָס זײַנען "בלעכענע לידער" (ער האָט איין מאָל זיך אַרויפגעכאַפּט אויף בערל לאַפּינס אַ לידער־בוך, און זיי אָנגערופן אין אַ רעצענזיע "בלעכענע לידער").

עס האָט מיך זייער געעאַרט סיגאַלס אַרויסטריט קעגן לייוויקן. איך בין זיך מודה ומתודה, נישט תּמיד האָב איך געקענט אָננעמען לייוויקס אָנגעבלאָזנקייט און טראָגן אויף זיך די משׂא פון פּײַן, ווי ער זאָל דעם גאַנצן צער פון דער וועלט, טראָגן אויף זײַנע פּלייצעס... אָבער פיל פון זײַנע לידער זײַנען מיר געווען זייער נאָענט און גראָד האָב איך זײַן "וואָלקנס איבערן וואַלד" הויך געשעצט ווי אַ גרויס דיכטעריש ווערק! הגם מיט זײַן "דער גולם" קען איך זיך עד היום נישט קיין עצה געבן. אויסער דאָס ערשטע קאַפּיטל ווי דער מהר"ל באַשאַפט דעם גולם, ווי ער קנעט אויס פון טויט שטומען ליים זײַן גוף, בין איך נישט שטאַרק אַנטציקט פון דער פּאָעטישקייט פון "גולם". און איך האָב געזאָגט, בלויז אַזאַ דיכטער מיט אַזאַ פאַרנעם און וויזיע האָט געקענט שאַפן אַזאַ מײַסטערשאַפונג און אַזעלכע מוסטערהאַפטע לידער ווי

"ערגעץ ווײַט, ערגעץ ווײַט
ליגט דאָס לאַנד
דאָס פאַרבאָטענע".

מאַני לייב האָט זיך נישט געאַמפּערט, נישט מיט סיגאַלן, און נישט מיט מיר. ער האָט בלויז אַ זאָג געטאָן:

— הערט. דער שטייגער ווי לייוויק פירט זיך אויף, זיין רעקלאַמירן זיך. זיין אויגן־גלאָצעניש, איז מיר דערווידער. אָבער "וואָלקנס איבערן וואַלד" איז אַ גרויס קינסטלעריש ווערק! און יאָ, סיגאַל, איך וועל נאָך אַמאָל איבערלייענען די פּאָעמע און אייך שרייבן מיין פרישן איינדרוק.

מיט אייניקע וואָכן שפּעטער איז אָנגעקומען אַ בריוו פון מאַני לייבן צו סיגאַלן אין וועלכן ער שרייבט אָט וואָס: "איך האָב נאָך אַמאָל געלייענט "וואָלקנס איבערן וואַלד". עס איז פאַרט אַ גרויס ווערק!" דאָס איז געווען מאַני לייב. ער האָט געקענט זיין אָביעקטיוו, ערלעך און אויפריכטיק אין זיין אָפּשאַצן אַ שרייבער. הגם ער האָט אָפטלעך געבלאָנדזשעט צוליב זיין קונסטשיטה פון עסטעטיציזם.

מיר האָט מאַני לייב געשריבן: "איר דאַרפט אָנשרייבן אַ גרעסערע פּאָעמע וועגן סאַנאַטאָריום, דער זאַט פון אייער יונג לעבן. טרויער און פרייד, איז דער קוואַל פון אייער יונג לעבן. טרויער און פרייד, איז דער קוואַל פון אייער בענקשאַפט און טרוים. דאָס איז אייער באָדן. אָבער געדענקט אין קונסט, איז די וועלט גרעסער ווי דאָס מיטגענומענע פונם נעבכטן אין שטעטל. די וועלט פון געפיל איז טיפער. שטימונג איז דער סאַמער אָנרעג פאַרן ליד. איך בין נישט קעגן דעם סאָציאַלן מאָטיוו אין אייער ליד. אָבער היט זיך פון געשריי, פון באַמבאַסטיק. עס נעמט אויס ביים עולם, וואָס פאַרשטייט נישט, אַז דער צויבער פון ליד ליגט אין זיין שטילן טאָן, אין געבעט פון געמיט.

סיי ווי, סיגאַל און איר דאַרפן זיך באַמיען אַרויסצוגעבן אַ ליטעראַרישן זשורנאַל אין מאָנטרעאָל. אויף סיגאַלן דאַרף מען ווירקן, אַז ער זאָל נישט זיין אַזוי פּראָדוקטיוו. נישט זיין אַזוי צעקריגט מיט אַלע שרייבער. קיינער קען ביי אים אין קאַנאַדע, נישט שרייבן. אַלע זיינען ביי אים גראַפאָמאַנען. עס שטאַמט מער פון דער נישט־פּאַרגינערישער מורא, טאָמער וועט פון אייער גרופּע אַרויסוואַקסן אַ רעפּרעזאַנטאַטיווער פּאָעט. מען טאָר נישט זיין בייז און ברוגז אויף דער גאַנצער וועלט".

ביים ערשטן גרויסן "איקוף"־צוזאַמענפאָר, בין איך געווען אַ דעלעגאַט פון מאָנטרעאָל. י.ב. ביאַליסטאָצקי האָט גערופן צו זיך אין הויז אַ פּאָר פּאָעטן, בערל לאַפּין, יוסף ראָלניק. מען האָט אויך פאַרבעטן מאַני לייבן. האָט ער מיר טעלעפאָנירט אַז ער קען נישט קומען, ער פילט נישט אַזוי גוט. נאָר מירן זיך מאָרגן באַגעגענען ביים "פאָרווערטס". האָבן מיר זיך געטראָפן צו דער אָפּגעשמועסטער צייט. מיר האָבן געטרונקען קאַווע און געשמועסט צו ביסלעך. מאַני לייב האָט אויסגעקוקט בלאַסלעך. זיינע שיינע, גרינע אויגן האָבן געשימערט אין שיין פון אַן אומעט, וואָס נאָגט ערגעץ אין דער טיף.

אין מיטן רעדן, האָט ער אָפּגערוקט דאָס טעפּל קאַווע און אַ זאָג געטאָן: "איר זעט אָט די "פֿאָרווערטס" געבײַדע, וואָס אין איר זיצט אייבעלע קאַהן... אָט דער נישט־דערבאַקענער קאַהן, האָט חרוב געמאַכט און מאַכט חרוב די יידישע ליטעראַטור".

— מאַני לייב, האָב איך געפרעגט, איז פֿאַרוואָס זשע דרוקט איר דאָרט אײַערע לידער יעדע וואָך? — וואָס זאָל איך טאָן? מען דאַרף זיך דאָך ערגעץ דרוקן און אַ פּאָעט דאַרף דאָך אויך עסן. — איך בין נישט קיין צו אָפּטער בריוו־שרײַבער. איך ווייס נישט צי מיר'ן זיך נאָך אַמאָל זען. לייענט מיר די לידער "אַ חלום" און דעם "טאַטנס בריוו" פֿון אײַערע סאַנאַטאָר־יום־לידער, וועלכע איר האָט נעכטן אָוונט געלייענט אין ביאַלסטאָצקיס הויז. ראָלניק האָט זיי פֿאַר מיר אויסגעלויבט. — האָב איך אים געלייענט. מאַני לייב האָט געבעטן איך זאָל דעם "טאַטנס בריוו" נאָך אַמאָל איבערלייענען. בײַם געזעגענען זיך האָט ער מיר שטאַרק געדריקט די האַנט און געזאָגט: "מײַן ערשטער אײַנדרוק פֿון אײַערע סאַנאַטאָריע לידער, איז געווען אַז דאָס איז אײַער פּאָעטישער באָדן. דאָס זײַנען שוין מער ווי שיינע לידער. שרײַבט און מעקט אַ סך. שרײַבט און צערײַסט נישט. גייט אָן מיט אײַער אַרבעט!" איך האָב זיך צעלאַכט.

אַ שטיקל צײַט איז אַוועק און עס האָט זיך באַוויזן די פֿינצטערע ידיעה, אַז מאַני לייב געפֿינט זיך אין אַ סאַנאַטאָריע פֿאַר טובערקלאָזע. ער איז טאַקע דאָרטן נפֿטר געוואָרן.

מאַני לייב, ווען איך דערמאָן זיך אין אים, שווימען טרערן אין מײַנע אויגן.



פון שלום שטערן

# משה לייב האַלפּערן ווי איך האָב אים געקענט

(איניקע טעג מיט משה לייב האַלפּערן)

אַ קליינע הקדמה, איידער איך הייב אָן איבערגעבן מײַנע אײַנדרוקן פון די עטלעכע טעג אין וועלכע, איך האָב געהאַט די געלעגנהייט נענטער צו קענען (אפשר אויך אַביסל דערקענען...) משה לייב האַלפּערן.

* * *

גלײַך נאָך זײַן פּטירה האָב איך זיך נישט געקענט צונויפנעמען און שרײַבן וועגן אים, אַזוי פאַרקלעמט בין איך געווען. ערשט צו זײַן 20טן יאָרצײַט, האָב איך באַוויזן אָפּצדרוקן צוויי אַרטיקלען וועגן אים אין "קאַנאַדער וואָכנבלאַט" ("משה לייב האַלפּערן" — דעם 25סטן סעפּטעמבער 1952, און דעם 16טן אָקטאָבער 1952 — "משה לייב האַלפּערן דער ליריקער"). ביידע אָפּשאַצונגען זײַנען פאַרצייכנט אין זײַן "אין ניו־יאָרק", אַרויסגעגעבן, דאַכט מיר, פון פאַרלאַג "מתּנות". אין "לעקסיקאָן פון יידישע שרײַבער", זײַנען מײַנע אָפּהאַנדלונגען נישט דערמאָנט (מסתּמא נישט גענוג כּשר־געווען דעמאָלט פאַר דער רעדאַקציע...) אין יענע צוויי אָפּשאַצונגען, האָב איך אַביסל דערציילט וועגן האַלפּערן דעם מענטש און פּאָעט. איך האָב בכּיוון אַרויסגעלאָזט אַ סך עפּיזאָדן וואָס כאַראַקטעריזירן אים, מחמת, איך האָב נישט געוואָלט דערמאָנען נעמען פון שרײַבער, וועלכע האָבן נאָך געלעבט, און אַגב, האָב איך נישט אַלעמאָל געקענט אָננעמען זײַנע אַרויסזאָגונגען וועגן זיי. איך האָב אָט־די שרײַבער געקענט פון דער נאָענט און געהאַט גאָר אַן אַנדערע באַציונג צו זיי. צום טיפן ווייטיק, זײַנען שוין אָט־די שפּעפרישע מענטשן שוכני עפר, פרי אַוועקגאַנגען פון דער וועלט.

איצט קען איך שרײַבן פרײַ און קיינעם חלילה נישט פאַרשעמען. איך וויל זיך טיילן מיט דעם, וואָס איז פאַרשריבן אין מײַן פּנקס־המעמואַרן און אויך פון דעם אָפּגעדרוקטן אין "וואָכנבלאַט".

משה לייב האַלפּערן איז פאַרבעטן געוואָרן פון דער ביבליאָטעק צו האַלטן אַ לעקציע. געוויינלעך, ווען לייוויק, אָפּאַטאָשו, פּרץ הירשביין,

שלום אַש אָדער אַנדערע גדולים פלעגן זײַן די גאַסטרעדנער, האָט מען גענומען אַ גרויסן זאַל. עס זײַנען שטענדיק געקומען עטלעכע הונדערט מענטשן. נו, משה לייב האַלפּערן איז טאַקע געווען הויך אָנערקענט, באַוווּסט און באַליבט, אָבער בלויז אין דער סביבה פֿון די שרײַבער און דער אינטעליגענציע. (דאָס זעלבע איז געווען מיט י.י. שוואַרץ.) אַזוי אַרום, האָט מען אײַנגעאָרדנט די לעקציע מיט האַלפּערנען אין אַ גרעסערן צונויפֿקום־צימער, אין הינטערשטן שטאָק פֿון דער ביבליאָטעק. קיין גרויסער עולם איז טאַקע נישט געקומען, געווען אַרום 70־80 מענטשן. איך קען זיך נישט דערמאָנען, ווער עס איז געווען פֿאָרזיצער. נאָר מיר איז אויסגעקומען צו זיצן לעבן האַלפּערנען. דעמאָלט איז דערשינען דער זשורנאַל "מאָנטרעאָל", רעדאַקטירט פֿון פּאָעט א.ש. שקאָלניקאָוו. דאָרט האָט די דיכטערין אײַדע מאַזע אָפּגעדרוקט אַ ליד "איך בין זינדיק, איך בין זינדיק". עפּעס האָט זיך אײַדע מאַזע פֿאַרשפּעטיקט. פֿרעגט מיך האַלפּערן, ווו איז ערגעץ אײַדע מאַזע? — זאָג איך, זי וועט מסתּמא באַלד קומען. דערווײַל האָט עמעצער (דאַכט מיר י.י. סיגאַל) געלייענט אַן עסיי וועגן מ.ל. האַלפּערן. געווען אַזאַ מנהג שוין אין מאָנטרעאַל, ווען מען האָט מקבל־פּנים געווען אַ שרײַבער, אין ביבליאָטעק.

משה לייב איז געוואָרן אומרויִק, און רוימט מיר אײַן: די שבחים — אַדרבה! זייער טשיקאַווע! אָבער פֿאַרוואָס שרײַבט ער אַזוי געדיכט? — ענטפֿער איך, סיגאַל איז אַ גרויסער מבין אויף פּאָעזיע, ווען ער איז פֿאַרגינעריש און נישט־בײַזוויליק. ער איז אַ גוטער פּאָעט! — זעט איר, זאָגט האַלפּערן, איך שטים מיט אײַך אײַן וועגן אײַער לעצטער מיינונג. דאָס שושקען זיך, האָט אַביסל אויפֿגערעגט די נאָענט־זיצנדיקע.

געוויינלעך, נאָך אַ לעקציע גייט מען אַרײַן מיטן גאַסט אין אַ קאַפֿעטעריע. אָבער אַלע זײַנען זיך צעגאַנגען. איך בין געבליבן מיט אים. — ווענדט ער זיך צו מיר: איך האָב מיט ווײַנפֿערן פֿיל מאָל גערעדט וועגן אײַך. אפֿשר וואָלטן מיר אַרײַנגעגאַנגען אין אַ קאַפֿעטעריע. זײַנען מיר אַרײַן אין אַ קאַפֿעטעריע, און זיך פֿאַררוקט אין אַ שטיל ווינקל. משה לייב איז געווען אויפֿגערעגט, פֿאַרשוויצט, און מידלעך אַוועקגעלייגט די לאַנגע הענט אויפֿן טיש. ער איז געווען אומצופֿרידן.

— אַזוי גאָר! ווײַזט אויס, איך בין נישט קיין גרויסע אַטראַקציע! פֿאַר אַנדערע דינגט מען אַ גרויסן זאַל, און פֿאַר משה לייבן איז גענוג "דאַונסטערז" (אונטן) אין אַ קלענערן פֿאַרזאַמלונג־צימער! דאָס איז משה לייב האַלפּערנס מערכה! — באַרויִק איך אים, — משה לייב, איר זענט דער קרעפֿטיקסטער און אָריגינעלסטער פּאָעט אין דער יידישער ליטע־ראַטור! נישט אין פּאָפּולאַריטעט גייט עס! נישט פּרסום באַשטימט די לאַנג־דויערוודיקייט פֿון אַ דיכטערישער שאַפֿונג. עס איז דאָס ליד — וואָס דעצידירט! איר ווייסט דאָס בעסער פֿון מיר! — אָבער אַ מענטש, בעת ער לעבט באַגערט אָנערקענונג. אַ פּאָעט איז דאָך נישט מער, און טייל מאָל

אַפּילו ווינציקער פון אַ מענטש מיט מענטשלעכקייט, און ער האָט אַ רעכט אויפגענומען צו ווערן אויף אַ חשובן אופן.

מען האָט דערלאַנגט צוויי טעפּלעך קאַווע מיט צובייַסן. האַלפּערן באַצאָלט. זאָג איך, איר זענט דאָך אַ גאַסט. — נו, פּאַרקרימט ער זיך — וואָס בין איך שלום אַש, וואָס לאַדט איַין משה נאַדירן אויף עפּל; ווען עס קומט צו באַצאָלן, וואַרט ער, אַז משה נאַדיר, דער קבצן, זאָל באַצאָלן. הערט, מיר זייַנען צוויי קבצנים. אַמפּערט זיך נישט איבער גאָרנישט.

האַלפּערן זופּט די קאַווע. אַ פלעשל ביר איז געשמאַקער! נאָר איר טרינקט דאָך נישט קיין שאַרפע געטראַנקען. ער האַלט זיך אין איין ווישן דאָס פּנים. ער נעמט מיך דורך מיט די טיף־טרויעריקע אויגן און ווערטער שטעכיקע פליען פון זייַן מויל:

איך ווייס, אַז איר האָט זייער ליב מאַני לייבן, אים און זייַנע לידער. — פונוואַנען ווייסט איר? — פון ווייַנפערן, איך ווייס אויך פון אַנדערע. — יאָ, היט איך זיך מיט אַן איבעריק וואָרט. — איר קריגט בריוו פון אים? — אייניקע בריוו באַקומען. — אַזוי? טשיקאַווע!

משה לייב שטעלט אַוועק דאָס טעפּל קאַווע און ברומט: מאַני לייב איז אַ רשע מרושע. איר ווייסט, איך האָב אים אַמאָל אין קאַפע־ראָיאַל, שיעור נישט דורס געווען. און אָט פאַרוואָס: איך האָב אָפּגעדרוקט אַ ליד. אַלע האָבן געלויבט. איך אַליין האָב געפילט, אַז עס איז אַ גוט ליד. געווייַנלעך, זעץ איך זיך נישט צו אָפּט אַוועק בייַ איין טיש מיט די בייַסנדיקע שלאַנגען — מיט זישע לאַנדוי, אָט דאָס מיוחסדיקע רביישע אייניקל; נישט מיט ראובן אייַזלאַנד און מאַני לייבן וואָס פּיעשטשעט זיך. איך ווייַס אויס אָט די "טראָיקע". זיי זייַנען אויך אָפּאַטאָשון געגנוג דערגאַנגען די יאָרן, האָט ער זיי באַוויזן, אַז ער איז גרעסער פון זיי. ער איז געוואָרן אַ באַרימטקייט!

איז יאָ, דעם פרייַטיק צונאַכטס, איז מיר אַרייַן אַ מאַנקאָליע אין קאָפּ־, און איך זעץ זיך אַוועק בייַ איין טיש מיט זיי. אַקעגן מיר זיצט מאַני לייב, און איידער נאָך איך האָב באַוויזן אַ זופּ צו טאָן פון דער קאַווע. — מאַני לייבעלע מיט די גרינע אויגן. ער האָט טאַקע שיינע אויגן! און די רשעות טוט אים אַ ברי, און ער רופט זיך אָן צו מיר: משה לייב, דייַן לעצט ליד טויג אויף כפּרות. שווייַג איך אַ מינוט, און פרעג: מיט וואָס טויג עס נישט? ענטפערט ער פאַמעלעך און זאָגט: עס איז גראַפאָמאַניע! — בין איך געוואָרן אַזוי אופגקאָכט און אַ כאַפּ געטאָן די צוקער־פושקע פון טיש און אַ שליידער־געטאָן אויף אים. עס איז געווען זייַן און מייַן גליק, וואָס ער האָט באַצייטנס אָפּגעקערוועט דעם קאָפּ און די פושקע איז אָפּגעשפּרונגען אויף דער וואַנט. דאָס איז מאַני לייב! געוויס אַ טאַלאַנטפולער פּאָעט. אָבער פּאַרט נישט לויט מייַן גייַסט און גוסט. ער זיפצט צו פיל. ער קען נישט אָדער

ער האָט נישט קיין כח אַ געשריי צו טאָן. און איך וואָלט פון צאָרן אויפגעהויבן אַ טיש און אים אַ שליידער געטאָן אויף „דער זונה אונדזער פירערשאַפט״ (משה לייבס אַ ליד).

— ווער איז בײַ אײַך „די זונה אונדזער פירערשאַפט״? — מיר זײַנען דערווידער אַלע וואָס זיצן אויף די בענקלעך, און ווילן מען זאָל זיי פּאָלגן... מעג עס זײַן אין נאָמען פון דער העכסטער אידייע. די פירערשאַפט וועט דעם ליכטיקסטן טרוים פאַרשוועכן...

די עטלעכע יאָר אין דער „פרײַהייט״, וועל איך נישט פאַרגעסן. דאָס זײַנען געווען יאָרן פון גלויבן און טרוים. אָלגין האָט זיך גאָר גוט געהאַלטן מיט מיר. אָלגין האָט ליב די יידישע ליטעראַטור, און יידישע פּאָעטן, און בכלל יידישע שרײַבער שעצט ער הויך. אָלגין איז אַ שרײַבער מיט וויסן, און פילאָרטיק זײַנען די אופנים פון זײַן טאַלאַנטפול שרײַבן. איך קען נישט אָננעמען קיין אויבערהאַר, און גיין אויף אַ גלײַך־אויסגעלייגטן וועג. מײַן טבע איז אַראָפּצובלאָנדזשען אין דער זײַט... אָבער איך פאַרבלאָנזשע נישט אין ווילדן וואַלד... איך קער זיך אָבער נישט צוריק צום גלײַכן און צוגלאַטן וועג...

איך מיין נישט, אַז איך בין דער צדיק־הדור, און אַלע זײַנען אומגערעכט. ניין! איך קען בלויז נישט פאַרטראָגן קיין פאַלשע רייד. גלײַכצײַטיק, שטעלן זיי אָן אַזאַ פרום פּנים, ווי זיי זאָלן זײַן די סאַמע אָרנטלעכסטע און ערלעכסטע...

משה לייב האָט ווידער אָפּגעווישט דעם שוויס. איך האָב געוואַגט אַ פרעג צו טאָן, — פאַרוואָס זענט איר אָפּגעגאָסן מיט שווייס? — זאָרגט זיך נישט, משה לייב איז געזונט! געזונט אײַזן! אויב ער פילט אַמאָל נישט אַזוי וואַזשנע, זאָגט ער אויך קיינעם נישט אויס...

ער האָט אַ קוק געטאָן אויף מיר און אַ זאָג געטאָן: „צײַט צו גיין אין האָטעל״. אין דרויסן איז טאַקע האַרבסטיק־קיל, אָבער שיין.

מיר זײַנען געגאַנגען אין דער ביימער־אַליי אויף „פלעטשערס פילד״. אַקעגן אונדז האָט געשטאַרט דער באַרג מיטן צלם. דער הימל־טאָפּ איז געווען אָנגעשטאָפּט מיט זילבער־גליענדיקע שטערן. משה לייב האָט געשפּרײַזט, און מיר איז געווען שווער נאָכצוהאלטן זײַנע ברייטע, גיכע טריט. פלוצלונג האָט ער אַ שיפע געטאָן: מאָנטרעאַל איז אַ שיינע שטאָט. פארשידנארטיק מיט אירע לשונות, און אַנדערשדיק מיט איר שטייגער. איך בין מיט מאָנטרעאַל גוט באַקאַנט. אין די פריע צוואָנציקער האָט מען מיך דאָ אײַנגעלאַדן מיטצואַרבעטן אין אַ צײַטונג. עס איז דעמאָלט פאָרגעקומען אַ סטרײַק פון די נאָדל — אַרבעטער. איך האָב אָנגעשריבן אַ ליד, וואָס האָט געשטאַרקט דעם מוט פון די סטרײַקער. אָבער די צײַטונג איז

אונטערגעגאַנגען, מע האָט געמאַכט פאַר מיר אַ שטיקל אונטערנעמונג און מיך אַ היים געשיקט.

אָבער מאָנטרעאַל איז אַנדערש - דער יידישער ישוב איז מער היימישלעך און יידישלעך. דאָך ווינען אין מאָנטרעאַל, אַפילו ווען מען גילט מיך אָפּ. אַז מען איז אונטערן שאָטן פון צלם אויפן שפּיץ באַרג. אָט דער צלם דערמאָנט מיך אין זלאָטשעוו, ווו די שקצים האָבן אָנגערייצט די הינט אויף אונדז חדר־ייִנגלעך. איך בענק נאָך זלאָטשעוו, אָבער דער צלם און די הינט! אָרעמשאַפט און נויט. הגם, איך האָב שוין פאַרזוכט דאָהי דעם טעם פון הונגער. אויך איצט מוטשעט מען זיך. דאָס איז דער לוין פאַר אַ יידישן פּאָעט, און בפרט פאַרן לאַ־יצלח משה לייב. הערט שלום, קומט צו מיר מאָרגן נאָכמיטאָג. איך וויל אייַך עפּעס לייענען. ברענגט אויך אַ פּאָר לידער אייַערע. איך קען אייַך פון "אויפקום, פון דער "צוקונפט" און "ליטעראַרישע בלעטער". שרייַבן איז אָדער מען קען, אָדער מען קען נישט. איר האָט טאַלאַנט!

שוין געווען שפּעטלעך, מען האָט געדאַרפט וואַרטן אויף אַ טראַמווייַ, זייַנען מיר געשטאַנען. משה לייב האָט געשוויגן, און פּלוצלונג האָט ער אָנגעהויבן צו לאַכן... — איר ווייסט, אונדזער ווייַנפערן איז אַמאָל אומעטיק, אָבער אין זייַן האַרץ באַזעצט זיך זעלטן דער טרויער, וואָס גריזשעט דאָס גאַנצע געביין. ער איז אַ געזונטער מענטש, און שטענדיק זעט ער די העלע זייַט... אַזוי געזונט און פריש זייַנען זייַנע לידער! איך בין אים מקנא. ער פאַרמאָגט אַ סך וואָלינערישע גוטסקייט אין זיך, און עכט זייַנען זייַנע וואָלינער מאָטיוון. איך לאַך, ווייַל ווען ציליע דראַפּקין האָט אַרויסגעגעבן איר בוך לידער, איז זי אַרייַנגעקומען אין קאַפע־ראָיאַל, און געטיילט די פּאָעטן מתנות. איז זי צוגעקומען צו ווייַנפערן און אים געפרעגט: "ווייַנפער, וואָס זאָל איך אייַך אָנשרייַבן אויף אייַער בוך?" ענטפערט ווייַנפער: ציליע, שרייַבט וואָס איר ווילט. ציליע צעשמייכלט זיך און זאָגט, לייוויקן האָב איך אָנגעשריבן "דער דיכטער פון אונדזער דור". נו, שמייכלט ווייַנפער צוריק, אַזוי מילד און האַרציק, ווי ווייַנפער קען, איז זייַט אַזוי גוט און שרייַבט מיר אָן "דער דיכטער פון נעקסט דור"... אַ וואונדערלעכער אייַנפאַל, און ער האַלט אין איין לאַכן. משה לייב שווייַגט שוין ווידער. דער טרויער האָט אויפגעגליט אין זייַנע אויגן. דער טראַמווייַ האָט זיך צעקלונגען. מיטן געקלאַנג האָט זיך אויפגערודערט די נאַכטיקע שטיל. משה לייב איז אַרייַן. דער טראַמווייַ האָט זיך אַוועקגעגליטשט אויף די גלאַנציקע שינעס. מיך האָט אַרומגענומען אַ דריקנדיקער טרויער. אַ געפיל האָב איך געהאַט, אַז נישט דער טראַמווייַ, נאָר די שאָטנס האָבן משה לייבן אייַנגעשלונגען, און אים ווייַט אַרייַנגעשליידערט אין אַ פינצטער פון אַ תהומיקן טאָל.

* * *

צומאָרגנס האָב איך זיך פאַרשפּעטיקט. געווען פאַרנומען און נישט

באַוויזן צו קומען צו דער אָפּגערעדטער צײַט. דערצו האָט גערעגנט. די טראַמוויײַען האָבן זיך עפּעס אויך ״געפּוילט״. זיי האָבן פֿאַרגעסן, אַז מענטשן ווייקן זיך אין רעגן וואַרטנדיק אויף זיי. ענדלעך בין איך אָפּגעשטיגן פֿון טראַמווײַ, נישט ווײַט פֿון האָטעל. פֿון די געבײַדעס האָבן זיך געגליטשט וואַסער־שטראָמען. עס האָט געפֿלייצט פֿון פֿרימאָרגן. איך האָב זיך קוים אַרויפֿגעשלעפּט אויפֿן פּערטן שטאָק. איך קלאַפּ אָן. משה לייב עפֿנט מיר די טיר. איך טו אויס מײַן מאַנטל. משה לייב גייט צו צום פֿענצטער, נעמט אַראָפּ אַ פֿלעשל ביר און, צוריקקערנדיק זיך צום טיש, האָט ער אָנגעהויבן גאָר שטיל און טרויעריקלעך צו רעדן: ״איך האָב אײַך גערופֿן, איך וויל אײַך לייענען מײַנס אַ נײַ ליד ״וואָס איך האָב געזאָגט צו מײַן זון און צו קיינעם נישט מער״ (דאָס ליד געפֿינט זיך אין איינעם פֿון זײַנע לידער־ביכער,דערשינען נאָך זײַן טויט. מיר דאַכט, מיט אַ פֿאַרקירצטן נאָמען: ״וואָס איך האָב געזאָגט צו מײַן זון״).

איידער וואָס און ווען, וועל איך פֿריער אַ ביסל שמועסן. פֿאַרשיידענע מאָמענטן איבערגעבן, וואָס איר וועט קענען עפּעס לערנען פֿון זיי.

עפּיזאָד איינס: אפֿשר געדענקט איר, אַז נחמן מײַזיל האָט אָנגעהויבן אַן אַנקעטע: ווער איז דער גרעסטער דיכטער הײַנט בײַ יידן? זײַנען געקומען אָפּרופֿן פֿון איבערן לאַנד פֿון די לייענער. איז אויסגעקומען נומעריש, אַז איך האָב איבערגעשטיגן לייוויקן. דאָס האָט לייוויק נישט געקענט פֿאַרטראָגן, האָט ער טעלעגראַפֿירט מײַזילן, שטעלט אָפּ אײַער אַנקעטע און הערט אויף פֿאַרשעמען יידישע פּאָעטן.

וואָס שטעלט איר אָן אַ פּאָר שטוינענדיקע אויגן אויף מיר? איר גלויבט מיר נישט?

**דאָס איז נישט קיין פֿראַגע פֿון גלויבן און נישט־גלויבן. מיר האָבן אַ סך** רכילות־טרײַבער. אָבער אַז אַזאַ זאַך קען געמאָלט זײַן צווישן שרײַבער, גלויב איך יאָ. אין פּרקי־אָבות איז שוין געשריבן די וואָרענונג פֿון די חכמים ז״ל: **״והוי זהיר בגחלתן, שלא תכוה, שנשיכתן נשיכת נחש״) זײַט** געוואָרנט פֿאַר זייער פֿײַער — קויל, זאָלסט זיך נישט אָפּבריען, זייער ביס איז **דער ביס פֿון אַ שלאַנג). — אוווּאַ, טשיקאַווע — האָט משה לייב אויסגע־** **רופֿן. איך האָב גאָר פֿאַרגעסן אין דעם.**

עפּיזאָד נומער צוויי: מיר — די גאַנצע גרופּע ״יונגע״ — זײַנען אויפֿגעטראָטן אויף אַ טריבונע און געלייענט לידער. איך האָב געלייענט אַ ליד ״והיה באחרית הימים״. אַקעגן מיר איז געזעסן ד״ר זאַקס. (סאַקס? אין מײַן העפֿט איז דער נאָמען אָפּגעמעקט און איך קען זיך נישט דערמאָנען זײַן נאָמען. ער איז געווען, דאַכט זיך מיר, אַ מיטאַרבעטער אין ״מאָרגן זשורנאַל״ אָדער ״דער טאָג״.) און אַזוי ווי איך האָב אַרויסגעזאָגט דעם ״באחרית הימים״, האָט ער געדרייט מיטן קאָפּ, אויף ניין! האָב איך שוין

געמאַכט אַ טעות? וואָס, אַזאַ גרויסער למדן בין איך?! האָב איך שוין געלייענט "והיה באחרות (בעאַכרוס) הימים" (דאָס איז דער רעפריין פון ליד.), און דער דאָקטער דרייט שוין דעם קאָפּ אויף לינקס מיט אַ ניין! האָב איך שוין געמיינט, אפשר דאַרף מען גאָר אַרויסרעדן "והיה באַחרות (בעאַכרויס) הימים", אָבער דער דאָקטער טרייסלט מיטן קאָפּ ווידער אויף "ניין". בין איך שוין אין כּעס געוואָרן און אַ געשריי געטאָן: "דאָקטער "והיה 'באַחרית', 'באַחרוּת' 'באַחרות' הימים"? דאָקטער, זאָגט, ווי אַזוי איז ריכטיק צו זאָגן? רופט ער זיך אָן, דער דאָקטער: משה לייבעניו, האָסט געזאָגט גוט פון אָנהייב "והיה באחרית הימים". מײַן דרייען מיטן קאָפּ און טרייסלען אַרויף און אַראָפּ, דאָס איז, משה לייבעניו, מײַן ליבהאַרציקער, דאָס איז אַזאַ קראַנקייט בײַ מיר? דײַן ליד איז ווונדערלעך!

משה לייב האָט געשמייכלט און זיך פּאַסמאַקעוועט מיט זײַן באַליבט וואָרט: איז עס נישט טשיקאַווע? — אין בין זייער מיד. איך וועל זיך צושפּאַרן אויפן בעט, און אײַך פּאָרלייענען דאָס ליד. משה לייב האָט געלייענט און זײַן קול האָט געטרערט: "אָ, דאָס האָב איך געזאָגט צו מײַן זון און קיינעם נישט מער".

ווען ער האָט פאַרענדיקט, האָט ער געווישט דעם שווייס פון זײַן פּנים, און אַוועקגעדרייט דעם קאָפּ פון מיר.

— משה לייב, — האָב איך זיך צו אים געווענדט. איר האָט אַ סך, אַ סך גרויסע פּאָעטישע לידער. איין ליד אײַערס מיט אַ מעלאָדיע, זינג איך אָפּט. עס איז אַ טרויער ליד, ווי אַן אָפּשייד פון דער פרייד פון לעבן. עס איז אַ שטיל געוויין, וואָס קוואַלט פון דער טיף פון געביין. איך מיין דאָס ליד "די זון וועט אַרונטערגיין הינטערן באַרג".

— איז, אַדרבא, זינגט. לאָמיר הערן ווי איר זינגט. איך האָב דערפילט אין זײַן קול, ווי אַ געבעט צו באַוויליקן זײַן פאַרלאַנג און איך האָב געזונגען:

"די זון וועט אַרונטערגיין הינטערן באַרג,
וועט קומען אַ שטילע
די ליבע צו גיין,
וועט קומען אַ שטילע
די ליבע צו גיין,
צום אומעט, וואָס זיצט
אויף אַ גאָלדענעם שטיין,
און ווינט פאַר זיך איינער אַליין".

משה לייב האָט מיט טרויעריק־פאַרהויכטע אויגן געקוקט אויפן באַלקן, און אַ זאָג געטאָן, — איך בין מיד און עס שלעפערט מיך. איך וועל שוין נישט קענען אויפנעמען, אַז איר וועט מיר לייענען אײַערע לידער. גייט אַ היים און געדענקט, שרײַבט אַ גרעסערע פּאָעמע וועגן סאַנאַטאָריום דאָרטן איז געווען אײַער אויפטרייסלענדיקע איבערלעבונג.

משה לייב האָט מיר אויסגעשטרעקט די האַנט און זיך געזעגנט מיט אַ גוטע נאַכט און צוגעגעבן: צו דער אייביקייט איז נאָך ווייַט, און אפשר נאָענט: ״משה לייב האָט געזען דעם טויט פאַר די אויגן, וועט עמעצער דען גלייבן משה לייבן״. (שורות פון זייַנס אַ ליד.)

עס איז געווען שפּעט. דער רעגן האָט אויפגעהערט. זיצנדיק אין טראַמווייַ, האָב איך צו זיך אונטערגעברומט אין טרויער: ״אַריבער די אויגן, וואָס מאַכן זיך צו צו שלאָפן אין אייביקער רו״.

משה לייב איז צו 46 יאָר אַוועק רוען ״אין דער אייביקער רו״ אָבער ער לעבט אין זייַנע מעבטיקע און אויסגעווייטיקטע לידער.



פון שלום שטערן

# פישל בימקאָ

## (פון מײַן מעמואַרן־פּנקס)

מײַן ערשטע באַקאַנטשאַפט מיט פישל בימקאָס דראַמאַטישע שאַפונגען איז געווען דורך אַ פּיעסע "גנבים", וואָס איז געשפּילט געוואָרן אין מײַן געבוירנשטעטל, טישעוויץ, פון אַ גרופּע בחורים און מיידלעך.

אָט־די שטעטלדיקע אַמאַטאָרן האָבן פאַרמאָגט אייניקע זייער פייאיקע שפּילערס. די אויפפירונג איז פאָרגעקומען אין אָנהייב פון די צוואָנציקער יאָרן.

ביזן הײַנטיקן טאָג האָט זיך אין מיר אײַנגעקריצט דער מאָנאָלאָג פון שבר (דער געבראָכענער). ער האָט זײַן אומגליק אַנטפּלעקט פאַר די אָרומיקע... די גנבים־שפּראַך האָט אויף אַ קונציקן אופן כאַראַקטעריזירט אי די פאַרשוינען, אי זייער פאַך. דער יידיש איז געווען געדיכט, היימישלעך, מיט דער חן־פאַרב פון לאָקאַליזמען. די סיטואַציעס אין דער פּיעסע זײַנען געווען אַזוי געבויט, אַז זיי האָבן דערפירט צו קאָנפליקט און אַרײַנגעצויגן דעם עולם. די פּיעסע "גנבים" האָט אויסגענומען אין גאַנץ פּוילן. פ. בימקאָ איז באַרימט געוואָרן אין די יידישע שטעט און שטעטלעך, פון גרענעץ צו גרענעץ, און אויך אַריבערגעשפּאַנט דעם אַטלאַנטיק און אָנגעשפּאַרט אין מאָריס שוואַרצס קונסט־טעאַטער.

פ. בימקאָ איז פון דער גרויסער הצלחה נישט געוואָרן קיין גביר. די פּיעסע "גנבים" האָט בײַ מיר אַרויסגערופן אַ רחמנות־געפיל צו דער חברה "גנבים". איך האָב דעריבער געהאַט אַ באַגער צו קענען אַמאָל זיך באַגעגענען מיט בימקאָן, וואָס פאַרמאָגט גרויס טאַלאַנט צו שילדערן מענטשן און זייער סביבה.

איך האָב געהאַט אַ פאָרגעפיל, אַז מיר וועט מסתמא באַשערט זײַן מיט אים זיך אַמאָל צו באַקענען.

היות אין פּוילן האָט ער זיך (מיטן גאַנצן דערפאָלג) שטענדיק געראַנגלט מיט פּרנסה, איז ער געקומען קיין אַמעריקע. בײַ מײַן קומען אין 1927

קיין קאַנאַדע, האָב איך געמיינט אַז מסתמא וועט די יידישע פּאָלקס־ביבליאָטעק אין מאָנטרעאָל אים פּאַרבעטן צו האַלטן אַ לעקציע. אָבער איך האָב נישט גוט אויסגערעכנט, מחמת פישל בימקאָ איז נישט געווען אויף דער באַרימטער רשימה פון די פּני הסופרים, וועלכע זײַנען גאַנץ אָפט פּאַרבעטן געוואָרן מהנה צו זײַן דעם עולם מיט זייערע מחשבות און אײַנדרוקן. צו דער קאַטעגאָריע האָבן אויך נישט געהערט דער גרויסער דיכטער משה לייב האַלפּערן (מען האָט אים איין מאָל פּאַרבעטן און מער נישט); י.י. שוואַרץ, דער שעפער פון עפּיש פּאָעטישן ווערק "קענטאָקי". אַז ער איז געקומען פּאַרקויפן זײַנע ביכער און איבערזעצונגען, האָט מען צונויפגערופן אַ פּאָר מנינים יידן אין דער ביבליאָטעק און ער האָט גערעדט און פּאָרגעלייענט פון זײַן "קענטאָקי".

אין צירקולאַציע זײַנען אָפט געווען ה. לייוויק, פּרץ הירשביין, יוסף אָפּאַטאָשו און אייניקע אַנדערע, וועלכע האָבן געהאַט אומעטום זייערע חסידים. יענע שרײַבער, פּאָעטן און בעלעטריסטן, זײַנען טאַקע געווען הויך באַגאַבט און טייל מאָל אויך געהאַט וואָס צו זאָגן. אָבער, נישט חלילה לגנאַי זאָג איך עס, נאָר זיי האָבן גלײַכצײַטיק אויך פּאַרמאָגט דעם טאַלאַנט פון קענען פּאַרגלאָצן מיט די אויגן און בײַם עולם האָט דאָס זייער אויסגענומען.

געהערט האָב איך פון זײַנע פּאַרערער, צוויי ווילע אינטעליגענטע יידן, בערל נאַטורמאַן און איטשע אכטמאַן (וועלכע האָבן אין כעלם געשפּילט אין "גנבים", אַז בימקאָ מוטשעט זיך זייער מיט דער בידנער פּרנסה, האָב איך געטראַכט, אפשר וועט ער זיך אמאל ארויסלאזן אויף דער מדינה און גיין מבית לבית צו יידן וואָס קויפן נאָך אַ בוך. אַזוי טוען דאָך אייניקע יידישע שריפטשטעלער.

נו, איז איין זומער פּרימאָרגן, אין סאַמע אָנהייב פון די דרײַסיקער יאָרן, טעלעפאָנירט מיר דער קולטור־טוער בערל נאַטורמאַן, אַז פישל בימקאָ געפינט זיך בײַ אים. און ער בעט מיך, איך זאָל אים אַרומפירן איבער די הײַזער און פּאַרקויפן זײַנע ביכער. מחמת דו ווייסט, ווער עס קויפט טאַקע און ווער עס רעדט בלויז, אַז "מען" דאַרף קויפן אַ יידיש בוך.

אין א קורצער ווײַלע ארום האט ער אים געבראכט צו מיר אין הויז. עס רעדט זיך אזוי א הויז, בסך הכל האב איך געוווינט מיט סאניען, און מיין לייבעלע נאך אין וויגעלע, אין א צימער ענג פאר דרייען.

פ. בימקא האט געטראגן אן אפגעריבענעם גרויען כאלאט די מרה־שחורה האט זיך ווי איינגעפרעסט אין זיין פנים זיינע אויגן האבן זיך געבאדן אין גלי פון טרויער ער האט ארײַן געשפרייזט מיט א היימישן שלום עליכם און אוועקגעשטעלט זיין פּאַק ביכער. ער האט אויסגעטאן דעם כאלאט און דאס צעפּארענע קאפעלושל און געבעטן א קאווע, בעתן זיפן די קאווע

האב איך אנגעצייכנט נעמען פון יידן וועלכע וועלן באוויליקן צו קויפן זיינע ביכער.

בימקאָ האָט געזופּט די קאַווע און צוגעביסן מיט האַרטע שטיקלעך צוקער און גלײַכצײַטיק גערעדט מיט סאָניען. ער האָט איר אָנגעהויבן אויסצודערציילן זײַנע צרות. ערשטנס, ווי אַ יידישער שרײַבער, בפרט נאָך אַ דראַמאַטורג, קען ער נישט אויסשלאָגן דאָס ביסל חיונה אין דער גאָלדענער מדינה. אויף מיר, האָט ער געזאָגט, איז ווי אָנגעמאָסטן משה לייב האַלפּערנס ליד "אין גאָלדענעם לאַנד". אונדזער גרויסער און אפשר סאַמע גרעסטער פּאָעט משה לייב האָט געוווסט דעם ביטערן טעם פון הונגערן אין דער רײַכער אַמעריקע. דערבײַ האָט בימקאָ מיט גרויס געפיל און מיט דעם טיפן פּויליש־יידישן קעלצער דיאַלעקט געלייענט האַלפּערנס ליד אויף אויסנווייניק:

"צי דען וואָלסטו, מאַמע, מיר גלויבן געוואָלט,
אַז אַלצדינג בײַ אונדז ווערט פאַרוואַנדלט אין גאָלד,
אַז גאָלד ווערט פון בלוט און פון אײַזן געמאַכט,
פון בלוט און פון אײַזן בײַטאָג און בײַנאַכט?". א.א.וו.

נאָכן פאַרענדיקן דאָס רעציטירן, האָט בימקאָ ערשט אָנגעהויבן אויספּאַקן דעם פּאַק צרות. ער האָט אַ מיידעלע פון אַ יאָר זעקס־זיבן. זי האָט אַ לאָך אין האַרץ, פון וואַנען עס טריפט אַרויס בלוט. ער איז שוין אויסגעווען בײַ די גרעסטע דאָקטוירים און נישטאָ קיין רפואה פאַר איר. ער וועט אפשר פאָרן מיט איר קיין וואַרשע, ווײַל דאָרטן האָט מען אים געזאָגט, איז פאַראַן אַ האַרץ־ספּעציאַליסט, וואָס איז באַרימט אויף דער גאַנצער וועלט. דאַרף ער פריער צונויפקלאַפּן אויף הוצאות.

ווען ער איז פאַרטיק געוואָרן מיטן אַראָפּרעדן זיך פון האַרצן, האָט ער אונדז געגעבן אָנצוהערן, אַז ער וויל שלאָפן בײַ אונדז. טײַערער בימקאָ, האָב איך דערווידערט, ווו וועט איר שלאָפן בײַ אונדז? אַז מיר האָבן נישט קיין איבעריק בעט פאַר אַזאַ חשובן אורח ווי איר... — איך וועל זיך אויס־בעטן דאָס געלעגער אויפן "פּלאָר". אַ מאַטראַץ געפינט זיך זיכער בײַ אײַערע באַלעבאַטים. קאָלדרעס זע איך האָט איר ליגן אויפן שטול. וועט מען זיך שוין אַן עצה־געבן. איך וויל גאָרנישט אומזיסט. איך וועל באַצאָלן פאַר אַלץ. און דיר, שלום, פאַר דער טרחה. אַזוי איז געבליבן.

אַן אויפגעהייטערטער האָט ער זיך געוויצלט: נו, איך בין שוין באַזאָרגט מיט אַ געלעגער און מיט עסן פון שענסטן און בעסטן. בײַ מײַנע צוויי גוטע פרײַנט, וואָס האָבן אין כעלם געשפילט אין מײַנע "גנבים", וויל איך נישט האָבן קיין מלינה. איך וועל זיך נישט פילן באַקוועם איך זייערע ברייטע און מעבלירטע היײַזער. בײַ אײַך פיל איך זיך שוין היימיש.

מיר איז טייל מאָל געווען שווער אויפצוכאַפּן דעם מיין פון זייַנע רייד ווייַל ער האָט גערעדט יידיש מיט אַ צומיש פון פיל אַנגליציזמען, דערצו אָנגעבראָקט מיט לאָקאַליזמען, אין אַ קעלצער דיאַלעקט.

איך האָב אים באַמערקט, אַז ער דערהרגעט אונדזער טייַער יידיש לשון. האָט ער זיך צעלאַכט און געענטפערט, אַז ער רעדט דעם שענסטן יידיש. אַדרבא, לאָמיר אַרייַנגיין אין אַ פרוכט־סטאָר און רעדט צו דער מיסעס אין אייַער ריינעם יידיש און איך, מייַן אויסשפּראַך, טאַקע אָנגעפּיקעוועט מיט ענגלישע ווערטער, פון וועלכע, איר קרימט זיך אַזוי. מירן באַלד זען וועמען זי פאַרשטייט בעסער מיך צו אייַך.

פאַרשטייט זיך, ער איז געווען גערעכט. ווייסטו, שלום, פאַראַן אַזעלכע טייַערע ווערטער אין ענגליש, וועלכע מיר מוזן אַרייַננעמען אין יידיש ווי ״פרינסעס״, ״באַדערן״, ״גלייכן״, ״אָלרייַט״, ״באַיטשיקל״. מען וואָלט נישט געדאַרפט אַזוי מקפּיד זייַן אויף דער ״פּיוריטי״.* די יידישיסטן — די שומרי־יידיש, פאַראָרעמען דערמיט אונדזער לשון.

— שלום עליכם האָט דאָס פאַרשטאַנען. ער האָט אַרייַנגעשלעפּט רוסישע און אוקראַינישע ווערטער און זיי האָבן באַזאַפּטיקט און באַחנט זייַן יידיש, ווייַל זייַנע יידן און יידענעס רעדן אַזוי. דאָס גיט גלייַכצייַטיק די כאַראַקטעריזאַציע פון דער שטייגער־סביבה און זייַנע מענטשן.

ענדלעך זייַנען מיר אַרויס אין דרויסן. דער טאָג איז געווען אַ הייסער. כאָטש אַ ווינטל, קיל און לינד, האָט געבלעטערט די ביימער. די זון איז געזעסן אין בלוי פון הימלדיקן טייַך און עס האָט אויסגעזען, ווי מיט אירע גליענדיקע שטראַלן וועבט זי אַ גאָלדן העמד פאַרן אייַזערנעם צלם אויפן באַרג־שפּיץ.

איך האָב אונטערגעאיילט בימקאָן מיר זאָלן כאַפּן אַ טראַמווייַ: עס ווערט שפעט, און מיר קענען, חלילה, פאַרשפּעטיקן אונדזערע קונים אָבער בימקאָ רירט זיך נישט פון אָרט. ער שטייט און גאַפט אויפן באַרג צום צלם אַרויף, און רופט אויס. אוי, מאַמעניו האַרצעדיקע, אַזאַ שאַנקייַט! אַזאַ הערלעך בילד! פאַר אַ פּאָעט איז דאָך דאָס ממש אַ געבענטשט אָרט! ער קען דאָך די שענסטע לידער שרייַבן.

איך האָב אים קוים אָפּגעריסן פון אָרט, און מיר האָבן נאָך פאַרכאַפּט דעם אָנקומענדיקן טראַמווייַ.

אין יענעם הייסן זומער־טאָג האָט בימקאָ פאַרקויפט אַ צאָל ביכער. אומעטום האָט ער געקראָגן מער ווי ער האָט געבעטן. דאָס זייַנען נאָך אַלץ געווען די גרינע יאָרן, און בייַ די גרינע איז נאָך אַ שרייַבער געווען אַ חשובער אָנגעלייגטער גאַסט. די יידן — גאַנץ־פאַרמעגלעכע שול־ און קולטור־טוער — האָבן אונדז אויפגענומען מיט כּבוד און מכבד געווען מיט קוכן און קאַווע. זיי האָבן שטאַרק געלויבט זייַנע דראַמעס ״גנבים״, ״דעמבעס״ און

"מאַרכביינער". נאָך יעדער פּאָרציע לויב, ווען מיר פלעגן אַרונטערפאָרן מיטן עלעווייטער, פלעגט בימקאָ גאָר אָנקוועלן פון די יידן.

ווילע יידן, האָט ער זיך געקוויקט, פאַרקויפן ביכער דאָס דאַרף מען. אָבער דאָס טייַערסטע איז בייַ מיר זייער רימען מייַנע דראַמעס, מיט דעם זייַנען זיי מיך פשוט מחיה. אַזעלכע פּאַרהאַוועטע יידן און זיי געדענקען מייַנע ווערק. און זייַנע באַגייַסטערטע רירנדיקע רייד, האָב איך געפילט, אַז ער וויל אויך פון מיר הערן ווערטער פון אָנערקענונג. האָב איך אים געזאָגט אומגעפּער אַזוי (ווער קען געדענקען געננוי!): בימקאָ, איר זייַט איינער פון די סאַמע אָנגעזעענסטע פּאָרשטייער פון אונדזער דראַמאַטורגיע. איר פּאַרמאָגט אייגנאַרט און קראַפט אין אייַער אופן פון שילדערן מענטשן אין זייער שטייגער סביבה. פאַראַן פאַרביקייט אין אייַער היימישן לשון, דורכגעקנאָטן מיט לאָקאַליזמען. מיך וווּנדערט אָבער, וואָס איר אַליין דערמאָנט ניט אייַערע דערציילונגען. מיט אייניקע חדשים צוריק האָב איך געלייענט אייַערע פרעכטיקע און קרעפטיקע דערציילונגען "רעקרוטן". דאָס איז אויך אייַערע אַ גרויסע קינסטלערישע דערגרייכונג.

נו, אַז איר האָט שוין אַרויפגעבערענגט מייַנע "רעקרוטן", וויל איך אייַך איבערגעבן דעם אייַנדרוק פון יוסף אָפּאַטאָשו וועגן אָט די דערציילונגען. איך בין אַרייַנגעקומען איך קאַפע ראָיאַל. אָפּאַטאָשו איז געזעסן אין אַ מסיבה פון שרייַבער־חסידים, האָט ער מיך צוגערופן און בקול רם אַ זאָג געטאָן: "יידן, מאַכט אַן אָרט פאַר בימקאָן. זייַן בוך "רעקרוטן" האָט מיך אַנטציקט! מאַכט אַ וואַרע פאַר אים!"

צוריק אַהיים האָט בימקאָ ניט געוואָלט פאָרן מיטן טראַמווייַ. נישטאָ איצט וואָס צו אייַלן זיך. וואָס דאַרף מען זיך אַרייַנפּאַקן איך אַ טראַמווייַ, וואָס איז אָנגעשטאָפּט ווי אַ "טשיקן־קופּ" (אַ הינער־שטייַג)?

**רעדט ער צו זיך, "מענטשן, זענט עך אַ מבין אויף דעם הערלעכן בילד!". אין פלאַמיקן זון־פאַרגיין האָט דער באַרג געביטן זייַנע פאַרבן. דער צלב האָט געבלענדט. געבערענט האָבן אַלע עלעקטרישע לעמפּלעך אויף זייַן אייַזערנעם געביין. בלוי און שטראַליק איז געווען דער הימל. און די זון — אַ קרוג וואָס וואַרפט פייַערדיקע שטראַלן אויף די צעשימערטע שויבן. איך האָב אים קוים אייַנגערעדט צו רירן זיך, דערמאָנענדיק אים, אַז סאָניע וואַרט אויף אונדז מיט וועטשערע, און זי דאַרף נאָך באָדן און קאָרמען דאָס קינד. אויב אַזוי, איז לאָמיר אָנהייבן שפּרייַזן, ער שפּרייַזט און האַלט אין איין פאַרלויבן מייַן סאָניען. "אַ טייַערער מענטש, אייַער סאָניע." בימקאָ וויל עסן — גיט זי אים עסן. בימקאָ וויל שלאָפן צופוסנס פון בעט — שטימט זי איין. די גוטסקייט זינגט ממש אַרויס פון איר ביאַליסטאָקער קלאַנגפולן, האַרציקן יידיש. און דערצו איז זי נאָך אַ "נוירס" (קראַנקן־שוועסטער) אויך. סהאָט זיך דיר שוין געלוינט צו ליגן די פּאָר יאָר אין סאַנאַטאָריום און מיט־נעמען מיט זיך אַזאַ שיינע (אוי, איז זי שיין, גאָטעניו! געטרייַע און האַרציקע**

סאָניע. מײַן מיסעס איז אויך גוט און שיין. זי האָט זיך שוין "פּלענטי" אָנגעליטן בײַ מיר.

אַהיים זײַנען מיר געקומען מידע, אָבער צופרידן. אָפּגעגעסן, אויסגעבעט די געלעגערס. עס איז געווען הייס, וועט מען זיך צודעקן מיט לײַלעכער. בימקאָ זאָגט, מען דאַרף מאַכן נאַכט. מאָרגן איז אויך אַ טאָג.

איך כאַפּ זיך אויף גאַנץ פרי. בימקאָ זיצט אויפן געלעגער, אַרומגעוויקלט מיט לײַלעכער און שרײַבט.

— בימקאָ, פרעג איך פאַרוואָס אַזוי פרי?

— איך שרײַב אַ דראַמעלע! איך מוז עס אַרויספּטרן פון זיך, ווער איך האָבן אַ לויטערן קאָפּ צו פאַרקויפן מײַנע ביכער.

אַזוי זײַנען אַדורך פיר טעג. צווישן אונדז האָט זיך פאַרבונדן אַ טיפע פרײַנטשאַפט. ער האָט מיר פאָרגעלייענט אייניקע שיינע דערציילונגען וועלכע ער האָט זיך געגרייט צושיקן אין "צוקונפט". איך האָב אים געלייענט פון מײַנע סאַנאַטאָריום־לידער, וועלכע זײַנען אייגנטלעך געווען דער פאָרברייט צו מײַן נאָוועלע "דאָס ווײַסע הויז".

בימקאָ איז געווען אַ מבין אויף פּאָעזיע. ער האָט געהאַלטן, אַז די מערסטע פּראָזאַיקער האָבן נישט קיין שום חוש פאַר אַ דיכטעריש ליד. אָבער זיי זײַנען מקנא די פּאָעטן. זיי מיינען, אַז אַ פּאָעט בלײַבט אויף אייביק. אין דער אייביקייט...

איך פלעג פון אים קריגן בריוו. איבערהויפּט, ווען בײַ אים האָבן אויסגענומען מײַנע געדרוקטע לידער.

נאָך צוויי מאָל איז ער געקומען אויסצולאָדן זײַן פּאַק ביכער. שטענדיק זײַנען דאָס געווען ליב־נחתדיקע טעג.

דורך די צײַטונגען האָבן מיר זיך דערוווּסט פון זײַן גרויס אומגליק,, אַז זײַן פרוי איז געהרגעט געוואָרן אונטער די רעדער פון אַן אויטאָמאָביל.

איך האָב נישט געפונען קיין ווערטער צו טרייסטן אים. איך האָב אים בלויז געשריבן, אַז ער זאָל זיך שטאַרקן! ער האָט זיך נישט אָפּגערופן מיט קיין איין געשריבן וואָרט.

מיט אַ האַלב יאָר שפּעטער איז ער געוויר געוואָרן, דורך אַ מודעה אין דער "מאָרגן־פרײַהײַט", אַז אַ בוך־קאָמיטעט גרייט זיך אַרויסצוגעבן מײַנס אַ בוך. האָט ער מיר צוגעשיקט אַ טשעק פון 50 דאָלאַר מיט אַ ברכה אויף הצלחה...

איך האָב זיך זייער געחידושט, ווו האָט עס בימקאָ פלוצלונג גענומען געלט צו קענען זײַן אַביישטײַערער פאַר מײַן בוך? איך האָב געטראַכט, מסתּמא האָט ער געקראָגן געלט פון אַ יידיש טעאַטער ווו מען וועט

אויפפירן זיינס אַ דראַמע. און אפשר גאָר פון זיין מסחר מיט זיינע ביכער, מחמת אויך אין טאָראָנטאָ איז ער געווען אַן אַפּטער און אַנגעלייגטער גאַסט? דאָרטן זיינען געווען זיינע לאַנדסלייט — די קעלצער, און דער עיקר האָט זיך עוסק געווען דער שול־און־קולטור־טוער יאָסעלע קליינשטיין, וואָס איז געווען ממש פאַרליבט אין בימקאָ און אין זיינע ווערק.

נאָכן סוף פון דער מלחמה האָט זיך דאָס רעטעניש אויפגעקלערט. אין איין שיינעם אין דער פרי, האָט זיך בימקאָ באַוויזן איך דער זעלבער אָרעמאַנסקער הלבשה, אַ ביסל מער אויסגעבלייכט און פאַרעלטערט און נאָך מער פאַראומערט. נאָכן אָנבייסן לאָזט ער מיר וויסן, אַז מען דאָרף פאַרקויפן זיינע נייע ביכער. ער קען לאַנג נישט פאַרברענגען אין מאָנטרעאָל ביינאכט האָט ער אונדז עפּעס צו דערציילן. האָב איך געזאָגט, איך בין היינט נישט צו פריי מיט מיין צייט. איך בין דער פּרינציפּאַל פון דער מאָריס ווינטשעווסקי שול און איך האָב אַ קלאַס היינט נאָך מיטאָג. איך וועל אָבער טעלעפאָנירן אין שול און אויסגעפינען צי אַ לערער קען זיין גרייט איבערצונעמען מיין קלאַס. אַ לערער האָט איינגעוויליקט.

האָבן מיר באַזוכט אַ צאָל יידן. בימקאָ האָט שוין געהאַט באַוויזן אַרויסצוגעבן עטלעכע נייע בענדער. איך האָב באַמערקט, אַז ער היט זיינע טריט, גייט פּאַמעלעך און שלינגט פּילן. אין די פּאָר שעה האָט ער פאַרקויפט אַ היפּשע צאָל ביכער. אָבער אויפגעהייטערטער איז ער פון דעם נישט געוואָרן. איך בין געווען אומרויק פון זיין האַלטן זיך צו נאָענט צו אַ וואַנט, צו אַ פּלויט.

פאַרנאַכט צו האָט ער גענומען אַ טאַקסי, און מיר זיינען אַהיים געפאָרן. נאָכן אָונטברויט, האָט ער געבעטן, אַז סאָניע זאָל אים מאַכן דאָס בעט, ער דאַרף רוען. אויך דאַרף ער אַ וואַרעם גלאַז מילך. נאָך דעם זאָלן מיר זיך זעצן לעבן זיין בעט און ער וועט אונדז פאַרטרויען אַ סוד. פריער וועט איר געוויר ווערן פון מיינע גליקן און דערנאָך פון מיין ביטערער מערכה.

— איך בין טאַקע געקומען אין אַלטן, אָפּגעבוימלטן כאלאטל מיטן אָפּגעקראַכענעם קאַפּעליוש. דאָס איז ווייל איך האָב געוואָלט פאַרקויפן מיינע ביכער. וואָלט איך זיך געווען אויסגעפּוצט אין מיין נייעם סוט מיטן שיינעם הוט, וואָלט איך קיין קאָסטימער נישט געהאַט אויף מיינע ביכער. איך נייטיק זיך נישט מער אין דעם געלט. איך בין אַ גאַנץ פאַרמעגלעכער ייד. ווי אַזוי בין איך אַזוי אויפגעריכט געוואָרן? איך האַנדל מיט הייזער. מיינער אַ פריינט האָט מיך צוגערעדט (מלחמה־צייט) צו קויפן קאָרנער הייזער (ווינקל הייזער), האָב איך מיר געבאָרגט געלט און געקויפט דאָס ערשטע קאָרנער הויז, און פאַרקויפט און געמאַכט ריווח. פון דעמאָלט אָן איז אַוועק אַ גאַנג. איך בין נתעשר געוואָרן. טאַקע אויף אַן אמת. אָבער געבליבן בין איך אַ יידישער שרייבער אין גייסט און געמיט. איך האָב אַ

טאָכטער, וואָס האָט שוין חתונה־געהאַט. זי און איר מאַן פירן די ביזנעס.

אָבער פונעם רייך־ווערן בין איך גליקלעכער נישט געוואָרן. (גליק ברענגט מיר בלויז, ווען איך שרײַב אָן עפּעס אַ גוטע זאַך). איך בין אַליין און עלנט זינט מײַן פרוי איז דערהרגעט געוואָרן. דערצו בין איך קראַנק. דער זייגער איז בײַ מיר נישט אין אָרדענונג...(דאָס האַרץ). צו דעם פאַרליר איך נאָך אָפט דאָס גלײַכגעוויכט. דער קאָפּ פאַרדרייט זיך מיר, און טייל מאָל פיל איך, ווי איך פאַל. דעריבער שלינג איך די פילן, וואָס העלפן אַביסל. מאָרגן דאַרף איך דא אָפּוואַרטן די פוילישע שיף "באטארי" איך נעם אריבער מיינע א קרובה מיט אירס א יינגל פון צוועלף יאָר. איר מאַן איז אומגעקומען אין אַ קאָנצענטראַציע־לאַגער. זי איז פאַרפוילישט, אַסימילירט, ווײַט פון יידן. זי איז נישט פון מײַן סגאַל... פון דעסטוועגן אפשר וועט זי אײַנוויליקן חתונה־צו האָבן מיט מיר. איך צווייפל שטאַרק אין דעם.

אויף צומאָרגנס האָט ער מיך געבעטן איך זאָל מיט אים מיטפאָרן צום פּאָרט אָפּוואַרטן די שיף. ער האָט מורא־געהאַט, טאָמער וועט ער פאַרשפּעטיקן. ער האָט זיך אָנגעטאָן אַ נײַעם געקעסטלטן אָנצוג, אַ גרינלעך — העלן הוט, און מיר זײַנען געפאָרן צום פּאָרט. עס איז נאָך געווען גאָר פרי. מען האָט אונדז אינפאָרמירט, אַז די שיף האָט אַביסל פאַרשפּעטיקט און וועט אָנקומען ערשט אַ צוויי שעה אַרום.

זײַנען מיר אַרײַן אין אַ קאַפעטעריע אין אַלטמאַנטרעאַל. קיין סך מענטשן זײַנען נישט געווען. בימקאָ איז באַשטאַנען אַז מיר זאָלן זיך זעצן אין אַ ווינקל, ווו די שויבן גייען אַרויס צום סקווער, ווו עס שטייען בענק און גרויסע, ברייטע הילצערנע טעפּ מיט פלאַנצונגען און בלומען, וואָס פאַרשפּרייטן אַ זיס־האָניקדיקן ריח. די הייסע קאַווע מיטן געבעקס האָבן גערייצט דעם אַפּעטיט. מיר האָבן געזופּט די קאַווע און צוגעביסן. בימקאָ האָט אַ טיף־טרויעריקער געקוקט צום דרויסן און געשוויגן.

נאָך אַ לאַנגע ווײַלע שווײַגן, האָט ער אויסגעדרייט דעם קאָפּ צו מיר און געפרעגט: וואָס מיינסטו, זאָל איך איר פאָרלייגן, אַז איך וואָלט געוואָלט זי זאָל ווערן מײַן פרוי? זי וועט געוויס נישט אײַנוויליקן. ווײַל איך קען זי נאָך פון דער היים. זי איז געווען אַן אויסגעשטודירטע פאַניענקע, פאַרריסן בײַ זיך. איר איז נישט אָנגעשטאַנען צו האָבן צו טאָן מיט די קרובים, און אַפילו מיט יידישע שרײַבער פון מײַן סגאַל. זי האָט בלויז גע־דברט פויליש. דערצו בין איך איצטער קראַנק און די עלטער האָט זיך אויף מיר אַרויפגערוקט. וואָסזשע דאַרף זי אַזאַ מאַן? איך, אויף איר אָרט, וואָלט דען אַנדערש געטאָן?

וואָס האָב איך געקענט אים עצהנען? האָב איך בלויז געזאָגט: פּרוּוון רעדן מיט איר קענט איר דאָך. יאָ — יאָ, ניין — ניין!

— איך מיין אויך אַזוי — האָט ער ווי צו זיך אַליין גערעדט.

ווידער איז ער פֿאַרזונקען געוואָרן אין אַ שווערן שווײַגן.

אין דרויסן האָבן טויבן געפּיקט קערנדלעך און געוואָרקעט. דאָס האָט נאָך מער פֿאַרטיפֿט דאָס שווערטרויעריקע שווײַגעניש. אַ יונג — לאַכנדיק פּאָרל האָט אַרײַנגעשפּרײַזט אין אָפֿענעם סקוועד מיט די בענק און בלומען־טעפּ. די טויבן האָבן זיך צעטרוישט, זיך אויפֿגעהויבן און זיך געקרײַזט איבערן סקווער. דאָס רוישיקע פֿלאַטערן פֿון די טויבן האָט בימקאָן ווי אויפֿגעוועקט פֿון דער פֿאַרטראַכטקייט, און אַן אומרויִקער האָט ער זיך אויפֿגעהויבן. לאָמיר שוין אַראָפּגיין צום פּאָרט. זי וועט זיך דערשרעקן, אַז מירן נישט זײַן אין צײַט זי אָפּצונעמען פֿון דער שיף. ערשט אין פּאָרט האָבן מיר געוואַרט אפשר אַ שעה, ביז זי איז אַרויס פֿון דער געדיכטער מאַסע אימיגראַנטן. דאָס באַגעגענען זיך מיט איר איז געווען העפּלעך, אָבער אָן קרובהשער וואַרעמקייט. מיר האָבן זיך מיט איר און איר יינגל אומגעקערט אין דעם זעלבן רעסטאָראַן. בימקאָ, דווקא אַן אויפֿגעהייטערטער, האָט באַשטעלט עסן. ער האָט זיך אויסגעפֿרעגט וועגן איר, און ווי די רייזע איז איר דורכגעגאַנגען. און צי זי ווייסט, צי נאָך עמעצער פֿון דער משפּחה האָט זיך געראַטעוועט. זי האָט טרויעריק געשאָקלט מיטן קאָפּ אויף ניין.

בימקאָ האָט אַרויסגעקרעכצט: אוי, מאַמעניו, ווו נעמט מען כּוח דאָס אַלץ איבערצוטראָגן!

די פֿרוי האָט אויסגעזען אין די מיטל־פֿערציקער יאָרן. אַ פּולבלעכע, מיט קאַלטע, טרויעריקע אויגן. דער חן פֿון רויטלעך־פֿרישער פֿאַרביקייט האָט געשוועבט אויף איר שיין־געפֿורעמט פּנים. מיטן יינגל האָט זי גערעדט פּויליש. בימקאָ, ווי נאָר מען האָט אָפּגעגעסן, האָט ער גענומען אײַלן. מען דאַרף אין אַ שעה אַרום שוין זיצן אויף דער באַן. ער האָט שוין פֿון פֿריער געהאַט באַזאָרגט זיך מיט בילעטן. דאָסמאָל האָט די באַן טאַקע נישט געלאָזט צולאַנג וואַרטן אויף זיך.

מיר האָבן זיך אַרומגענומען, צעקושט. איך האָב דערפֿילט די פּײַכטקייט פֿון זײַנע טרערן אויף מיר — איך וועל באַלד שרײַבן און לאָזן וויסן וועגן אַלץ. ווען די באַן האָט זיך גערירט, איז ער אַלץ געשטאַנען בײַם פֿענצטער און געפֿאָכעט מיט דער האַנט.

די באַן איז פֿאַרשוווּנדן און מיט איר איז אויף שטענדיק פֿון מיר פֿאַרשוווּנדן געוואָרן דאָס טרויעריקע געשטאַלט פֿון דעם אויסגעצייכנטן דערציילער און קרעפֿטיקן דראַמאַטורג פּישל בימקאָ. איך האָב פֿון אים מער נישט געהערט. פֿון זײַן פּלוצימדיקן טויט, האָב איך זיך דערוווּסט פֿון דער פּרעסע.

מיט אים איז אַוועק אַ הערלעכער גרויס־שעפֿערישער פּעריאָד אין דער יידישער ליטעראַטור. איך מיין, אַז עס וועט נישט זײַן אומזיסט דאָס האָפֿן, אַז אין אַמעריקע, אין ישראל, אין אַנדערע לענדער ווו יידן לעבן און

שאַפן, זאָל נאָך אויפקומען אַ קונסטטעאַטער און אַז בימקאָס דראַמען, ווי "גנבים", "דעמבעס" און "מאַרכביינער" זאָלן אויפסנייַ אנטפּלעקט ווערן פאַרן יידישן עולם.



**פון שלום שטערן**

# יוסף ראָלניק

איידער איך האָב זיך באַקאַנט מיט יוסף ראָלניק, האָב איך אים שוין געקענט דורך זײַנע שטילע, לירישע לידער, וואָס ציטערן אין בענקשאַפט פון אַ פּליסטערנדיק געבעט. פּשוטע און קלאָרע ווערטער נאָגן מיט אומעט, ווי עס זאָל שטענדיק האַרבסטיקן אויף דער גאָרער וועלט... איטלעך ליד אין אַ ווייך־זינגענדיקן גראַם, קוים וואָס מען דערהערט דעם רויש פון זייער קלאַנג. דאָס שאַפט אַ האַרמאָנישע שטילע ריטמישקייט, וואָס רואיקט אײַן דאָס געמיט. אַ לויטערער לירישער פּאָעט, וואָס בויט פון די איבערלעבונגען פון אַמאָל, זײַן וועלט פון זײַן באַזונדערזיין, אין אט דער וועלט אין וועלכער ער איז געווען באַהאָפטן, און ער וויל פון איר נישט אַרויס... דאָרטן הייִמישט דער אומעט פון זײַן בענקענדיק, בעטנדיק ליד.

יוסף ראָלניקן האָב איך אויפגענומען ווי ער איז געווען, און ער איז מיר נאָענט געוואָרן מיט דער לויטערקייט מיט וועלכן זײַן ליד איז דורכגעשטראַלט. יוסף ראָלניק האָט אויך געהערט צו די אָנערקענטע פּאָעטן, וואָס די יידישע פּאָלקס־ביבליאָטעק האָט קיינמאל נישט פאַרבעטן צו רעדן אָדער פאָרצולייענען זייערע לידער.

כּמעט יאָר־אײַן יאָר־אויס איז ער געקומען קיין מאָנטרעאָל צו זײַנע קרובים, וועלכע האָבן געוואוינט אויף סט. ארבן סטריט, אין סאַמע געדיכטן יידישן געגנט, סרוב באַזעצט מיט אימיגראַנטן. דאָרט האָבן זיך געפונען די יידישע פּאָלקס־ביבליאָטעק, די פּאָלקסשולן, בתּי־מדרשים, שולן וכדומה.

גאָר נאָענט האָט ער זיך געהאַלטן מיט דער דיכטערין איידע מאַזע. זיי האָבן זיך אָפט דורכגעבריוולט. אין איר הויז איז אים געווען אי היימיש, אי מען האָט הויך געשעצט זײַן דיכטונג. מחמת דאס רוב יונגע פּאעטן האט זי מאַמעדיק צוגעצויגן צו זיך.

איך בין זעלטן געקומען אין יענער סביבה, מחמת מײַן אײַנדרוק איז געווען, אַז מען טוליעט זיך דאָרטן צו נאָענט איינער צום צווייטן, און איידע

מאַזע האַלט זיי אין שאָטן פון אירע פליגל... זי וואַרעמט זיי מיט צו פרומע, פאַרזיסט זיפצנדיקע רייד. סײַוווי איידע מאַזע האָט זיך איר גאַנץ חשוב אָרט צווישן די יידישע פּאָעטן אין מאָנטרעאָל און פאַר איר גנאָד וואָס זי האָט אַרויסגעוויזן צו שרײַבער, האָט זי פאַרדינט שעצונג. איך האָב זיך באַקענט מיט יוסף ראָלניקן אין הויז פון זײַנע קרובים — וואוילע, וואַרעמע פאָלקס־יידן. עס איז געווען שבועות. דער גילדענער טאָג האָט באַשטראַלט די גרויע שטיבער. מיר האָבן זיך פאַרוויקלט אין אַ שמועס וועגן יידישן שטייגער, וועגן שרײַבער און פּאָעטן. מיר זײַנען געגאַנגען און געשמועסט און מיר האָבן אַפילו צוערשט נישט באַמערקט, אַז מיר זײַנען אין פּאַרק, וואָס איבער אים הויערט דער צעלויכטענער באַרג. די ביימער אין דער שמאָלער אַלייע האָבן זיך געשטרעקט צו דער בלוי־העלער הויך. לינד און קיל האָבן געווינטלט די בלעטער און אין שטילן רויש פאַרסודעט געמורמלט...

יוסף ראָלניק, בטבע אַ שווײַגער, האָט זיך טיף אײַנגעהערט און תּמיד גערעדט ווי צו זיך אַליין. צווישן ביימער, דאַכט זיך מיר, אַז איך פאַרנעם פון די ליפּן פון די בלעטער דאָס שעפּטשען אין טרויער אַ ליד אין געבעט. דער געגנט, דער פּאַרק, דער באַרג מיטן הויערדיקן צלם, זײַנען פאַר אים נישט קיין אומבאַקאַנטער געגנט. ער גאָפּט. ער זיצט פאַרזונקען אין שווײַגן און האָרכט... ער גלעט זײַן גערדיכטע וואָנצע און קוקט אַ פאַרחידושטער אויפן באַרג און שווײַגט.

פּלוצים זעצט ער זיך אויף און נעמט אײַלן אַהיים. יוסף ראָלניק האָט נישט בלויז געקענט לאַנג און פאַרטראַכט שווײַגן. זײַן גאַנג איז אויך געווען פאַמעלעך און שווערלעך. ער גיט מיר צו פאַרשטיין, אַז ער האָט ליב שבתים און יום־טובים. ער אַליין גייט טאַקע נישט אין שול דאַווענען. איך דאַוון געגנוג אין לידער... אָבער ער האָט זייער ליב, אַז אין דער יידישער געגנט איז אַ יום־טוב. יידן גייען אין שול. אין גאַנצן שטאָטישן געפּילדער ברענגען זיי אַרײַן אַ ליבע, היימישע שלווה. אָט אויף סט. אָרבן שטייען יידן אויף די טרעפּ פון דער שול, אָנגעטאָן אין טליתים. אַן עולם — יונג און אַלט, מענער און פרויען — אײַלט זיך צו יזכור.

אין אונדזער שמועס האָבן מיר ביידע פאַרהערלעכט דעם גײַסט פון שבת־מנוחה. מיר האָבן אויך באַוואונדערט ד״ר זשיטלאָוסקיס עסיי אין וועלכער ער הויבט אַרויס די שיינקייט פון די יידישע יום־טובים. מיר דאַרפן זיך טאַקע אויסטיילן מיט אונדזער שטייגער צווישן די פעלקער, אָבער קיין מאָל נישט אָפּטיילן זיך פון דער דרויסנדיקער וועלט, אָבער גלײַכצײַטיק נישט אָפּמעקן דאָס אייגענע געשטאַלט.

יוסף ראָלניק, האָב איך גלײַך אַרויסגעזען, איז נישט אַזוי גערן געווען צו רעדן וועגן שרײַבער, אַפילו וועגן די, וועלכע ער האָט הויך געשעצט. אים האָט אינטערעסירט נישט קיין סתּם לידער־שרײַבער, האָבן זיי געקענט

זײַן די סאַמע־באַרימטסטע און געלויבטסטע פערזון־מאכער. ביי אים האָבן אויסגענומען פּאָעטן, וואָס זײַנען לירישע שעפער פון פערזן, וואָס זייער שטימונג דערהויבט דאָס געמיט. אַ ליד דאַרף לײַטערן. ער איז זיך געגאַנגען אויף זײַן שטילער, שמאָלער סטעזשקע. אַזוי איז ער אויך געווען אין לעבן. דאָס ליד האָט געפורעמט זײַן וועלט, אָדער זײַן ווינקל אין דער וועלט...

מיר האָבן זיך צוריקגעקערט צו דער גאַס פון זײַנע קרובים. שטייענדיק שוין בײַ דער שוועל פון זײַן הויז, האָט ער אין אַ קאַלטן טאָן אַ זאָג געטאָן, אַז ער שעצט הויך ד״ר זשיטלאָווסקין. ער איז טאַקע אַ גרויסער ייִד, אַ דענקער. מיר זײַנען אים אַ סך שולדיק. דאָך פיל פון זײַנע מאמרים נעמען מיך ניט. ער איז צו קאַלט, צו לאָגיש. ער אַרבעט מיט לאָגיק, און בײַ מיר איז דער עיקר די איבערלעבונג, געפיל, די שטימונג אין אַ פּאָעטיש ליד״.

יוסף ראָלניק האָט נישט געהערט צו קיין צדדים. די שיינקייט פון זשיטלאָווסקיס יידישן סטיל און לשון האָט ער נישט באַנומען. אין דעם פּרט איז ער נאָכגעגאַנגען ״די יונגע״, וואָס האָבן געהאַלטן אין איין פאַרלייקענען די אויפטואונגען און דערגרייכונגען פון שרײַבער, וועלכע האָבן נישט געהערט צום פּאָעטן־צעך...

בײַם געזעגענען זיך מיט אים, האָב איך געזאָגט, אַז איך האָב זייער ליב די פּלעיאַדע פּאָעטן ״די יונגע״. איך שאַץ נישט די גרויס פון איטלעך איינעמס טאַלאַנט, אָבער ווי אַ גרופּע איז זייער אויפקום פון גרויסן ווערט. עס האָט אַ שטויס געטאָן דאָס יידישע ליד ממש אויף הונדערט יאָר פאָרויס. אָבער דאָס אָפּזונדערן זיך פון אַלע פּראָבלעמען פון לעבן, פון שטעלן זיך אויסער דער ראַם פון אַרום, איז ווי שטעלן זיך העכער פון אַלעמען...

יוסף ראָלניק האָט שטיל געשמייכלט און געשוויגן. היות איך אַרבעט אַ גאַנצע וואָך אין מאָריס ווינטשעווסקי־שול, האָבן מיר אָפּגערעדט זיך טרעפן שבת אין דער פרי.

שבת, צו דער באַשטימטער שעה, האָבן מיר זיך געטראָפן. יוסף ראָלניק איז געווען אין אַן אויפגעלייגטער שטימונג. ער האָט געוואָלט שפּאַצירן פון איין עק בלאָק צום צווייטן, ווײַל די טירן פון די שולן זײַנען אָפן, און ער האָט ליב צו הערן די שבתדיקע ניגונים און דאָס זינגען פון די מתפללים. דערצו האָט דער חזן אַ שיינע שטימע. גייען מיר הין און צוריק, און נאָכן אָפּשווײַגן אַ היפּשע ווײַלע, פרעגט ער מיך, וואָס איז מײַן אײַנדרוק פון י. י. שוואַרצס ״קענטאָקי״.

מײַן ענטפער איז, פאַרשטייט זיך, געווען, אַז איך שעץ דאָס ווערק זייער הויך. די שענסטע און בילדלעכסטע קאַפּיטלען זײַנען די ערשטע. מיט אַ דין שאַרפן הומאָר שילדערט ער דעם נעגער וואַשינגטאָן. י.י. שוואַרץ איז

אַן אויסגעצייכנטער מאָלער פון דער קענטאָקער לאַנדשאַפט, הגם אַביסל צו דעטאַליזירט. דאָס איז די השפּעה פון דער העברעישער פּאָעזיע. ער קען מענטשן און שילדערט זיי מיט דער ליכטיק־וואַרעמער פאַרב פון זײַן בילדלעך וואָרט. פאַראַן אויך קאַפּיטלען, וואָס זײַנען צו־באַריידעוודיק און לייענען זיך ווי׳ פּראָזאַאירטע פּערזן. אין אַלגעמיין אָבער אַן עפּיש־פּאָעטישע מײַסטערשאַפונג.

יוסף ראָלניק שווײַגט און שאָקלט מיטן קאָפּ. איך ווייס נישט, צי אים געפעלן מײַנע אַרויסזאָגונגען, צי ניין. מיר גייען. בײַ די אָפענע טירן פון דער שול בלײַבט ער שטיין און הערט זיך אײַן צו קריאת־התּורה. ווידער רעדט ער ווי צו זיך אַליין:

— אַרײַנגיין זיך זעצן צווישן די מתפּללים, איז ניט לויט מײַן שטימונג. אָבער צוהערן זיך צום דאַוונען, צום לייענען, האָב איך הנאה. מאַני לייב איז אַ רוסאַק, און איך קען קיין מאָל נישט דערגיין בײַ אים זײַן באַציונג צום יידישן לעבנספיר, צו אונדזער יונגן אַמאָל אין שטעטל. איז יאָ, איר האָט ערלעך און טרעפלעך אָפּגעשאַצט י.י. שוואַרצס גרויס דיכטערישע פּאָעמע ״קענטאָקי״. איר מאַכט אַ טעות, ווען איר מיינט, אַז די ״יונגע״ זיינען געווען און זײַנען אַ געבונדענע גרופּע, — אַ פלעיאַדע פון איין גוסט און גײַסט, מיט איין מיינונג וועגן דיכטער און דיכטונג.

ווען ״קענטאָקי״ איז דערשינען האָט זישע לאַנדוי אָפּגעפּסקנט: צו לאַנגע, צו לויזע שורות. אָבער פאָרט איז עס אַן אויפּטו. ווען אימיצער האָט אים געפרעגט, וואָס פאַר אַן אויפּטו איז עס? — האָט זיך זישע לאַנדוי צעשמייכלט און צערטלענדיק יעדעס וואָרט, ווי זײַן שטייגער איז, האָט ער שוין פאַמעלעך באַטאָנט דעם פּסק זײַנעם: אַן אויפּטו וואָס נאָך דאַרף זײַן? און דאָך ווייס איך, אַז ער האַלט אי פון ״קענטאָקי״ אי פון י.י. שוואַרץ.

דאָס זעלבע איז געשען, ווען מאַני לייב האָט פאַרעפנטלעכט זײַן ״יינגל צינגל כוואַט״, וואָס האָט ער זיך צעזינגלט אין קלינגנדיקע גראַמען. מאַני לייב איז אים דעמאָלט נישט געבליבן שולדיק קיין ענטפער.

מיט די אַלע פּאַראַבלס און פאַרדרוסן, זײַנען די ״יונגע״ געווען נאָענט איינער מיטן צווייטן. מע האָט זיך טאַקע ליב געהאַט. דער עיקר איז בײַ זיי געווען דאָס, ליד, די עכטע דיכטונג. איך וועל נישט און וויל נישט פאַרגעסן מײַן אַנטציקונג פאַר ״קענטאָקי״ פון י.י. שוואַרץ. באַלד ווי דאָס בוך איז דערשינען, האָבן מיר באַשטימט זיך צו טרעפן. עס איז געווען אַ ליכטיקער דרויסן. אַלע שטערן האָבן געשימערט און מיט זייער העלער שײַן באַשטראַלט אונדזערע טריט. מיר זײַנען אַרומגעגאַנגען ביזן אויפגיין פון גילדערנעם מאָרגנשטערן. איך האָב שוואַרצן געזאָגט, אַז ער ווייסט אַליין נישט, וואָס פאַר אַ גרויס פּאָעטיש־עפּיש ווערק ער האָט אָנגעשריבן. ער האָט באַקרוינט די גאַנצע יידישע פּאָעזיע. י.י. שוואַרץ האָט זיך זייער געפרייט. אין אַ דערהויבענער שטימונג האָבן מיר זיך אָפּגעזעגנט מיט אַ

גוט־מאָרגן !...

ווי איך האָב שוין באַמערקט, האָבן "די יונגע" נישט געהאַט קיין איין באַשטימטע מיינונג וועגן "קענטאָקי". ראובן איַיזלאַנד האָט אין אָנהייב זיך געוואַקלט צווישן יאָ־און־ניין. עפּעס, ווי ער וואָלט זיך געראַנגלט מיט זײַן אייגענעם איַינדרוק. דאָך האָט ער זיך אויסגעדריקט מיט אָנערקענונג וועגן "קענטאָקי". לעצטנס האָט ער געביטן זיין מיינונג. ער האָט אויסגעפונען אַז "קענטאָקי" איז גאָר אַ וויכטיקע דיכטערישע שאַפונג. בײַ מאַני לייבן האָט די פּאָעמע אויסגענומען. ער האָט זי אויפגענומען ווי אַ פּאָעט, מיט יעדן ניואַנס אין בילד, מיט דעם דינסטן ציטערדיקן קלאַנג אין די פערזן.

פאַרוואָס רעד איך אַזוי פיל וועגן די מיינונגען פון "די יונגע"? ווײַל זיי זיינען געווען ערלעך און אויפריכטיק אין זייערס אַרויסזאָגן זיך וועגן אַ ליד. זייער און מײַן וועלט איז דאָס שאַפן פון פּאָעטישע פערזן. צו די קריטישע באַמערקונגען פון אייניקע אַנדערע שרײַבער און דיכטער, האַב איך נישט קיין צוטרוי. די מערסטע פאַרגינען פשוט נישט י.י. שוואַרצן זײַן גרויסע קינסטלערישע דערגרייכונג. בײַ מיר איז י.י. שוואַרץ אַ גרויסער פּאָעט, אַ גרויסער קענער און א שיינער מענטש.

אַזוי שפּאַצירנדיק, זײַנען מיר ווידער אַרײַן אין פּאַרק. זיך אַוועקגעזעצט אָפּרוען די מידע טריט. ראָלניק האָט זיך פאַרקוקט אויפן באַרג. די זון מיט אירע שטראַלן־הענט האָט אַרומגענומען דעם גאַנצן באַרג — די ביימער, דעם שימערירנדיקן צלם, און די שאַרפע, צעבליצטע שײַן האָט זיך געגליטשט איבער די ווענט פון צעהויקערטן מאָכיקן געשטיין.

אין מיטן רעדן בלײַבט ער שטיל און פאַרטראַכט. ער שווײַגט שוין ווידער און מיך באַפאַלט אַן אומעט קוקנדיק אויף זײַן טיפער פאַרטראַכטקייט. און אָט טרייסלט ער זיך אַרויס פון שווײַגעניש און אונדזער שמועס פעדעמט זיך ווידער.

— איר פאַרשטייט, די פלינקע רעצענזענטן טשעפּען מיר צו געדאַנקען און געפילן, וואָס האָבן צו מיר קיין שום שייכות ניט. אַנדערע ווילן פון מיר, איך זאָל זײַן מער סאָציאַל. גאָר אַנדערע, אַז איך מײַד אויס נאַציאָנאַלע מאָטיוון... פאַראַן אַזעלכע וואָס מאָנען, אַז איך זאָל זײַן אורבאַניסטיש... בלויז מיט ש. ניגערס אַן אָפּשאַצונג פון מײַן דיכטונג בלײַב איך כמעט תמיד צופרידן. ער נעמט מיך אויף אַזוי ווי איך בין, מיט מײַן "אָרום דער מיל" און אַנדערע לידער מײַנע. פאַר מיר איז גענוג, אַז יעקב גלאַטשטיין, לעיעלעס און מינקאָוו אורבאַניסטעווען...

מען דאַרף נישט וועלן קיין ספּעציעלע כאַראַקטעריזאַציע פון מײַנע לידער. איר האָט דאָך געלייענט מײַן מאָטאָ־ליד אין מײַן בוך "אַ פענצטער צו דרום" (דערשינען אין ניו־יאָרק, 1941). מען דאַרף נישט נישטערן. איר טראָגט מיט זיך מײַן בוך, וואָס איך האָב אײַך מיט אייניקע טעג צוריק

געגעבן, איז לייענט פאַר מיר, וועט איר זען:

״איך בין אָנגעקומען אויף אַן אַמאָליקן שטעג,
אַן אַ זייט פון ברייטן וועג;
און כאָטש איך גיי אום איינער אליין —
איז מיר ניט אומעטיק צו גיין.
עס גייען מיט מיר אין מיין זיכּרון
דער געלער ווייץ און ברוינער קאָרן,
וואויל־שמעקעדיקע קאָפּעס היי,
און טרוילעך־וואַרעמער שניי.

מיטן ברייטן וועג גייען מלחמה־לייַט,
איך גיי אָבער פון דער זייַט.
עס בריאַזגען אויף זיי פאַנצער און שווערד,
ווי שטילער וואַסער שווימט מייַן ערד״.

מיר האָבן זיך אַזוי פאַררעדט, אַז ראָלניק האָט שוין מסתּמא געהאַט פאַרשפּעטיקט איינע פון די דרייַ שבת־דיקע סעודות... ביים געזעגענען זיך האָט ער בייַ מיר געבעטן מייַן אַדרעס.

אַ פּאָר חדשים שפּעטער האָב איך באַקומען פון אים אַ לענגערן בריוו, אַז אים געפעלן ביז גאָר אייניקע פון מייַנע לידער אין ״יידישע קולטור״, ״אייניקייט״ (רעדאַקטירט פון ב.צ. גאָלדבערג און מנשה אונגער זכרונם לברכה) און אין ״דער צוקונפט״ (בימי א. ליעסין פלעגט ער מיך דרוקן כמעט פיר מאָל אין יאָר. תּיכּף נאָך זייַן פּטירה, האָב איך באַקומען אַ קאַרטל פון דעם רעדאַקטאָר, אַז איך זאָל מער קיין לידער נישט שיקן, ביז מען וועט מיך נישט אייַנלאַדן. טו איך אַזוי עד היום הזה...)

איך האָב ראָלניקן זייער באַדאַנקט פאַר דער הויכער מיינונג. אַזוי אַרום, האָבן מיר זיך אָנגעהויבן גאַנץ אָפטלעך דורכצושרייַבן.

היות ראָלניק איז געווען אַן אָפטער גאַסט אין מאָנטרעאָל, האָט ער זיך באַוויזן אין איינעם אַן ערב־פּסח מיט זייַן ליבער פרוי פייגל, וועלכע איז געווען תּמיד פאַרליבט אין אים. און מיט זיי איז מיטגעקומען זייער קוזינע פייגל קופער. אויך זי איז געווען פאַרליבט אין ראָלניקן. ער האָט אָבער ליב־געהאַט די צווייטע פייגל, וואָס איז געוואָרן זייַן פרוי. ביידע זייַנען געווען וואוילע, האַרציקע און אינטעליגענטע פרויען און נאָענטע פרייַנט. זייַנען זיי געקומען אונדז באַזוכן. מיר האָבן געשמועסט וועגן ליטעראַרישע ענינים, אָבער אין אַלע רייד איז געווען דער צער פון דעם גרויסן בראָך אונדזערן — דאָס אומקומען פון העכער זעקס מיליאָן יידן. אויך האָבן זיך שוין דעמאָלט דורכגעריסן די פינצטערע ידיעות וועגן דעם אַרעסט פון די יידישע־סאָוועטישע שרייַבער. ראָלניק איז געווען דערשלאָגן. ער האָט מער אַרויסגעקרעכצט, ווי גערעדט. פייגל ראָלניק האָט געוואָלט אַ ביסל אויפהייַטערן דאָס פאַראומערטע געמיט, און געבעטן ראָלניקן ער זאָל

ווייַזן, ווי מען קען אין לידער, נאָך יעדער שורה פּאַר ענדיקן מיט די ווערטער "מיט הויזן אָדער אָן הויזן".ראָלניק האָט זיך, ווי אָנגעכאַפּט אין דער שפּיל, געצומען אַ בוך לידער פון אַ לידער־שרייַבער, וואָס האָט געהאַקט פּערזן ווי שטיקער האָלץ. ער האָט געלייענט אומגעפער אַזוי: "דער בוים איז נאַקעט" — "מיט הויזן צי אָן הויזן". "דער טיש שטייט אויפן דיל" "אָן הויזן צי מיט הויזן". אַז "דער טיש שטייט אויפן דיל" טאַקע וואו דען שטייט אַ טיש? מוז זייַן "מיט הויזן אָדער אָן הויזן" און אַזוי איז אַוועק דאָס שפּיל, און עס האָט זיך געפּאַסט אין כמעט אַלע פּערזן.

אַלע האָבן געלאַכט און מיר האָבן טאַקע געפּילט, אַז מיר טרייסלען אַ קאַפּעלע פון זיך אַראָפּ דעם שווערן שטיין פון טרויער. אָבער נאָך דער לייַכטער שפּיל, איז מען פאָרט נישט פאַרשפּילט געוואָרן...

ראָלניק האָט ווי אַרויסגעקרעכצט שורות פון לייוויקס וויגליד: "קינדער שלאָפן איין אַליין, גרויסע דאַרף מען וויגן". מיר האָבן זיך געזעגנט. דאָס לעצטע מאָל האָב איך נישט געהאַט מער קיין געלעגנהייט זיך צו טרעפן מיט ראָלניקן און צוזאַמען מיט די ליבע צוויי פייגלס.

שפּעט אין האַרבסט איז ראָלניק געקומען זיך זען מיט זייַנע קרובים. אין איין כמאַרנע־רעגנדיקן טאָג האָט ער מיר טעלעפאָנירט, אַז ער וויל אַריבערקומען. ער דאַרף בייַ מיר געוואויר ווערן עפּעס. איז ער אַרייַנגעקומען אַ פאַרשוויצטער, אַדורכגעווייקטער אין רעגן און זייער צערודערט. אָן שום הקדמות מיך אַ פרעג געטאָן, צי ס'איז אמת, אַז איך האָב סיגאַלן געוויזן זייַנס אַ בריוו, וואו ער — ראָלניק — זאָגט זיך אַרויס נישט גינסטיק וועגן אַ צאָל פון סיגאַלס לידער.

ענטפער איך: — טייַערער ראָלניק, איר האָט קיין מאָל מיר נישט געשריבן וועגן סיגאַלס לידער, און איך האָב נישט אַזאַ בריוו פון אייַך. איך האָב אַרויסגענומען אַלע זייַנע בריוו צו מיר און אים געוויזן.

וואָס איז סיגאַל אויסן געווען מיט וועלן אַרייַנברענגען אַ ריס צווישן ראָלניקן מיט מיר? י.י. סיגאַל, פון וועמען איך האָב געהאַלטן און האַלט אויך הייַנט (באַקענט זיך מיט מייַן אָפּשאַצונג וועגן סיגאַלן צו זייַן 20טן יאָרצייַט, געדרוקט אין "יידישע קולטור" אין 1976). געוויס האָבן מיר, ראָלניק און איך, גערעדט וועגן י.י. סיגאַל. ראָלניק האָט זיך אויסגעדריקט,אַז ער שרייַבט צופּיל און היט זיך נישט גענוג צו זייַן מער געצוימט. און אַז אויך מאַני לייב (ביידע נפטרים האָבן שטאַרק געהאַלטן פון סיגאַלן) האָט אים געזאָגט, אַז סיגאַל איז צו פּראָדוקטיוו. האָב איך צוגעגע־בן, אַז דאָס נעמלעכע האָט מיר געזאָגט מאַני לייב, בעת מייַן לעצטן באַזוך אין ניו־יאָרק איך האָב דאָס קיין מאָל נישט איבערגערעדט פאַר סיגאַלן, און אויך נישט, וואָס ראָלניק האָט געזאָגט. און ראָלניק האָט חלילה קיין מאָל צו מיר געשריבן ניט קיין גינסטיק וואָרט וועגן סיגאַלן. אָבער עס איז געווען איינע פון די מאָמענטן, ווען סיגאַל איז געווען אין קריג מיט מיר...

בעת ראַלניק איז געקומען מיט סיגאַלס אויסטראַכטעניש, האָט ער מיר גלייַכצייַטיק איבערגעגעבן, אַז סיגאַל האָט אים געוויזן בערל לאַפּינס אַ לויב־בריוו צו אים. אין זעלבן בריוו שרייַבט ער מיט גרויס אָנערקענונג וועגן אייַער ליד "אָוונט". ער ציטירט דאָרטן די פערזן:

"יאַנעק אויפן גאַנעק,
האַנקע ביַי דער בייט.
אָוונט וואַרפט אויף ביידן
דאָס בלויע שאָטן־קלייד..."

אויך מאַני לייב בעט אים אין זייַנעם אַ בריוו צו אים אייַך איבערגעבן אַ האַרציק גרוס, עס איז אַ גרוס מיט שעצונג. זיי ווייסן ניט, אַז סיגאַל פירט שוין ווידער אַ ברוגז מיט אייַך.

יוסף ראַלניק האָט זיך געמומען אייַלן אַוועקצוגיין. אין דרויסן האָט געפּליוצט דער רעגן. איך האָב אים געבעטן איבערצוּוואַרטן אַביסל ביז דער רוישיקער רעגן וועט זיך אַביסל איינשטילן. ער האָט בלויז געשוויגן. אַ שווערער טרויער האָט געווייעט פון אים. איך האָב געפילט אַז ער ערגערט זיך, וואָס ער האָט זיך געלאָזט אָנרעדן פון סיגאַלן צו קומען בעטן, איך זאָל אים ווייַזן זייַנע בריוו. ער האָט זיך געזעגנט און זיך אַרויסגעשלייַכט אין דרויסן, וואו עס האָט געוווינטיקט דער האַרבסטיקער קאַלט־שטעכיקער רעגן, איך האָב אים נאָכגעקוקט, ווי ער פירט זיך זייַן שווערן טראָט. מיר האָט זיך געדאַכט, אַז ער הויקערט זיך און שלאָגט פון זיך אָפּ די רעגן־שנורן, וואָס פּאַטשען אויף זייַן מידלער, פּאַראומערט געזיכט. אין זיכרון האָבן אויפגעטויכט זייַנע שטילע, ציטערדיקע שורות:

"איך בין אָנגעקומען אויף
אַן אַמאָליקן שטעג,
אָן אַ זייַט פון ברייטן וועג;
און כאָטש איך גיי אום איינער אַליין —
איז מיר ניט אומעטיק צו גיין".

פון יוסף ראַלניקס לידער האָט געווייעט אַן אומעט. אָבער עס איז אַן אומעט, וואָס מאַכט נישט טרויעריק, נאָר באַרואיקט... ער איז טאָקע געגאַנגען אויף אַ באַזונדערן שטעג, אַפילו צווישן דער פּלעיאַדע פּאָעטן "די יונגע", איז ער געגאַנגען אַביסל אָפּגערוקט, באַזונדערדיק. דאָס איז געווען זייַן שטילער גאַנג. צי דאָס האַלטן זיך אין שאָטן איז געווען בלויז דער אמת פון זייַן פּאָעטיש ליד, צי דאָס איז אויך געווען די וואָר פון זייַן טאָג־טעגלעכקייט, דאָס ווייס איך נישט. אָבער איך מיין, אַז יאָ.

סייווי יוסף ראַלניקס גיין תמיד באַזונדער מיט זייַן אומעט, האָט אים אויסגעטיילט פון די פּאָעטן פון זייַן גרויסן, יידיש־שעפערישן דור. עס איז זייַן אייגענער, אויסגעטראָטענער שטעג, און פון אָט־דער שטילער טונקל שימערט זייַן העלע ליכט — דאָס ליכט פון איינעם פון אונדזערע

לירישסשע ליכטיקסטע פּאָעטן, וואָס וועט נישט פֿאַרגעסן ווערן, ווי אַן אומעטליכטיקער שטילער זינגער — אַ שעפּער פון פּאָעטישע פערזן, וואָס דער אומעט פון זייער בענקשאַפט לינדערט דעם וויי...



**פון שלום שטערן**

# מײַן באַקאַנטשאַפט מיט ז. ווײַנפּער

(פון מײַן מעמואַרן־העפט)

עס איז געווען סוף צוואַנציקער יאָרן. איך בין נאָר וואָס אַרויס פון סאַנאַטאָריום. די קראַנקן־שוועסטער מיט וועלכער איך האָב געפּלאַנט חתונה צו האָבן, די גוטע און שיינע "נוירס", ווי אַלע פּאַציענטן פלעגן זי רופן, האָט באַשטימט צו פאַרלאָזן איר אַרבעט און קומען אין שטאָט, כדי מיר זאָלן חתונה האָבן כּדת משה וישראל.

בין איך געווען אין מאָנטרעאָל און זיך אויפגעהאַלטן בײַ מײַן ברודער י. זיפּער, דעם זייער פײַנעם דערציילער און פעיקן פּעדאַגאָג. מײַן שטימונג איז נישט געווען קיין געהויבענע: ערשטנס, ווי דער שטייגער פון יונג־פאַרליבטע, איז מען שטענדיק אין נעפּל פון בענקשאַפט. צווייטנס, בין איך געווען שטאַרק באַזאָרגט וועגן פּרנסה, אַז קיין פאַך האָב איך נישט, און זיך אַרײַנקריגן אין אַ יידישער שול און ווערן אַ לערער, זײַנען די מעגלעכקייטן געווען זייער קנאַפּע, מחמת איך האָב שוין געהאַט דעם פּגם, אַז איך חבר זיך מיט די לינקע.

דער אמת איז — איך בין דעמאָלט נאָך נישט געווען אין דער לינקער סביבה. איך האָב זיך אָבער געפילט היימיש מיטן רעדאַקטאָר פון "קאַמף", פיליפּ האַלפּערין און דעם אַרבעטער־און יוניאָן־פירער י. גערשמאַן (וואָס איז שפּעטער געוואָרן דער רעדאַקטאָר פון "קאַמף", "דער וועג" און "וואָכנבלאַט" און אַגב געבליבן מײַן סאַמע נאָענטסטער מענטש אין דער קאַנאַדער פּראָגרעסיווער באַוועגונג).

יאָ, פון צײַט צו צײַט פלעג איך אויפטרעטן אין לינקן אַרבעטער־רינג און יוגנטלעכן "קולטור־צענטער". די קולטור־טעטיקייטן פון דער לינקער באַוועגונג האָבן מיך טאַקע אַזוי לאַנג געצויגן, ביז שפּעטער אַביסל בין איך, עפּעס נישט אַליין באַמערקנדיק, אַזוי אַרײַנגעצויגן געוואָרן, אַז דער "קולטור צענטער", ווי הײַנט דער אָרדן, איז געוואָרן מײַן קולטור־געזעלשאַפט־לעבע היים.

אָבער דאָס איז געווען ביי מיר אַ גאַנץ פּאַמעלעכער פּראָצעס, מחמת איך האָב נישט געוואָלט און טאַקע אויפּריכטיק נישט געקענט אויסמעקן אין זיך דאָס וואָס איז טראַדיציאָנעל אָנגעזאַמלט געוואָרן פון דורות. די שטייגער־טעמאַטיק פון דער יידישער ליטעראַטור איז געווען מיין גייסטיקער באָדן. איך האָב נישט געזען, ווי איך זע אויך נישט היינט, קיין סתירה צווישן די סאָציאַלע און נאַציאָנאַלע מאָטיוון אין דער יידישער ליטעראַטור. איך האָב זיך טאַקע אויסגעלעבט אין דער יידישער ליטעראַטור, אָבער אויך פון העברעיש, וואָס איז היינט געוואָרן לשון־חול און יידיש דאָס לשון־קודש, האָב איך זיך נישט אָפּגעפרעמדט. פּאַקטיש האָב איך זיך דאָך דערצויגן אויף דער העברעישער ליטעראַטור. איך האָב געטענהט מיט די לינקע אָנגרייפער מיינע, אַז איך בין אַ יידישער פּאָעט, וואָס איז גלייכצייטיק אַ מאמין אין סאָציאַליזם, אָבער אָפּזאָגן זיך פון דער יידישער קולטור־ירושה, פון אָט־דעם שאַפערישן פאַרמעג טאָר נישט קיין שום יידישער אַרבעטער, פאָלקס־מענטש און אינטעליגענט.

איז עס געגאַנגען אָט אַזוי: פיליפּ האַלפּערין, דער רעדאַקטאָר פון "קאַמף", כאָטש ער איז געווען גוט צונויפגעחברט מיט מיר, פלעגט דאָס אים נישט אָפּהאַלטן מיר אַריינצוזאָגן אין די פרייטיקדיקע נומערן פון "קאַמף" אין אזא מאמר: "בנימין קאַץ, דער קאָמיוגיסט און שלום שטערן דער קליינבירגער". גראָד דער סאָרט פון ווען מיך אַרויספירן אויף דער ליניע... פלעג איך זי פאַרלירן און האָב אוועקגעבלאָנדזשעט אין שאָדן...

איך בין דאָ נישט מקפיד אויף פריער און שפּעטער אין מיין אַריינגאַנג אין דער יידישער, ליטעראַטור, ווייל איך וויל בלויז אָנווייזן, אַז איך האָב נישט געהאַט וואו זיך צוצוטוליען.

איך האָב עס געהאַלטן פאַר צוגעאייַלט צו לאָזן מיין סאָניען (די נוירס) אָפּצוזאָגן זיך פון איר שטעלע, איידער איך האָב אַ שטיקל מעמד פרנסה. פאַרשטייט זיך, אַז די זאָרג האָט ממילא געטריפט אין מיין געמיט שאַרפע טראָפּנס טרויער. אָבער דער זאָג פון "עזה כמות אהבה" (אַז ווי דער טויט איז די ליבע שטאַרק) און דער רייץ פון שעפערישן ליד, האָט מיך אויפגעהאַלטן און מיך אָנגערעגט אַרויסצוברענגען אין ווערטער מיין בענקשאַפט. און אַפילו אין די שורות פון אומעט האָט זיך געוועבט דער פריידיקער גלי פון ליב האָבן. האָב איך אָנגעשריבן אַ פּאָר צענדליק לידער און געזוכט, אַז עמעצער זאָל עפענען פאַר מיר אַ טיר אַריינצוקומען אין אַ ליטעראַרישן זשורנאַל.

האָב איך זיך באַקענט מיט י. י. סיגאַל, וואָס איז געווען דער געקרוינטער פּאָעט אין מאָנטרעאַל, און וואָס האָט זיך דערצו געהאַלטן פאַרן פּוסק אחרון. מיר, עטלעכע נאַאיווע פּאָעטן־אָנהייבערס אין טאָראָנטאָ און אין מאָנטרעאַל — האָבן געמיינט, אַז מיט סיגאַלס סמיכה

קען מען אַרויפקלעטערן אויפן העכסטן שטאַפּל אין דער יידישער דיכטונג...

היות, איך האָב אַליין נישט געוואַגט ערגעצוואו שיקן מײַנע לידער, האָב איך זיי פאָרגעלייענט פאַר סיגאַלן, און אים זײַנען שטאַרק געפעלן געוואָרן מײַנע ערשטע סאָנאַטאָריום־לידער. און ער האָט מיר געזאָגט, אַז ער וואָלט זיי מיט זײַן רעקאָמענדאַציע געשיקט אין "צוקונפט", נאָר ליעסין איז זייער אַ שטרענגער, און דערצו שרײַב איך סרוב אין פרײַען פערז, וועט דאָס אפשר אויך זײַן אַן אָפּהאַלט פאַר ליעסינען. ער האָט אָבער צוגעזאָגט: איך וועל אַ צענדליק פון זיי שיקן אין "אויפקום" צו ז. ווײַנפּערן. אײַערע לי־רישע לידער זײַנען אין דער שטימונג פון ווײַנפּערס געמיט. איך בין זיכער, אַז ב.י. ביאַלאָסטאָצקי און בערל לאַפּין — די צוויי מיטרעדאַקטאָרן וועלן אויפנעמען אײַער עכטן טאַלאַנט און די אויפריכטיקייט פון אײַערע לידער.

בין איך געווען זייער דערמוטיקט פון סיגאַלס סמיכה און פון זײַן צוזאָג צו געפינען אַן אַכסניה פאַר מײַן ליד. בפרט אַז נאָענט איז ער מיר געוואָרן, ווי אַ פּאָעט מיט זײַנע לידער פון וואָלין, וואו ער שילדערט אַ שטיק אידיליע פון זײַן שפּרײַזן אויפן שליאַך פון אַ וואָלינער, דאָרף, פון זײַנע באַגעגענישן און איבערלעבענישן אין דעם דאָרף מיט אָפענע גאַסט־פריינטלעכע פּויערישע טירן. רעאַל, עראָטיש און דאָך אַזוי אײדל. איך האָב ליב געקראָגן אָט־די מאָלערישע, פּאָעטישע לידער זײַנע, און ליב איז מיר געוואָרן ז. ווײַנפּער, און אַ יום־טוב איז בײַ מיר געווען יעדער נומער "אויפקום".

האָט י.י. סיגאַל גענומען דאָס בינטל לידער מײַנע, זיי אַרײַנגערוקט אין בוזעם קעשענע. פאַר מײַנע אויגן אָנגעשריבן דעם אַדרעס אויף אַ ברייטן קאָנווערט, און ווי נאָר ער וועט פאַרטיק ווערן מיט זײַן אַ נישט־פאַרענדיקט ליד, וועט ער די לידער אַוועקשיקן. בין איך שוין, הייסט עס, אַ פּאָעט מיט אַ הסכמה. און אַזוי גיך און גרינג! אויב אַזוי, וועל איך זיך פאַר מײַן ליד ראַנגלען און איך און סאָניע וועלן אַרבעטן און לעבן בצמצום, וואָרים אַלצדינג לוינט זיך צוליב דער פּאָעטישער קונסט... אין יענעם מצב־רוח, האָב איך זיך געגנויטיקט אין דערמוטיקונג. בײַ אַן אָנהייבער איז זען זײַן ערשטע זאַך געדרוקט אַ טיפע איבערלעבונג.

נו, וואַרט איך, אַז י. י. סיאַגל זאָל קומען מיר אָנזאָגן די גוטע בשורה, אַז ווײַנפּער וועט דרוקן כאָטש איין ליד. האָבן זיך געצויגן וואָכן און פון וואָכן חדשים און סיגאַל זאָגט מיר, אַז ער האָט שוין געמאָנט אייניקע מאָל אַן ענטפער, אָבער ווײַנפּער רופט זיך נישט אָפּ. נו, מילא, האָב איך זיך אַליין באַרואיקט, מסתמא זײַנען די לידער נאָך נישט ראוי געדרוקט צו ווערן. איין זאַך האָט מיך שטאַרק געאַרט, דאָס אויסמײַדן אַן ענטפער.

דערווײַל באַקומט מײַן ברודער אַ בריוו פון דעם פּאָעט ל. מילער, וואָס האָט דעמאָלט רעדאַקטירט דעם ליטעראַרישן זשורנאַל "קולטור", אַז

דורך מאָנטרעאַל וועט דורכפאָרן ז. ווײַנפּער, און ער איז אַ גוטער פּאָעט און אַ וואוילער און אייגנענער מענטש. דעם פּאָעט ל. מילער האָב איך הויך געשעצט פאַר זײַנע לירישע בילדלעכע ״טעניס-לידער״ (געווען געדרוקט אין ״שריפטן״). עס האָט געווייעט פון זיי מיט פרימאָרגן-פרייד. בעת ער שליידערט פלינק דעם באָל. ריטמיש איז געווען יעדע שורה און וועלכער ער שילדערט, ווי דער באָל פליט אין דער לופטן און שלאָגט זיך אָן אין שליידערער פון דער צווייטער זײַט נעץ. זײַן רעקאָמענדאַציע וועגן ווײַנפּערן האָט נאָך מער אויפגעהויבן אין מײַנע אויגן ווײַנפּערן דעם שטילן ליריקער, דעם וואָס גייט אַקעגן יעדן טאָג מיט אַ פרייד-געזאַנג, אין תמימותדיקער פאַרגאַפונג:

״נאָך אַלעמען איז גאָרנישט אַזוי שלעכט צו לעבן

שטייסט אויף פרימאָרגן, פילסטו ווען אָפּצוגעבן
אַ לויב דערפאַר, וואָס דורך די שויבן
שיקט מען דיר ליכטיקייט פון אויבן.
און מאַכט זיך, ווען אַ טאָג פאַרוואָלקנט אין טומאַנען,
איז אויך אין אים קיין אומגליק נישט פאַראַנען.
צינד אָן דאָס אויוועלע און לאָז זיך עס צעברענען
און דו וועסט קעגן פלאַם די וואָלקנס נישט דערקענען״.

איך האָב אָבער באַשלאָסן נישט צו שאַנעווען זײַן כּבוד און אים אַרײַנזאָגן פאַרן נישט אַרויסווײַזן קיין באַציאונג צו אַן אָנהייבער. איך בין אַוועק אין דער פּרץ-שול. אין אָפּיס איז געשטאַנען אַ ברייט-פּלייציקער יונגערמאַן מיט העל-זײַדענע בלאָנדע האָר, וואָס פאַלן איבערן שטערן. די אויגן צוויי בלויע קוואַלעכלעך, וואָס שמייכלען צו אײַך געמיטלעך און גוט. האָב איך פאַרשטאַנען, אַז דאָס איז ז. ווײַנפּער. איך האָב אים אַפילו נישט אָפּגעשטעקט קיין שלום עליכם, און בין גלײַך אַרויס מיט אַ ירגזון: איר זענט מסתמא ז. ווײַנפּער? — אַוודאי בין איך ז. ווײַנפּער. ווער ביסטו? — איך? האָב איך אַרויסגעפּלאַצט מיט פאַרדראָס: אַזעלכע ווי איך וויל ז. ווײַנפּער נישט קענען. לידער פון אַזאַ ווי איך וואַרפט מען, ווייַזט אויס, גלײַך אין קאָרב. שוין אייניקע חדשים ווי דער דיכטער י. י. סיגאַל האָט אײַך צוגעשיקט מײַנע אַ צענדליק לידער, און איר האָט אַפילו נישט באַוויזן צו זײַן אַביסל גרויסמוטיק און ענטפערן... שיקט מיר אָפּ מײַנע לידער...

ווײַנפּער האָט אויסגעשטעלט אַ פּאָר גרויסע, פאַרוואונדערטע-אויגן און בייזלעך אַ זאָג געטאָן: — וואָס ברייעסטו דו יונגער חוצפּהניק? וואָס פאַר אַ לידער? איך האָב קיין מאָל אין מײַנע אויגן אײַערע לידער נישט געזען. קיינער האָט מיר אײַערע לידער נישט געשיקט. אַ סימן, זיי זײַנען קיין מאָל נישט אָנגעקומען.

— פאַרוואָס האָסטו מיר אַפילו קיין שלום-עליכם נישט אָפּגעגעבן, קיין האַלאָ נישט געזאָגט, נאָר באַלד אַרויף אויף מיר מיט אַ כּעס, מיט אַ טענה? פריער פרעגט מען זיך נאָך, אַז מען ווערט געוואויר, האַלט מען אײַן

דעם צאָרן, הערסט בחור, ווען דו וואָלסט געווען מײַן ברודער, וואָלט איך דיך אַריבערגעלייגט אויף מײַנע קני און דיר גוט אַרײַנגעלײַגט אין הינטן. אָבער דו געפעלסט מיר, דו ביסט ענלעך צו מײַן ברודער אָוועגטאַל — אַ באַגאַבטער דערציילער (אָוועגטאַל איז געווען ווײַנפּערס אַ שטיף־ברודער און ווײַנפּער האָט אים זייער ליב געהאַט און געלויבט זײַן טאַלאַנט). מײַן ברודער איז אויך אַזאַ היציקער. אַ ליאַדע וואָס, צינדט ער זיך אָן ווי אַ שוועבעלע. ביסט, ווי ער, אַ קאָכעדיקער סאַמעוואַר... איז איצט האָסטו דאָך געוויס מיטגעבראַכט די לידער, איז קום, לאָמיר אַרײַנגיין אין אַ קאַפּעטעריע און כאַפּן אַ קאַווע. מען דאַרף זיך אונטערלענען דאָס האַרץ, און כּטוב לב המלך מיט קאַווע און קעז־קוכן, וועסטו לייענען דײַנע לידער. אויב האָסט טאַלאַנט, האָסטו אַ רעכט צוליב דעם צו געוואָלדעווען, אַז מען באַעוולהט דיך.

דער טאָג איז געווען אַ הייסער. די קלאַס־צימערלעך אין דער נאָכמיטאָג־שול האָבן זיך אָנגעהויבן אָנצופּילן. עס איז געוואָרן אַ גערויש. אין שול־הויף האָט דער קינדישער געליאַרעם זיך געהויבן צוזאַמען מיטן זון־שטויב... זיפּער איז אַרײַן אין אַ קלאַס און ווײַנפּער האָט זיך אויף גיך אָפּגעזעגנט. וואָס זיי האָבן אָפּגעשמועסט צווישן זיך, האָב איך נישט געהערט. ווײַנפּער און איך האָבן אַוועקגעשפּאַנט זוכן אַ קאַפּעטעריע. עס זאָל זײַן אי ביליק, אי געשמאַק עסן. ווײַנפּער האָט, ווײַזט אויס, מיך געוואָלט אויספּרווון צי בין איך אײַנגעהיימישט אין דער יידישער ליטעראַטור. ער האָט אַלע מאָל דערמאָנט אַ פּאָעט און געפּרעגט, ווי האַלט איך פון אים. יונג בין איך געווען און מסתמא האָב איך סרוב פון די דיכטער מבטל־געווען.

ווײַנפּער האָט געשמייכלט און זיך אָפּגערופן: בחורל, די טבע פון יעדן יונגן שרײַבער איז אַרונטערצורײַסן די עלטערע, אָנערקענטע שרײַבער. יעדער יונגער פּען האַלטער מיינט, אַז ער איז דער אַנטדעקער פון אַ נײַעם וועג אין דער דיכטונג. איז הער, אַז מען זאָגט מבינות מיט אַזאַ זיכערקייט, דאַרף מען אַליין האָבן דעקונג. וואָס האָסטו ביז איצט אַרײַנגעטראָגן אין שײַער פון דער יידישער דיכטונג? מיט וויפל לידער — פּאָעטישע, האָסטו זי שוין רײַכער געמאַכט? דאַרף מען נישט זײַן קיין עזות־פּנים און בײַ איטלעכן אַרויסרײַסן די אויגן. יעדער שרײַבער האָט — דורך גרויס מי און ערלעכן טאַלאַנט — געבראַכט דאָס גאָלד פון פּאָעזיע אין די גיטער פון אונדזער ליטעראַטור. אָבער איין זאַך קען איך יאָ באַשטעטיקן, אַז פאַרשטייסט ליטעראַטור און טאַפּסט אָן די שוואַכע זײַטן פון אַ פּאָעט. רעדסט ווי אַ פּאָעט . אָבער הער, מען קען מאַכן אַש און פּאָרעך פון דעם גרעסטן דיכטער, ווען מען ציטירט בלויז זײַנע נישט־געראָטענע לידער... אויף דעם געביט האָט זיך אויסגעצייכנט דאָס רביישע אוראייניקל, זישע לאַנדוי. דאָס איז נישט מײַן צוזאַנג, און אויך נישט דער אײַנשטעל פון ב. י. ביאַלאָסטאָצקין און ב. לאַפּין. נישט צופעליק האָבן מיר אַ נאָמען געגעבן

אונדזער זשורנאַל "אויפקום". עס קען קיין נײַער אויפשטייג נישט זײַן אין דער יידישער ליטעראַטור, אויב עס וועלן נישט זײַן קיין יונגע נאָכקומער.

דאָס רויט פון דעם אויסגייענדיקן טאָג האָט פאַרבלוטיקט די שויבן. מיר זײַנען פאַרבײַגעגאַנגען עטלעכע רעסטאָראַנדלעך. ווײַנפער האָט אין זיי נישט געוואָלט אַרײַנגיין. איך וויל הערן אײַערע לידער. דאָס דאַרף זײַן אין אַ רעסטאָראַן וואָס האָט אטמאָספערע, עס זאָל זיך גלוסטן צו הערן אַ ליד. זײַנען מיר שוין געווען נאָענט פון דעם דעמאָלט היימיש־יידישן האָרנס רעסטאָראַן, וואָס איז געווען בשכנות פון דעם "קענעדער אָדלער". דאָס קלינגען פון די טראַמווײַען אויף סט. לאָרענס (מעין סטריט) און דער געטומל אין רייטשל־מאַרקעט, וואו יידישע פרויען. די אַלטע און נײַע גרינע, האָבן גערעדט און זיך געדונגען מיט פראַנצויזישע פאַרמער און פאַרמערקעס אויף חצי־יידיש, חצי־ענגליש און פראַנצויזיש, און דאָס איבעריקע אויף פינגער־לשון... מען האָט זיך פאַרשטאַנען און אויסגעדונגען... דאָס בילד האָט ממש פאַרכאַפּט ווײַנפערן. מיר זײַנען אַרײַן אין גערויש פון דעם מאַרקעט. די מערסטע קויפערינס זײַנען געווען יידישע פרויען פון "אָלד קאָונטרי", ווי מען פלעגט זיי רופן. די גאַנצע געגנט אַרום איז געווען באַוואווינט פון יידן. אַקעגן איבער האָט געבלענדט די זון אויף דעם באַוואַלדיקטן באַרג־שפּיץ. דער צלם. וואָס הויערט פון דער גרין־גאָלדענער הייך, האָט אויסגעזען ווי אַן אָנגעצונדענער פאַקל. די שטראַלן האָבן אַרומגענומען די ביימער־שטאַמען און די צווײַגנהענט האָבן זיך געוויקלט אין די פלאַמען פון זון־פאַרגיי.

— דאָס איז הערלעך! — האָט ווײַנפער אַ פאַרגאַפּטער גערעדט, ווי צו זיך אַליין. דער פרובט־מאַרק מיט די קרעמלעך פון עופות און פיש, דאָס יידיש־גערייד, דער גאַנצער אַרום, דאָס איז אַ נײַ שטיק יידיש אַרט לעבן, בײַ די קני פון באַרג. דאָס דאַרף געשילדערט ווערן פון אַ יידישן פּאָעט אין אַן עפּיש ווערק. וואָרים אָט דאָס שטייגער־געשטאַלט וועט מיט דער צײַט פאַרשווינדן, ווען די גרינע וועלן זיך אײַנהיימישן אינעם דאָ־הי.

מיר האָבן זיך דאָרטן אַרומגעדרייט אַרום אַ פערטל שעה עס האָט געהאָניקט דער פרישער ריח פון גרינס און פרוכט. עס האָט אָבער אויך געשלאָגן דער נישטצו־שמעקנדיקער גערוך פון פיש און עופות. האָבן מיר צוריק פאַרקירעוועט צו האָרנס רעסטאָראַן. מיר האָבן זיך פאַררוקט בײַ אַ טישל אין אַ ווינקל. ווײַנפער האָט באַשטעלט אַ מילכיקע וועטשערע מיט טעפּלעך קאַווע, וועלכע האָבן גערייצט דעם אַפּעטיט. מיר האָבן געגעסן און ווײַנפער איז געווען אין אַן אויפגעלייגטער שטימונג. ער האָט געהאַלטן אין איין רעדן. איך האָב באַלד דערקענט אין ווײַנפערן דעם טאַלאַנט פון קענען איבערגעבן עפּיזאָדן, פאַרשיידענע איבערלעבענישן, אַז עס זאָל זיך דעם צוהערער דאַכטן, אַז ער איז דאָרטן אַליין געווען. פון אַ גרוי־שטיק ווירקלעכקייט, האָט ער אויסגעמאָלט אַ בילד, וואָס איז געשטאַנען

לעבעדיק פאַר די אויגן און באַלעבט דעם אַרום. עס איז געווען לוויטער־שיין, און די ווערטער האָבן געצויבערט... נישט בײַ קיין געוויינלעכן טיש אין דער קאַפעטעריע זײַנען מיר שוין געזעסן, נאָר אַרום אַ טיש מיט אַ ווײַסן טישטוך פאַרשפּרייט, אויף וועלכן עס געפינען זיך מאכלים — טאַקע מכל מטעמים... ווײַנפער האָט זיך געהאַט זיינע באַליבטע דערציילערס און פּאָעטן, אָבער דער סאַמע נאָענטסטער איז אים געווען משה לייב האַלפּערן. בײַ די "יונגע" נעמט נישט אויס משה לייב. בײַ זיי איז לירישע פּאָעזיע, דאָס "איך־ליד" וואָס האָט נישט קיין אינהאַלט. זיי זײַנען תפילה־בלחשניקעס. זייערע אײדעלע חושים קענען נישט פאַרטראָגן ווען משה־לייב טוט אַ געשריי. משה־לייב הויבט אויף זײַן קול, ווײַל אים טוט וויי. אַ מענטש אין ווייטיק שרײַט. זײַן קול איז אַ מעכטיק קול — דאָס טיפסטע, מאָנענדיקסטע קול אין דער יידישער פּאָעזיע. קיינער קען זיך צו אים נישט פאַרגלײַכן אין קראַפט פון טאַלאַנט. ער האָט אַרײַנגעבראַכט אין דער יידישער דיכטונג אַזעלכע אימאַזשן און מעטאַפאָרן, וואָס קיינעם האָט זיך אַפילו נישט געחלומט, אַז דאָס וועט דערגרייכט ווערן אין דער יונגער יידישער פּאָעזיע. אָבער משה־לייב האָט אַ ביטערע מערכה. ער איז שטענדיק אַן אָנגעצונדענער. איך שרעק זיך, אַז אין דעם פײַער, זאָל ער אַמאָל צו־פרי אַליין נישט פאַרצוקט ווערן... איך האָב אים געזאָגט, אַז אייניקע פון די סאַמע אויסגעליבטע און באַרימטע פּאָעטן לאָזן מיך קאַלט: משה־לייב האַלפּערן און מאַני לייב זײַנען מיר צום נאָענטסטן.

אין דרויסן איז שוין געווען פינצטערלעך. ז. ווײַנפער האָט אַ שמייכל געטאָן און מילד אַ זאָג געטאָן: "איצטער דאַרף מען אויסהערן וואָס דײַנע לידער זאָגן. גאַנץ מעגלעך, אַז דײַנע איצטיקע לידער, זאָלן גאָרנישט אויסנעמען בײַ מיר. עס מאַכט נישט אויס. לויט דײַן רעדן און אַמפּערן זיך ביסטו בײַ מיר שוין אַ פּאָעט... וועסט שרײַבן גוטע לידער"...

דאָס האַרץ האָט מיר אַפילו געציטערט. איך לייען דאָך פאַר אַ פּאָעט, דערצו פאַר דעם רעדאַקטאָר פון "אויפקום" און איך בין זייער להוט געדרוקט צו ווערן.

האָב איך אַרויסגענומען אַרום אַ צענדליק לידער און געלייענט. צוויי זײַנען געווען וועגן סאַנאַטאָריע. ווײַנפער האָט גאָרנישט געזאָגט, נאָר זיי אַוועקגעלייגט באַזונדער. אויך די פיר לידער "דער מאַמעס שבת" האָט ער צוגעשאַרט צו זיך און אַ מורמל געטאָן: גאָר פיין! צום סוף האָב איך אים געלייענט דאָס ליד "איך וואָלט אַזוי געוואָלט". ווײַנפער האָט זיך דאָס ליד געהייסן לייענען נאָך אַמאָל. איך האָב אים געפאָלגט. ער האָט דאָס ליד **אַרויסגענומען פון מײַן האַנט און געזאָגט: איך וועל לייענען און דו הער זיך גוט אײַן, וואָס האָסט דאָ געוואַגט אַרויסצוברענגען:**

"איך וואָלט אַזוי געוואָלט
אַז אונדזער יחוס־שטאַם

זאָל זיך איבערברעכן
ווי פאַרזשאַווערט אייַזן".

מיר געפעלט דאָס ליד זייער און זייער. נאָר וועסט האָבן צרות פון דעם. מען וועט דיר פאַרוואַרפן, אַז דו ווילסט איבעררייסן מיט דער יידישער טראַדיציע וכדומה. איך וואָלט דיר געראָטן אָפּוואַרטן מיט דעם ליד. קענסט דעביוטירן אין "אויפקום" מיט די לידער וועלכע איך האָב אָפּגעקליבן. מיר קענען נישט דרוקן אַלע מיטאַמאָל, אָבער ביסלעכווייַז וועלן מיר די אַלע לידער אויסנוצן.

איז זאָג, וואָס איז בייַ דיר בילכיקער. איך טראַכט נישט לאַנג און ענטפער: איך האָב באַשטימט: דער ערשטער אַרויסטריט זאָל זייַן "איך וואָלט אַזוי געוואָלט" דאָס איז איצט לויט מייַן געמיט.

— נו, אויב אַזוי, נעם איך מיט אַלע אָפּגעקליבענע לידער און די רעדאַקציע וועט באַשטימען.

אין עטלעכע וואָכן אַרום האָב איך געקראָגן צוויי בריוו, איינעם פון ווײַנפּערן אין וועלכן ער שרייַבט: "מיר האָבן געלייענט דייַנע לידער. שיינע לידער. די לידער געפעלן אונדז און אויך דער פּאָעט וואָס שטייט הינטער זיי. מירן זיכער האָבן נחת פון דיר. הער, נוץ אויך דעם גראַם, דאָס איז אַ צוים ווי פאַר אַ צעפּלאָשעט פערדל".

דער צווייטער בריוו איז געווען פון ב.י. ביאַלאָסטאָצקין. ער האָט געשריבן אַזעלכע פאַרצוקטע אותיותלעך, און אַזוי דראָבניטשקע איז געווען זייַן שריפט, אַז איך האָב געבראָדזשעט אין איר עטלעכע טעג און קוים דערגאַנגען, אַז ווײַנפּערס מיינונג איז אויך זייַנע און לאַפּינס. און ער פאַרענדיקט: "שטערן — זייַט שטערנדיק!".

דער "אויפקום" איז געווען מזלדיק פאַר מיר, וואָרים אין אַ צוויי יאָר שפּעטער האָב איך אָפּגעדרוקט אַ סעריע לידער אין "צוקונפט" און באַקומען דערמוטיקנדיקע בריוולעך פון קרעפּליאַקן (ליעסינס סעקרעטאַר, געווען אַ פייַנער דערציילער און אַ מזג טוב) און לעסינען ז. ווייַנפּער האָט זיך זייער געפרייט מיט מייַן שטיקל הצלחה צוליב צוויי טעמים. ערשטנס, ווייַל ער איז געווען מייַן ערשטער אַרויספירער. צווייטנס, האָט ער געוואוסט, אַז דער האָנאָראַר וועט מיר זייער צו נוץ קומען. אָבער קלעפּ האָבן אויך געהאָגלט אויף מייַן יונג און ציטערדיק ליד. אַ גרופּע יונגע פּאָעטן, אונטער דער רעדאַקציע פון בנימין קאַץ (כלומרשט אַ רעדאַקציע־קאָלעגיום) האָבן באַוויזן אַרויסצוגעבן אַ זאַמלבוך לידער "באַגינען". האָט זיך י.י. סיגאַל אַרויסגעוואָרפן מיט צאָרן אויף אונדז, אַז עס האָט געמאַכט דעם אייַנדרוק, גרינע גראַפאָמאַנען עליך, יידישע ליטעראַטור! מיר האָט ער אין זייַן לאַנגן מאמר געשענקט אַ צוויי גוטע שורות, אַז עפּעס בלענדט פאַר מייַנע אויגן, נאָר דערווייַל טויג עס אויך נישט. אפשר, אַז איך וועל זיך

אָפּרייַסן פון די גראַפאָמאַנען וועט פון מיר עפּעס ווערן. עס האָט אונדז געאַרט, אָבער דאָס האָט קיינעם נישט אָפּגעשראָקן. אויך דעם זייער באַגאַבטן יונגן דערציילער ל. טרייסטער האָט ער נישט געשאַנעוועט. ווען איך האָב מיט אַ פּאָר יאָר שפּעטער אַ שמועס געטאָן מיט ווייַנפּערן וועגן י.י. סיגאַלס בייזן באַגעגענען די יונגע פּלעיאַדע שרייַבער, וואָס האָבן זיך באַוויזן און ווילן זיך אַריינשרייַבן אין דער יידישער ליטעראַטור, האָט ער זיך גוטמוטיק צעלאַכט: י. י. סיגאַל איז אַ טאַלאַנטפולער פּאָעט און וויל זיך אַליין נישט פאַרגינען דאָס פאַרגעניגן פון אויפנעמען די נאָכקומער. סיגאַלס סביבה קען נישט אָנרעגן צו אַ גרויסן פאַרמעסט. אַזוי יונג און ער אימיטירט שוין זיך אַליין. דערצו איז אים ביטער, לאָזט ער אויס כל חמתו אויף די גרינע גראַפאָמאַנען. נישקשה ער וועט זיך נאָך גוט חברן מיט דיר. איך קען סיגאַלן זייער גוט. אַזאַ מענטש איז ער. טו ווי איך. נעם אויף זייַנע לידער און היט זיך פון זייַן ביס...

ווייַנפּער פלעגט פון צייַט צו צייַט קומען קיין מאָנטרעאַל. איך האָב אים קיין מאָל נישט געפרעגט די סיבה פון זייַנע באַזוכן. איך האָב אים איין מאָל באמערקט אז ער רויכערט צופיל. האָט ער זיך פאַרענטפערט, מען האָט זיך אייַנגערעדט אין דער שרייַבערישער סביבה, אַז איך בין פון גאָט־געבענטשט מיט לעבנס־פרייד. אָבער נישט תמיד איז מיר אַזוי פריילעך אויפן האַרצן...

איך בין אַן עדות, איך האָב טייל מאָל געזען ווייַנפּערן פאַרזונקען אין טיפן טרויער. ער האָט זיך מיט אַזעלכע שטימונגען געראַנגלט און זיי בייַגעקומען. איך מיין, אַז דאָס ליד, די קולטור־געזעלשאַפטלעכע אַרבעט אין "איקוף" האָט אים דערהויבן, אים אָנגערעגט צו שאַפן. הגם די שנאה פון זיינע קאָלעגן, שרייַבער האָט אים פאַרשאַפט אַ סך האַרץ־ווייטיק.

ווייַנפּערס אַרייַנקום אין דער פּראָגרעסיווער סביבה, איז פאַר מיר נישט געווען קיין איבערראַשונג. מיט אַלע זייַנע תרעומותן אויף אייניקע האַרטנעקיקע פירער, וואָס אַ ליאַדע־וואָס האָבן זיי זיך צעילאַרעמט, אַז מען פירט זיך נישט לויטן נייַעם שולחן־ערוך... האָט ער זיך אָנגעשפּאַרט אויף די ערלעכע און געטרייַע אַרבעטער און פּאָלקס־מענטשן, וואָס ער האָט דערהויבן, און איז דורך זיי דערהויבן געוואָרן.

אויף איינער פון זייַנע יערלעכע באַזוכן אין מאָנטרעאַל דורכצופירן די אַקציע פאַרן "איקוף", זייַנען מיר פאַרבייַגעאַנגען רייטשל־מאַרקעט. ווייַנפּער איז געבליבן שטיין און צו מיר זיך געוואָנדן בזה הלשון: לויט דייַן אייַנגעלעבטקייט אין קאַנאַדע, וואָלסטו זיך גאַדאַרפט פאַרמעסטן צו שילדערן דעם דאָהי אין אַ גרעסערער פּאָעמע. טוסט עס שוין סייווי אין אַ צאָל פון דייַנע לידער. דאַרפסט האָבן די קינסטלערישע אַמביציע צו דערגרייכן אַן עפּישע שאַפונג אין קאַנאַדע פון קאַנאַדע. אין האָב די

ערשטע קאַפּיטלען פון "אין קאַנאַדע" געשיקט ווײנפּערן, דערנאָך יעקב מעסטלען און ל. מילערן, ווען ער האָט אָנגעהויבן אַרויסגעבן "די זאַמלונ־גען". פון זייערע דערמוטיקנדיקע אָפּרופן האָב איך זיך באמת אָנגעגורט מיט מוט און געגלויבט, אַז מײַן מי וועט נישט זײַן אומזיסט.

אין מײַן אַרכיוו געפינען זיך אפשר אַ דרײַ הונדערט בריוו מיט אַ פּאַרשיידנאַרטיקן, אינטערעסאַנטן אינהאַלט פון פּערזענלעכע מיטטיילונגען, שטימונגען און באַטראַכטונגען וועגן ליטעראַרישע און פּאָליטישע ענינים, אין וועלכע ווײַנפּער כאַראַקטעריזירט זיך אַליין. עס איז די געפיל־וועלט פון ז. ווײַנפּערן דעם פּאָעט, חבר און נאָענטן פרײַנד, גלײַכצײַטיק איז עס אַ געטרײַ בילד, אין וועלכן עס איז פאַרצייכנט געוואָרן זײַן אומרו און די שוידער־צײַט פון מלחמה־און־חורבן. די ווערטער זײַנען אָנגעזאַפּט מיטן צער־געוויין אויפן יידישן אומגליק.

פון זינט דער טויט האָט אַרויסגעריסן ווײַנפּערן פון די אָרעמס פון לעבן, שטילט זיך נישט אײַן אין מיר דער ווי פון בענקשאַפט נאָך אים. נישט איין מאָל שטייט פאַר מיר זײַן ליכטיק געשטאַלט און אין מײַן גאַרן אים ווידער צו זען פאַרטרוים איך זיך אַזוי שטאַרק, אַז עס מעקן זיך אויס אין מיר די יאָרן פון זינט דער טויט האָט דערשטיקט זײַן אָטעם. איך חלום דעמאָלט, אַז ווײַנפּער לעבט, אַז הײַנט וועט זיך אָניאָגן אַ בריוו פון אים ערגעץ פון אַ ווײַטן מקום, און ער זאָגט מיר אָן דעם טאָג פון זײַן קומען קיין מאנטרעאל און אָט איז ער שוין ווידער דאָ און מיר וועבן ווידער אונדזערע שמועסן, וואָס זיי האָבן קיין מאָל זיך נישט איבערגעריסן. ז. ווײַנפּער איז מיר געווען דער נאָענטסטער ברודער־פּאָעט און ליבסטער מענטש פון זינט מײַן ערשטער באַגעגעניש מיט אים. מיטן בלוט און געמיט פון זײַן צעזונגען ליד, איז ער געווען אין פרייד און פּײַן טיף באַהאָפטן מיט יידיש־שעפערישע דורות.

"אויף וועגן פון נעכטן צעטראָטן,
באַשערט מיר צוטרעטן,
און טייג פון הענט שוין צעקנאָטן
באַשערט איז מיר איצטער צוקנעטן.

איז וואָס־זשע? איך בענטש אין מײַן האַרצן
די לאַנג שוין פאַרגאַנגענע דורות;
אויף נאַכטיקן וועגן, אויף דעם שוואַרצן
באַגילטע, צעשײַנטע מנורות!

אין לויטערן שײַן פון דעם אַלטן,
דערזע איך דאָס נײַקייט פאַרבאָרגן —
איך קלײַב אויף בלויז דאָס, וואָס באַהאַלטן
האָט נעכטיקער טאָג פאַרן מאָרגן.

אויף וועגן פון דורות צעטראָטן

באַשערט איז מיר איצטער צו טרעטן,
בין איך דאָ נישט מער ווי אַ שאָטן
פון נעכטיקע ברידער פּאָעטן.

ז. ווייַנפּער, אַפילו ווען ער האָט געזונגען ביחידות איז ער געווען דער יחיד, וואָס זינגט און באַזינגט דעם כּלל. דעריבער רוט זייַן ליריש־דיכטעריש ליד אין שייַן פון ציבור.

צווישן זייַנע שיינע שפּילעוודיקע לידער פאַר קינדער, האָט ער אַ שטיל ליד "ווי אַ מאַמע דערציילט איר קינד אַ מעשה שטענדיק פאַרן שלאָפן. די ווערטער און די מעלאָדיע טוליען איַין דאָס קינד אין טרוים פון זיסן שלאָף. "די מאַמע דערציילט די מעשה שטענדיק פאַרן שלאָפן". מאַמע און קינד ווערן פאַרוויגט אין דער שאָטנדיקער שטיל. און איידער דאָס קינד שלאָפט איַין, קוקט עס צו דער העלער בלויבלענדנדיקער הייך. און אין חלומדיקער פאַרדרימלטקייט מורמלט דאָס קינד אויס דעם סוד:

"מאַמעס שיינע מעשה וויגט מיך איַין צום שלאָפן
און דורך די פענצטער זע איך
ווייַטע, ווייַסע שטערן".

ז. ווייַנפּער האָט אין אָוונט־שאָטן תמיד געזוען דעם ליכטיקן וואונדער פון "ווייַטע ווייַסע שטערן". און זייַן רו איז אין שייַן "פון די ווייַטע, ווייַסע שטערן"...



פון שלום שטערן

# אברהם טאַבאַטשניק

אָפיציעל האָט מיך קיינער נישט פאַרגעשטעלט פאַר אברהם טאַבאַטשניקן. מען קען זאָגן, אַז מיר זיינען כמעט נישט געווען באַקאַנט. אָבער מיר האָבן זיך איין איינציק מאָל געזען און אויף אַ צופעליקן אופן: עס איז געווען אין די שפּעטע פערציקער יאָרן. איך בין געקומען קיין ניו־יאָרק צו אַן „איקוף"־קאָנפערענץ. ז. וויינפער האָט מיר געוואָלט באַווייזן דעם באַרימטן קאַפע־ראָיאַל און מיך גענומען מיטאָגצייט אַהינצו. עס איז געווען שוין אַרום נאָך איינס.

אין קאַפע־ראָיאַל זיינען געווען גאַנץ ווינציק עסערס. בלויז עטלעכע פאַרשמינקעוועטע אַקטריסעס און אייניקע אויסגעפוצטע אַקטיאָרן. מיר האָבן זיך אַוועקגעזעצט אין אַ ווינקל מיט די פענצטער צום דרויסן, וואו עס האָט געזילבערט דער ווייסער פאַרהאַנג פון שניי. דאָס אייז־שטאָל האָט געגלאַנצט אויף די געזימסן, און די זון האָט געגאָלדיקט דעם צעשטראַלטן דרויסן.

די באַרימטע קאַפע ראָיאַל האָט מיר אויסגעזען צו ענג, צו אַלט און טאַקע אומהיימלעך. איך האָב מיין געפיל איבערגעגעבן וויינפערן. דער גוטמוטיקער וויינפער האָט זיך געאומעטיקט. זיינע בלויע אויגן האָבן זיך געפייכט אין בענקשאַפט און ער האָט ווי אַרויסגעזיפצט: „נו, די אַמאָליקע גלאַנצפולע יאָרן פון קאַפע ראָיאַל װעלן זיך שוין נישט אומקערן. פונדעסטוועגן, אַ פרייטיק צונאַכטס קען מען טרעפן וויכטיקע יידישע שרייבער אַרום די טישלעך. שטענדיקע יושבים אין קאַפע ראָיאַל זיינען היינט שוין כמעט נישטאָ. איך קום זעלטן אַהער. איך בין פאַריאָגט, און דערצו האָט מיך די שרייבערישע שנאה פון נישט־פאַרגינערישקייט פאַרטריבן פונדאַנען און די קריגעריי פון רעכטס און לינקס האָט מיך שוין כמעט אָפּגעפרעמדט פון יענער ליטעראַרישער סביבה". פלוצלעם איז וויינפערס טרויעריקלעך־פאַרטרווילעך אויסריידן זיך איבערגעריסן געוואָרן פון אַן אַמפּערדיק קול: „איר זעט מיין דלאָניע! אַזוי ווי דאָ וועט האָר

וואַקסן, אַזוי קען געמאָלט זיין, אַז גלאַנץ־לעיעלעס זאָל אָנשרייבן אַ פּאָעטיש ליד! ער איז נישט געווען, ער איז נישט און ער וועט קיין דיכטער קיינמאָל נישט זיין״.

אַ יונגערמאַן פון נידעריקלעבן וואוקס, מיט אַ מאַטאָוון געזיכט האָט געשפּרייזט אין דער צווייטער זייט פון דער קאַפע און געוואָרפן ברויזיקע רייד. ער האָט זיך שוין געגרייט אַוועקצוגיין, ווייל אויפן אָרעם איז שוין געהאָנגען זיין מאַנטל.

וויינפער האָט מיר אַריינגעשושקעט: ״מיש זיך נישט, רוף זיך נישט אָפּ. ווייל ערשט מיר ביידע קענען כאַפּן דעם אמתן פּסק. צו וואָס דאַרף איך עס?״ טשיקאַווע אָבער צו וויסן, ווער איז עס דער שרייער? פרעג איך. — אָט דאָס איז דער שוואַרצער, דאָס איז אברהם טאַבאַטשניק, דער דיכטער און ליטעראַטור־קריטיקער. אַ טאַלאַנטפולער יונג! אָבער אַזאַ איז ער!

איך רוף זיך אָפּ צו אים: אַז אברהם טאַבאַטשינקס אַ מיינונג קען מען נישט אַוועקמאַכן מיט דער האַנט, נאָר פונדעסטוועגן איז נישט רעכט, און טאַקע אויך נישט ריכטיק צו רעדן וועגן א. לעיעלעס אין אַזאַ בייזן טאָן. מיר געפעלן אויך נישט גאַנץ אָפט זיינע וואָרט־איבערראַשונגען און די איבערגעטריבענע מעטאַפאָריק, דאָך קען מען נישט רעדן וועגן אַ וויכטיקן דיכטער, ווי לעיעלעס, אויף אַ שטייגער פון פאַרלייקענונג.

מיינע ווערטער האָט אויפגעכאַפּט א. טאבאטשניק. ער איז האַסטיק־צו צו אונדזער טישל און געפרעגט: — ווער זענט איר? — נו,יאָ, איך בין אַ קאַנאַדער, אַ פּראָווינצער, אַ מאָנטרעאָלער, — האָב איך אים געענטפערט. — אויב אַזוי, זענט איר מסתמא שלום שטערן! מיינט איר, אַז איך בין נישט גערעכט? איך מיין בלויז, אַז איר טרייבט איבער — האָב איך אָפּגעענטפערט.

— איך איל זיך, אנישט וואָלט איך פאַרפירט א שמועס אויך מיט א דיכטער פון ״יידישע קולטור״. יאָ, איך האָב אַמאָל געדרוקט אייערס אַ ליד אין ״סינגאַל״. עס איז מיר זייער געפעלן געוואָרן. אָבער איר זענט פאַרקראָכן אהין, וואו אַ דיכטער קאָן געניזוקט ווערן... ער האָט אַ זאָג געטאָן: אַ גוטן טאָג און אוועק.

אַזוי האָט זיך געענדיקט די באַגעגעניש. אָבער וועגן אברהם טאַבאַטשניקס ליד און זיין ליטעראַטור־קריטיק בין איך תמיד געווען נייגעריק. עס האָט מיך גערעגט דער שטילער, טרויעריקער ציטער פון זיינע פערזן, און די שאַרפקייט פון אַנאַליזירן אַ ווערק. ער איז תמיד אריין מיט זיין האַרץ און געדאַנק אין געמיט, אין דער שטימונג פון אַן עכטן שרייבער, איבערהויפּט האָט ער אַ לויטער־אומעטיקער און גלייכצייטיק פריידיק און פריי געשפּרייזט אויף די באַגראָזטע לאָנקעס פון זיינע באַליבטע פּאָעטן, ווי מיר זעען אים אין זיין אויסגעצייכנטן, טיף־איבערגלעבטן און פאַרטיפטן בוך ליטעראַטור־קריטיק, ״דיכטער און דיכטונג״. אין אָט דעם בוך איז אויך

אַנטפּלעקט די געדאַנק־און געפיל־וועלט אין דער פּאָעזיע פון דעם דיכטער אברהם טאַבאַטשניק אַליין. צום נאָענטסטן זיינען אים געווען די "יונגע". אין דער עדה פון די "יונגע" נעמט ער אויך אַריין איציק מאַנגערן. עס איז ממש רירנדיק זיין אויפריכטיקייט. ער האָט ניט מורא פאַרן דרך־רע אין דער קריטיק, טאָמער וועט זיך אים פאַרגלוסטן עמעצן אַ כוואָשטשע טאָן מיט די בריענדיקע ווערטער. ער זוכט און ער געפינט די וואָרהאַפטיקייט אין דער פּאָעזיע פון דעם פּאָעט, וואָס איז אַ בעל־מדרגה אין זיין דורכגעפיבערט ליד. ער זוכט נישט קיינעם צו רייצן. ער האָט זיך זיין אָפּשאַצנדיקן, קריטישן מעטאָד. איז דאָ שוין נישט שייך שאַנעווען עמעצן אָדער נישט. וואָס ער געפינט אויס, אויף דעם ווייזט ער אָן. אַזוי, למשל, האָט ער, דאַכט זיך, אַ סך גוטע לויב־ווערטער וועגן דעם דיכטער חיים גראַדע. אָבער ער מיידט ניט אויס צו זאָגן דאָס, וואָס ער ווייסט, אַז מען דאַרף עס יאָ זאָגן. דאָס וואָס אַנדערע קריטיקער האָבן געוואוסט (ש. ניגער האָט דערויף קוים אָנגעוואונקען), האָט אברהם טאַבאַטשניק זיך דערוועגט אַרויסצוזאָגן: "אַ פּאָעט אַן אימפּעטיקער, דאַרף גראַדע גרויסע שטחים אויף צו דעריאָגן זיך. סוועגדט זיך אָבער מיט וואָס מפילט אויס דעם שטח. ווי אַלע דיכטער פון יינגערן דור, וואָס זיינען באַאיינפלוסט געוואָרן פון עקספּרעסיאָניזם, שטעלט גראַדע אָן זיין ליד מיט אַזוינע היפּערבאָלישע צעשריגענע און צעוואָרפענע בילדער, אַז זיי פאַרשטעלן מער ווי זיי שטעלן פאָר.

"ניט געקוקט אויף דער שפע בילדער און פאַרגלייכן איז גראַדע ניט קיין פּלאַסטישער פּאָעט. פּלאַסטיש אין זין פון האָבן אַ צענטראַלע בילדלעכע פאָרשטעלונג, וואָס זאָל זיין ליד אויספורעמען אין אַ פּלאַסטישער גאַנצקייט.

"דערפאַר אפשר שאָקירן צומאָל גראַדעס עראָטישע לידער. זיי זיינען צו נאַקעט און צו פיינלעך־תאווהדיק. ווען עראָטיק איז ניט עסטעטיש און קינסטלעריש געלייטערט, איז זי אָפּט אָפּשטויסנדיק. עס איז אין גראַדעס עראָטישע לידער פאַראַן פיל מער באַטאָנונג, ווי גוטער טאָן. גראָד אין עראָטישע לידער איז צעפלאַמטקייט אָפּט ריזיקאַליש".

איך ברענג אָט די לענגערע ציטאַטע לדוגמא פאַר זיין געלאַסענעם שטייגער שרייבן און טאַקע צוליבן קלאָרן סטיל זיינעם. אַזוי איז אויך זיין אייגן ליד דורכגעגליט און דאָך געצוימט. מחמת אברהם טאַבאַטשניק איז פון דער פּלעיאַדע יינגערע דיכטער, פון נאָך די "יונגע", וואָס זיינען געווען די אמתע יורשים פון די "יונגע", נישט קיין נאָכגייער, נאָר ווייטער־גייער. גרעסער, צי מיט שטאַפּלען נידעריקער, איז דאָ נישט דאָס אָרט אַריינצוגיין.

מיך האָט געצויגן צו אַבאָ שטאָלצבערגן, צו אברהם טאַבאַטשניקן (אַזוי אויך צו וויינפּערן, ב.י. ביאַלאָסטאָצקי, בערל לאַפּין), ווייל זיי האָבן ווייטער, איטלעכער אויף זיין אייגענעם און באַזונדעראַרטיקן אופן, געוועבט די גאָלדענע פעדים פון דער פּאָטישער ליריק, פון וועלכע די

„יונגע" זיינען געוועז פון די ערשטע גרויסע וואָרהאַפטיקע שפּינער.

געמישט מיט פּערזענלעכע געפילן און פּרטים פון זיין טאָג־טעגלעכן לעבן. שוין אין ערשטן בריוו צו מיר געפינען מיר שטריכן צו זיין ביאָגראַפיע און דער טיפער באַגער צו טיילן זיך מיט זיינע געפילן. איך האב פון תמיד באוואונדערט זיין ברויזיקייט און נאָכמער אים־דעם — דיכטער און ליטעראַטור־קריטיקער, וואס זיינע עסייען זיינען גרויסע — ליטעראַרישע אַרבעטן.

„אויגוסט 11, 1966, ניו־יאָרק. טייערער שלום טשערן:

מאָנטיק פאַרנאַכט בין איך געקומען פון אַ וואָך וואַקאַציע אין „בוּיבעריק" און האָב געטראָפן אייער בריוו. אָבער ערשט היינט, דאָנערשטיק אין דער פרי, האָב איך באַקומען אייערע צווי ביכער. דאָס בוך „אינדערפרי" האָב איך שוין אַמאָל געזען, אָבער איך האָב זיך ניט געקענט צוריקהאַלטן איך זאָל דאָס בוך ניט טאָן אַ בלעטער. איך וויל אייך זאָגן, אַז די עטלעכע לידער פון אָנהייב שטייען ניט אָפּ פון די בעסטע און עלטסטע יידישע קינות, וואָס איך האָב ווען געלייענט. זיי זיינען שטאַרק, ממש הימלשרייענדיק. איר זענט אַ סך מער ייד, ווי איך, למשל. איר זענט מער פאַרוואָרצלט. אייער דערציאונג, זעט אויס, איז געווען אַ טראַדיציאָנעלע. עפּעס מיט וואָס איך קען זיך אין אַ פּולער מאָס ניט באַרימען. איך וועל אייך מסתמא נאָך שרייבן מיין איינדרוק, ווען איך וועל האָבןביידע ביכער איבערגעלייענט. איך בין איצט פאַרנומען מיט לייענען די אַנטאָלאָגיע „אַ שפּיגל אויף אַ שטיין".

„איר ווילט וויסן פאַרוואָס איך שרייב איצט כמעט ניט? איך שרייב ניט, ווייל עס שרייבט זיך ניט. איך בין קיין מאָל ניט געווען קיין באַלעבאָס איבער מיין „מוזע". די לעצטע זיבן יאָר האָב איך דורכגעמאַכט דריי געפערלעכע קראַנקהייטן. אין 1959 האָב איך געהאַט אַ „סטראָוק". איך בין אַ צייט געווען פּאַראַליזירט. די דריי קראַנקהייטן האָבן מיר ניט נאָר פיזיש, נאָר אויך פּסיכיש פּאַרוויסט. איך בין צופרידן, אַז איך קען נאָך אַריינגיין אויף אַ פּאָר שעה אין טאָג אין אָפיס און אָנשרייבן מיין חלק נייעס.

„איך האָב התחייבותן פאַר מיין משפּחה — און איך ציטער פאַרן טאָג, ווען איך וועל מער ניט קענען פאַרדינען. פאַרשטייט זיך, אַז אונטער אַזוינע אומשטענדן זאָל איך וויניק טראַכטן וועגן לידער אָדער אַרטיקלען. מיין ווייב, זאָל לעבן און געזונט זיין, האָט מיך געוואָלט דערמונטערן און האָט אַרויסגעגעבן דאָס בוך קריטיק. איך בין אָבער געבליבן גאַנץ גלייכגילטיק צום גאַנצן ענין.

„איך וועל אייך זאָגן דעם אמת, איך שרעק זיך אַריינצוקוקן אין בוך. איך האָב מורא פאַר דער אנטוישונג. וואָס שייך די לידער, ווייס איך בכלל ניט צי זיי האָבן עפּעס אַ ווערט. איך בין אייך דערפאַר זייער דאַנקבאַר פאַר אַ גוט וואָרט וועגן מיינע לידער. איך גלויב אין אייער מבינות און האָף, אַז

איר משפּט מיך ניט לפנים משורת הדין, נאָר מיט דער גאַנצער שטרענגקייט פון קריטישן מדת־הדין. פאַרגעסט ניט, אַז אַ יידישער פּאָעט האָט זיך ביים היינטיקן טאָג מיט וועמען צו מעסטן. איך לייען די סאָוועטישע אַנטאָלאָגיע "אַ שפּיגל אויף אַ שטיין" און בין נתפּעל פון דעם טאַלאַנט פון די עטלעכע טאַלאַנטן אין דעם בוך. איך בין, למשל, איבערראַשט פון ש. האַלקין און זעליק אַקסעלראָד, מיט וועמענס שאַפן איך בין ווייניק באַקאַנט. מען ווערט בטל בששים. ווען מען לייענט די לידער פון מאַרקישן, כּאַריקן, אָדער פעפערן. וואָס איר שרייבט, לייען איך אין מ. פ., אין "יידישע קולטור" און אין די "זאַמלונגען".

זייט מיר געזונט און אַ דאַנק פאַר די ביכער.
איר וועט נאָך פון מיר, האָף איך,הערן.

א. טאַבאַטשניק

אַודאי האָב איך פון אים געהערט, און גאַנץ־אָפט. ליטעראַריש־שעפעריש זיינען זיינע בריוו. נישט תמיד זיינען מיר דורך אָן אַמפּערן זיך אי וועגן שרייבער, און טיילמאָל זיין פאַרדרוס אויף דער פּראָגרעסיווער שרייבער־סביבה צו וועלכע ער האָט געהאַט טענות פאַר מאַכן זיך נישט וויסנדיק אויף די עוולות און פאַרברעכנס אין סאָוועטן־פאַרבאַנד בימי סטאַלין. כּל חמתו האָט ער אויסגעלאָזט אויף מיר איין מאָל אין אַ בריוו, פאַרוואָס מיין נישט־שטורעמען, נאָך איידער מען האָט די יידישע שרייבער דערשאָסן. גראָד אין מיין פאָדערן יידישע קולטור, אין סאָוועטן־פאַרבאַנד האָט ער ער געזען אַז איך ווייז אַרויס גרויס מוט. אויף דעם האָב איך אים געענטפערט, אַז עס איז נישט שייך רעדן פון מוט, נאָר דאָס פאָדערט מיין געוויסן, און מיין רעכט ווי אַ יידישער שרייבער. לסוף האָט ער מיר צוגעגעבן, אַז יושר פאַר דער יידישער קולטור דאַרף מען מאָנען ביים סאָוועטן־פאַרבאַנד, אָבער נישט איך בין בכוח אין דעם עפּעס צו טאָן, טאַקע מער נישט ווי פאָדערן — אולי ירחם!

אברהם טאַבאַטשניק איז געווען שטרענג צו זיך. ווי אַ פּאָעט, האָט ער זיך איינגערעדט, אַז ער איז מיט שטאַפּלען נידעריקער פון אַנדערע דיכטער פון זיין דור. דאָס שטימט בכלל נישט, ווען מען לייענט זיין בוך־לידער, "דיכטער און דיכטונג" (מיט דעם זעלבן נאָמען האָט ער באַטיטלט זיין בוך קריטיק), וואָס איז אַרויסגעגעבן געוואָרן פון דוד איגנאַטאָוו ליטעראַטור־פאָנד, ניו־יאָרק, 1949. עס איז אַ בוך פּאָעזיע פון גאָר הויכן גראַד. נישטאָ אין דער זאַמלונג כּמעט קיין איין נישט־פּאָעטיש ליד. עס איז געמיט און שטימונג, און אייגענער גראַנגל מיט זיך. דאָס זיינען לידער דורכגעגליעטע אין ווייסן פייער פון פּיין. דווקא דער אָנגעצונדענער טרויער אין די ווערטער מילדערט דעם וויי.

ווען עס איז דערשינען די זאַמלונג פון זיינע ליטעראַרישע עסייען, "דיכטער און דיכטונג", האָב איך באַקומען פון אים זיין בוך. איך האָב אים,

אויף זיין בקשה, געשיקט מיינע ביכער. אַזוי האָבן מיר זיך אָנגעהויבן דורכבריוולען. בריוו וואָס האָבן מיר געבראַכט פרייד און אָנרעג. אַ מין ליכטיקע, אויפריכטיקע און פּאַרטרווילעכע דערהויבנקייט האָט אַרויסגעציטערט פון זיינע בריוו, וועלכע זיינען, אין זייער רוב, גאַנצע עסייען וועגן ליטעראַטור, און אויך אָפּשאַצונגען וועגן מיינע לידער און פּאָעמען. אַ סך גוטע ווערטער האָב איך זוכה געווען צו הערן פון אים, און אויך מילדע, חברישע קריטישע באַמערקונגען. אָנשטאָט אַ בייזער ליטעראַטור־קריטיקער, האַרב אין וואָרט, איז פאַר מיר אויפגעגאַנגען אַ ליידנדיקע שעפערישע פּערזענלעכקייט. אַ מענטש, וואָס ברעכט זיך אונטערן זאַק פון יסורים, און איז ערלעך און נאָענט און פאַרליבט אין דער יידישער פּאָעזיע. די בריוו זיינען די אָפנסטע כאַראַקטעריזאַציע פון אים אַליין וועגן זיך אַליין. איך וועל נאָר איבערדרוקן די האַנט־געשריבענע בריוו און נישט די געשריבן אויף אַביסל די שאַרפקייט פון די ליידן. די שורות זיינען געמאָסטן און געשליפן. קיין איבעריק וואָרט כמעט נישט צו געפינען, און אַ שטילע באַצערטע איידלקייט ווייעט פון זיי. איך ווייס באמת נישט פון וועלכע לידער צו ציטירן. אָבער די חובבי־פּאָעזיע דאַרפן זיך אַליין פאַרגינען דאָס פאַרגעניגן און אַליין אַריינקוקן אין דער קליינער זאַמלונג פון טאַבאַטשניקס דיכטונג.

דער ווייטיק, טיף אין אים איינגעקריצט, וויינט, דאַכט זיך, אין יעדן אות:

ניין, ניט אינגאַנצן וועל איך שטאַרבן,
אַ זכר וועט דאָ בלייבן פון מיין בראָך,
ווי אויף אַ שטאַנג עס בלייבן קאַרבן
פון דעם וואָס איז געגאַנגען אין יאָך.

געשלעפּט און דורכגעשלעפּט דעם אַקער,
ער לאָזט נאָך זיך אַ שוואַרצן פּאַס;
און איך בין דורכגעגאַנגען אַ גיהנום־פלאַקער
און לאָז נאָך זיך אַן איינאונאיינציק אות.

אַן איינציק אות מיט איינגעקלעמטע טייטשן
און יעדער טייטש אַן איינשניט פון דעם בראָך —
ווי אויף אַ לייב עס בלייבן בייטשן
פון דעם וואָס איז געפאַלן אין דעם יאָך.

די לידער וועגן און צו זיינע האַרציק־ליבסטע פּאָעטן זיינען אויך דער אָטעם פון זיין טרויער־און־פרייד־שטימונג. מערסטנס טאַקע זיינען זיי אָנגעגאָסן מיט בריענדיקער בענקשאַפט. דאָס רירנדיקסטע פון די לידער איז "אויפן טויט פון זישע לאַנדוי", וועמען ער פאַרהערלעכט.

אָבער דעם שטאַרקסטן איינדרוק מאַכט דאָס ליד "ביאַליק ביינאַכט אין די יידישע געטאָס". נישט דער צאָרנדיקער ביאַליק, נאָר דאָס באַצערטע געשטאַלט פון ביאַליקן וואָס שלייכט אין די יידישע גאַסן און געסלעך:

אין וואָכיקן גאַנג פון אונדזערע זיידעס און פעטערס,
אין אַ פוטערנעם היטל אין אַ וואַלענעם שאַליק,
קומט בייןאַכט אין די יידישע געטאָס —
חיים נחמן ביאַליק.

ער צאָרנט ניט מער און ער שרייט ניט,
שטיל, אין זכות פון די הייליקע אָבות,
רופט ער צום הימל: "בקשו רחמים עלי:
מיט אַ קול וואָס בעטלט נדבות.

ער בעט מיט תחנונים — וואָס דען איז צו טאָן,
ווען מען שטייט צוקאָפּנס אַ גוסס,
ווען פון דעם לעבן רינט אויס די זון,
ווי ווייַן פון צעבראָכענע כוסות?

איז גייט ער אַזוי איבער גאַסן און מערק,
אָן אָבל אין דרייען געבויגן,
ווידער צו זען גאָטס וואונדער און ווערק,
צו זען מיט די "אייגענע אויגן".

איז גייט ער אַזוי פון אַ גאַס צו אַ גאַס
מיט אַ בלעכענעם אַלטן לאַמטערן.
עס שפּרינגען אים שאָטנס אַנטקעגן מיט כעס —
שאָטנס ווי וועלף און ווי בערן.

פאַראַן אַ מיינונג אַז אַ מענטש, בפרט אַ פּאָעט, לעבט זיך אַריין אין אייגענעם טרויער, און וויל פון אָט דער שטעכיקער שטייג נישט אַרויס. דאָס קען מען נישט אָנמעסטן אויף אברהם טאַבאַטשניקן. ער האָט זיך נישט בלויז געראַנגלט מיט זיין טרויער, נאָר געוואָלט אים כסדר פון זיך אַרויסטרייבן. אפילו אין דער נאָגנדיקער בענקשאַפט האָט ער זיך נישט געוואָלט איינהיימלעכן. ער האָט זיך גאָר געריסן צו דער שלווה פון אַרום, און צו דער רו, וואָס זאָל אַריינפליסן אין זיין געמיט. אָט דער טיפער באַגער זינגט פון אים אַרויס אין זיין ליריש טרוימעריש ליד "והיה":

והיה, עס וועט זיין, אַמאָל אינדערפרי
וועל איך אויפשטיין און זען — דער הימל איז בלוי,
און די זון איז צעשויבערט אין גאָלדענעם גלי,
און דאָס גלאָז פון מיין שויב איז פייכט פון טוי.

איך וועל זיך אָנטאָן אויף שנעל און אַוועק אין פעלד
און זיך זעצן ביי אַ שטילן און קילן קוואַל,
און ווידער דערפילן דאָס האַרץ פון דער וועלט
ווי דאָס וואַרעמע ליכט פון אַ גאָלדענעם שטראַל;

און ווידער מוועל איך שמייכלען אַנטקעגן דער זון
און הויך וועל איך זאָגן: אָ, גאָט, ס'איז גוט;
ס'איז גוט וואָס איך בין, וואָס איך ווייס דערפון
אַז בלוי איז דער הימל און גאָלד איז די זון.

ביי מיר זיינען זיינע לידער, זיין ליטעראַטור־קריטיק און אויך זיינע בריוו פון איין געמיט. באַהויכט מיטן גייסט פון אַן עכטן פּאָעט, וואָס

פיבערט אין טרויער. פון זינט איך האָב זיך צוריקגעקערט פון ישראל, האָב איך זיך אַלץ געקליבן אים שרייבן און אויסדערציילן מיינע איינדרוקן, אָבער איך האָב אים נישט געוואָלט באַאומרואיקן, ווייל איך האָב געוואוסט אַז זיין שטימונג איז אַ געדריקטע. איך קען זיך דעריבער נישט שענקען צוויי זאַכן: ערשטנס, מיין נישט ווידער פאַרבינדן זיך מיט אים בריוולעך, און צווייטנס, וואָס איך בין אים נישט געגאַנגען זען, בעת איך בין מיט צוויי יאָר צוריק געווען אין ניו־יאָרק, טאַקע ווידער אויף אַן איקוף־קאָנפערענץ. מיר האָבן אָפּגערעדט, איך זאָל קומען צו אים אין אָוונט. אָבער עס איז געוואָרן ווינטיק און קאַלט און טאַקע שפּעט. היות איך האָב מורא געהאַט, אַז איך וועל אַביסל אונטערבלאָנדזשען אין כרך ניו־יאָרק, בפרט אין אַ שטאָק־פינצטערער נאַכט, בין איך נישט געפאָרן צו אים. האָב איך אין מאָנטרעאל מיט אייניקע טעג שפּעטער באַקומען אָט דאָס בריוול פון אים:

„טייערער שלום שטערן:

„אַ שאָד, וואָס איר זייט ניט געקומען. איך האָב זיך געהאַט אויסגעפּוצט אייך מקבל־פּנים צו זיין. גענומען אַ טרונק בראָנפן, כדי צו זיין אויפגעלעבט גענוג צו קענען מיט אייך רעדן. כ׳האָב זיך אָבער אויך געהאַט געזאָרגט, אַז איר זאָלט ניט דאַרפן גיין צו־שפּעט איבער די גאַסן פון ניו־יאָרק. איז אפשר בעסער, וואָס איר זייט ניט געקומען. אַז איר וועט קומען פרילינגצייט קיין ניו־יאָרק וועלן מיר זיך קענען טרעפן איך אַ בעסערן געמיט. אייער טאַבאַטשניק".

עס האָט טאַקע געפרילינגט אָבער אין ניו־יאָרק בין איך נישט געווען. בריוו זיינען פון אים אָנגעקומען. אין איינעם פון זיי שרייבט ער: „אַז ער האָט חרטה אויף זיין צו שאַרפן אַרויסטריט קעגן א. לעיעלעסן. אפשר האָב איך אים צו שאַרף געמשפּט. און אויך, אַז ער וואָלט זייער געוואָלט שרייבן וועגן אייניקע פּאָעטן און אויך וועגן מיינע ביכער, אָבער ער קען דאָס נישט באַווייזן. ער איז פאַרמאַטערט, און ווייסט אפילו נישט צי ער וועט קענען פאַרענדיקן זיין אַרבעט וועגן איציק מאַנגערן.

* * *

נישט אומדעוואַרט און דאָך פּלוצעם איז געקומען די טרויעריקע נייעס, אַז אברהם טאַבאַטשניק איז געשטאָרבן. עס האָט מיך אַזוי פאַרקלעמט, אַז איך האָב אפילו נישט געשריבן קיין מיטגעפיל־ווערטער צו זיין טיף־געליטענער פרוי פרידען, צו זיין טאָכטער און די אייניקלעך. ווי אַזוי קען איך דען טרייסטן, אַז איך קען פאַר זיך אַליין קיין טרייסט נישט געפינען. וואָס מען דאַרף יאָ טאָן איז אַרויסגעבן זיינע שריפטן — די לידער און ליטעראַטור־קריטיק. דער אָטעם פון זיין שעפעריש לעבן לעבט אין זיין שאַפן. דאָס וואָס ער האָט געזאָגט און געזונגען וועגן זישע לאַנדוי, איז אויך חל אויף א. טאַבאַטשניקן אַליין:

מען וועט דיך ניט פאַרגעסן, ווי לאַנג אין יידיש לאַנד וועט קלינגען
פריי דאָס ליד פון אמתן פּאָעט!



**פון שלום שטערן**

# אייזיק ראַבאָי

אין איינעם אין די מיטדרייסיקער יאָרן האָט דער מאַנטרעאַלער יידישער ארבעטער קולטור צענטער — פאַרבעטן א. ראַבאָיען צו האַלטן אַ לעקציע אויף אַ ליטעראַרישע טעמע.

די גאַנצע אָרגאַניזאַציע האָט דערוואַרט זיין קומען. מען איז באמת נייגעריק געווען צו זען און הערן דעם ליריש־לויטערן דערציילער און ראָמאַניסט, מיט וועמענס דערציילונגען און נאָוועלן די לייענער פון "דער פרייַהייט" און "האַמער" האָבן זיך ממש געקוויקט.

איך האָב ליב געקראָגן ראַבאָיען און זיין פּאָעטישער פּראָזע פון זיין ראָמאַן "אַ פּאַס ביים ים". יידן פון פעלד־און לאָנקע. יידן, וואָס ווילן באַזאַפּטיקן די נייַע ערד מיטן ערלעכן שווייס פון זייער פּנים. אַלץ וואָס ראַבאָי דערציילט איז רעאַל, אָבער עס איז אַ שטייגער, ווי מע דערציילט אַ מעשה פון לעבן, וואָס איז שענער פון דער וואָר. א. ראַבאָי איז נישט קיין אויסטראַכטער, נישט קיין אויסטרוימער פון אַ נייַעם לעבנס־אופן אויפן אַמעריקאַנעם באָדן. אין ליכטיקער טרוימערישקייט, זייַנען די ווערטער אַריינגעוועבט געוואָרן. ראַבאָי דערציילט פון אַ פּאַשע־פעלד, פון פערד, וואָס "האַלדזן און קושן זיך", פון די יידן וואָס באַוווּנדערן דעם גרינעם אַרום, און שעפּן נחת פון דער שפע פון דעם אויפגעגאַנגענעם פאַרזיי. מע פאַרנעמט אַ געזאַנג פון פרייד און לויב. עס דאַכט זיך, אַז מע הערט די זאַנגען זינגען אין שטילן, פאַרוויגנדיקן פרימאָרגן־ווינט.

א. ראַבאָי האָט זיך אייַנגעהיימישט אין דער סביבה פון דער "פרייַהייט". ער האָט טאַקע אָפּגעווייכט פון דער שיטה פון "די יונגע" פון קונסט לשם קונסט, פון וואָרט צוליב דער שיינקייט פון קינסטלערישן אויסדרוק, אָבער פון זיין אַרט דערציילן און שילדערן, איז ער נישט אָפּגעטראָטן. ער האָט אויסגעברייטערט זיין טעמאַטיק. ער האָט מיטן וואָרט פון קונסט לעבעדיק געמאַכט דאָס וואָס ער האָט איבעלעבט מכּמה יאָרן אין דער וויַטער וועסט, אין שאַפּ, אָבער ער איז געבליבן דער זעלבער שטילער און געמיטלעך־רויקער דערציילער, ווי בימי "די יונגע".

יאָ, די פאָרם און דער אינהאַלט פון ראַבאָיס ווערק, זייַנען מיר נאָענט

געוועו, און ממילא אויך ראַבאָי. איך פלעג טראַכטן פאַרוואָס לערנען זיך נישט די פראָלעטפען־שרײַבער ווי אַזוי צו באַגיין זיך מיט ווערטער, מיט וועלכע מען וויל שאַפן הן פּאָעזיע, הן פראָזע. פאַרוואָס ליאַרעמט מען אַזוי? פון צו גרויס געשריי, דערהערט מען דאָך נישט, דאָס וואָס די פראָלעט־קאָלעגן ווילן באמת אָפן און אויפריכטיק זאָגן. עס האָט אויך מיר געמאַכט דעמאָלט דעם אײַנדרוק, אַז די פראָלעט־שרײַבער באַמיען זיך נישט אַרויסצוברענגען דאָס אייגענע קול. דאָס זײַנען משוררים, אָן דעם באַזונדערן אַרט און חן פון אייגענע טענער...

א. ראַבאָי האָט זײַן לשון געאיידלט, און ווי אַ געניטער קינסטלער געהיט זײַן אייגן־אויסגעהאָרעוועטן סטיל. אַזוי אַרום, האָב איך זיך געגרייט אַ שמועס טאָן מיט ראַבאָיען וועגן דעם ווערטער־געווירבל אין פראָלעטפען, וואָס פאַרמאָגן אייניקע טאַלאַנטירטע פּאָעטן און דערציילער.

ענדלעך איז מײַן לאַנג־באַגערטער גאַסט געקומען. ער איז אײַנגעשטאַנען אין אַ פּריוואַט הויז. מען האָט זיך דעמאָלט נישט געקענט פאַרגינען צו באַשטאַטן אַזאַ חשובן גאַסט אין אַ לײַטישן האָטעל, ראַבאָי איז גאָר געווען צופרידן פון זײַן צווישן אייגענע חברים. ער דער מאַן פון פראַצע, האָט באמת זייער ליב געהאַט אַרבעטער — די מענטשן מיט די מיענדיקע הענט.

אָבער פאַרברענגט האָט ער גאַנצע טעג בײַ מיר אין הויז.

דעם ערשטן טאָג נאָכן איבערכאַפּן זיך דאָס האַרץ האָט ער פאַרריכערט זײַן לולקע, געזויגן דעם רויך און געשוויגן. דערנאָך האָט ער ביסלעכווײַז זיך אָנגעהויבן נאָכפרעגן וועגן דער לאַגע אין דער אָרגאַניזאַציע, און וועגן דעם קולטור־אַקטיוו. וועגן ליטעראַטור האָט ער ווי אויסגעמיטן צו רעדן. איך בין אָבער געווען נײַגעריק צו רעדן וועגן די קרומקייטן (לויט מיר) פון פראָלעטפען. האָב איך אים אַ זאָג געטאָן: ווערליג מײַן אײַנדרוק פון אײַער לעצטער דערציילונג אין דער "פרײַהייט", זע איך,

אַז איר האט געפונען דעם סינטעז פון קינסטלעריש אַרײַנוועבן אײַער רעאַלע שילדערונגען אין דער פאָרם, וואָס טיילט אײַך אויס פון פיל אַנדערע דערציילער, פון צווישן דער טומלדיקער פלעיאַדע פראָלעטפען. איר זענט דער זעלבער ליריקער אין פראָזע, ווי געוועו. אײַערע ווערטער זײַנען באַהויכט מיט דער ליכטיקער וואַרעמקייט פון איבערלעבונג. עס איז פאַראַן די שטימונג פון געמיט, נישט נאָר געמיטלעכקייט. (איך פּאַראַפראַזיר, נאַטירלעך, מײַנע רייד פו זיכרון).

אַ שימער פון געלײַטערטער תּמימותדיקער פרייד האָט זיך באַוויזן אין זײַנע אויגן. זײַן אַביסל געהויקערטע פּלייצע, האָט זיך אויסגעגלײַכט, און מיר האָבן זיך אַרײַנגעגליטשט אין די ענינים פון ליטעראַטור אין די

סאָציאַל־רעוואָלוציאָנערע שטרעמונגען. אויף מײַן נישט־צופרידן זײַן מיט דער באַמבאַסטיק פון אונדזערע לינקע שרײַבער, איז ער גאָרנישט נתפּעל־געוואָרן. — אונדזערע שרײַבער טוט ווי דאָס אומרעכט פון אַרום, און זיי שרײַען פון ווייטיק קעגן דער רשעות.

די פּראָלעטן וועלן זיך אויסשרײַען און געפינען דעם וועג צו זיך, צום ריינעם קוואַל פון שאַפן. די השפּעה פון די פּראָגרעסיווע שרײַבער דערקענט מען בײַ אַ היפּשע צאָל רעכטע שרײַבער.

די קלאַסיקער און "די יונגע" האָבן געוויזן ווי אַזוי מען באַדאַרף שיין און גוט שרײַבן. מיר זײַנען אין סאַמע ברען פון ברויז־פּעריאָד. די קונסט וועט אָנרעגן און לײַטערן דאָס געמיט פון די פּראָגרעסיווע טאַלאַנטן אין אונדזער סביבה. מען דאַרף באַגריסן און דערמוטיקן, וואָרים דער אײַנשטעל פון מײַנע טײַערע חברים — "די יונגע" — פּירט איצט צו אַ צופרידן זײַן מיט דער אייגענער דערגרייכונג. זיי זײַנען פאַרווינקלט געוואָרן.
איך בין אַן אַרבעטער, און מיר זײַנען באַקאַנט די לײַדן, די געפילן און באַגערן פון די אַרבעטער אין די שעפּער. מיך אַרט זייער, וואָס מאַני לייב — מײַן נאָענט־ליבער מאַני לייב — אַליין פון אַרבעטער־פאָלק, באַנעמט נישט דעם ברויז פון דער נײַער צײַט. ער זאָגט גאָר, אַז איך האָב פאַרבלאָנדזשעט אין אַ פרעמד, און איך פיל, אַז איך האָב געפונען אַ היים.

אויף א. ראַבאָיס אָפּגעצויגן און מאָגער געזיכט, איז אַרויסגעטראָטן אַ דינער, טויאיקער שווייס. ער קוקט אויפן גרויען רויך, וואָס פעדעמט זיך פון זײַן לולקע, אין מיטאַמאָל פאַרזינקט ער אין אַן אומהיימלעך שווײַגן.

ער איז געוועזן אַביסל מידלעך, האָב איך אים פאָרגעלייגט מיר זאָלן עסן אָנבײַסן און דערנאָך וועט ער זיך צולייגן אַביסל אָפּרוען.

ראַבאָי האָט זיך צעשמייכלט: עס איז טאַקע צײַט עפּעס איבערצוכאַפּן.

בײַם טיש האָט ער געוואָלט וויסן אַקוראַט ווי לאַנג ער דאַרף רעדן. איך האָב אים געזאָגט, בערך אַ שעה, וואָרים נאָכדעם וועלן דאָך מסתּמא אַרויפשווימען פראַגן פון די, וואָס זײַנען באַקאַנט ווי פראַגע־שטעלער.

— נו, זאָגט ראַבאָי: דאָס רעדן וועט בײַ מיר אַדורך גלאַטיק, כאָטש איך בין נישט קיין אָראַטאָר. איך בין אַ געוויינלעכער מגיד... און באַריר ליטעראַרישע ענינים, אָבער שווער זײַנען בײַ מיר די פראגעס. מען שטעלט מיך אָפּט אין אַ פאַרלעגנהייט, ווײַל מען רוקט מיר אונטער האַרבע קשיות וועגן פּאָליטיק, און דאָס געהערט צו משה אָלגין — אַ קענער, באַהאַוונט אין פּאָליטישע פּראָבלעמען.

דעריבער, וועט איר מיר דאַרפן אַרויסהעלפן, אויב איך וועל קיין ענטפער נישט קענען געפינען.

— זאָרגט זיך נישט. איך בין אויך נישט קיין צו גרויסער ידען אין דעם פּאָליטישן פּלפּול. איר וועט זיך ספּראַווען...

נאָכן עסן, האָט ער זיך אַביסל צוגעשפּאַרט, און אײַנגעדרימלט. מײַן ייִנגעלע האָט זיך געשפּילט מיט זיך אַליין. ער איז געווען גענוג רואיק און שטיל, נישט אויפצוּוועקן ראַבאָיען. אָבער לאַנג האָט ראַבאָי נישט געדרעמלט. ער האָט זיך אויפגעכאַפּט און געפרעגט מײַן לייבעלען, וואָס פאַר אַ שפּיל זאָלן מיר ביידע שפּילן? — מײַן לייבעלע האָט נאָר געוואַרט אויף דעם. ער האָט אָנגעכאַפּט ראַבאָיס האַנט און פריילעך אויסגערופן: "לאָמיר שפּילן אין יאָגעלעך. דו וועסט זײַן מײַן פערדעלע און איך וועל דיך טרײַבן".

— גוט! אָבער בלויז עטלעכע מאָל לויפן אַרום דעם טיש.

הויבט זיך אָן דאָס לויפעניש. מײַן לייבעלע טרײַבט אונטער זײַן פערדעלע, און ראַבאָי הויקערט די אַקסלען און באַמיט זיך צו זײַן אַ גיך־לויפנדיק פערדל, ער איז שוין גאַנץ מיד, און מײַן לייבעלע שרײַט: וויאָ, פערדעלע!

פּלוצלונג האָט דאָס טיר־גלעקל זיך צעקלונגען און עס האָט זיך אַרײַנגעשטעלט מנשה אונגער (ער האָט דערמאָלט געוווינט אין מאָנטרעאָל). דערזעענדיק די סצענע האָט ער זיך שטאַרק צעלאַכט. גלײַך אָבער האָט ער דערזען, אַז ראַבאָי שטאָלפּערט שוין מיט די פיס. האָט ער זיך אָפּגערופן צו לייבעלען: "איצטער וועל איך זײַן אַביסל דאָס פערדעלע און דו וועסט מיך טרײַבן".

נאָך דעם, ווי לייבעלע איז אויך מיד געוואָרן, האָט מען זיך געזעצט רוען, טרינקען טיי און אַמפּערן זיך און וועגן לינקס און רעכטס. איצטער איז דאָס אַמפּערניש פאַרגעקומען צום מערסטנס צווישן מיר און אונגערן, וואָס איז דעמאָלט געווען סימפּאַטיש צו דער לינקער באַוועגונג, כאָטש ער איז געווען אַ שטענדיקער מיטאַרבעטער פון "טאָג", געדרוקט דאָרטן חסידישע מעשׂות און געשילדערט רביאישע הויפן מיט אַ ציטער פון בענקשאַפט, דורך וועלכער ער האָט אַרויסגעהויבן די שיינקייט פונעם ווײַט־שאָטנדיקן עבר זיינעם.

אין מנשה אונגערס קול, האָט ווי אַרויסגעניגונט די צעפּיעשטשעטקייט פון דעם רביאישן הויף, אין וועלכן ער האָט זיך אויפגעהאָדעוועט. ווייך, וואַרעם און אויסגעאיידלט האָבן די ווערטער שטיל־געזונגען פון זײַן מויל.

ראַבאָי האָט ליב געשמייכלט און אַרויסגעמורמלט: "איר ווייסט, אונגער, זישע לאַנדוי איז דאָך אַ רביאיש איייניקל, און ער האַלט זיך אין איין פּיעשטשען, בעת ער רעדט. ער איז דאָך פּאָרט פון דער רביאישער גזע... זישע לאַנדוי איז אַ שיינער פּאָעט! אַ לירִיקער געלויטערט אין פּאָעטישער

שטימונג. און מאַני לייב, אָ מיַין מאַני לייב, ער איז הוילע מוזיק, די ווערטער זינגען פון אים אַרויס. איך לייען אים כּסדר, און וואָס מער איך לייען זיַינע לידער, אַלץ ליבער האָט איך אים. ער דאַרף בלויז זיך ווענדן אַ ביסל אַ קירעווע טאָן צו די רייען פון די אַרבעטער — די גערעכטע...״

מנשה אונגער האָט פּאַמעלעך אויסגעניגונט זיַינע ווערטער: ״מאַני לייב דאַרף זיך צו קיין שום צד נישט קירעווען. דורך זיַינע לירישע איך־לידער זינגט ער אויס דעם טרויער, די בענקשאַפט און די פרייד פון מיליאָנען־יחידים, וואָס שליסן איַין דעם גאַנצן כּלל״.

ראַבאָי האָט געשוויגן. פון דער לולקע האָט געגרויט דער דינער רויך, אַ שיַין פון פריידיקער באַוווּנדערונג האָט פאַרצויגן זיַינע אויגן, אַן אויפגערוישטער און פול מיט גנאָד, האָט ער אַ זאָג געטאָן: ״מנשה, דאָס איז ווונדערלעך! אַזוי וווּנדערלעך, ווי עס איז מיַין מאַני לייב!״

״איר ווייסט, מאַני לייב האָט פאַרגליכן ראָלניקס פּאָעזיע צו אַ שיינעם האַלדזבאַנד אויף אַ געטאָקטן האַלדז פון אַ שלאַנק מיידל. אָט דער אופן פון באַצייכענען ראָלניקס לידער איז דאָך אויך פּאָעזיע״.

אין אַזעלכע געהויבענע שמועסן זיַינען גיך אַנטרונען די עטלעכע טעג פון ראַבאָיס פאַרברענגען אין מאָנטרעאָל.

צו זיַין לעקציע איז געקומען דער אייגענער פּראָגרעסיווער עולם. די רעכטע האָבן אויסגעמיטן אים און זיַין לעקציע. בלויז י.י. סיגאַל האָט, אין ״קאַנאַדער אָדלער״, אָפּגעדרוקט אַן עסיי וועגן ראַבאָיס שאַפן.

ראַבאָי האָט גערעדט געלאַסן, היימיש און דער עולם האָט הנאה־געהאַט צו קוקן אויף אים און הערן, ווי אַזוי ער שמועסט זיך אויס מיט די צוהערער.

נאָך דער לעקציע האָט מען געשטעלט פראַגן. איינער — אַ פראַגע־שטעלער, וואָס האָט זיך געגריבלט אין די האַרבע ענינים פון פּאָליטיק — האָט פאַרלאַנגט פון ראַבאָיען אַן אויפקלערונג וועגן דער טאַקטיק פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי אין געראַנגל מיט די רעאַקציאָנערע כּוחות אין דער אַלגעמיינער, און דערהויפּט, אין דער יידישער סביבה. גראָד איז דער פראַגע שטעלער געווען אַן אינטעליגענטער אַרבעטער, אַן אָנגעלייענטער אין דער ליטעראַטור. אַ געטריַיער קולטור־טוער. געהייסן האָט ער סעם מילער, וואָס איז שוין אַ שוכן עפר אַ היפּשע פּאָר יאָר.

ראַבאָי האָט געבעטן איבערחזרן די פראַגע. ער האָט זי פאַרשריבן, און מיט קינדערישער תּמימות אָפן מודה געווען: ״טיַיערער חבר, דאָס איז אַ שווערע פראַגע. איך בין אַ פּאָעט, טאַקע אַ שריַיבער, אָבער אין פּאָליטיק פאַרפּלאָנטער איך זיך אַליין גאַנץ אָפט. אַזאַ פראַגע קען בלויז פאַרענטפערן אָלגין, איך פאַרזיכער אייך ווי נאָר איך קום צוריק קיין

ניו־יאָרק וועל איך רעדן מיט אַלגינען, און בעטן מיר, אויסקלאָרן די זאַך טאַקע דאָס וואָס ער איז אַזוי באַשיידן, און מאַכט נישט קיין אָנשטעל פון קיין אלץ־ווייסער. איך בין געווען דער פאָרזיצער פון אָוונט, און וואָלט איך זיך נישט געווען געשעמט, וואָלט איך אים אַרומגענומען אַ קוש געטאָן און געזאָגט — לאָמיר — אַזוי צו זאָגן, ראַבאַי טײַערער, טאַקע אָט אַזוי האָט איר געדאַרפט ענטפערן. ביים עולם האָט שטארק אויסגענומען זיין אָפנקייט.

נאָך דער לעקציע, ווי דער שטייגער, איז מען געגאַנגען כאַפּן אַ קאַווע מיט אַ צובײַס אין אַ רעסטאָראַנדל. געווען עטלעכע אַזעלכע רעסטאָראַנדלעך, אין וועלכע מיר האָבן זיך געקענט פאַרגינען, לויט אונדזער בידנעם פאַרדינסט מכבד צו זײַן דעם גאַסט, און זיך אַליין אויך אונטערצולעינען אַ ביסל דאָס האַרץ.

עס איז געווען אַ רעגנדיקער אויפדערנאַכט. דער שאַרפער רעגן האָט געשמיסן און געשטאָכן דאָס פּנים. מיר זײַנען דאָך פאָרט געווען יונג, און פאַרטוליעט אין די מאַנטלען, האָבן מיר דאָך געפילט, אַז לײַכט זײַנען די טריט. זײַנען מיר אין דעם פליוכענדיקן רעגן געגאַנגען אויף מעין סטריט (סט. לאָרענס) און געזוכט אַ פּאַסיק רעסטאָראַנדל, עס זאָל זײַן באַקוועם. מיר זײַנען געווען אויפגעלייגט, ווײַל ראַבאַי איז דאָך געגאַנגען מיט אונדז. נאָכן אַרומפּאַדען אַ ווײַל, אַרײַנקוקנדיק אין רעסטאָראַנדלעך וואָס זאָלן אויך זײַן ריין און די טישטעכער נישט פאַרקויטיקט, האָט ראַבאַי אַ זאָג געטאָן: חברה, מיר זײַנען שוין גענוג אויסגעווייקט פון ווינטיקן רעגן. אָט איז אַ רעסטאָראַן, לאָמיר אַרײַנגיין. האָבן מיר געפאָלגט און זײַנען אַרײַן. נו איז דאָס געווען אַ רעסטאָראַנדל נישט פון די סאַמע ריינסטע, אָבער גענוג פלאַץ פאַר אַלעמען.

ראַבאַי האָט פאַררויכערט די לולקע, און אַן אויפגערוימטער אַ זאָג געטאָן: דאָ איז שוין גענוג שמוציק, מיר מעגן זיך שוין אַוועקזעצן, און זיך הייסן דערלאַנגען פון אַלדאָס גוטס...

— זעצט זיך חברה, מען קען דאָך נישט פאַרלאַנגען פונעם רעסטאָראַטער, ער זאָל צוליב אונדז אָפּוואַשן די פּאָדלאָגע. מיר — מיט אונדזערע נאַסע שיך, וועלן שוין ריין מאַכן דעם דיל...

מיר דערוואַרעמען זיך מיט דער קאַווע, פאַרבײַסן מיט געבעקס. אַלץ האָט כּל הטעמים, ווײַל ראַבאַי דערציילט פון זיך, פון זײַן אַרבעט אין שאַפּ, פון זײַן מיטאַרבעטערשאַפט אין דער "פרײַהייט". ער רעדט וועגן געוויינלעכע זאַכן, אָבער מיט דער פּשטות פון זײַן דערציילן באַלעבט ער דעם אַרום. איך האָב געקוקט אויף ראַבאַיען און זיך געוווּנדערט: דער שווײַגנדיקער ראַבאַי רעדט טאַקע געלאַסן, געמיטלעך, ווי זײַן טבע, אָבער אַזוי אומגעצווימט. מיר זײַנען זיך פאַרזעסן אַ ביסל שפּעטלײַך, און עס איז געווען: "הנה מה טוב ומה נעים שבת אחים גם יחד!" מיר האָבן זיך

געזעגנט כּמעט אָן ווערטער, אָבער געערדט האָט די בענקשאַפט, וואָס האָט שוין אויפגעגליט אין מײַן געמיט.

פון מאַני לייבן האָב איך, נאָך זײַן אָפּפאָר, דער האַלטן אייניקע בריוו, אָבער מיט ראַבאָיען האָב איך זיך קיין מאָל נישט דורכגעבריוולט. איך האָב אָבער אָפּט באַקומען גרוסן פון אים, און די בעסטע גרוסן זײַנען געווען פאַר מיר זײַנע ווערק. גרויס פרייד האָט מיר געבראַנגט זײַן ראָמאַן "איז געקומען אַ ייד קיין אַמעריקע", אַ וויכטיק בוך פון דעם אימיגראַנטן־דור: שאַפּ־געיאָגעריי, אַ צאָרנדיקער פאָרמאַן, און אַ סך צרות שטייט זיך אויס דער פרומער, האַרציק ליבער מאַניס, וואָס שרײַבט אַ ספרל. אַזאַ איידעלער הומאָר. פון די ווערטער שמייכלט אַרויס די תמימות פון מאַניסן און זײַן פרוי שרה, וואָס מיינט, אַז אין ניו־יאָרק, האָט מען פאַרביטן איר נאָמען, וואָרים מען רופט זי שוין מערנישט "שרה" נאָר "מיסעס"... דאָס ווערק ליכטיקט, עס איז אַ גרויס־ליכטיק־קינסטלערישע פּראָזעשאַפונג אין דער יידישער ליטעראַטור.

"אַ פּאַס פון ים", "דער יידישער קאַובאָי", "נײַן ברידער" וכדומה, אין אַלע זײַנע שריפטן, האָט ראַבאָי אַנטפּלעקט דעם געראַנגל קעגן אומרעכט. זײַן וואָרט האָט אויסגעאיידלט די מענטשן — זיי זײַנען געוואָרן געשטאַלטן, וואָס לויכטן מיט דינער, קינסטלערישער שיינקייט. דאָס פּאַשע־פעלד פון אַלפּאַלפּאַ רייצט מיטן ריח פון האָניק, וואָס פּאַרזיסט די לופט. אויף דער פּולער, צײַטיקער זאַנג זינגט די זון. און ער, ראַבאָי אַליין פרייט זיך מיט קי און פערד, וואָס צופּן די גרין־ווייכע צינגלעך פון די גראָזן.

א. ראַבאָי איז נישט געגאַנגען אויפן ברייטן און רוישיקן שליאַך פון דער יידישער ליטעראַטור. איך האָב דעם אײַנדרוק, אַז ער האָט בכּיוון אויסגעמיטן דעם דרך המלך, און זיך נישט געריסן צום אויבנאָן, וואו עס טומלט די רעקלאַמע... ער איז זיך שטיל און ערלעך, אין טרוימערישן באַזונדער געגאַנגען, זײַן פאַר זיך אַליין אויסגעטראָטענע סטעזשקע. און אַזוי שטיל און געלאַסן האָט ער דערגרייכט די קינסטלערישע הייך צו זײַן איינער פון די אייגנאַרטיקסטע דערציילער פון זײַן דור — אַ דור פון פּראָזע־מײַסטערס, וואָס האָבן דערהויבן און גרויס געמאַכט די יידישע ליטעראַטור.

ווען ראַבאָי איז נפטר געוואָרן האָב איך געזוכט אַ טרייסט אין זײַנע ווערק. איך האָב גענומען לייענען זײַנע זכרונות און בין געקומען צו אַ שטעלע אין מאַני לייבס אַ בריוול צו ראַבאָיען אין וועלכן ער שרײַבט אים אומגעפּער אַזוי: (איך ציטיר פון זיכּרון) "ראַבאָי טײַערער, פאַרקויף אַ קיעלע און שיק אַ פינפערל פאַר די "שריפטן" (זאַמלביכער וועלכע "די יונגע" האָבן אַרויסגעגעבן).

איך האָב מער נישט געקענט לייענען. עס זײַנען געשטאַנען פאַר מײַנע אויגן ראַבאָי און זײַן באַליבטסטער חבר און פּאָעט מאַני לייב. טרערן האָבן פאַרפלעקט די אותיות, און אַ פאַרקלעמטער פון צער, האָב איך פאַרמאַכט

דאָס בוך.

דאָך אין מײַן באַטריבטקייט, האָב איך געטראַכט, אַז ראַבאָי האָט פּונקט, ווי מאַניס געשריבן אַ ספרל — נישט קיין ספרל פון פרומקייט און מוסר, נאָר אַ ספרל אין גײַסט פון מענטשלעכער גוטסקייט. מיט דער געלײַטערטער קונסט פון דערציילן, האָט ער אונדז איבערגעלאָזט אַ גרויס פּאַרמעג — ווערק וואָס שילדערן און דערציילן וועגן דער שיינקייט פון דער נאַטור און פון און וועגן מענטשן וואָס אַרבעטן, ראַנגלען זיך מיטן בייז און האָפן אויסצובעסערן די וועלט, זי אָפּרייניקן פון דעם שלעכטס. ראַבאָי איז דער אײדעלער, תּמימותדיקער מאַניס פון זײַן ״געקומען אַ ייד קיין אַמעריקע״.

ראַבאָי איז אַרײַנגעקומען אין דער יידישער ליטעראַטור און מיט דער קראַפט פון זײַן גרויסן טאַלאַנט, וועט ער אייביק לעבן אין דער אייגנאַרטיקער שאַפונג פון זײַן קונסט.

א. ראַבאָי, שלום אַש, י.י. שוואַרץ, כּאַוור פּאַוער, ברוך גלאַזמאַן, און טײלווײַז אויך ל. שאַפּיראָ אין זײַן ״ניו־יאָרקיש״, און יוסף אָפּאַטאָשו אין זײַן ״לינטשעריי״, אין ״היברו״ און אין אַ גרעסער צאָל אַנדערע דערציילונגען אויף אַמעריקאַנער טעמעס — האָבן איטלעכער אויף זײַן באַזונדערן אופן געמאָלן דאָס יידישע אַמעריקאַנער לעבן. זיי האָבן אַרײַנגעבראַכט די אַטמאָספערע פון אַ גרויסער, ברוינזנדיקער לעבנסאַרט, אין דער ראַם פון יענעם רעאַלן אַרום. דערמיט זײַנען זיי געווען נישט בלויז יידישע שרײַבער אין אַמעריקע, נאָר יידישע אַמעריקאַנער שרײַבער.

און פון צווישן אָט די מײַסטערס ליכטיקט אויך ראַבאָי. און געבענטשט זאָל זײַן זײַן אָנדענק!



**פון שלום שטערן**

# דער באַזוך פון שלום אַש, שלמה מיכאָעלס און איציק פעפער אין מאָנטרעאַל

## א.

איידער איך גיב איבער מיינע איינדרוקן און דערמאָנונגען, האַלט איך, אַז איך דאַרף מאַכן אַ קליינעם אויפקלער, פאַרוואָס איך נעם דאָ אַריין אויך שלום אַשן.

ערשטנס, איז ער געווען איינער פון די פּראָמינענטסטע פּערזענלעכקייטן אין דער דעלעגאַציע, וואָס האָט אויפגענומען מיכאָעלסן און איציק פעפערן. צווייטנס, עס ווערט 20 יאָר נאָך דער פּטירה פון דעם ארי שבחבורה, דעם סאַמע גרעסטן ראָמאַניסט אין דער יידישער וועלט־ליטעראַטור. איך פיל, דעריבער, אַז איצטער איז דער פּאַסיקסטער מאָמענט צו געבן אַ שטיקל כאַראַקטעריסטיק פון שלום אַשן — דעם מאַן פון מאָמענטאַלע און סתירהדיקע שטימונגען. דאָס איז געווען דאָס געמיט פון שלום אַשן — דער קינסטלער־פאָרשטייער פון דורות יידן.

## ב.

פרי פעדערט זיך דער ווינטער אין מאָנטרעאָל. פרי פּאַרטוליעט דער שניי די שטיבער, גאַסן און די גרויע שטיינער אויפן שפּיץ פון באַרג, וואָס הויערט אין סאַמע האַרץ פון שטאָט. דאָס זילבער פון פראָסט שלייפט אויס גליטשיק־בלענדנדיקע שפּיגלען. אין אָט אַזעלכע אָנהייב־ווינטער־טעג איז אַראָפּגעקומען שלום אַש — דער ערשטער, גרויסער גאַסט פון דער מיכאָעלס־פעפער־דעלעגאַציע. באַזעצט האָט מען אים אין שענסטן און אָנגעזעענסטן האָטעל פון שטאָט — אין "ריץ־קאַרלטאָן".

עס האָט שוין פאַרנאַכטיקט, ווען איך בין געקומען זען שלום אַשן. ער איז געזעסן אַרום אַ צונויפגערוקטן טיש, אַרומגערינגלט מיט די אַקטיווסטע טוער פון "ראָשיען וואָר רעליף", מען האָט געזופּט קאַווע און פאַרביסן מיט זיסע געבעקס און געשמועסט. שלום אַש האָט מיר דערלאַנגט בלויז די שפּיצן פינגער פון דער האַנט, און עפּעס אַ ברום געטאָן. איך האָב זיך אויך אונטערגעלענט דאָס האַרץ מיט די געשמאַקע געבעקסן און זיך פּשוט מחיה געווען מיטן טעפּל קאַווע. וואָרום איך בין געקומען פון אַ ווינטיקן דרויסן, דורכגענומען מיט קעלט.

עמעצער פון דער מסיבה האָט אים געפרעגט אַ מיינונג וועגן דוד בערגעלסאָן. אַש האָט זיך ווי אָנגעבלאָזן און בייזלעך אַרויסגעברומט: ״איידער בערגעלסאָן דערציילט אַ מעשה, איז ווי אַ וואָגן, וואָס ווערט אָסיען־צייט פאַרזונקען אין אַ בלאָטע. אַזוי שווער איז אים אַרויסצוקריכן און אָנהייבן צו דערציילן.

נו, איך בין געווען אַ סך יינגער ווי היינט, היציקער אויך — האָט עס מיך זייער אָנגעריירט. האָב איך אַ זאָג געטאָן: — שלום אַש, איר זענט טאַקע היינט די קרוין פון דער יידישער בעלעטריסטיק. אָבער בערגעלסאָן טראָגט אויך אַ קרוין. די קרוין פון דעם סאַמען אָריגינעלסטן יידישן וואָרט־קינסטלער. מען קען פון זיינס אַ זאַץ קיין איין וואָרט נישט אַרויסנעמען, פון זיינס אַ פּאַראַגראַף קיין איין זאַץ נישט אויסשניידן. אָבער ביי אונדזערע סאַמע גרעסטע קען מען עס יאָ... (פיל וויניק אַזוי).

אַש האָט זיך צעבעסט: ״ווער זענט איר עס פאַר אַזאַ איינער, וואָס איר רעדט צו מיר אַזוי? עך ווייסט, יעך וועל ענק באַלד דערלאַנגען פּעטש״... איך האָב, ווייזט אויס, זיך נישט דערשראָקן. דאָס האָט אַ ביסל אָפּגעצויגן זיין כעס. האָב איך געענטפערט: — מיט פּעטש האָט נאָך קיינער נישט באַוויזן, אַז ער איז גערעכט. איר האָט אַ רעכט אויף אייער מיינונג — בפרט שלום אַש דער מייסטער־ראָמאַניסט — דער באַזינגער פון דורות־יידן אין ״שטעטל״, ״שלמה נגיד״, ״קידוש השם״, ״דער תהילים ייד״ און נאָך און נאָך.

שלום אַשס פּנים האָט זיך געמיניעט. אַ ליכטיקע מילדקייט האָט זיך צעלייגט אויף אים.

— הערט — זאָגט ער — איך האָב אין ״יידישע קולטור״ געלייענט אייערס אַ ציקל לידער אמתע דיכטונג. עך ברענגט מיר מאָרגן אייער בוך מיט לידער. יעך וויל ענק בעסער קענען.

פלוצים דרייט ער זיך אויס צו די אַרומיקע און הייבט זיך אָן באַקלאָגן: ״יידן, פאַרוואָס שווייגט עך? דער אייב קאַהן דערגייט מיר די יאָר. ער האָט אויסגעטראַכט, אַז יעך, שלום אַש, האָב זיך גאָר געשמדט. פאַרוואָס דערלאָזט עך צו אַזעלכע בילבולים אויף מיר?״.

אַלע זיינען געבליבן דערשטוינט און דערשלאָגן פון דעם צער, וואָס האָט געשלאָגן פון זיינע רייד. איך האָב דערזען דעם טרויער מיט וועלכע זיינע אויגן זיינען געווען אָנגעצונדן. האָב איך ווי געפונען ווערטער, וואָס זאָלן דערהויבן זיין געמיט, און זיך אָנגערופן: ״קיינער שווייגט נישט. שרייבער, נישט־פאַרגינער, זיי האָבן שאָדנפרייד. איר נעמט צו ערנסט אייב קאַהן און זיין משרתל, חיים ליבערמאַן. איר, שלום אַש, זייט געווען און איר וועט בלייבן דער מעכטיקסטער טאַלאַנט ביי יידן אויף דור דורות — אונדזער קרוין!״

דער שמועס האָט זיך שוין אַוועקגעקייקלט וועגן דער מלחמה, דעם צווייטן פראָנט, וועגן מיכאָעלס און פעפער און דעם גרויסן פּאָליטישן באַטייט פון זייער קומען צו די יידן אין אַמעריקע. אַש האָט אַרויסגעקרעכצט: ״יידן, ווײ איז מיר! וואָס וועט זיין פון מיינע יידן! היטלערן וועט מען מנצח זיין, אָבער פאַר די יידן וועט שוין זיין צו שפּעט״.

זיינע אויגן זיינע נאַס געוואָרן. ער האָט זיך אויפגעהויבן און געזאָגט: ״איך דאַרף דאָך רעדן מאָרגן ביינאַכט. דאַרף מען וויסן ווי אַזוי צו רעדן צו יידן היינטיקע טעג״. און ער איז אַוועק צו זיך אין צימער. דער שטאַלטנער שלום אש האָט זיך ווי געבויגן אין גאַנג, ווי ער זאָל טראָגן אַ שווערע משא אויף די פּלייצעס.

שלום אַש האָט מיך געבעטן, אַז מאָרגן זאָל איך קומען גאָר פרי, ווייל מיכאָעלס און פעפער וועלן קומען פון שיקאַגע אַרום ניין־צען אַזייגער, וויל ער זיי באַגעגענען ביים אַריינגיין אין האָטעל. האָב איך זיך טאַקע געפּעדערט און געטראָפן אַשן ביים אָנבייסן. — עסט מיט מיר און נאָך דעם וועלן מיר אַרויסגיין אויפן גאַס און מקבל פּנים זיין די געסט.

דער שנײ האָט געבלענדט. די זון האָט געלויכטן און געטאָפּיעט דעם שטויביקן שנײ. די זילבערנע הייטעלער־אייז האָבן געקריצט און זיך געקרישלט אונטער די טריט. שלום אַש האָט גערעדט און איך האָב געהערט: ״איר ווייסט, איך האָב זייער מורא, אַז איציקל (איציק פעפערן האָט ער כסדר גערופן איציקל) זאָל נישט טייער באַצאָלן פאַר זיין הערלעך יידיש ליד ׳איך בין אַ ייד׳. מען וועט אים נאָך אַ מאָל שמייסן דערפאַר. ער זאָל כאָטש נאָר אָפּקומען מיטן שמייסן״. איידער איך האָב געהאַט בדעה עפּעס צו זאָגן, איז שוין געוועזן פאַרזאַמלט אַ גאַנץ היפּשער עולם. אַן אויטאָ האָט זיך אָפּגעשטעלט, און פריער איז אַרויס פעפער און נאָך אים, אויף צוויי קוליעס, מיכאָעלס.

געוועזן צופיל גבאים — באַקאַנטע און אומבאַקאַנטע... איך האָב פאַרשטאַנען, אַז מער ווי שלום־עליכם זיי אָפּגעבן, וועל איך נישט קענען.

איציק פעפער האָט זיך גאָר דערפרייט זעענדיק שלום אַשן און מיכאָעלס האָט צוגעגעבן: ״טאַקע אַ שיינע זאַך, שלום אַש, וואָס איר זענט אַרויס אונז באַגעגענען״.

פאַר זייער אַריינגיין אין דער ווינדע (עלעוואַטאָר) איז דער עולם נישט אַריין אין האָטעל. בלויז אייניקע מקורבים און אייניקע שומרים...

שלום אַש האָט אַ מאַך געטאָן צו פעפערן: ״אוי, איציקל, וועט מען שמייסן! מען וועט שמייסן פאַרן ליד ׳איך בין אַ ייד׳״. פעפער האָט געלאַכט: ״שלום אַש, איר זייט אַ גרויסער שרייבער און איר ווייסט, אַז ביי אונדז שמייסט מען נישט!״

שלום אַש איז עפּעס ווי נעלם געוואָרן. איך האָב פאָרט געוואָלט

כאַפּן אַ פּאָר ווערטער מיט פּעפּערן, בין איך מיטן צווייטן עלעוואַטאָר אַרויפגעפאָרן, אָנגעקלאַפּט אין טיר, און געזאָגט מיין נאָמען. "קומט אַריין!" — האָט פּעפּער געענטפערט. מיר האָבן זיך צעקושט, איבערגעוואָרפן אַ פּאָר ווערטער.

מיכאָעלס האָט זיך געפּאַרקעט מיט די קוליעס, זיך געגרייט איבערצוטאָן, און גערעדט ווי צו זיך אַליין. "אַ מחיה צו זיין אַ פּאָעט. די פּאָעטן, פונקט ווי די פּרויען, נאָר זיי קושן זיך... צווישן פּאָעטן ברענט אַ גרויסע חברישע ליבע... בין איך דאָך נאָר אַן אַקטיאָר און אַלע קושן נעמט צו פּעפּער"... מיכאָעלס האָט גוטמוטיק און היימישלעך זיך צעלאַכט.

דעם אַנדערן פרימאָרגן איז פאָרגעקומען אַן אינטערוויו מיט דער פּרעסע. עס זיינען געקומען רעפּאָרטערס פון די ענגלישע טאָג-צייטונגען. די ערשטע פראַגע איז געווען, ווי געפעלט אייך קאַנאַדע. מיכאָעלס ענטפערס האָב איך נישט געהערט, ווייל איך בין געזעסן לעבן פּעפּערן. פּעפּער האָט געזאָגט: "קאַנאַדע איז אַ גרויס און שיין לאַנד. די לאַנדשאַפט איז ענלעך צו אונדזער סאָוועטיש לאַנד, און מיר האָבן זיך דערפילט היימיש גלייך אויפן וועג".

די רויטע אַרמיי האָט דעמאָלט געהאַט צוריק-געשליידערט די היטלעריסטן פון מאָסקווע, האָט איין זשורנאַליסט אַ זאָג געטאָן, אַז דער שנייַ האָט געהאָלפן אין דעם זיג. פּעפּער האָט זיך אויפגערעגט און עטלעכע מאָל אונטערגעשטראָכן, אַז עס איז די רויטע אַרמיי מיט איר געניאַלן פירער סטאַלין, וואָס האָבן דערגרייכט דעם זיג און וועלן באַזיגן די נאַציסטישע בעסטיע.

דער זשורנאַליסט, וואָס האָט געקייט שאָקאָלאַד און געזופט וואָדקאַ, איז געבליבן שטום-דערשטוינט, און באַלד אַריבער אויף אַנדערע פראַגעס.

נאָך דעם אינטערוויו איז פּעפּער אַרויס פון דעם אויפנאַם-צימער און אַריין אין אַ קאָרידאָר. איך בין אים נאָכגעגאַנגען און געזאָגט: "נעמט נישט פאַר אומגוט. איר זייט קיין מאָל נישט אַליין. איך וויל וויסן, פאַרוואָס האָט איר זיך נישט איינגעשטעלט פאַר איזי כאַריק?" פּעפּער איז בלאַס געוואָרן און כמעט, ווי איינגערוימט מיר די ווערטער: "עס האָט געברענט אַרום אים אַ פייער, און וואָס איך האָב געקענט, האָב איר געטאָן. וואָס האָט איר געוואָלט איך זאָל אַליין שפּרינגען אין פייער?"

איך האָב ניט אָפּגעלאָזט: "פּעפּער, עס איז געווען געדרוקט אין דער היגער יידישער און ניט-יידישער פּרעסע, אַז מען האָט אַרעסטירט צינבערגן. פאַרוואָס? קענט איר דאָס אויפקלערן?"

זיין קול ציטערט, די ווערטער זיינען שטיל און סודותדיק: דאָ איז עפּעס אַ מיספאַרשטענדעניש. איך פאַרזיכער אייך, מען וועט אים די טעג באַפרייען". אַנגסט-שווייסן האָבן אַרויסגעזעצט אויף זיין פּנים. ער האָט

מיך איבערגעלאָזט אין קאָרידאָר. און גיך צוריקגעשפּאַנט אין אויפנאַם־צימער.

איך האָב פאַרשטאַנען זיין שרעק און זיין איילן צוריק צום עולם. עס זיינען געווען נישט־באַקאַנטע געסט, וואָס האָבן געהיט די טריט און אַכטונג געטאָן אויף די רייד. דעריבער האָבן פּעפער און מיכאָעלס כמעט געוואויגן און געמאָסטן יעדעס וואָרט. מער האָב איך שוין נישט געהאַט קיין געלעגנהייט צו רעדן מיט פּעפערן אויג אויף אויג.

צו זייער עפנטלעכן אויפטריט איז געקומען אַ ריזיקער עולם. דער מאַנטרעאַלער פאָרום איז געווען געפּאַקט מיט יידן און נישט יידן. פּעפער האָט גערעדט יידיש און רוסיש אַזוי דאַכט מיר אויך מיכאָעלס. זיי האָבן דערציילט פונעם גרויסן אומגליק, וואָס היטלערס מאָרד־חיילות טראָגן מיט זיך און געשילדערט דעם שווידער, דעם בראָך פון אונדזער פאָלק. מיכאָעלס מעכטיקע שטים און זיין שאַלנדיקן רוף: ״טויט דעם פאַשיזם!״ האָט אויפגעציטערט דעם גאַנצן עולם.

שלום אַש האָט גערעדט אפשר צען מינוט. ער האָט געלויבט דעם סאָוועטן־פאַרבאַנד, וואָס איר העראָאישע רויטע אַרמיי וועט צעשמעטערן דעם נאַציזם. ״זייערע טאַנקען וועלן איינזינקען ווי פרעה מלך מצרימס רייטוואָגנס. יידן, אונדזער בראָך איז גרויס, מיר דאַרפן טאָן אַלץ, אַז עס זאָל חלילה נישט זיין שפּעט! לאָמיר ראַטעווען אונדזער פאָלק — אונדזערע יידן״. עס האָט גערעדט אַ געבראָכענער ייד. זיין קול אָנגעזאַפּט מיט טרערן, האָט געציטערט, און דער פּחד איז טיף אַריינגעדרונגען אין האַרץ. אַש האָט זיך צוריקגעזעצט אויף זיין אָרט. איך בין געזעסן לעבן אים. ער האָט געבראָכן די הענט. טרערן זיינען גערונען איבער זיין פּנים, און ער האָט געמורמלט: ״ווייי איז מיר, וואָס וועט זיין מיט מיינע יידן!״

בעת זיין רעדע, האָט מיכאָעלס געמוסרט דעם עולם: ״איר טוט נישט גענוג צו ראַטעווען אונדזערע שוועסטער און ברידער. מען עסט ׳טשיקנס׳ און מען פאַרגיסט טרערן״. זיינע רייד וועגן אונדזער פאַרטיליקט ווערן, האָבן אויפגעשוידערט, און די ״טשיקנס״ זיינען קיינעם נישט באַקומען...

איציק פּעפער האָט אין זיין רעדע אויך גערעדט כמעט אין זעלבן טאָן, שילדערנדיק דעם חורבן. גלייכצייטיק האָט ער דערמאָנט צום גוטן אייניקע יידישע שרייבער אין מאָנטרעאַל, וועלכע זיינען אים און מיכאָעלסן געקומען זען: ״מיר, סאָוועטישע יידישע שרייבער, ווייסן ווער איז ווער צווישן אייך און מיר פאָלגן נאָך און היטן אייערע טריט, ווי שעפער פון דער יידישער ליטעראַטור״.

אויף צו מאָרגנס זיינען פּעפער און מיכאָעלס אַוועקגעפאָרן, דאַכט מיר — קיין טאָראָנטאָ. געבליבן איז אויף איינצקע טעג שלום אַש. אויך מאַרדזשי איז געקומען. איך האָב אַשן געגעבן מיין בוך לידער און פאַרשטאַנען, אַז ער וועט דאָ נישט האָבן קיין געדולד און קיין צייט צו

לייענען, און אפשר וועט ער דאָס בוך גאָר קיין מאָל נישט לייענען. ווייל אַזוי האָט מען מיר פאָרגעשטעלט אַשן. האָב איך דאָס מאָל נישט געטראָפן.

דעם אַנדערן טאָג, גאַנץ פרי, צעקלינגט זיך דער טעלעפאָן. איינער פון די מקורבים לאָזט מיר וויסן, אַז שלום אַש גייט אַרום אַ צערייצטער. "ער איז שרעקלעך אויפגערעגט אויף אייך. ער האָט אייך געבעטן קומען צו אים גאַנץ פרי. ער האָט אַ בריוו צו אייך און ער וויל אים שוין צערייסן". האָב איך געבעטן דעם יידן זאָגן אַשן, אַז איך בין געוועזן מיד און בין פאַרשלאָפן און אַז איך קום גלייך. דערווייל זאָל ער צונעמען ביי אים דעם בריוו. אַש האָט זיך דאָרטן באַרואיקט און באַוויליקט צו געבן יענעם דעם בריוו. ווי איך בין אַריין אין דער קאַפעטעריע האָט מען מיר דערלאַנגט דעם בריוו. איך האָב געעפנט דעם קאָנווערט, און גענומען פאַמעלעך דורכבראָדזשען אַשס ממש נישט לייענבאַרן כתב, און ווען איך האָב שוין געהאַט באַוויזן צונויפצושטעלן די אותיות וואָרט ביי וואָרט אין זאַצן, האָט אַ פרייד אין מיר אויפגעזונגען.

עס איז געווען נישט נאָר דאָס אָנערקענט ווערן דורך אַשן, עס איז געווען דאָס דערזען אין אַ גאָר העל-לויטער ליכט שלום אַשן דעם מענטשן. היות, איך באַטראַכט היינט דעם בריוו ווי אַ קינסטלערישן דאָקומענט, וואָס באַווייזט שלום אַשן אין זיין טיפער איינגעוואָרצלטקייט אין דער יידישער ליטעראַטור, מיין איך, אַז ער וועט האָבן אַ ווערט אין שלום אַשס ביאָגראַפיע (דער בריוו געפינט זיך אין "בית שלום אַש" אין בת ים אין ישראל). לכן — דעריבער ציטיר איך דאָ אים וואָרט ביי וואָרט:

"צו שלום שטערן, איך האָב אַדורכגעלעזן אייער ליד 'דער טאַטע געזעגנט זיך', און איך דאַנק אייך פאַר דעם גרויסן נחת-רוח וואָס איך האָב געהאַט פון אייער ליד. איך האָב שוין לענגס, לענגס נישט געפילט אַוועקגעטראָגן געוואָרן אויף די גרינע פרישע קוואַלנדיקע לאָנקעס פון אונדזער היימישער גוטער ליטעראַטור — דאָס האַרץ פון די יידישע מאַמע ווי אין אייער ליד 'דער טאַטע געזעגנט זיך'. אַלעס האַרציקע שיינעגעטרייע גוט יידישע און רירנדיקע מענטשלעכקייט פון אונדזער אָרעם לעבן איז אין דעם ליד. אייער שפּראַך שמעקט מיט גרינע לאָנקעס — מיט געזונטן זשעגעכץ פון וואַלד און איז אויסגעצוואָגן אין פרימאָרגן טוי — וואָס רוט אויף אונדזערע באַהויכטע פלוימען. אייער יידיש איז קרעפטיק גוט — קוואַלט אַרויס פון דעם אמתן יידישן פאָלקס-קוואַל. אַ דאַנק אייך — און שטאַרקט אייך. גייט מיט דער קראַפט. חזק ונתחזק — שלום אַש".

אין דער קאַפעטעריע, אין אַ ווינקל, זיינען געזעסן שלום אַש און מאַרדזשי, געגעסן פרישטיק און געשמועסט. איך בין צוגעגאַנגען צו זייער טיש, און באַדאַנקט אַשן פאַרן בריוו. אַש האָט אַ שמייכל געטאָן, מיך פאָרגעשטעלט פאַר מאַרדזשין און צוגעגעבן: "זעצט זיך אַוועק וועט איר עפּעס איבערבייסן צוזאַמען מיט אונדז. הערט, מען האָט נעכטן גענומען אַ

גרויסע פיקטשע מיט מיר אין דער ביבליאָטעק. איר זענט נישט געווען. מען האָט מיר געזאָגט, אַז איר האָט דעמאָלט געלערנט אין שול. דעריבער, דאַר־פן מיר היינט נעמען אַ בילד. איך, מאַרדזשי, איר און אייער סאָניע. איך וועל באַצאָלן דעם פאָטאָגראַפיסט. גייט און ברענגט אייער פרוי. זאַמט זיך נישט צולאַנג, ווייל נאָכמיטאָג וועלן מיר אַוועקפאָרן".

גייענדיק צו דער באַן, זיינען מיר אַריין צו אַ באַקאַנטן פאָטאָגראַפיסט. ווען דער ייד האָט דערזען שלום אַשן, האָט ער זיך צעשטראַלט פון פריידיקער איבעררשונג. ער האָט אונדז אויסגעזעצט, און אָנגעוויזן ווי אַזוי צו פאָזירן. שלום אַש איז געוואָרן אומגעדולדיק: "מיסטער, איך האָב שוין גענומען מער פיקטשעס, ווי איר האָט האָר אויפן קאָפּ. כאַפּט אונדז גיך אַראָפּ, וואָרעם מיר איילן זיך צו דער באַן".

קיינער פון די גבאים וועלכע האָבן זיך פריער געעוסקט און געשטופּט צו אַשן, זיינען נישט געקומען אַרויסבאַגלייטן אַשן מיט מאַרדזשין צו דער באַן. אַבי זיי האָבן שוין געהאַט אָפּגענומען זייער פאַרציע כבוד...

אַש האָט פאַרוואָרפן אויף די אַקסלען אַ ווייסן, זיידענעם שאַל, וועלכער האָט אים געגעבן דעם אָנבליק פון אַ פוילישן פריץ. פאַרבייגייער האָבן באַוואונדערט דאָס געשטאַלט פון אָט דעם שטאַלטנעם, שטאָלצן מאַן. שלום אַש האָט געשפּרייזט. אָבער איינגעהאַלטן פון צייט צו צייט דעם טראָט, ווייל מאַרדזשי האָט נישט געקאָנט נאָכהאַלטן זיין ברייטן, גיכן גאַנג. פּלוצלונג קערעוועט ער אויס דעם קאָפּ צו סאָניען און זאָגט: "איר קענט אויסהאַלטן פון אייער מאַן? נשים צדקניות זיינען די ווייבער פון די שרייבער. מיין מאַרדזשי איז אַ צדקת, אַז זי האַלט אויס פון מיר... אַז מיין געמיט איז מיר פאַראומערט. אייבעלע קאַהאַן און דער ליבערמאַן רייסן פון מיר שטיקער. אַנומעלטן אין 'פאָרווערטס' האָט מען ווידער געפּליובעט אויף מיר אַזעלכע ווילדע זידלערייען און שקרים. וואָס בושעווען זיי אַזוי אויף מיר? איך שלאָף נישט גאַנצע נעכט. איך שלינג שלאָף־פּילן. דער חורבן פון די יידן אין פוילן. מיינע פוילישע יידן ווערן פאַרטיליקט. דאָס יידנטום אין סאָוועטן־פאַרבאַנד, וואָס היטלער האָט פאַרכאַפּט ברענגט מען אום. אַזוי אויך אין אַנדערע אָקופּירטע לענדער מיט יידישע ישובים. דאָס האָט מיך אין גאַנצן צעטרייסלט. די 'עלייס' וועלן זיגן! דאָס איז ביי מיר קיין ספק נישט. אָבער פאַר אונדזערע יידן וועט דער ניצחון קומען צו שפּעט. אוי וויי איז מיר, וואָס וועט טאַקע זיין מיט מיינע יידן! וויי איז אונדז אַלעמען!"

דער קליינער ווינטער־טאָג האָט געצאַנקט און די פלאַקערדיקע זון האָט געצונדן די געשליפענע אייזנאַצן. די שאַרפע שטראַלן האָבן געשטאָכן די אויגן. דער גאַנצער דרויסן האָט זיך געשפּיגלט אין פייערבלוט פון דער פאַרגייענדיקער זון. די שקיעה האָט געדויערט ממש מינוטן. די גאַסן האָבן זיך גענומען טונקלען. שלום אַש האָט איצט געשפּרייזט נאָך גיכער, ווי ער וואָלט זיך געיאָגט ערגעץ פאָרויס, וואָס גיכער צו אַנטרינען

פון אַ פרעמד אין וועלכער ער האָט פאַרבלאָנדזשעט... זיין פיגור האָט זיך ווי געבראָכן אין דער ווייַסער שאַל, ווי אין אַ טלית, האָט ער איצט געכאַפּט דעם אָנבליק פון אַן אַרויסגעטריבענעם יידן, וואָס וואָגלט אין ווייטע פרעמדן. אין וואָקזאַל האָבן מיר זיך געזעגנט. אַ טיפער טרויער איז געווען אויסגעשפרייט אויף זיין פנים. איך האָב נאָכגעקוקט אַשן מיט מאַרדזשין און געטראַכט: מיט רשעות באַצאָלט מען אים פאַר זיינע טיף־יידישע, הויך־קינסטלערישע מאָנומענטאַלע ווערק. פאַרוואָס פייניקט מען אים?

עד היום טראָג איך אין זיך דעם ווייטיק און דעם טרויער, וואָס אומווירדיקע לייט, האָבן דערנידעריקט און פאַרביטערט די לעצטע יאָרן פון דעם גרעסטן קינסטלער־פאָרשטייער פון דער יידישער ליטעראַטור. זאָל געהייליקט און געבענטשט זיין זיין אָנדענק! אייניקע פון זיינע ווערק זיינען עכטע הייליקע יידישע ספרים. אין זיי וועט ער אייביק לעבן. עס וועט זיך צוריקקערן אַ צייט, וואָס אַש וועט ווידער דערהויבן ווערן, ווי ער האָט דערהויבן די גרויסע, מעכטיקע און פרעכטיקע יידישע וועלט־ליטעראַטור.



**פון שלום שטערן**

# דער אייגנאַרטיקער העברייאישער ישראל־פּאָעט שמשון מעלצער

## א.

כדי צו באַקענען זיך מיט דער דיכטונג פון דעם גרויסן עפּיש־לירישן פּאָעט, שמשון מעלצער, איז נייטיק קאָנען די סביבה פון זיין געבוירנאָרט.

שמשון מעלצער איז געבוירן געוואָרן אין יאָר 1909 אין קליינעם שטעטל טלוסט, וואָס איז באַוואוסט געוואָרן, ווייל אין אָט־דעם שטעטל איז דער בעש״ט געווען אַ דרדקי־מלמד און בעלפער. דאָרטן איז ער טאַקע נתגלה געוואָרן. דער בעש״ט פלעגט אונטערשרייבן זיינע בריוו מיט ״ישראל בע״ש פון דער שטאָט טלוסט״. דאָרטן אויפן אַלטן בית־הקברות געפינט זיך אויך די מצבה אויפן קבר פון בעש״טס מוטער. די מערסטע תושבים פון אָט דעם קליינעם שטעטל זיינען געווען טשאָרטקעווער און וויזשנעצער חסידים —ביידע רביים פון דער גזע פון ר׳ ישראל פון ריזשין. אַזוי אַרום, אַז פון זיין פריער קינדהייט האָט שמשון מעלצער זיך אָנגעהערט מיט פיל וואונדערלעכע מעשות וועגן בעש״ט און אַנדערע צדיקים. אָט די וועלט פון וואונדער און טרוים האָט פול געמאַכט זיין געדאַנק און געמיט. ער איז אין אָט דער סביבה געבוירן און אויפגעהאָדעוועט געוואָרן, און ער האָט די דאָזיקע לעגענדאַרע געשטאַלטן דערהויבן אין פּרעכטיקע, עפּישע פּאָעמען און לידער.

שמשון מעלצער איז געווען דער מוזיניק. זיין מאַמע איז פרי געשטאָרבן, און אים האָט אויפגעהאָדעוועט זיין שוועסטער מלכה, וואָס איז אים געווען ווי אַ מאַמע, און דער צאַרטער דיכטער באַזינגט זי אין אַ סך טיף אויסגעבענקטע פּערזן. שמשון מעלצער האָט געקראָגן אַ טראַדיציאָנעלע יידישע דערציאונג.

ביים מלמד ר׳ אהרן גאָלדהאַבער האָט ער זיך אויסגעלערנט שרייבן יידיש און העברייאיש. בכדי נישט צו פּטרן קיין צייט אין דער רעגירונגס פּאָלק־שול, האָט ער געלערנט פּויליש און דייטש ביי פּריוואַטע לערער. אַ יאָר צייט האָט ער געלערנט ביי זייער מחותן — מלכהס שווער. ער איז באַווירקט געוואָרן פון זיין טיפער מענטשלעכקייט און דערהויבענע מידות. אין דער זעלבער צייט לערנט ער אויך דאָס מאָדערנע העברייאיש ביי אַ

לערער, פריער, אָן דעם וויסן פון פֿאָטער. (פֿאַר די לעקציעס האָט ער באַצאָלט מיט דעם פֿאַרדינסט פון שילדן־מאָלעריי.) שפּעטער מיטן פֿאָטערס וויסן און זיין הילף.

שמשון מעלצער האָט געוואָלט פֿאָרן קיין ארץ־ישראל לערנען אין דער בצלאל־שול. ער האָט אפילו געשיקט אהין עטלעכע צייכענונגען. אויפֿן סמך פון די צייכענונגען איז ער באַשטעטיקט געוואָרן אָנצוקומען אין דער באַרימטער בצלאל־שול. היות ער האָט נישט געהאַט קיין געלט צו פֿאָרן קיין ארץ־ישראל און זיך דאָרטן אויסהאַלטן, איז ער אַוועקגעפֿאָרן קיין לעמבערג און איז אָנגענומען געוואָרן אין דעם פּינפֿיאָריקן העברייאיש־פּוילישן לערער־סעמינאַר, וועלכן ער האָט פֿאַרענדיקט מיט אויסצייכענונג. אין סעמינאַר האָט ער זיך באַקענט מיט מרימען, וואָס איז געוואָרן זיין פֿרוי.

אין דער נאַכט פון כל נדרי, אין יאָר 1932, איז ער און זיין שוואַנגערע פֿרוי, מרים, שוין געווען צווישן די מתפללים אויפֿן דעק פון דער שיף "פּאָלאָניאַ".

אין אייניקע חדשים נאָכן אָנקומען אין לאַנד, האָט ער פֿריער געאַרבעט, ווי אַ הויז־פֿאַרבער, אויסערן שטאָט, דערנאָך אין האַרץ פון תל־אביב. שפּעטער איז ער געוואָרן אַ לערער אין אַ גימנאַזיע. כמעט צוויי יאָר האָט ער זיך אויסגעהאַלטן פון געבן פּריוואַטע לעקציעס אין העברייאיש, איבערהויפּט צו עולים פון דייטשלאַנד.

אין יאָר 1936, נאָך דעם ווי עס זיינען פֿאַרעפֿנטלעכט געוואָרן זיינע ערשטע לידער אין "דבר" און אין "דבר" פֿאַר קינדער, איז ער פֿאַרבעטן געוואָרן דורך דער רעדאַקציע, צו ערשט ווי אַ רעפּאָרטער וועגן קולטור־ענינים, און דערנאָך ווי אַ רעדאַקטאָר צו אַרבעטן אין פֿאַרשידענע אָפּטיילונגען. אַכצן יאָר האָט ער געאַרבעט אין "דבר". פֿינף יאָר איז ער געווען רעדאַקטאָר פון "דבר" אין דער אָפּטייל פֿאַר קינדער.

אין "דבר" זיינען פֿאַרעפֿנטלעכט געוואָרן די מערסטע פון זיינע עפּיש־לירישע לידער און פּאָעמען. אין פֿאַרלאַג "דבר" זיינען אויך דערשינען זיינע ערשטע דריי ביכער: "בשבעה מיתרים", "עשרה שערים", "ספר השירות ובלדות", אַרויס אין פֿינף אויפֿלאַגעס און מער ווי 20 טויזנט קאָפּיעס. אין יאָר 1953 איז שמשון מעלצער איינגעלאַדן געוואָרן צו רעדאַקטירן דעם חודש־זשורנאַל "עתידות". נאָך דעם אַ פּערטליאָריקן יוגנט־זשורנאַל "רבעון לנוער".

פון יאָר 1959 איז ער דער רעדאַקטאָר פון דער ציוניסטישער ביבליאָטעק, דאָס איז דער פֿאַרלאַג פון דער הסתדרות הציונית העולמית אין ירושלים.

שמשון מעלצער האָט איבערגעזעצט אַ צאָל יידישע ביכער אין

פּראָזע, אין פּאָעזיע. זיין אַנטאָלאָגיע "על נהרות" נעמט אַריין 76 איבערזעצונגען פון דער יידישער דיכטונג. ער איז איינער פון די מייסטער־איבערזעצער פון דער יידישער ליטעראַטור אויף עברית. מיטן גאַנצן האַרצן האָט ער ליב יידיש־קודש און פון יידישע שרייבער אין חוץ־לארץ ווערט ער באַטראַכט, ווי זייער אַמבאַסאַדאָר אין ישראל.

## ב.

איך האָב געבראַכט געקירצטע פּרטים פון שמשון מעלצערס ביאָגראַפיע, וואָס איך האָב איבערגעזעצט פון עברית, ווייל אָט די ביאָגראַפישע שטריכן זיינען די צייכנס, וואָס פירן אונדז צו די טיף־יידיש־שטייגערישע מאָטיוון פון שמשון מעלצערס אייגנאַרטיקער פּאָעזיע.

זיין "ספר השירות והבלדות" (דאָס בוך פון געזאַנגען און באַלאַדן) עפנט זיך מיט דער פּאָעמע "המגרפה" (אַ מין אָרגל וואָס איז געווען אין בית־המקדש) און באַלד נאָך איר קומט די באַלאַדע "הפרכת". אין אָט די ביידע פּאָעטישע שאַפונגען דערפילט מען די כוונה פון פּאָעט. ער לאָזט אונדז וויסן, אַז דאָס יידישע לעבן נאָך פון יענע יאָרן, פון גאָר ווייטן אַמאָל, ווען דער בית־המקדש איז געווען אין העכסטן גלאַנץ פון זיין שיינקייט, אין אייגן לאַנד, ביזן היינטיקן טאָג — איז איין לאַנגער גאַנג. דאָס אומגליק, וואָס האָט דעם יידישן פאָלק געטראָפן, ווען טיטוס הרשע איז אַריין אין בית־המקדש און אַריינגעשטאָכן זיין שווערד אין הייליקן פּרכת און בלוט האָט גענומען רינען פון פּרכת, אָט דאָס איז אייגנטלעך געשען צו די יידן אין די פאַרשידענע גלות־לענדער.

אָט די צוויי געזאַנגען, רייך אין פאַרביקע בילדער, זיינען געשריבן אין ריטם פון טרוימערישן מדרש, און ער באַנוצט זיך כסדר מיט די משלים־פאַרגלייכונגען פון למה הדבר דומה? (צו וואָס איז די זאַך געגליכן?).

זיין גאַנצן צער און זיין בטחון קריצט ער אַריין און מעבטיקע פּאָעטישע פערזן, וואָס קענען זיין אַ מוסטער פון סטיל פאַר דיכטער אין יידיש און עברית, ווי אַזוי צו פורעמען אין עפּישער געשטאַלטיקונג, לויטער־ריינע ליריק פון אַזאַ ממש רוחניותדיקן מאַטעריאַל.

דאָס זעלבע איז שוין חל אויף זיינע געשטאַלטן פון אונדזער נעבטיקער היימיש־האַרציקער שטעטל־סביבה. דאָ איז שמשון מעלצער אויפן באָדן פון זיין קינדהייט־און־יוגנט. כמעט איטלעכס וואָרט איז טרערנפול מיט דער בענקשאַפט צו יענעם שטייגער אין וועלכן עס האָבן זיך באַוויזן אַזעלכע גרויסע און ליכטיקע מורי דרך און פאָלקס־מנהיגים, ווי דער בעש"ט און זיינע תלמידים.

מיט די אַלע מעשות האָט ער זיך אָנגענומען נאָך אין זיין קינדער־און יוגנט־יאָרן אין דער היים פון זיין שטעטל, אָבער פיל פון זיי געפינען זיך אין די ספורי נפלאות וועגן די צדיקים — די גוטע יידן (ווי מען האָט די רביים

גערופן). אין יעדער מעשה נפלא איז אַריינגעבויט אַ געשטאַלט און עס ווערט אויפגעבויט די שטייגער־סביבה פון אונדזער געוועזענעם עבר. אַזוי אַרום, ציט זיך אַ גילדענער פאָדים פון ווייטן אַמאָל צום נאָענט — אויך אונדז באַקאַנטן היינט, אין וועלכן מיר אַליין האָבן געלעבט.

אַ שטיק חדר־שטייגער איז זיין פּאָעמע "אָשירה לרש״י (איך וועל זינגען אַ געזאַנג צו רש״ין). עס איז נאָך די בלוטיקע יאָרן פון דער ערשטער וועלט־מלחמה. דאָס שטעטל און אַלע יידן אין דעם זיינען אַלע אַ דורך די פייער־בראַנדן פון קריג, און אָט האָט זיך פון דעם שלאַכטפעלד (שדה הקטל) צוריקגעקערט דער האַרציקער מלמד ר׳ אהרן און די תלמידים זיצן שוין אַרום רבינס לאַנגן טיש, שאָקלען זיך און לערנען חומש מיט רש״י. דער רבי טייטשט און לערנט איין דאָס אויסריידעניש אויף יידיש (אויף "ואני — ואני יעקב, בבואי מפדן־ארם"): "ואני — און איך, יעקב, ווען איך בין געקומען פון פדן־אַרם, מתה עלי רחל, איז מיר געשטאָרבן רחל דיין מאַמע. און כאָטש איך בין דיך מטריח זיך מתעסק צו זיין מיט מיין קבורה און פירן מיך קיין כנען און מיך מקבר זיין אין דער מערת המכפלה. אָבער מיט דיין מוטער רחל האָב איך נישט אַזוי געטאָן, אָבער ווייס, אַז איך האָב דאָס געטאָן על פי הדבור. און כאָטש עס איז געווען אַ שטיקל וועג קיין אפרת, האָב איך זי באַגראָבן אויפן וועג קיין אפרת און בית־לחם. פאַרוואָס האָב איך אַזוי געטאָן? ווייל עס איז געווען על פי הדבור: ווען יידן וועלן געפירט ווערן אין קייטן דורך נבוזראדן, וועלן זיי וויינענדיקע דורכגיין דורך דער מוטער רחלס קבר. וועט זי אַרויס פון קבר און וויינען און קלאָגן און בעטן רחמים אויף אירע קינדער. דאָס מיינט, רחל מבכה את בניה".

אויף דעם "אויסריידעניש" זאָל דער גרויסער פּאָעט און קדוש ישראל שטערן האָבן אומגעפער אַזוי געזאָגט: אַז דער ניגון פון "דעם אויסריידעניש" וועט געהערט ווערן אין די ווערק פון די יידישע שרייבער, וועלן מיר האָבן אַן אייגענע, יידישע ליטעראַטור. אין שמשון מעלצערס ווערק אומעטיקט אָפּט אין טיפער האַרציקייט אָט דער ניגון. מחמת פון די קינדעריאָרן אין חדר האָט אין דעם ניגון פון "ואני בבואי מפדן אַרם" אַרויסגעזונגען די גאָרע בענקשאַפט און דער גרויסער יידישער צער אויף אַלע אונדזערע חורבנות. עס איז אויך געווען דער בטחון אין האַרצן, אַז עמעצער נעמט זיך אָן פאַר אונדז. ווייל: "קול ברמה נשמע. רחל מכבה על בניה".

איך געדענק ווי מיין חדר־חבר הערשעלע פלעגט אַזוי אָנכאַפּן ביים האַרצן, אַז דערבייַ פלעגט מען אים, קוים קענען באַרואיקן, אַזוי פלעגט ער שלוכצן.

וועגן בעש״ט האָט ער אַ סעריע לידער און פּאָעמען אין וועלכע מיר דערזעען די נויט פון זיין מאַמע שרה און איר צעבראָכן האַרץ אויפן אויפפיר פון איר יתום ישראליק, וואָס לאָזט איבער דאָס חדר און אַנטלויפט

אין וואַלד. שמשון מעלצערס עלטער־עלטער־באָבע, רחל די גבירהטע און חכמה, עצהט איר, אַז זי זאָל אים מאַכן פּאַר אַ באַהעלפער. דעם בעש״טס מאַמע איז געשטאָרבן אין גרויס אָרעמקייט. מען האָט זי באַגראָבן ביים עק פון אַ קברים־ריי, און קיינער האָט נישט געוואוסט, וואו איר קבר געפינט זיך. איז מען געפאָרן צו אַ צדיק צו וויסן, וואו צו שטעלן איר אַ מצבה. האָט ער געזאָגט: אַז מען זאָל נעמען צוויי יונגע קי, וואָס זיינען נאָך אין יאָך נישט געגאַנגען, אויף זייערע פּלייצעס אַרויפלייגן דעם שטיין. זאָלן זיי גיין צווישן די קברים אין סוף פון דער ריי, און וואו דער שטיין וועט פאַלן, דאָרטן איז איר קבר. איז דער שטיין געפאַלן אין ענד פון דער קברים־שורה. האָט מען שוין געוואוסט, וואו עס געפינט זיך איר קבר...

דאָס באַאַרבעטן קינסטלעריש אַ יידישע פאָלקס־מעשה איז ביי שמשון מעלצער נישט בלויז טעמאַטיק. דער עיקר איז ביי אים ארויס־געהויבן דאָס געשטאַלט וואָס דאָס פאָלק טוט מיט אַזעלכע וואונדערלעכ־קייטן באַקרוינען.

אַזוי זעען מיר דעם בעש״ט ווי ער בידעוועט נעבעך, ווי ער בעט אין גרויס פיין, ווען זיין וועגעלע ווערט פאַרזונקען אין בלאָטע, און ער קען עס נישט אַרויסציען. ער פירט אויפן וואָגן אַ ביסל מעל פאַר מצה, קאַרטאָפל און אייער פאַר פסח. און דער רעגן הענגט איבערן קאָפּ. האָט דער בעש״ט באַהאַלטן דאָס פּנים און אָנגעהויבן וויינען. דרייט ער אויס דעם קאָפּ שטייט לעבן אים אַ גוי מיט אַ ליולקע אין מויל, און ער זאָגט: ״היי טי מילינקי, מילינקי מי! ווי אַזוי ביסטו דאָ פאַרגרעזנעט געוואָרן... היי טי בידנינקי, בידנינקי מי! (היי דו טייערינקער מיינער, היי מיין ליבינקער, היי דו אָרעמינקער, אָרעמינקער מיין).

פאַרשטייט זיך, דעם וואָגן האָט מען שוין אַרויסגעשלעפּט. גרינג איז ער אַרויף אויפן באַרג. און ווען דער בעש״ט דרייט אויס דעם קאָפּ, און וויל אים זאָגן: ״גאָט זאָל דיר באַצאָלן דערפאַר!״ איז דער גוי שוין פאַרשוואונדן... און ווייל אַז ער איז נעלם געוואָרן אַזוי פּלוצלונג, איז אַ סימן, אַז דאָס האָט זיך צו אים באַוויזן אליהו הנביא אין געשטאַלט פון דעם גוי. אַזוי האָבן מיר דאָס לעבנסבילד פון בעש״ט דעם ליים־פירער. עס איז אַ שילדערונג פון שווערער האָרעוואַניע און נויט, אַזש עס רייסט ביים האַרצן. דער בעש״ט זייענדיק אין די בערג בעט: ״רבונו של עולם, שפייז מיך דורך מיין שווערער מי, אַבי שטאַרק מיין גוף און באַשיץ אים פון קראַנקהייט און אומגליק און לאָמיך פאַרזוכן דעם זיסן טעם פון רו אין דער רגע פון מיין רו!״

אַזוי פשוט, אַזוי מענטשלעך. אייגנטלעך איז דאָס אַ געבעט פון יעדן מענטש. שמשון מעלצער שוועבט נישט אַוועק מיטן בעש״ט אין די עולמות עליונים, אין די הויכע וועלטן ערגעץ. ביי אים איז דער בעש״ט אַ פאָלקס־ייד מיט אַ האַרץ־ריינקייט, וואָס פילט דאָס האַרץ פון דעם אָרעמען

פאָלקס־ייד. דערפאַר איז ער, דער פאָלקס־טרוימער געוואָרן דער מנהיג פון דלות העם — דער פירער פון אָרעמען פאָלק. אַזוי אַרום, ליגט די גרויסקייט און די גאַנצע קדושה פון בעש״ט אין זיין דער מיטפילנדיקער אין צער פון פאָלק.

אין די קאַרפּאַטן־בערג זיינען געשאַפן געוואָרן פיל לעגענדעס און לידער וועגן דעם ראש פון אַ רויבער־באַנדע, דאָבוש. לויט ווי די פאָלקס־מעשות דערציילן, האָט ער באַרויבט די פריצים און צעטיילט דאָס געלט צווישן די אָרעמע פּויערים אין דער געגנט. אין די חסידישע מעשות ווערט איבערגעגעבן, אַז ווען דער בעש״ט האָט זיך מתבודד געווען אין די קאַרפּאַטן־בערג, האָט דאָבושן געצויגן צום געטלעכן מאַן. ער האָט דעם בעש״ט זייער געאַכט, און פלעגט קומען צו אים זיך אויסרעדן דאָס האַרץ. אַזוי אַרום, ווערט דאָבוש גזלן דער באַשיצער פון בעש״ט, עס זאָל אים קיין שום שלעכטס נישט געטאָן ווערן.

שמשון מעלצערס באַלאַדע ״דאָבוש און דער בעש״ט״ איז געבויט אויף איינע פון די דאָזיקע פאָלקס־מעשות: ווען דאָבוש איז אַלט און ווייס און פילט זיין טויט איז נאָענט, קומט ער צום בעש״ט מיט אַ שיסל גאָלד און אַ געשליפענער האַק, אַז ער זאָל נעמען דאָס גאָלד, און אַז דער בעש״ט זאָל בעטן פאַר אים: אַז גאָט זאָל דאָבושן פאַרגעבן די זינד פון רויב און מאָרד, אַנישט וועט ער אין אים אַ שליידער־טאָן די געשאַרפטע האַק. דער בעש״ט זאָגט אים: ״דאָבוש, דאָבוש טשאָלאָוויטשע, ווי אַזוי וועסטו קומען צום בית דין של מעלה און דאָס רויב איז אין דיינע הענט? וואַרף עס אַוועק. ווי אַזוי וועסטו קומען פאַרן משפט אויף יענער וועלט מיט דער געשליפענער האַק? וואַרף זי אַוועק״.

״דאָבוש פאַרלאָזט די הייל זיינע מיט גאָלד, זילבער און בריליאַנטן. ער געזעגנט זיך מיט די כלאָפּצי און זאָגט זיי. אַז ער וועט זיך אומקערן, און אַליין פליט ער אַוועק אויף זיין פערד אין די בערג. ער רייט אויף זיין פלינקן פערד און דער טויט רייט נאָך אים. עס רעגנט אין דער טונקעלער באַרג־וואַלדיקער טיף. אַ בליץ. איז עס אַ בלענד פון אַ האַק איבער זיין קאָפּ אויפגעהויבן? דאָבוש ליגט שטיל און רואיק. ליכט שימערט פון זיין פנים און אַ שטראַל פון פרייד אין זיינע אויגן. און דאָס ווייסע פערד קערט זיך צוריק אַליין״.

די קאַרפּאַטן־בערג. די וואַסערן אין טייך פּרוטעץ גליטשן זיך גיך. אין אים פליסן די וואַסערן פון פּרוט. דער הימל איז אויסגעשפּרייט אין דער הויך, דער זעלבער הימל איז אויך אין וואַסער־שפּיגל פון די שווימענדיקע טייכן. שמשון מעלצער איז אַ מייסטערמאָלער פון דער לאַנדשאַפט. ער וואַרפט נישט איין פאַרב־ליניע אויף דער צווייטער, ער געפינט אין צמצום דאָס פאַרביקע וואָרט אַרויסצובולטן דעם פּייסאַזש.

דאָס איז אויך זיין קינסטלערישער כוח, בעת ער שילדערט מענטשן

אין זייער היים־ספערע, אַזוי אויך ווען ער פֿאַרבילדלעכט די נאַטור אַרום, לויט זיין געמיט און שטימונג.

מיין איינדרוק איז, אַז די העכסטע און געוואונטשענע קינסטלערישע הייך דערגרייכט ער אין דער וויזיאָנערישער פּאָעמע "דער טאַנץ פון רבין, ר' זושא" און "מיין ברודער דער סאָלדאַט". לויט דער חסידישער מסורה האָבן דער רבי זושע מיט זיין ברודער, דער רבי ר' מלך, אָפּגעריכט גלות. זיי האָבן, ווי אָרעמע בעטלער, געוואַנדערט פון דאָרף צו דאָרף, פון שטעטל צו שטעטל. נו, קומט זיי איין מאָל אויס צו נעכטיקן ביי אַ בייזן און פֿאַרגרעבטן קרעטשמער, וואָס האָט פיינט די קבצנים — די אָרחי־פּרחי. באַלייגט ער איינעם אויפֿן פּיעקעליק און דעם צווייטן אויפֿן נאַקעטן טיש. דער רבי ר' מלך רופט זיין ברודער: זושע סערצע (זישע האַרציקער) און דער רבי ר' זושע רופט זיין ברודער "מלך דושע" (מלך נשמה).

ליגט ר' מלך אויפֿן אויוון און זיין ברודער אויפֿן טיש. ר' מלך לייענט אָפּ קריאת־שמע און שלאָפט איין, אָבער דער רבי ר' זושע קען נישט איינשלאָפן. פּלוצלעם פּראַלט זיך אויף די טיר און אַ פריילעכע חברה טאַנצט אַריין. מען גיסט משקה. מען טאַנצט און מען ציט פון טיש אַראָפּ ר' זושען און ער טאַנצט. די בגילופנדיקע חברה דרייט זיך, טאַנצט און זינגט. און ר' זישע מיט איין גוי רעכטס, מיט איין גוי לינקס, און צוזאַמען זינגען זיי "אוי דאַנאַ, אוי דאַנאַ" און ר' זושע זינגט פאַר זיך צו: "הושענאָ, אדוני! הושענאָ, אַדוני!".

פונעם טומל כאַפּט זיך אויף ר' מלך, און ער האָט גלייך פֿאַרשטאַנען אַז זיין ברודער זינגט מיט די מלאכי השרת און ער טאַנצט מיט די שרפים. און ער רופט: "זושע סערצע, גיך, נעם מיך אויך אַריין אין ראָד, לאָמיך אויך אַ ביסל טאַנצן". אין דער זעלבער רגע איז אַלץ פֿאַרשוואונדן. ר' מלך קריכט אַראָפּ פון אויוון, וועקט אויף ר' זושען, אַז ער זאָל זיך לייגן אויפֿן אויוון אָנוואַרעמען זיך אַ ביסל. ר' זושע קריכט אַרויף אויפֿן אויוון, שלאָפט גלייך איין. פּלוצלינג זעט ר' מלך די זעלבע לוסטיקע חברה טאַנצט אַריין און אים אויפֿן טיש טשעפּען זיי נישט. ער איז מיד, זאָל ער רוען אַ שלאָפנדיקער אויפֿן טיש. און מען שלעפּט אַראָפּ ר' זושען פונעם אויוון, און מען דרייט זיך מיט אים אין אַ טאַנץ. דער רבי ר' מלך זיצט אויפֿן טיש. עס בלענדט אַ גרויס ליכט, און ער הערט דאָס געזאַנג פון מלאכים...

ערשט דעמאָלט האָט דער רבי ר' אלימלך פֿאַרשטאַנען אַז בלויז ר' זושע האָט זוכה געווען צו טאַנצן מיט די מלאכים. האָט ער געוויינט: דאָס גליק איז מיר נישט באַשערט געוואָרן... קאַלט און פינצטער אין דער קרעטשמע. טרערן רינען פון זיינע אויגן... ער וועקט זיין שלאָפנדיקן ברודער: זושע סערצע, גליקלעך ביסטו, וואָס האָסט זוכה געווען צוויי מאָל צום טאַנץ און צום געזאַנג.

אין דער דאָזיקער נאַכט האָבן ביידע ברידער די וואָגלער, געוויינט אויפן אויוון.

די קאָנסטרוקציע פון זיינע פּאָעמעס און באַלאַדעס איז אַ דערציילעריש־שילדערנדיקע דורכגעפעדעמט מיט אַ פּשטותדיקער ליבטיקייט אין וועלכער עס ציטערן יחידיש־לירישע טענער. ער איז דער דיכטער פון פאָלקס־מאָטיוון און ער באַמיט זיך כסדר צו נוצן דאָס פאָלקס־לשון. זיין פאָלקסטימלעכקייט ברענגט אים נאָענט צום רייזנסאַרט פון אונדזער היימיש־האַרציקן יידיש. מיט דעם איז ער אַ יחיד במינו אין דער גאַנצער מאָדערנער העברייאישער ליטעראַטור אין ישראל.

זיין "אַחי החיל" ("מיין ברודער דער סאָלדאַט") מאַכט אויפציטערן דאָס האַרץ, ווייל אָט די באַלאַדע פאַרמאָגט די ווייכקייט און די וואַרעמע געפילן־האַרציקייט פון יידישן לשון. דאָס איז אַ שטיק פיינלעכע ווירקלעכקייט נאָך פון פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה. דעמאָלט האָט אַ יידיש בחורל, וואָס האָט געלעבצט נאָך וועלטלעך וויסן, געמוזט בסתר אַנטלויפן פון שטעטל אין דער גרויסשטאָט, דאָרט צו לערנען. אָט דאָס האָט געטאָן זיין ברודער. ער איז אַוועק קיין ווין אין עלטער פון 14 יאָר. אָבער צו לערנען האָט ער קיין מיטלען נישט געהאַט, איז ער געוואָרן אַ קאָמאַשן־שטעפער און גלייכצייטיק אַ פועלי־ציוניסט. איז געפאַלן אַ פלעק אויף דער משפחה.

האָבן זיך געשעמט די רייכע,
פאַרריסענע קרובים און זייערע ווייבער — די מאַדאַמען, וואָס וואוינען אין ווילעס, זיי איז נישט אָנגעשטאַנען אַ בעל־מלאכה אין דער משפחה, און אין זייערע קאָטשן פלעגן זיי דורכאיילן זייער הויז.

דער דאָזיקער ברודער איז אַראָפּגעקומען איין מאָל אויף אַ באַזוך צו די עלטערן, האָט ער געהיים צונויפגערופן אַ פאַרזאַמלונג אין פעלד און אַגיטירט די געזעלן און די געהילף־אַרבעטער פון די קראָמען.

האָט דאָס גאַנצע שטעטל געקאָכט. דער עלטערער ברודער מאיר האָט געברויזט: "זאָל ער צוריקפאָרן קיין ווין, אָט דער סאָציאַליסט!"

ברעכט אויס די מלחמה, און ער ווערט גערופן אין דער עסטרייכישער אַרמיי און פאַלט אין שלאַכט. די מאַמע קען דעם צער נישט אַריבערטראָגן און שטאַרבט, און דער טרויער באַזעצט זיך אין הויז, און אין האַרץ פון דעם קליינעם שמשונען, וואָס ער געדענקט אים קוים, ווי דורך אַ נעפּל פון אַ חלום.

די באַלאַדע, וואָס איז די טראַגעדיע פון זיין ברודער. איז דאָך אויך געוועזן דאָס אומגליק פון מיליאָנען, און דער טרויער וויינט אַרויס פון די ווערטער און רירט ביז טרערן.

ווי אַ מוסטער פון לירישער פשטות זאָלן דינען איניקע פערזן:

הלא הוא ספור על חייו ומותו

של אחד מאחי:

אף הוא כך סרב בי למות במותו

ובלבי עודו חי.

דאָס איז אַ דערציילונג וועגן לעבן און טויט פון איינעם פון מיינע ברידער: אָבער ער, אפילו נאָך זיין טויט, ווייל ער איז מיר נישט שטאַרבן. אין מיין האַרץ לעבט ער נאָך אַלץ (פריי איבערזעצט פון מיר).

אמי ז״ל, אָמנם, דאבה, אין ספק,
אולם לא למלאכתו,
אלא שמקומו בשלחן נשאר ריק
וריקה צלחתו.

מיין מאַמע זכרונה לברכה, געוויס, האָט זי געוויינטיקט, אָבער נישט איבער זיין מלאכה, נאָר וואָס זיין אָרט ביים טיש איז געבליבן ליידיק, און ליידיק זיין טעלער (פריי איבערזעצט דורך מיר).

הלך, כמובן, לא ברב התלהבות.
הוא היה סאָציאַליסט.
רצה עוד לחיות. לא רצה למות,
כלשונו ״גאָר אומזיסט״.

ער איז געגאַנגען, פאַרשטענדלעך, אָן באַגייסטערונג. ער איז געווען אַ סאָציאַליסט. ער האָט נאָך געוואָלט לעבן. ער האָט נאָך נישט געוואָלט שטאַרבן, ווי ער זאָגט אין זיין לשון: ״נאָר אומזיסט״.

דער פּאָעט שמשון מעלצער איז גרויס אין זיין דרייסטקייט צו זיין אַ נאָוואַטאָר. ער בויגט די העברייאישע שפּראַך. ער שאַפט נייע ווערטער און אפילו גאַנצע, פולע אויסדרוקן. דערביי שטעלט ער זיך פאַר קיין זאַך נישט אָפּ. ער שלינגט אַלץ איין אין דער מיל פון זיין נייעם שפּראַך־אוצר. ער רייניקט אָפּ די פלעווע, און מיר קריגן ווייס זעמל־מעל. ער נעמט פון גמרא, פון דער משנה, פון מדרש, פון דער יידישער פאָלקס־מעשה, אין יידיש, פון פאָלקס־מויל, און עס ווערט איין נייע שפּראַך־לייטערונג. ווייל ער האַלט אין איין אָפּרייבן דעם אָנגעזאַמלטן זשאַווער פון דעם אַלטן, פאַרגליווערטן, שטייפן, מליצהדיקן לשון קודש.

דעריבער איז ער דרייסט, און די הויפּט־השפעה האָט אויף זיין פּאָעזיע געהאַט יידיש. ער איז זיך פשוט מחיה. ווען אים געראָט זיך צו דערנענטערן צו נוסח־יידיש, צו איר שטילן, ווייכן, האַרציקן ריטם. און איר זיסן טעם האָט ער אַריינגעגאָסן אין זיין נייעם, בילדערדרייכן, וואונדערלעכן היינטצייטיקן עברית.

שמשון מעלצער איז איינער פון די יידישסטע, לירישסטע פּאָעטן

היינט אין ישראל. אין זיינע פערזן איז פֿאַראַן לויטערע תמימות און אַ ליכטיקייט שיינט אַרויס פון די ווערטער, וואָס פֿאַרגאָפן מיט זייער צויבערדיקער געשליפנקייט, מיט זייער ריטמישער און צאַרטער מוזיקאַלישקייט. לאָמיך דאָס אילוסטרירן מיט זיין עפּיש־פּאָעטישער מייסטערשאַפונג "תכריכים":

"וואָס איז דער וואונדער, אַז פון אַלע דערפער איז מען ס'יאָר געקומען צום יריד — דער וועג צעלעבערט איז געווען ווי אַ זיפּ און טרוקן פּאַר אַ פור און טריט. די זון האָט ניט געזשאַלעוועט איר גאָלד, צעשפּרייט איר שיין מיט גאָר אַ פולער האַנט, דאָס גראָז האָט פריש געגרינט אַרום די וועגן, פרילינג איז געווען אין גאַנצן לאַנד!" (איבערגעזעצט פון עברית פון מרדכי יאָפע).

איך האָב נישט אַרומגענומען די גאַנצע טעמאַטיק פון שמשון מלצער, וואָס שליסט איין ליבע־מאָטיוון, ישראל־געזאַנגען און לידער וועגן אָרעמשאַפט און נויט. אפילו די פיל געשטאַלטן פון דער חסידישער מיליע, האָב איך נישט באַוויזן אַרויסצוהייבן, ווייל איך האָב זיך באַמיט צום אַלעם ערשטן איבערגעבן דעם לייענער דעם תוכן, און ממילא אַ קליינעם טייל פון דעם תוך פון שמשון מעלצערס פּאָעזיע. אין זיין געמיט איז פֿאַרפּלאַנצט געוואָרן אַ גרויס־יידיש־שטייגער־לעבן, אַ ירושה פון דורות, וואָס איר דערהויבענע שיינקייט וויל ער אויך פֿאַרפּלאַנצן אין האַרץ פון יונגן דור אין ישראל. הלוואי, עס זאָל זיך אָנעמען, וועלן די סאַבראַס דערפילן די וואָרצלען פון יידישע דורות, און וויסן אַז נישט אַלץ, גאָרנישט אַלץ הויבט זיך אָן פון זיי.



**פון שלום שטערן**

# דער גרויסער ישראל־דיכטער
# אברהם שלאָנסקי

כדי צו וויסן פון וועלכן האַרץ־קוואַל עס האָבן זיך געלייטערט אברהם שלאָנסקיס דיכטערישע לידער, איז נויטיק זיך צו באַקענען מיט דער היים־סביבה פון טאַטע־מאַמע. דאָס וועט אונדז געבן דעם שליסל צום געמיט פון דעם פּאָעט, וואָס מיטן ברויז פון זיין וואָרט האָט ער פריער געוואָלט שטורעמען קעגן איינגעשטעלטע פאָרמען פון דער העברייאישער דיכטונג, און אין זיין ניי פורעם־געפעס אַריינגיסן דעם גייסט פון זיין חלוצים־דור, וואָס האָט געענדערט דעם שטייגער־לעבן, נישט בלויז פון דער יידישער יוגנט — די פּיאָנערן־בויער פון ארץ־ישראל, נאָר מיטגעריסן מיט זיך דורות־יידן, וואָס האָבן געלעבט אין אַ טראַדיציאָנעלער, אָבער אָפּגעזונדערטער אייגנאַרט אין די געדיכטע יידישע ישובים פון רוסלאַנד, ליטע און פוילן. אברהם שלאָנסקי האָט מיטן ברען פון זיין וואָרט, מיט דער אַנדערשקייט פון לשון און סטיל, און טאַקע מיט זיין נייעם תוכן, מיטגעריסן די עקשנותדיקע טרוימער — די חלוצים־בויער, אָבער ער אַליין האָט זיך פון שורש נישט אָפּגעריסן, און קיין מאָל נישט אויסן געווען אָפּצורייסן זיך פון דער טראַדיציאָנעלער, היימישער שטייגערישקייט.

מען האָט נישט ריכטיק פאַרשטאַנען זיין אַרויסטריט קעגן ביאַליקן און בכלל זיין ברעכן די צוימען פון לשון־קודש, און נייער און פרייער מאַכן דאָס עברית, עס זאָל קאָנען אָנגעלאָדן ווערן מיטן נייעם אינהאַלט, און איבערגעבן דאָס, וואָס הויבט זיך אָן אויסגעשטאַלטיקן אויף דעם באָדן פון ארץ־ישראל.

אברהם שלאָנסקי איז געשוואומען אין די שטורעם־וואַסערן פון זיין צייט, און זיך פון זיי אַרויסגעגליטשט, בכדי צו קענען געפינען די שפינענדיקע פעדעם, וואָס פון זיי וועבט זיך אויס דאָס יידישע לעבן מיט אַלע זיינע ליידן, נסיונות און אייביקן חלומען וועגן אַ גואל, וואָס וועט ברענגען די גאולה... אברהם שלאָנסקי — ווי פיל אַנדערע פאַר אים, און די פון זיין אייגענעם דורכגעפּייניקטן, אויפגערודערטן און צעשטורעמטן דור, האָבן דערפילט, אַז די גואלים זיינען זיי אַליין, און דורך אייגענער פּראַצע פון אַראָפּקייקלען דאָס געשטיין וואָס פאַרפּאַנצערט דאָס געביין פון דער פאַרוויסטער ערד, וועלן זיי ברענגען די גאולה פאַר זיך און... פאַר עם ישראל.

אברהם שלאָנסקי איז געקומען אַן אָנגעלאָדענער פון דער היים־טראַדיציע פון חב״דיזם, חיבת ציון, אחד־העמיזם, העברייאישע און רוסישע ליטעראַטור.

וועגן זיין היים־סביבה און אויך וועגן דעם גרויסן פּאָעטישן צושטייער זיינעם צו דער נייער העברייאישער פּאָעזיע ווערט איבערגעגעבן אין דעם אַריינפיר צו זיין ״ילקוט שירים״.

עס איז אויך פאַראַן אַן אויספירלעכע ביאָגראַפיע מיט אַן אָפּשאַצונג וועגן אים אין דער ״ענציקלאָפּעדיע יודאַיאיקאַ״ (אַנציקלופדיה יודאַיקה). לויט אָט־די מקורות, און בלשונם — אין זייער שפּראַך און סטיל — גיב איך איבער קורצע ביאָגראַפישע נאָטיצן. אַזוי אַרום, וועלן מיר בעסער פאַרשטיין זיין ליד, און נענטער וועט אונדז ווערן דאָס געמיט פון דעם גרויסן דיכטער.

אברהם שלאָנסקי איז געבוירן געוואָרן דעם 6טן מערץ 1900, אין קריוקאָוו, אוקראַינע, אַ פּאַרשטעטל פון דער שטאָט קעמטשוק, פּאָלטאַווער גובערניע. זיין פאָטער טוביה איז געווען אַ חב״דער חסיד, און דער ליובאַוויטשער רבי איז שלאָנסקיס אַ קוזין. זיין פאָטער טוביה איז געווען אַ מוזיקאַליש באַגאַבטער מענטש. ער איז געווען אַ חזן און אַ שאַפער פון נגינה. ער האָט געשאַפן די מעלאָדיע צו שאול טשערנאָכאָווסקי באַרימט ליד ״שחקו, שחקו על החלומות (״איר מעגט זיך לאַכן פון די טרוימען״). זיין מאַמע איז אין דער יוגנט געווען אַקטיוו אין דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג. ווען אברהם שלאָנסקי איז אַלט געוואָרן 13 יאָר, אין 1912, האָבן די עלטערן אים געשיקט לערנען קיין ארץ־ישראל אין דער גימנאַזיע ״הרצליה״ ער קומט צוריק אַהיים פאַרן אויסבורך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה און לערנט ווייטער אין דער יידיש־וועלטלעכער גימנאַזיע אין יעקאַטערינאָסלאָוו. זיי ערשט ליד איז דערשינען אין 1919, אין ״השילוח״. דאָס ליד האָט געהייסן ״בדמי ישיש״.

מיט דער דריטער עליה אין 1921, נאָך שווערע איבערלעבונגען און וואַנדערונגען אין רוסלאַנד און פּוילן, קומט ער אָן קיין ארץ ישראל. אַ שטיקל צייט איז ער געווען אין עין חרוד. יענע ערשטע יאָרן האָט ער באַשריבן אין אַ קאַפּיטל זכרונות ״מעגבניה עד סימפוניה״ (פון אַ טאָמעטע פּאָמידאָר ביז אַ סימפאָניע). זיין ערשט ארץ־ישראל ליד האָט זיך באַוויזן אין הפועל הצעיר, 1929. דאָס זעלבע יאָר באַזעצט ער זיך אין תל־אביב. ער האָט געאַרבעט ביי פאַרשידענע אַרבעטן, אויך ביים אויסלייגן דעם שאָסיי עפולה־נצרת. אָשר ברש און יעקב ראַבינאָוויטש האָבן אין אים דערזען איינעם פון די וויכטיקסטע פאָרשטייער פון דעם נייעם דור ארץ־ישראל פּאָעטן. זיי האָבן אים צוגעצויגן צו די ליטעראַרישע העפטן ״הדים״. אין 1924 פאָרט אברהם שלאָנסקי קיין פּאַריז צו פאַרענדיקן זיין בילדונג. ווען עס איז געגרינדעט געוואָרן דער ״דבר״, האָט אים בערל קאַצענעלסאָן

פאַרבעטן צו ווערן אַ שטענדיקער מיטאַרבעטער. אין גיכן ווערט ער אַ מיטגליד אין דער רעדאַקציע. ער האָט זיין חותם אַרויפגעלייגט אויף דעם ליטעראַרישן אָפּטייל פון "דבר".

אָבער דאָס איז געווען אַ שמאָלע סטעזשקע פאר אים. ער איז געווען צו אימפּולסיוו צו בלייבן אין אָט דער ראַם. איז ער געוואָרן אַ מיטאַרבעטער אין דעם וואָכנשריפט "כתובים", וואָס איז דערשינען, ווי דער אָרגאַן פון "אגודת הסופרים", אונטער דער רעדאַקציע פון א. שטיינמאַן און אברהם שלאָנסקי, איז די שריפט גאָר געוואָרן דער אָרגאַן אין אָפּאָזיציע צום העברייאישן שרייבער פאַראיין. ער האָט אויך מיטגעאַרבעט אין "הארץ" און ווען עס איז געגרינדעט געוואָרן די טאָג־צייטונג "על המשמר" (היינט דער אָרגאַן פון מפ"ם) איז שלאָנסקי געוואָרן זיין ליטעראַרישער רעדאַקטאָר. ער האָט אַרויסגעגעבן און מיטגעאַרבעט אין נאָך פאַרשידענע ליטעראַרישע זשורנאַלן. לעצטנס זיינען דערשינען 10 בענדער זיינע. אויך איין בוך פּאָעזיע אין יידיש איבערגעזעצט פון דעם יידישן דיכטער אין ישראל משה יונגמאַן.

אברהם שלאָנסקי האָט מייסטערהאַפט איבערגעזעצט ווערק פון דער רוסישער ליטעראַטור — פון פּושקין, טשעכאָוו, גאָגאָל, בלאָק און אַ סך אַנדערע. פון יידיש האָט ער איבערגעזעצט ה. לייוויקס לידער און פון אַ צאָל אַנדערע יידישע פּאָעטן. ער האָט אויך געשריבן דראַמעס, וואָס זיינען אויפגעפירט געוואָרן מיט דערפאָלג. ער איז געווען אַ גייסטרייכער עסייאיסט און פּאָלעמיקער. ער איז געווען אַ מיטגליד אין מאַפּאַם און אַ שלום־קעמפער — אַ שטורמישער מענטש און אַ שטורמישער פּאָעט. און נישט בלויז אַ יושר־זוכער, נאָר אַ קעמפער פאַר גערעכטיקייט, און מיט זיין ברויזיק, ברענענדיק וואָרט געשטאַנען אויפן קאַמף־פעלד פאַר די רעכט פון די אַרבעטער און דעם אָרעמען פאָלק.

אברהם שלאָנסקי האָט געמאַכט אַ סך פּלענער צוצוגרייטן פאַרשידענע ליטעראַרישע ווערק צום דרוק, נאָר דער טויט, דער אכזר, איז געקומען צו פרי (ווען דער טויט קומט איז צו פרי...) און האָט אַרויסגעשטויסן די פען פון דעם גרויסן און אָריגינעלן דיכטער אברהם שלאָנסקי — דעם סאַמען באַדייטנדיקסטן פאַרשטייער פון דער נייער ארץ־ישראלדיקער פּאָעזיע.

לויט ג. קרסל האָט אברהם שלאָנסקי געקריגט קעגן ביאַליקן פאַר זיין ליד "ראיתכם שוב בקצר ידכם", אָבער מיין איינדרוק איז, אַז אברהם שלאָנסקי, דער מאָדערניסט, דער באַשאַפער פון נייע ווערטער און אויסדרוקן מיט וועלכע ער האָט געפורעמט זיין ליד, האָט געמוזט מורד זיין אין ביאַליקן, אין דעם אַביר השירה העברית — דעם סאַמען קרעפטיקסטן דיכטער אין דער העברייאישער פּאָעזיע און זיך וועלן אויף אַ ווייל אָפּזונדערן פון דעם ביאַליק־נוסח, פון דער ביאַליקישער השפעה מיט וועלכער

ער האָט זיך געראַנגלט. עס איז אים געווען נויטיק צו שאַפן זיין אייגענעם סטיל.

אברהם שלאָנסקי איז געקומען קיין ישראל פון סאָוועטן־פאַרבאַנד אַ טיף־באַווירקטער פון מאַיאַקאָווסקין, אַלעקסאַנדער בלאָקן און פון דעם ברויז פון דער סאָוועטישער דיכטונג פון מלחמה־רעוואָלוציע און בירגער־קריג. ער איז געקומען בפירוש מיט דער טענדענץ איבערצובויען די העברייאישע פּאָעזיע, אין עקשנותדיקן אויפבוי פון ארץ־ישראל. ביאַליקס טראַדיציע פון שטראָפּעריי און פון טרערן, איז געווען אַ שטרויכל־שטיין אין זיין וועג.

אברהם שלאָנסקי, דער בונטאַר, דער שאָסיי־און־בוי־אַרבעטער, דער אינטעלעקטואַל נישט פון "על סף בית המדרש", נאָר פון גימנאַזיע און אוניווערזיטעט, כאָטש ער האָט געקראָגן אַ טראַדיציאָנעלע יידישע דערציאונג, האָט ער שוין אויך געטראָגן אין זיך דעם שאַרפן, וויטיקדיקן ברי פון געפינען די שטאַרקסטע, און נישט דווקא די איידל־געשליפענע ווערטער, מיט וועלכע צו שמידן די מעכטיקע פערזן פון זיינע לידער.

אברהם שלאָנסקי דער חלוץ. דער סאָציאַליסט, דער באַזינגער פון די, וואָס רייסן די פּלאַסטן פון פּנים פון דער שטייניקער ערד — האָט זיך געבונטעוועט.

אין דער יידישער פּאָעזיע, וואָלט איך אים פאַרגליכן צו פּרץ מאַרקישן. ווי עס וואָלט אין אָט די צוויי גרויסע דיכטער געלויכטן, דאָס זעלבע הייליקע פייער; דער אינהאַלט טיף־יידיש און סאָציאַל. זיין פען — אַן אָפן אָנגעגליט מעסער מיט צוויי שאַרפן, וואָס האָבן אָן מורא זיך אַריינגעשניטן אין דעם אַרום, אין דער נייער אויפקומענדיקער וועלט, וואָס וועגן איר האָבן זיי געטרוימט, און פאַר איר האָבן זיי געקעמפט.

ביידע האָבן זיך געריסן פון נעכטן, זיך אַריינגעריסן אין דעם היינט פון זייער צייט אָבער קיין מאָל, קיין מאָל זיך נישט אָפּגעריסן פון טראַדיציאָנעל יידישן שטייגערישן עבר. וואָס טיף אין זיין באָדן האָבן געשטעקט זייערע וואָרצלען. זיי האָבן נישט געקענט פאַרלייקענען, אַז היימיש איז זיי אויך דאָרט געווען, אַז אין זייער געביין גליט אויך בענקשאַפט צו דער דערהויבענער שיינקייט פון נעכטן, און זייער האַרץ איז אַ קוואַל פון געוויין אויף יידישע חורבנות, וואָס טרעפן אונדז יידן כמעט בכל דור.

און דער נוסח ביאַליק, איז דאָך גלייכצייטיק נוסח מענדעלע, נוסח י.ל. פּרץ און דער באַזונדעראַרטיקער וועג פון שלום־עליכם.

אַזוי אַרום האָט זיך ביי אברהם שלאָנסקין טאַקע אין געראַנגל, געשאַפן דער סינטעז פון נוסח־ביאַליק און דרך־שלאָנסקי. אין איין ליכט־

רער האָבן שוין אָנגעהויבן ברענען די פיל פאַרביקע פלאַמען. אדרבה, לייענט ביאַליקס אויסגעבענקט ליד "אל הציפור", ווי אַזוי ער שטעלט זיך פאָר דאָס ציון־לאַנד:

התשאי לי שלום מאחי בציון,
מאחי הרחוקים הקרובים?
הוי מאשרים! הידעו ידע
כי אסבול, הוי אסבול מכאובים?

די, וואָס זיינען אין ציון זיינען די גליקלעכע ברידער. נאָר ווייסט, אַז ער ליידט דאָ גרויס ווייטיק. עס איז געוועזן אַן עכט געפיל. אַ שיין בענקשאַפט־ליד עד היום, אָבער ביאַליק האָט דאָך דאָס לאַנד נישט געזען. ער האָט אַליין נישט געהאַקט דעם שטיין און נישט צעאַקערט די וויסט, זי זאָל קריגן זאַפט פון בלי, זי זאָל ווידער אַרויסגעבן פרוכט. אָבער אברהם שלאָנסקי האָט דאָך אַליין, מיט די אייגענע הענט טאַקע, צעשפּאָלטן דעם שטיין. ער האָט געזען דאָס וויסטע געשטאַלט פון זיין לאַנד. עס האָט אין אים געברענט דער ווייטיק, אָבער ער האָט געדאַרפט אַריינבלאָזן אַ רוח חיים אין דער ערד, און זיך פאַרמאָסטן מנצח צו זיין, טאַקע דערפאַר ווייל:

אָט איז מיין היימלאַנד — אַ ווילדער גוף.
איר הויט ווי פאַרמעט, פאַרמעט צו דער תורה.
און מיט אַ מייסטל אייביקן איינגעקריצט גאָטס וואַרט
אין פאַרמעט.

וואָס איז די ווילדע בריאה, וואָס וועט קאָנען לייענען
די מגילה פון בראשית?
און ווער וועט זוכה זיין זיך איינהילן אינעם
טלית דאָ און אויפגיין צו דער תורה?

אפשר זיי — די קעמלען
וואָס פון קאַראַוואַנען גאָטס פאַרבלאָנדזשעט אינעם מדבר
און ביי די פיס פון כסא־הכבוד רייבן מיט די הויקערס
זיך?
הויעדן די קעמלען פון גלבוע.

לעק, לעק, די תמוזדיקע זון, דעם גוף דעם
שאָרסטקען פון מיין לאַנד אויס,
מיר וועלן פון די בריסט די נאַכטיקע אַריינמעלקן
מילכן — טויען!

קעמט, קעמט המסינען, ליסינעס גלילער,
מיר וועלן מאָרגן גראָז פלאַכן צעגראָזן,
יה־הי־לי־לי
פראַצע מיין. (יידיש: משה יונגעמאַן)

אברהם שלאָנסקי איז נישט אומעטיקלעך גלעטנדיק אין זיין ליד. ווייל ער און זיינע חלוצים־ברידער זיצן נישט אין אַ זייט און זינגען לויב־געזאַנגען צו בויער. זיי אַליין זיינען די בויער. שווער איז די פראַצע, האַרט, האַרב און

מאַטערנדיק. די שטייניקע ערד ליגט פאַרגליווערט, און גיט זיך נישט אַזוי גרינג אונטער. וואָרעם, עס איז די קללה און די ברכה פון: בזעת אַפּיך תאכל לחם", בלויז דער שוויס און די "פינף פינגער פון דער האַנט" וועלן ווידער אויפריכטן דאָס לאַנד:

האָריק און וואָס מיין לייב איז,
און די האָר ווי טונקל גראָז.
הוי, שווייס, זאַלציקער שווייס,
מיין לייב באַטויאיק ווי אַ פרימאָרגיק
שאָרסקע פעלד, הללויה!

(יידיש: משה יונגעמאַן)

און ווייל אַזוי פיינלעך, שווער קומט אָן אויסצושטיינערן אַ שטיקל באָדן, זעט ער דאָס לאַנד אין אַן אויפגעהעלט ליכט. עס איז דאָס ליכט וואָס שטראָמט פון אַרבעטנדיקע הענט. גייט אויף אין אים דאָס געבעט צו דער מאַמען, אַז זי זאָל אים אַרויסשיקן צו דער אַרבעט אין אַ ווייך־פאַרביק העמד, ווייל דער רבונו אַליין איז מיט אים, מיט אים "דעם דיכטער — דעם וועגן־בויער אין ישראל".

טו אָן מיר, מאַמע כשרע, אַ כתנת־פּסים, אַ מחיה
און אין באַגינען צו דער פּראַצע פיר מיך אָפּ.
מיין לאַנד איז איינגעהילט אין ליכט ווי אין אַ טלית,
ווי תפילין שטייען הייזער אויפגעשטעלט.
שליאַכן פון וועגט געפלאַסטערטע, זיך גליטשן ווי רצוועת
אַזוי טוט דאַווענען איר שחרית, שטאָט שיינע
צו איר באַשעפער.
און צווישן די באַשעפער,
דיין זון אברהם,
אַ דיכטער — וועגן־בויער אין ישראל

פאַרנאַכט, אין דעמער, פון זיין מי צוריק קומען וועט טאַטע
און שעפּטשען נחת ווי אַ תפילה:
מיין זון, מיין טייערער אברהם,
אָדערן און הויט און ביינער.
הללויה.

טו אָן מיר, מאַמע כשרע, אַ כתנת פּסים, אַ מחיה
און אין באַגינען
צו דער פּראַצע פיר מיך אָפּ.

ביי אברהם שלאָנסקי "איז די זון געגליכן צו אַ "של ראש אין הימל". איך לייען און חידוש זיך: אָט אַזאַ מעטאַפאָריק איז אַרויסגעצויגן פון יידיש־רעליגיעזן שטייגער־לעבן פון אַמאָל, וואו אָט אַזעלכע פאַרגלייכן זיינען געוועזן פון דער יידישער רעאַליטעט. אָבער ווי קומען זיי צום נאָוואַטאָר, באַשאַפער און שמידער פון נייע ווערטער?

מילא, ביי מענדעלען אַזעלכע רעליגיעזע פאַרגלייכונגען, ווי "דער וואַלד שאָקלט זיך און דאַוונט", "דער וואַלד צוואָגט זיך אין רעגן, ווי מען

צוואָגט קעפּלעך פון יידישע קינדערלעך ערב־שבת" (איך ציטיר פון זכרון), איז עס צו פאַרשטיין. אין יענער שטייגער־סביבה האָט עס געהאַט אפילו דעם קאָליר פון נייער בילדלעכקייט. אָבער אברהם שלאָנסקי זאָל זיך מיט זיי באַנוצן, איז מיר אַ וואונדער. וואָרים 90 פּראָצענט פון דער ישראל־יוגנט דאַרף מען ערשט ווייַזן אַ רצועה, אַ פּאָר תפילין און אַ של ראש, וואָס די זון זעט אַזוי אויס. איך זע אין אַזאַ אימאַזשיסטיק קיין שום אויפּטו נישט. איך קאָן פאַרשטיין, אין געראַנגל אַ געוויסע כאַאָטישקייט אין פיל סטראָפן פון זיין דיכטערישן באַגינען. ער האָט זיי נישט געקענט הובליעווען און ברענגען האַרמאָניע, ווי מאַרקיש האָט גאַנץ אָפט נישט געקענט האַמעווען דעם פליייץ פון ווערטער... אָבער די רצועות, תפילין, טלית וכדומה זיינען אַ פרעמדער עלעמענט אין גין־גאָלד אין זיין פרישער און איבערראַשנדיקער בילדלעכקייט.

איך האָב שוין פריער דערמאָנט, זיין איינרייסן זיך מיט ביאַליקן, אָבער מיטן ביאַליקישן נוסח האָט ער נישט איבערגעריסן, ווייל דאָס איז געווען אין זיין געמיט. ער איז געווען אַ פּראָדוקט פון יידישער טראַדיציע, און ער האָט זיך געקענט דערהויבן נאָר אין שיין פון אָט דעם ליכט. איך זאָג אָפן, וואָס נענטער ער קומט צום נוסח־ביאַליק, אַלץ לויטערער, לירישער און נאָענטער ווערט ער מיר. ער אַנטפּלעקט זיך אין זיין גאַנצער דיכטערישער גרויס. אַזוי ציטערט אויף אין זיין האַרץ די טרער פון טרויער אין דורכגעווייטיקטן ליד "לך לך", ווען ער דערציילט וועגן זיין זיידן, וואָס זיין איייניקל זאָגט נישט נאָך אים קיין קדיש. דאָס אייניקל אברהם האָט "אַ האַרץ — ווי אַ מזוזה פון וועלכער אָפּגעמעקט געוואָרן איז איר שדי, זיידע וועט נישט קומען מער איר קושן, וועט ניט קומען". גאַנצע דורות פון יידישער פרומקייט אין דרך פון חסידות, זיינען דאָס אויסטענהן זיך צו גאָט, וואָס איז זייער אָנשפּאַר.

דאָס ליכט פון שבת פאַלט אָבער פאָרט אויף אים, אין זיין אָרעם געצעלט. געמיטלעכקייט און שבת־רונאָך דער שווערער פּראַצע. ווען מען לייענט דאָס ליד, ווערט מען אַרומגענומען מיט דער שטילקייט וואָס פלעגט אַראָפּנידערן ערב שבת, און ווי מיר, פלעגט זיך דאַכטן, אין מיין געבווירנשטעטל, אַז די שכינה אַליין קושט די יידישע שוועלן. אויך אברהם שלאָנסקי ווערט אונדז אַזוי אייגן־נאָענט, אַז מען וואָלט געוואָלט עפענען די טיר פון זיין געצעלט און זיך אַוועקזעצן ביי זיין שבתדיקן טיש:

ניי ניט מאַמע, פון דיין טייערער זייד,
פאַר מיין גוף אויף אַ כתנת פסים.

זע, ווי די נאָזלעכער צעשפּרייט דער ווינט,
מיין ריח — ווי פון באַר — איינצוזאַפּן.

איך עפן דעם קראַן:
וואַסער ווי גאָלד
גיסט אויפן לייב זיך אין ריטשקעם.

גוט־גוט . ך צו פליושקען, טרינקען טראָפּ־נאָך־טראָפּ
ווי מילך פון טויזנטער בריסטן.

אויפן הילצערנעם טיש אין מיין קליינער שטוב
וואַרט שוין מיר דאָס ברויטל.
זאָל איך וואַשן די הענט און אויף רעפּטלעך
מאַכן מיט מיין ווייב "המוציא"?

לאָמיר, ווייב, בענטשן דעם וואָס גיט
אונדז דאָס ברויט,

וואָס היט בדחילו ורחימו
די שס"ה און רמ"ח פון אונדזער שיינעם לייב,
ס'זאָל אפילו איינער ניט פעלן, חלילה.

קיין איינער וועט פעלן. דאָ נשמה און גוף.

דאָ זון און אויף מיין קאָפּ איר קרוין איז.

**מיין נשמה אין טלית, רבונו, היל איין**
און זינג אויף אַ קול "בואי כלה!"
הוי, ווייב שיינע מיינע, צינד אָן די ליכט
**און צו קידוש גרייט די חלה.**

נאַכט האָט איר שבת־ליכט שוין געבענטשט,
און לבנה וואַרט, אַ גרייטע, אויף קידוש.
**היינט וויל איך, ווען קומען איך וועל אַהיים,**
קושן אויף דער טיר די מזוזה.

רויכערן מער ניט די קוימענס פון שיף.
האָט אויפגעהערט איר געוויין די סירענע.
שבת־הימלען זיך בייגן צו מיין לאַנד וואָס רוט,
**ווי די באָבע איבער צאינה־וראינה.**

ווייל זיבן טעג זיי, זיבן טעג פון דער וואָך,
און זיבן רערן האָט די מנורה.
ווער ס'האָט אָנגעצונדן אַ מנורה אין האַרץ,
וועט צום ליכט אירן צוגיסן בוימל.

צי געדענקסטו ווען געזונגען אויף פרעמדער שיף
האָבן מיר, וואָס אַוועק אין זיין נאָמען,
**"ווי גרויס וועט די פרייד זיין אין זייער שטוב**
ווען קיין ארץ־ישראל וועלן יידן קומען".

**זיין פאָלקסטימלעך־האַרציק ליד "און דאָך נישט פשוט" דערמאָנט אין דער שטימונג און לעגענדאַרישקייט פון מאַני לייבס "דער פרעמדער". די פערזן זיינען אין דין־ווייכן מוזיקאַלישן קלאַנג, ווי ער זאָל פאַר דער וועלט זיצן און אויסשפינען אַ מעשהלע פון פאַרצייטנס. עפּעס, ווי ער וואָלט געפירט געוואָרן פון די טריט פון י.ל. פּרץ און פאַרנומען דעם וואונדער פון זיינע מעשיות וואָס זיינען אַזוי אויסטערליש און דאָך אַזוי האַרציק נאָענט. איינער שרייבט אויף עברית און איינער אויף יידיש, אויב אָבער זיי האָבן עפּעס מיטגענומען פון יענער גלויביקער טרוימערישקייט פון יידישע דורות, וועלן זייערע שאַפונגען זיין אין גייסט, און געמיט פון יידישן לעבן;**

און אויב נישט, זיינען עס סתם צונויפגעקלעפטע ווערטער אין גרויסע אָדער קליינע שורהלעך. דאָס האַרץ פון פאָלק רעדט נישט דורך זיי און דעריבער רירט עס נישט אָן דאָס פּילנדיקע האַרץ פון פאָלק. אין אָט דעם ליד זיינעם, נוסח־יידישע ליטעראַטור, איז פאַרוועבט ליבטיקע לעגענדארישקייט אין פשטות, איז אויסגעטרוימט די אייביקע וואָרהאַפטיקייט פון אַ געשען ווייט, אַמאָל, טאַקע אין קריוקאוו, אָבער אַלע האָבן געזען דעם אַלטן, דעם פרעמדן, אָבער וואָס און ווער איז ער?

שפּיל מיר קלעזמער אויף אַ ניגון,
אַ ניגון טראָג אַנטקעגן,
פון אַ דערפל אין אוקראַינע
אין פאָלטאַווער געגנט.

פון אַ דערפל אַ פאַרוואָגלטס,
בלעטער־פאַל די הייזער.
שפּיל דאָס ליד וואָס ס'טוט דאָרט קלאָגן
פאַרן אייזיק — זיידע גרייזער.

זיידע זינגט וועגן אַ גייער
פון פאַר יאָרן לאַנגע,
וואָס אַן איינגעבויגענער אין צווייען
דאָרט פאַרביי געגאַנגען.

ווייס מען ניט פון וואַנען קומט ער
און וואוהין זיין שמייען.
שטייט מען און מען קוקט פאַרוואונדערט:
אליהו? קין?

זיינען אָבער אַלע מאָדנע...
אַ פרעמדער ער און גרייזער...
פון זיין לעבערדיקער טאָרבע
פאַלט אַ בינטל הייזער.

טוט אַזוי אַ דערפל ווערן:
קריוקאָוו איז זיין נאָמען.
אַ צייכן, דוכט זיך, אויפן שטערן
פון אַלע זיינע בנים:

צייכן פון שטוינען, צי פון קלאָג.
און ווייסט איר ראַיה?
איינער פון זיי האָט זיי דעריאָגט:
תשבי — אָדער קין.

אין אַ צוועלף שורהדיק ליד גיט זיך אים איין איבערצוגעבן דאָס געפּיל פון דעם "גוטן גוי מיכאַילאָ", וואָס זינגט אַ לידל פון שעווטשענקאָ אַ ליד וועגן בלוט, עס איז אָבער דאָס בלוט, וואָס וויינט פון וועגן דעם אָרעמאַן און זיין נויט, און דאָס בלוט פאַרגאָסן נעכטן, היינט און וועט זיך גיסן אויך מאָרגן און אין יאָרן שפּעטער, איז פון די אויפגעצאָרנטע, פאַרביטערטע מיכאַאילאָס, ווייל זייער גאַנץ לעבן עסן זיי נעבעך דאָס בידנע שטיקל ברויט. עס איז דער אויפשטאַנד, עס איז דער אָפּקלאַנג פון

אויפשטאַנד, וואָס האָט שוין אַלץ באַשיידט. וואָס האָט דער בונט טאַקע באַשידן? עס איז אַ רמז בלויז, אַז דער טאַטע קוקט נאָך אַלץ אין ״תניא״, מסתמא וויל ער אויך אָט דעם סוד באַשיידן. סימבאָל? געוויס. אָבער אַ רעאַלע שילדערונג פון צייטן פאַרלאָפענע:

ס׳איז אַ גוטער גוי מיכאַילאָ,<br>
און זיין קול פאַרבענקט איז,<br>
ווען ער זינגט מיר אָוונט־אָוונט<br>
אַ לידל פון שעווטשענקאָ.

און ביינאַכט הער איך דער מאַמען<br>
צו דעם טאַטן ריידן:<br>
אין פּאָדאָליע... וועגן בונט שוין<br>
מ׳האָט געטאָן באַשיידן.

גוי מיכאילאָ וועגן בלוט זינגט<br>
וועגן לחמא עניא.<br>
אָוונט־אָוונט, פונקט ווי פריער, גראָבט<br>
טאַטע זיך אין תניא....

**אַ דיכטער, ווי יעדער מענטש, איז אונטערוואַרפן זיינע שטימונגען מיט וולעבע, ער איז אין שטענדיקן געפעבט. איך מיין, דאָס געפּייניקט ווערן** אין מאָמענט פון נישט קענען געפינען די אָפענע טיר צו זיך אַליין, פון נישט וויסן, אויף וועלכן וועג זיך צו קערן... דער דיכטער זוכט דעמאָלט אָנשפּאַר אין די אייגענע פיבערדיקע ווערטער, בכדי זיך אַליין צו דערקענען און געפינען אין גלי פון אומרו, דעם זיכערן גאַנג.

אברהם שלאָנסקי טראָגט אַ טיפן האַס צו אַלע שלעכטס־טוער, וואָס זיינען אין זייער רוב די זאַטע, די וואָס ליגנערן און כאַפּן פאַר זיך שטענדיק דעם בעסטן און פעטסטן ביסן. ער ווערט פול מיט צאָרן, און אָט די כנופיה פאַרגלייכט ער צו עלי הכהנס צוויי בנים, חפני און פנחס, וואָס וועגן זיי ווערט דערציילט אין ״שופטים״ (שמואל): ״אַז ווער נאָר עס האָט געשלאַכט אַ שלאַכטאָפּפער צו גאָט, אַזוי פלעגט קומען דעם כהנס יונג, ווי מען האָט געקאָכט דאָס פלייש מיטן דרייצאָניקן גאָפּל אין האַנט, און ער פלעגט אַריינשטעקן אין בעקן אָדער אין פאַן, אָדער אין קעסל אָדער אין טאָפּ; וואָס דער גאָפּל האָט אַרויפגעבראַכט, האָט דער כהן צוגענומען. און זיי פלעגן ליגן מיט די ווייבער, וואָס פלעגן זיך זאַמלען ביים אַריינגאַנג פון אוהל מועד״ (תרגום יהואָש). אָט דאָס זיינען געווען די אָנגעפרעסענע אויסגעלאַסענע זין פון עלי הכֹהן.

אברהם שלאָנסקי טרעט אַרויס אין גרימצאָרן קעגן אָט די לייט — די ״חפני־און־פנחס פון אונדזער הייַנטיקער ווירקלעכקייט. און מיט דער מעכטיקייט פון זיין וואָרט שלאָגט ער די זאַטע חברותא אין זיין ליד ״ברויט מיט זיין זאַלץ״. אַ סאָציאַל ליד, וואָס ברויזט מיט פּראָטעסט:

אַלע טעג דיינע — אָנהויב, פון פאָרנט.<br>
זיי טומלען אַרויס און אַריין.

נאָר קיין מאָל אַזוי נמאס געוואָרן
די חברותא די פון זאַטע ווי היינט.

נאָך קיין מאָל מיט שכרות פון כוסות
געפּראוווט דיך פאַרמאַניען אַזוי.
אין זאַלץ איינגעטונקען דיין ברויט האָט,
געוועון ליבער דיר פון זייער ברויט.

און ווען ליגנערישע עדה געקאָכט האָט
אין קעסלען די שטיקער פלייש —
דעם פאַרשאָלטענעם כהנישן גאָפּל
ניט אַריינשטעקן האָסטו זיך געפלייסט.

ניט שאַנדגעלט, ניט וואילטאָג פאַרכאַפּט דיך,
אויף סטעזשקע צווישן יאָ און ניט,
האָסטו קיין מאָל זיך ניט געחברט
מיט עלי הכהנס זין.

ווייל דיין אויג צום אָפענעם הימל
ער איז גרויזאַם,
אַנטווישנדיק,
מילד.
דיין פּנים — אין ווינט איינגעטוליעט.
שטויב פון וועגן און ווינט.

האָסט ניט אויסגעגלייכט אומוועג,
פאַרפּלאָנטערט דעם וועג צו
דיין ציל, וואָס פלעגסט גיין,
אויך ווען גיין צוזאַמען געוואָלט האָסט
ביסט געגאַנגען צוזאַמען — אַליין.

ווען פאַרנאַרער אויף לינקס וועט גיין —
רעכטס גיי,
ווען אויף רעכטס — אויף לינקער זייט
טרעט.
דאָ האָט דלילה באַהאַלטן איר מעסער
אונטער איר צוקאָפּנס פון בעט.

אברהם שלאָנסקי איז דער דיכטער פון נייעם, אויסגעשאַרפטן וואָרט. זיינע וואָרט־שילדערונגען זיינען ברענענדיקע פאַרבן פון אַ מאָלער־שילדערער. ער האָט גאָרנישט פאַרבאָרגן אין זיך. ער האָט אַרויסגעגראָבן רעם צער, דעם פּיין, און אויך די פרייד פון בטחון פון איינעם, וואָס איז געוועזן פון די גואלים פון דער ישראל־ערד. ער איז דער נאָוואַטאָר, און גלייכצייטיק דער ליטעקסטעטער המשך פון ביאַליקן. ער איז געלאָפן קיין ארץ־ישראל פון די שרעקן פון פעטליורעס און מאַכנאָס פּאָגראָמשטשיקעס. ער האָט פון אוקראַינע מיטגעפירט די טראַדיציע פון טאַטע־מאַמעס היים, שטיקער שטייגער פון יידישן נעכטן, און דאָס אַלצדינג צונויפגעגאָסן אין אַ נייַ געזאַנג צו אַלע בויער פון ארץ־ישראל.

ער איז נישט דער יחיד־זינגער, נאָר דורך אים זינגט אַרויס אין צער און

אין פרייד, דאָס געזאַנג פון זיין חלוצים־דור — פון דעם פאָלק פון בויער. אָט דאָס געשטאַלט פון יענער תקופה, האָט ער געלאָזט לנצח — אַן אייביקע הויך־דיכטערישע ירושה פאַר אַלע יידן סיי אין ישראל, סיי אין חוץ לארץ. אין דער אייגנאַרט פון זיין ליד איז טיף־איינגעקריצט די אייגנאַרט פון אונדזער פאָלק. עס איז רירנדיק זיין געבעט צו גאָט מיט וועלכן ער האָט זיך שטענדיק געראַנגלט, אַז ער זאָל אים לאָזן נאָך אַרומגיין אויף דער ערד, ווייל ער איז נאָך פול מיט די גאָלדענע קערנער פון ווערטער, מיט וועלכע ער קען נאָך פאַרזייען דאָס פעלד פון זיין ליד. ער שרעקט זיך נישט פאַרן סוף. אין זיין האַרציקן תפילהדיקן ליד פאַרנעמען מיר דאָס ממעמקים־געבעט:

אוּן לאָז מיך גיין נאָך אַלץ ווי אַ פאַרזייער
איבער די פעלדער די צעאַקערטע פון ווערסנע.
דיין קאָסע נייגט זיך שוין צו דער גערעטעניש
פון שניט־צייט,
און פול מיט וועלט דיינער — דער שפּייכלער.
נאָר לאָז מיך גיין נאָך אַלץ,
ווייל פולע זשמעניעס אין מיין קויש נאָך,
און גרודעס פיל צעעפענען די מיילער.
גאָט, לאָז גיין מיך אַלץ!

אָבער גאָט, אָט דער רחמימדיקער — דערבאַרעמט זיך קיין מאָל נישט, און פאַרנעמט נישט דאָס געבעט, אפילו פון די פּאָעטן — די באַוואונדערער און באַזינגער פון זיין וועלט.

**אין אברהם שלאָנסקיס אומגעריכט און פּלוצלינגדיקן טויט איז** פאַרהוילן דער ציטער און דער צער פון פּרצס מעשהלע ״מקובלים״: ״אין הימל האָט אַ זינגערל אויסגעפעלט״. סיידן אַזוי. וואָרים אברהם שלאָנסקי **וויפיל ער האָט געגעבן מיט דער ברכה פון זיין טאַלאַנט, האָט ער נאָך אַ סך** ״פולע זשמעניעס געהאַט אין זיין קויש״.

הגם איך האָב זיך באַמיט צו אויפשטעלן דאָס דיכטערישע געשטאַלט פון אברהם שלאָנסקין, ווייס איך אָבער, אַז איך האָב אים אַריינגענומען בלויז אין איין ראַם. עס נויטיקט זיך באמת אַ גרויסע אַרבעט אַרומצונעמען **אַלע זיינע שאַפונגען, זיין עסייאיסטיק, זיין פּאָלעמיק און זיין צוגאַנג צו דיכטונג בכלל, וואָס דורך אים ברענגט ער אַרויס די שליחות פון אַ דיכטער און זיין ציל. איך וויל האָפן, אַז אין ישראל וועט אינגיכן אַרויסגעגעבן ווערן אַ** פאַרטיפט־אָפּשאַצנדיק ווערק פון אַ קריטיקער, אין וועלכן ער וועט אַרויסהייבן אַלע זיינע דערגרייכונגען, אויך ווי אַ דראַמען־שרייבער, אויסגעצייכנטער איבערזעצער, און קעמפער קעגן אומרעכט און זיין שטיין שטענדיק אויף דער וואַך צו פאַרטרייבן די פינצטערע, דראָענדיקע וואָלקנס פון מלחמה.

אַ גרויסן דיכטער, אַ גרויסע שעפערישע פּער־זענלעכקייט, האָבן מיר יידן פאַרלאָרן אין אברהם שלאָנסקי. יהיה זכרו ברוך! זאָל זיין אָנדענק זיין

געבענטשט אויף אייביק!

**נ.ב.**

איך וויל באַמערקן, אַז אַלע לידער ציטירט פון א. שלאָנסקין זיינען איבערגעזעצט פון דעם דיכטער משה יונגמאַן. אָבער מיט פיל פון זיינע איבערזעצונגען בין איך נישט צופרידן. אים איז נישט געראָטן אַרויסצוברענגען די בויגעוודיקייט און גאַנץ אָפט די ווייכקייט פון שלאָנסקיס ליד געגליט מיט פיל נייע, דורך אים, געשאַפענע ווערטער. דאָס צו דערגרייכן דאַרף מען זיין אַ מייסטער איבערזעצער. מיר געפעלן בעסער די געציילטע לידער איבערגעזעצט פון מרדכי יאַפע ע״ה און פון אונדזער בער גרין אים צו לאַנגע יאָר.



**פון שלום שטערן**

# דער ליריש־עפּישער דיכטער י.י. שוואַרץ

י.י. שוואַרץ האָט דערגרייכט אַ טיפן עלטער, אָבער קיין שיבה טובה האָט ער נישט געהאַט. פריער איז אים אָפּגעשטאָרבן די פרוי. דערנאָך דאָס אומגליק מיט זיין טאָכטער און איידעם. אַזוי אַרום אויף די עלטערע יאָר איז ער געבליבן אין עלנט, אַליין אין זיין טרויער.

דער פּיַין פון איינזאַם־זיין האָט דורכגעטערערט זיינע איינגעהאַלטענע ווערטער.

אין תוך גענומען, האָט מען עפּעס נישט־בכיוונדיק אָפּגערוקט י.י. שוואַרצן פון אָפּענעם טומל־יאַריד פון פּרסום. מען האָט אים אפילו מהנה געווען מיט פּריזן, אָבער דאָס ליכט פון רעקלאַמע איז פּאָרט נישט געפאַלן אויף אים.

ווי איך האָב געקענט י.י. שוואַרצן איז ער בטבע געווען אַ צוריקגעהאַלטענער. ער האָט זיך אַליין אָפּגערוקט פון דעם ליטעראַרישן טומל. אין זין פון יידיש וויסן איז ער געווען משכמו ומעלה, איבער אַלע "יונגע" ער איז פיל שרייבער איבערגעשטיגן אין קענטשאַפט פון תורה (תורה ממש) און לשון קודש (עברית ממש). ער האָט דאָך נישט בלויז אויסגעצייכנט איבערגעזעצט די פּאָעזיע פון שלמה איבן גבירול, משה איבן עזרא, יהודה הלוי — ער האָט אַליין מייסטערהאַפט איבערגעדיכט אויף העברייאיש זיין קרוין־ווערק "קענטאָקי".

ער איז געווען אַריינגעלעבט אין שטייגער פון יידישן עבר, און אָנגעזאַפּט מיט דער לערנונג, וואָס אָט די יידישע סביבה האָט צוגעשטעלט דעם יידישן קינד פון חדר ביז גמרא אין די בתי מדרשים אָדער ישיבות. זיינע קוואַלן זיינען געווען יידיש וויסן און יידישע טראַדיציע. מיך האָט טאַקע געוואונדערט, וואָס ער האָט זיך נישט פאַרנומען אויפן וועג פון ווערן אַ העברייאישער פּאָעט, ווי עס איז געווען זיין ברודער א.ש. שוואַרץ. ווייזט אויס, אַז אים האָט געצויגן צו יידיש, ווייל יידיש איז געווען דער וואונדער פון זיין פּאָעטיש וואָרט. אין יידיש האָט זיך אַנטפּלעקט זיין גרויסער ריכטערישער טאַלאַנט. אין יידיש האָט ער אונדז צוגעטראָגן איינס פון די וואַגיקסטע און ווערטיקסטע ווערק, אַ ליטעראַריש פּאַרמעג פון גרויסן באַטייט — דאָס עפּיש־לירישע ווערק "קענטאָקי".

וועגן ״קענטאָקי״ און אַנדערע לידער זײַנע איז מיר אויסגעקומען צו רעדן מיט י.י. שוואַרצן, בעת זײַנע באַזוכן אין מאָנטרעאָל. — ווי אַזוי זענט איר געקומען צו שרײַבן די פּאָעמע ״קענטאָקי?״ — האָב איך אים געפֿרעגט. זײַן ענטפֿער איז געווען אַ גאָר אָפֿנהאַרציקער און באַשײדענער: ״איך האָב דערפֿילט, אַז וויפֿל גוטע, און אפֿילו הויך־פּאָעטישע, אײנצלנע לידער איך זאָל פֿאַר זיך נישט אָנזאַמלען, קען מען פֿאַרט נישט אָנווײַזן און זאָגן: אָט דאָס איז י. י. שוואַרץ, און אָט דאָס איז זײַן פּאָעטיש־וואָגיקער צושטײַער. האָב איך באַשטימט, אַז איך דאַרף זיך באַמיִען האָבן אײן ווערק, וואָס אויב עס וועט קונה־שם־זײַן, וועלן שוין אַלע לידער מײַנע קריגן אַ תּיקון, זײ וועלן אָנערקענט ווערן ווי ווילכטיקע שאַפֿונגען פֿאַר זיך. וואָרעם, מיר האָט זיך געדאַכט, אַז אין אײנצלנעם לירישן ליד זײַנען מײַנע חברים ׳די יונגע׳ פּאָעטיש־שטאַרקער פֿון מיר...״

אָבער ווי אַזוי איז ער געקומען צו דער טעמע פֿון ״קענטאָקי״? ווי אַזוי ער — אַ יונגער אימיגראַנט פֿון דער ליטע, ער — מיט אַזאַ דורותדיקער טראַדיציע פֿון ייִדישער קולטור־ירושה, זאָל זיך אַזוי פֿרי פֿאַרוואָרצלען אין אַמעריקע, און שילדערן אַ שטיק פֿון ייִדישער אַנדערשקייט פֿון דאָהי, אָט דעם סוד בין איך פֿון אים נישט דערגאַנגען, ער האָט מיר יאָ אײניקע מאָל דערצײלט פֿון דער גרויסער פֿרייד, פֿון דער ליכטיקער איבערלעבונג וואָס ער האָט געהאַט, ווען זײַן ״קענטאָקי״ איז דערשינען:

אין אײנעם אַן אויפֿדערנאַכט האָב איך זיך אָפּגערעדט צו טרעפֿן מיט יוסף ראָלניקן. זײַנע לידער זײַנען בײַ מיר געווען די סאַמע לויטערסטע תּפֿילות פֿון רײנעם הארצן. ראָלניק, בטבע אַ שווײַגער, האָט גראָד אין אָט דעם אויפֿדערנאַכט גענומען רעדן. יוסף ראָלניק, דער שתקן, האָט גערעדט מיט אַזאַ פֿרייד און ליבשאַפֿט וועגן ״קענטאָקי״, אַז איך האָב דערפֿילט אין זיך דערהויבנקייט, אַזש צו ווײנען פֿון שׂמחה.

— י. י. שוואַרץ, ווייסט איר דען, וואָס פֿאַר אַ גרויס ווערק איר האָט געשאַפֿן? איר האָט דאָך די ייִדישע דיכטונג אָנגעטאָן אַ קרוין אויפֿן קאָפּ! מיר זענען דאָך שוין גאָר אויס אַנדערש, ייִדיש — אַמעריקאַניש־אַנדערש מיט אײער ״קענטאָקי. אַזאַ ליכטיקער טרויער אין אײערע שילדערונגען! — בזה הלשון האָט צו מיר גערעדט ראָלניק. אַזוי זײַנען מיר געגאַנגען אַהין־און־צוריק־ביז עס האָט גענומען בלויען אויף טאָג, טאַקע אַזש ביז דמדומי חמה (דאָס רויטלען זיך פֿון דער זון). שפּעטער האָט די ייִדישע קריטיק מיר חלילה נישט געזשאַלעוועט קײן לויב, הגם פֿון צײַט־צו־צײַט, איז אַרויסגעשפּרונגען אַ חסרונות־זוכער, געוואָלט דווקא אַראָפּדינגען פֿון דער דיכטערישער ווערט פֿון ״קענטאָקי״. עס האָט מיך נישט געאַרט. איך האָב זיך נישט געלאָזט אָנשיכורן מיט די שבֿחים. מײַן שׂכר איז געווען די דערהויבנדיקע פֿרייד, וואָס יוסף ראָלניק האָט מיר אַרײַנגעגעבן אָט יענעם אויפֿדערנאַכט. אָט די חבֿרישע אויפֿריכטיקע אָנערקענונג איז געווען מײַן

ליכטיקסטע איבערלעבונג. איך בין געווען אַזוי גערירט, אַז זי שטאַרקט מיך נאָך עד היום. יונגע יאָרן? מער. די פרייד פון יונגן שאַפן, דער וואונדער פון דער האַרציקער וואַרעמער חברשאַפט פון אַ פּאָעט צו אַ ברודער־פּאָעט, וואָס איז אַזוי זעלטן ביי אונדז.

בעת איטלעכן באַזוך זיינעם אין מאָנטרעאָל, פלעגט די יידישע פאָלקס־ביבליאָטעק איינאָרדענען פאַר אים אַן אָוונט. געוויינלעך, פלעגט זיין יעדעס מאָל קומען, זיין פאַרבונדן מיט דעם פאַרשפרייטן פון זיינס אַ בוך. זיין לעצטער באַזוך איז, דאַכט מיר, געווען, ווען ער האָט אַרויסגעגעבן די איבערזעצונג פון די גרויסע פּאָעטן, פון דער גאָלדענער עפּאָכע אין שפּאַניע, אונטערן נאָמען "אונדזער ליד אין שפּאַניע".

נו, צום אָוונט איז געקומען אַ קליינער, אָבער אַ געקליבענער, עולם. י. י. שוואַרץ איז געווען הויך געשעצט פון אַ צאָל פּאָעטן. און פון בעסערן לייענער — דעם לייענער פון דער העכערער מדרגה.

קיין רעקלאַמירטע פירמע איז י. י. שוואַרץ נישט געווען. ער איז געווען צו איידל און צו באַשיידן, אַז ער — דער אמתער נחבא אל הכלים — זאָל הנאה האָבן פון אַ שבחים־טומל אַרום אים.

ער האָט געוואוסט אַז גרויסע עולמס ציען געוויינלעך לייוויק, אָפּאַטאָשו, ד"ר חיים זשיטלאָווסקי, פרץ הירשביין, חיים גרינבערג. אָבער דאָס האָט אים נישט געקימערט. ער האָט יעדן שרייבער פאַרגונען דעם חלק כבוד, פאַרדינטן און אפילו נישט־פאַרדינטן. ווי דער שטייגער האָט י. י. סיגאַל געלייענט אַן עסיי וועגן שוואַרצן און זיך געפלייסט אַרויסצוברענגען וואָס מער שבחים.

דערנאָך האָט י. י. שוואַרץ געזאָגט אַ פּאָר ווערטער און געלייענט אייניקע קאַפּיטלען פון "קענטאָקי". פּאַמעלעך און באַטאָנענדיק האָט ער געלייענט:

> איז געקומען דער ייד פון דער ווייט אין דער פרעמד,
> מיט וואונדיקע פיס, מיטן האַרצן וואָס קלעמט,
> מיטן פּאַק אויפן פּלייצע, מיטן שטעקן אין האַנט,
> אין דעם נייעם און פרייען און ריזיקן לאַנד.

דער פּיין פון יעדן יידישן אימיגראַנט, וואָס האָט אַרויסגעוואָגלט פון זיין היימשטעטל, האָט גערעדט אין אָט די שטילע און האַרציק־פּשוטע פערזן.

אָט דער ייד, וואָס שלעפּט זיך אין פרעמדע מרחקים מיטן שווערן פּעדלער־פּאַק — אָט דער איינגעמידטער און דורכגעווייטיקטער דזשאָשוא (מסתמא אין דער היים שיע אָדער יהושע) נאָכן איבערשלאָפן אין דער שטאָל, וואו אַ פאַרמער, האָט אים אַריינגעלאָזט אויף נאַכטלעגער, כאַפּט זיך אויף מיטן שפּראָץ פון באַגינען און איז מתפּלל צו גאָט גאָר אויפן היימישן שטייגער, ווי די פרומע ווייבער פון דער תחינה אַרויס.

איז געווען אַזאַ פּשוטער ייִד, וואָס האָט אַליין פֿאַרפֿאַסט זײַנע געבעטן אויף פּראָסטן און האַרציקן עברי־טייטש? איז טאַקע אין דער היימישער ייִדישער סביבה געווען אַזאַ שיע־דזשאָשואַ? דאָס האָב איך זיך נישט געפֿרעגט. יאָ צי נישט געווען אַזאַ ייִד, וואָס אין דער נויט זאָל אים האָבן בײַגעשטאַנען די אייגן־פֿון־טיפֿן־האַרץ־פֿליסנדיקע תּפֿילה צו גאָט? אין יענעם מאָמענט איז מיר נישט אָנגעגאַנגען דאָס געשטאַלט פֿון דזשאָשואַ. די שטימונג אין די ווערטער האָט דורכגענומען. י. י. שוואַרצס קול האָט געהייזעריקט, אָבער אין זײַן פֿאַמעלעכדיקן און רואיקן לייענען האָט פֿאַרט געציטערט דער אומעטיקער אומרו פֿון איבערגעלעבטן, און דער עולם האָט פֿאַרנומען דעם עלנט און די בענקשאַפֿט פֿון אַ ייִד — אַ וואַנדערער, וואָס בעט אויף אַ מקום מנוחה:

איז ער געלעגן שטיל אין היי:
באַלויכטן גרינלעך־בלוי אין מאָרגנליכט,
האָט ער צעעפֿנט ווײַט און ברייט די אויגן —
דאָס האַרץ האָט הויך אין אויפֿרעגונג געקלאַפּט,
און פֿונעם האַרץ האָט אים געזונגען
אַ תּפֿילה צו זײַן האַר אַזוי:
"גאָט פֿון אברהם,
פֿון יצחק און פֿון יעקבֿ, וואָס דו האָסט דײַן קנעכט
געפֿירט אַהער, און וועסט מיך, ווײַטער פֿירן —
מסתּמא איז דײַן רצון און דײַן וואונטש,
מיך אין דער ווילדערניש פֿאַרזייען.
באַקאַנט מאַכן דײַן נאָמען צווישן פֿעלקער,
זאָלסט דײַן פּנים ניט פֿאַרשטעלן פֿון דײַן קנעכט,
מיך פֿירן דורך געפֿאַר און לייד אין פֿינצטערניש
אַזוי ווי דו האָסט לאַנג צורק געפֿירט
דורך גאַנצע פֿערציק יאָר דײַן פֿאָלק דײַן
אויסדערוויילטס
צו דעם געווינטשטן און פֿאַרשפּראָכן לאַנד. אָמן"

עס איז געווען אַזוי שטיל, אַז מען האָט זיך ממש געהיט רירן פֿון אָרט. י. י. שוואַרץ איז געשטאַנען און געלייענט. די זילבערנע האָר אויף זײַן קאָפּ האָבן געבלענדט אַקעגן דער העלער שײַן פֿון עלעקטרישן לאָמפּ. לייענט ער טאַקע פֿון זײַן ספֿר "קענטאָקי". אָדער גאָר שטייגער־שילדערונגען, מעשׂה־אַרטיק באַשריבן אין תּנ"ך? עפּעס אַזאַ טרערנדיקער טרויער. און גלײַכצײַטיק די שלווה, און די ליכטיקע טרייסט פֿון הומשדיקע רייד. איז דאָס טאַקע דער באַצערטער דזשאָשואַ, וואָס בעט בײַ זײַנע נישט־ייִדישע גוט האַרציקע שכנים אַ קבֿר צו באַגראָבן זײַן יונג־פֿאַרשטאָרבן קינד, אָדער גאָר אברהם אבֿינו, וואָס אין לאַנד כּנען בעט בײַ די בני חת, אַז זיי זאָלן אים געבן אַ קבֿר צו באַגראָבן שׂרהן. עס איז געווען ווי יענער ווײַטער אַמאָל פֿון די חומש־יאָרן, איז ווידער געוואָרן פֿיינלעכע וואָר פֿאַרן ייִד אין קענטאָקער פֿרעמד, וואו ער איז געקומען ווערן אַ תּושבֿ:

מיין טויטער ליגט פאַר איַיך, איך זוך אַ פּלאַץ
מיין עופעלע מיין קליינס מיט ערד באַשיטן,
איך בין אַ פרעמדער דאָ צווישן אייך,
זאָל גאָט אייך העלפן, ווי איר האָט ביז היינט
מיר בייגעשטאַנען אין מיין טאָג פון נויט —
באַווייזט אויך צו מיין טויטן אייער גנאַד,
באַוויליקט מיר אַ קבר פאַר מיין קינד".
און זיינע ווערטער האָבן אָנגעשלאָגן
מיט ציטערדיקן קלאַנג אין אַלע הערצער,
און איינער האָט אַ יונגע טרער אָפּגעווישט.

דאָס געשטאַלט פון דזשאָשואַ האָט זיך געבראָכן פאַר מיר און די טרערן האָבן זיך געפּייכט אין מיינע אויגן. צו וועמען רעדט דאָ דזשאָשואַ צו עפרונען, ער זאָל אים פאַרקויפן די מערת המכפלה, אָדער צו זיינע פרומע און גוטהאַרציקע שכנים — די פאַרמער אין קענטאָקי־לאַנד?

נאָך יענעם אָוונט האָב איך פאַר זיך אַליין ווידער געלייענט "קענטאָקי". מיין איינדרוק איז געווען, און איז אויך היינט, אַז נישט אין איינצלנעם וואָרט, נישט אין באַזונדערן פערז ליגט דער פּאָעטישער רייץ און די ווירקונג פון "קענטאָקי". מחמת, זיין וואָרט איז נישט צו שטאַרק צוגעקליבן, און זיין פערז נישט פעסט געשמידט. פאַראַן אַ סך פּראָזע־רייד אין "קענטאָקי", אַ צאָל פערזן זיינען נישט צו שטאַרק געבונדן.

עס איבערראַשט די קאָנסטרוקציע פון ווערק. אין פאַרמעסט ליגט אויך די פּאָעטישע דערגרייכונג. פאַר די אויגן שפּרייט זיך אויס אַ נייער שטח, אַ באָדן וואָס פאַר אים האָט אים קיינער נישט באַטראָטן. אייזיק ראַבאָי האָט דאָס געטאָן אין זיין לירישער פּראָזע, אין זיינע ווערק "הער גאָלדענבאַרג", "דער פאַס פון ים", "דער יידישער קאַובאָי" וכדומה י.י. שוואַרץ האָט אונדז אַריינגעפירט אין אַ נייער אומבאַקאַנטער סביבה. ער האָט מיט טיפן געפיל געמאָלן די נאַטור פון קענטאָקי. ער איז געווען דער פּייסאַזשיסט מיטן פּאָעטישן וואָרט. לייענט מען זיינע נאַטור־שילדערונגען, באַוואונדערט מען די שיינקייט פון דעם אַרום, און גלייכצייטיק דאָס העלע ליכט, מיט וועלכן זיינע ווערטער באַלויכטן די דרויסנדיקע וועלט.

דאָס געשטאַלט פון דעם ניי־געקומענעם ייד אין קענטאָקי, האָט ווי אַרויסגעשפּאַנט פון די בלעטער פון חומש, נישט אַזוי די ווערטער, ווי דער צער הינטער די ווערטער. די שטימונג האָט אַרומגענומען. געוואָרן אַ געשטאַלט אַזוי איצטיק און אַזוי פאַרצייטיק.

ווי י. י. שוואַרץ שטייען מיר אויך און גאַפן אין דער שלווה פון פרימאָרגן:

און ס'האָט אַ שפּר ץ געטאָן אין קילער שטאַל
מיט רויטן ליכט פון אויפגייענדיקער ן.

עס האָט אַ בליץ געטאָן אין פרעמדן אויג
די נייע אומבאַקאַנטע. פרישע וועלט
מיט בלויע הימלען און געדיכטן גראָז,
מיט ווייטן וואַלד מיט גרינער בלעטער־קרוין,
מיט נאָענטע פרוכט־ביימער באַדעקט מיט טוי,
מיט ווייסע אָפּגעקאַלכטע ווענט פון הויז,
וואָס באָדט זיך ביז די פענצטער טיף אין גרינס.

פאַראַן אין "קענטאָקי" פיל שטעלן פון ליכטיקער מעלאָדישער לירישקייט, פון דערהויבענער שטימונג, באַהויכט מיט דער רערציילערישער תמימות פון חומש־מעשה, ווי פאַר דזשאָשואַ וואָלט טאַקע קענטאָקי געווען דאָס "נייע לאַנד כנען"...

יאָ, די גאַנצע וואָך וואָס י. י. שוואַרץ איז געווען פאַרנומען מיט פאַרשפּרייטן זיינע ביכער, האָב איך געבלעטערט און געלייענט זיין "קענטאָקי". אין איינעם אַן אויפדערנאַכט בין איך געגאַנגען אַהיים פון דער שול. אַ ווייס ווינטערדיקער ווינט האָט געבלאָזן. אומגעריכט איז מיר געקומען אַקעגן י. י. שוואַרץ מיט אַ פול רענצל ביכער אין האַנט. אַן איינגעטוליעטער אין מאַנטל, האָט ער געשפּרייזט אין דעם פאַרשנייעטן, פראָסטיקן דרויסן.

איך בין געבליבן שטיין אַ דערשטוינטער, און אויך אַ דערפרייטער, ווער אפשר ער באַוויליקן אַריינצוגיין אין אַ קאַפעטעריע, און מיר'ן זיך אַביסל דורכשמועסן. י. י. שוואַרץ האָט אָנגענומען מיין אָנבאָט.

מיר האָבן זיך אַוועקגעזעצט אין אַ באַזונדערן ווינקל. י.י. שוואַרץ איז געווען נישט אויפגעלייגט.אומעטיקלעך געקוקט.

איך פרעג אים: וואוהין גייט איר אַצינד, אין אַזאַ קרירה? "איך האָב אייניקע אַדרעסן צו וואוילע יידן. איך וויל די יידן זען און איינוועגס שוין זיי אונטערטראָגן "אונדזער ליד פון שפּאַניע". "פאַרוואָסזשע גייט קיינער מיט אייך נישט מיט?" נאָך אַ ווײַלע שווייגן גיט ער צו: "מען גייט יאָ מיט מיר אַרום איבער די הייזער... נאָר איך קען נישט תמיד מטריח־זיין די חברים. בפרט, אַז די מענטשן זיינען מיר באַקאַנט און איך טרעף, ברוך השם, אַליין דעם וועג..." ער קוויקט זיך מיט דער וואַרעמער קאַווע און זיפצט אָפּ: "דאָס איז די מערכה פון אַ פּאָעט, נישט נאָר ביי יידן, אויך ביי די אומות העולם. נאָר די פּאָעטן ביי אַנדערע פעלקער האָבן אַ יוגנט און אַ פאָלק, וואָס רעדט און לעבט זיך אויס, אין דער שפּראַך, אין וועלכער דער פּאָעט שאַפט, איז זיי גרינגער טראָגן דעם יאָך. אונדז, יידישע פּאָעטן, פאַרגרינגערט גאָרנישט. איז דער עול שווערער און מען פאַלט טיילמאָל אַריין אין טרויער".

י. י. שוואַרץ האָט זיך געאיילט. מיר האָבן זיך געזעגנט. איך בין אַהיים געגאַנגען, דורכגענומען מיטן טרויער, וואָס י.י. שוואַרץ האָט אויף מיר אָנגעווייעט.

פון זינט יענעם צופעליקן צונויפטרעף האָב איך שוין קיין מאָל מער נישט באַגעגנט י. י. שוואַרצן. ער איז געקומען ספּעציעל קיין מאָנטרעאָל צו אַ קבלת־פּנים — אָוונט לכבוד א. סוצקעווערן. היות, עס איז געווען אַ צו גרויסער כבוד־יאַריד, האָב איך נישט געהאַט קיין געפיל צו גיין. אויף דעם טוט מיר היינט באַנג, ווייל דורך דעם, האָב איך דורכגעלאָזט די געלעגנהייט צו זען י. י. שוואַרצן. אָבער פאַרפאַלן! הנעשה אין להשיב — דאָס אָפּגעטונענע קען מען שוין נישט צוריקכאַפּן. עס איז מיר אָבער באַשערט געווען דורכצובריוולען זיך מיט י.י. שוואַרצן מיט אייניקע יאָר שפּעטער.

מיינער אַ חבר פון ניו־יאָרק — אַ נאָענטער פריינט פון י. י. שוואַרצן, האָט מיר געשריבן, אַז י. י. שוואַרץ האָט תרעומות, הלמאי איך האָב אים נישט געשיקט מיין ״אין קאַנאַדע״ און ״דאָס ווייסע הויז״.

איך האָב אים געשריבן, אַז ״אין קאַנאַדע״ האָב איך נישט קיין איבעריקע קאָפּיעס. איך וועל זיך באַמיען צו קריגןביידע טיילן, און אויב מיר וועט זיך איינגעבן, וועל איך זיי אים צושיקן, אָבער דעם ראָמאַן אין פערזן ״דאָס ווייסע הויז״ שיק אים איך אַרויס. דער אמת איז, איך בין גישט געווען זיכער צי י. י. שוואַרץ וועט האָבן אויף דער עלטער דאָס געמיט זיך אַריינצולעבן אין מיין ״דאָס ווייסע הויז״, דערצו נאָך, האָב איך געוואוסט, אַז ער איז זייער צוגעלייגט נאָכן אומקומען פון זיין טאָכטער און איידעם אין אַן אויטאָמאָביל־עקסידענט.

איך וואָלט אַוודאי נישט געהאַט קיין פאַריבל, ווען ער רופט זיך בכלל נישט אָפּ. איז טאַקע אַוועק אַ לענגערע צייט, און איך האָב פון אים נישט געהערט. איך האָב שוין כמעט פאַרגעסן, אַז איך דאַרף פון אים דערוואַרטן אַן ענטפער. איז פון בראָנקס, ניו־יאָרק, מיט דער דאַטע יוני 14, 1968, אומגעריכט פאַר מיר אָנגעקומען אַ בריוול בזה הלשון:

״ליבער חבר שלום שטערן:

״אייער בוך ׳דאָס ווייסע הויז׳ מיטן בריוו זיינען סוף כל סוף צו מיר דערגאַנגען. איך האָב מיך גענומען צו לייענען, זיך פאַרלייענט און הנאה געהאַט. פאַראַן דאָרט סצענעס, וואָס פאַרכאַפּן דעם לייענער. תחזקנה ידיך!

״פאַר אייך און אייער משפחה און פאַרן ברודער יעקב (געמיינט דעם דערציילער יעקב זיפער — ש. ש.) האָב איך תמיד אַ וואַרעמקייט און אַ היימישקייט.

״אם ירצה־השם, אויב איר וועט קומען האַרבסטצייט קיין ניו — יאָרק — זוכט מיך אויף וועלן מיר אַביסל פאַרברענגען און טאַקע גוט זיך דורכשמועסן.

״מיט האַרציקע גרוסן צו אייער גאַנצער משפחה אייער י. י. שוואַרץ.

"נ. ב.: כ'האָב אויבן געזאָגט: 'דאָס בוך איז סוף כל סוף צו מיר דערגאַנגען' — ווייל אין זעלבן הויז וואוינט נאָך אַ ייד מיטן נאָמען שוואַרץ און דאָס בוך איז אָפּגעלעגן ביי אים אַ פּאָר טעג, איידער כ'האָב עס באַקומען. ד.ז."

אין די עטלעכע שפּעטערדיקע בריוו זיינען אַריינגעקומען אינטערעסאַנטע אַרויסזאָגונגען פון י. י. שוואַרצן וועגן דיכטער און דיכטונג. ער האָט תמיד געהאַט בלויז גוטע ווערטער וועגן דעם שאַפן פון זיינע פעןֿ־חברים. אָנהייב ווינטער פון דעם יאָר איז מיר טאַקע אויסגעקומען צו זיין אין ניו־יאָרק. איך האַב אייניקע מאָל טעלעפאָנירט צו י. י. שוואַרצן און אים נישט געטראָפן. מען האָט מיר איבערגעגעבן, אַז ער איז איינער אַליין. ער פילט דעם עלנט פון זיין־אַליין אויף דער עלטער. ער וויל זיך טוליען צו אייגענע, אָבער די אייגענע רוען שוין אויפן בית־הקברות־פעלד אונטער די מצבה־שטיינער.

איך האָב געבעטן נאָענטע מענטשן, אים איבערגעגעבן, אַז איך בין אין ניו־יאָרק, און איך וויל אים זען. עמיצער האָט זיך פאָרט פאַרבונדן מיט י. י. שוואַרצן און זיך באַמיט איינצואָרדענען אַ צונויפקום אין אַ היימיש הויז, אָבער דאָס איז געווען כמעט אין לעצטן מאָמענט, ווען איך האָב געדאַרפט צוריקפאָרן קיין מאָנטרעאָל. אַזוי אַרום, האָב איך שוין נישט באַוויזן צו זען י. י. שוואַרצן, און צום לעצטן מאָל זיך אויסשמועסן מיט אים, איז מיר שוין נישט באַשערט געווען.

איז מיר געבליבן זיין בוך. שורשען די בלעטער און איך פאַרנעם זיין טיפע בענקשאַפט, זיין באַוואונדער פאַר דער רייכער שיינקייט פון דער אַמעריקאַנער לאַנדשאַפט. עס איז ווי ער זאָל זיין אייגן געשטאַלט אַריינשטעלן אין דער ראַם פון דעם גרינעם, בלענדיקן אַרום. אין דער טיף פון געמיט ציטערן די געאיידלטע און בילדלעכע פערזן, וואָס טרייסטן אין דער בענקשאַפט פון ליכטיקן אומעט:

איך האָב זיך אויף מיין שוועל פון יוגנט
אין מאַלשטראָם פון ניו־יאָרק געפונען,
ביים גרויסן ברעג פון געלן האָדסאָן,
וואו ס'גיסן זיך צונויף די שטראָמען
פון גאָר דער גרויסער וועלט דער ברייטער
און כ'האָב זיך אויסגעלערנט ליבן
דעם גרויסן, אייביק ווילדן אומרו:
געווען אַ שפּריץ פון זיינע וואַלסן,
אַ בליץ צווישן זיינע בליצן.
ביז טייער איז ער מיר געוואָרן
מיט זיינע זיגער און באַזיגטע.
מיט זיינע אומגליקן און גליקן,
מיט זיינע רייכטימער און דלות,
מיט זיין פאַרשטיקטן קרעכץ און יובל.

איך ליב זיין ראָזן האַרבסט אין פּאַרקן פון קופּער און פון בראָנז געגאָסן,
פון קופּער און פון בראָנז געגאָסן,
מיט זיינע וואַרעם-בלויע הימלען.
איך האָב ליב דעם ים־ברעג פון ניו־דזשוירזי
וואו אייביק שלאָגן אָן די וואַלן
און גיסן זיך פון גרין אַריבער
אין העל־בלוי און טונקל־בלויען
באַזוימט מיט פּערלדיקע שפּיצן.
און איצטער, ווען מיין קאָפּ נעמט גרויען,
שטיי איך אויף די קענטאָקער פּלאַכן
מיט זייער ווייכן בלויען הימל
און ברייטער, נישט געצוימטער ווייטקייט,
מיט פרישע, ליכטיקע פּרימאַרגנס.
(פונעם אַריינפיר־ליד צו "קענטאָקי" "Blue Grass"

**י.י. שוואַרצס פּאָעטישע בילדלעכקייט פּאַרמאָגט אין זיך אַ** דעטאַליזירטע באַשרייבערישקייט און די פּילקלאַנגיקייט פון רעטשיטאַטיוו. ער כאַפּט נישט אויף קיין איינציק בילד, ער האָט ליב אין זיין פּאַרגאַפטקייט **צו ווייזן די נאַטור אין פלאַם פון אירע פאַרבן. האָב איך טיילמאָל דעם** איינדרוק, אַז ער ציט בכיוון אַריין בילד אין בילד, אַז דער לייענער זאָל זיך אויך אָפּשטעלן, און באַוואונדערן און דערפילן דאָס געמיט פון דעם אַרום, און באַוואונדערנדיק דערזען דאָס גאַנצע וואָרט־געמעל מיט אַלע מיניענדיקע פאַרבן.

**דערביי נוצט ער די סאַמע געוויינלעכסטע ווערטער. די פערזן זיינען** פריי און אומגעצוימט. אַזאַ איז געווען זיין פאָרם און סטיל. אין אַזאַ ליריש־דערציילערישער דיכטונג האָט ער זיך געאיבט דאָס גאַנצע לעבן זיינס. מיט אָט דער פשטות האָט ער דערגרייכט די באַרג־שפּיצן אין דער יידישער אַמעריקאַנער פּאָעזיע.

י. י. שוואַרץ איז געשטאָרבן זאַט אין יאָרן — אָבער קיין שיבה טובה איז אים נישט באַשערט געוואָרן. איצט האָט דער טויט איבערגעריסן דאָס ליכטיקע געוועב פון זיין שעפעריש לעבן. אָבער דאָס ליכט, וואָס שטראַלט אַרויס פון זיין "קענטאָקי" פון זיינע "יונגע יאָרן" פון זיינע אויסגעצייכנטע **איבערזעצונגען — האָט דער טויט נישט געקענט פאַרלעשן, און וועט אין** שפּעטערדיקע צייטן נישט פאַרשווינדן.

**י.י. שוואַרץ איז געווען דער לעצטער פון די "יונגע", מיט אים איז** אָפּגעשלאָסן געוואָרן דער הערלעכער פּעריאָד פון אונדזער גרויסן און יונגן פרילינג אין דער יידישער דיכטונג אין אַמעריקע.

די גלוויביקע טעג פון יענער זוניקער, זינגענדיקער צייט, וועלן אייביק זינגען אין דער יידישער ליטעראַטור, און פון צווישן אָט דעם לויטער לירישן געזאַנג, וועלן מיר תמיד אין בענקשאַפט־טרוים פאַרנעמען דאָס אומעטיק־נאָגנדיקע און אויפגעלויטערטע געזאַנג פון "קענטאָקי". אונדזערע טריט וועלן טרעטן אין די גראָזן באַפּערלט מיט ווייסן מאָרגן־טוי, ווייל אויך מיר אין שטוינען האָבן דערזען:

ליב איז די ערד אויף וועלכע איך טרעט —
**פריש איז די ערד און פרוכטבאַר און פעט.**
מיידלשע ערד, אַזוי נאָכגיביק און מילד,
קושט מיינע טריט מיט איר גראָז און קילט.



פון שלום שטערן

# דאָס יאָמער־געוויין פון זוסמאַן סעגאַלאָוויטש

״כ׳האָב ליב דאָס פרעמדע לאַנד,
דאָס לאַנד פון צאַרטע לידער —
דאָ לעבט אַ גרויסער טרויער
פון מײַנע גלות־ברידער...

כ׳האָב ליב דאָס פרעמדע לאַנד,
דאָס לאַנד פון בונטע פאַרב...
דאָ בין איך ניט געבוירן,
דאָ וועל איך אפשר שטאַרבן!...

(מאָטאָ פון ז. סעגאַלאָוויטש צו זײַן פּאָעמען־בוך ״אין קאַזמיערזש״)

אין פאַרן־מלחמהדיקן פוילן איז ז. סעגאַלאָוויטש געווען דער צום מערסן געלייענטער שרײַבער. מען האָט זיך געקוויקט מיט זײַנע נאָך־ליבע־בענקנדיקע ראָמאַנען און דערציילונגען. די יוגנט אין די יידישע שטעט און שטעטלעך האָט דורכגעלעבט דעם טרויער פון טרוים און פאַרליבטקייט אין זײַנע ליבע־באַשרײַבונגען אין די ראָמאַנס־פּאָעמען פון ״אין קאַזמיערזש״ (יידן האָבן דאָס שטעטל גערופן ״קוזמיר). ״רייזעלע דעם שוחטס״, ״רעגינע״, דעם ראָמאַנס אין פערזן ״סעמירקעס ליבע״, זײַנען אומעטום געזונגען געוואָרן. פאַרליבטע בחורים און מיידלעך, פאַראומעטיקטע פון זייער אייגענער ניט־דערגרייכטער ליבע, האָבן טרוימעריש אַרויסגעציטערט אָט די גאַרנדיקע, מעלאָדישע סטראָפן:

״שוואַרצע אויגן האָבן פײַער —
דײַנע זײַנען שוואַרץ,
האָסט געוואָרפן הייסע פונקען
אין מײַן מיידליש האַרץ״.

אָדער ״ביסט אַוועק... נאָר נישט געפונען
האָב איך מער מײַן רו;
ס׳קומען אַנדערע, נאָר קיינער
ליבט מיך נישט, ווי דו״.

ז. סעגאַלאָוויטש איז נישט געווען קיין פּאָעטזינגער. אין זײַנע פערזן האָט געפעלט דער ציטער פון מוזיקאַלישקייט. ער איז אויך נישט געווען קיין מאָלערישער פּאָעט. ער איז געווען נאַראַטיוו־באַשרײַבעריש אין זײַנע

שטילע, צאַרט־לירישע און טיילווייז סענטעמענטאַלע פּערזן. סענטימענטאַל, אָבער גלײַכצײַטיק געאיידלט, האַרציק־אָפן, טרוימעריש, מיט בענקשאַפט נאָך פרעמדע ווײַטן. אין תּוך איז זײַן שטימונג דאָס אומעט־און ווייטיק־געמיט פון אַ יידישן פּאָעט, וואָס ברענגט אים נאָענט צום האַרצן פון דער יוגנט, וואָס איז אויך ווי ער, דורכגעליטן און דורכגעלייטערט אין דעם שווערן יאָך פון דער טאָג־טעגלעכקייט. אָט די יוגנט איז פאַרליבט און וויל געליבט ווערן און נאָענטהיימיש איז איר דער פּאָעט. אַנדערש איז סעגאַלאָוויטש געווען אין זײַנע ראָמאַנען ווי אין ״אייביק־איינזאַם״.

״דאָס אַנאַרכיסטישע מיידל, ״אַנטאָשאַ״ זײַן העכסטע קינסטלערישע דערגרייכונג איז געווען דער ראָמאַן ״די ווילדע צילקע״. אין דער בעלעטריסטיק איז ער געווען אַן אינטערעסאַנטער דערציילער, אַ פּייסאַזשיסט, האַרציק־ליריש. ער האָט מיט זײַן אינטימען אופן פון דערציילן צוגעצויגן דאָס האַרץ פון לייענער.

ז. סעגאַלאָוויטש האָט געהאַט גרויס הצלחה ביים לייענער־עולם. ער איז געווען פאַרשמט פאַר אַ ראָמאַניסט וואָס טיילט זיך מיטן גורל פון זײַנע לייענער. טאַקע דערפאַר איז ער באַליבט געווען בײַ גרויסע פאָלקס־שיכטן, אָבער קיין גרויס מזל בײַ דער קריטיק האָט ער נישט געהאָט.

דעם טעם פון דעם געפין איך אין תּוכן און שרײַב־סטיל פון זײַנע ווערק. ער איז געווען צו אָפן, צו דירעקט, צו פאַרשטענדלעך, אונדזערע קריטיקער פון אַמאָל און הײַנט האָבן ליב סתרי־תּורה. מע זאָל זיך קענען אַרײַנגריבלען און אויספּלפּולן דעם מיין פון דעם מחבר. בײַ אונדז האָט ליטעראַטור אויך געדאַרפט זײַן אַ האַרב שטיק־פּראָבלעמאַטיק... ז. סעגאַלאָוויטשעס ווייכקייט און וואַרעמקייט האָבן די כּלומרשטע מפונקים, קריטיק־שרײַבער נישט געקענט אויפנעמען, בפרט, אַז ער נעמט אַזוי שטאַרק אויס בײַם פאָלקס־מענטש. דער אמת איז: ז. סעגאַלאָוויטש האָט מער אויפגעטאָן פאַרן לייענער ווי פיל שרײַבער, אויסגערימטע דורך די קריטיקער, וואָס האָבן געקנעלט תּורה, און נישט געלערנט דעם לייענער וואָס אַרויסצופילן פון אַ בוך. די איבערלעבונגען פון די לייענער און שטיקער עבט, היימיש, יידיש לעבן, האָט ז. סעגאַלאָוויטש אין לירישער שטימונג פאַרצייכנט, און טאַקע אויך פאַרקאַרבט לדור דורות אין פיל פון זײַנע אינטערעסאַנטע און אָפּט־רירנדיקע שריפטן, אין פּאָעזיע און בעלעטריסטיק.

ז. סעגאַלאָוויטש האָט געגעבן שטייגער־שילדערונגען פון דעם תּחום אין דער יידישער סביבה, און טיילווײַז אויך דעם נישט־יידישן אַרום דעם לעבנס־פּיר פון דער פּוילישער און יידיש־פּאַרפּוילישטער פּעריפעריע. אָט די אַנדערשקייט האָט גערייצט דעם יידישן לייענער און אַרײַנגעבראַכט אַ נײַע פאַרב אין ברייטן בילד פון דער רעאַליטעט אין דער יידישער ליטעראַטור.

אין דעם געראַנגל מיט דער שווערער נויט, אין די קליינע פריידן וועלכע האָבן אין געוויסע מאָמענטן אַרומגענומען דעם יידן פון פוילן, אין אָט דער ווירקלעכקייט, וואָלט ז. סעגאַלאָוויטש געוויס געוועז אויסגעלעבט זיַינע יאָרן אין דער שעפערישקייט פון זיַין שטימונג פון שטילן אומעט. איז דאָס נישט געווען באַשערט. דאָס אומגליק פון דער מאָרד־מלחמה האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויף פוילן. ז. סעגאַלאָוויטש איז געלאָפן פון דער טויט־שריפה און דאָס פיַיער, ווי אַ שטורעמדיקער טיַיך, איז אים נאָכגעלאָפן. זיין אַנטרינונג פון היטלערס שווערד באַשריַיבט ער אין צוויי פּאָעטישע פּנקסים אין בוך "דאָרטן" (אַ בוים פון פוילן" — מגילת פּליט), ניו יאָרק, 1946, און "איצטער", "צוקונפט"־פּאָעמען, "ציקאָ", 1948. דעם שוידער פון דעם לויפן צו אַנטרינען פון דעם פאַרצוקנדיקן פיַיער פון היטלערס מאָרד־חילות גרוילט אויף דאָס געביין.

אין אימה, אין צאָרן לעסטערט ער און שעלט, אַז פאַרוויסטיקט זאָל ווערן אָט די וועלט פון מאָרד און צעשטערונג. דאָך געפינט ער אַ זכות אויפן מענטש, וואָס דאָס געפיל פון דערבאַרעמונג האָט זיך נישט פאַרלאָשן אין אים, אַפילו אין דער דאָזיקער גרויזאַמקייט. פּליטים, ווי ער, ווילן אים העלפן. רירנדיק איז די מילדקייט פון מענטשן, וועמעס גוטע טואונגען ער דערהויבט:

"צום גונסטן פון מענטש מוז מען זאָגן,
מען האָט נישט דערשטיקט דאָס געוויסן...
אין שרעקלעכן וועג נידערשלאָגן,
מען האָט זיך געטיילט מיטן ביסן.
געווען בין איך שוואַך און אַ קראַנקער,
האָט איינער געוואָלט זיַין מיַין טרעגער...
איך האָב נאָך אַזויפיל צו דאַנקען
פאַר וואַסער און ברויט, פאַר געלעגער".

די פּיס, אין שרעק, האָבן אים געטריבן פאָרויס. געווען איז ער אין ראָוונע, אַריַין קיין ווילנע, און פון דאָרט קיין קאָוונע. אין קאָוונע האָט די מלחמה נאָך נישט דערגרייכט. עס איז געווען נאָך פאַר היטלערס אָנפאַל אויפן ראַטנפאַרבאַנד. די יידן פון אוקראַינע, פון וואָלין, פון ליטע און רוסלאַנד האָבן אַלעמאָל געשמט פאַר רחמנים בני־רחמנים. זיי האָבן זיך תמיד אויסגעצייכנט מיט העלפן יידישע מלחמה־געליטענע (אַזוי איז עס אויך געווען אין דער ערשטער וועלט־מלחמה).

אָט די שיינע יידישע מידה פון העלפן זייערע אַנטרונענע ברידער, איז די הערלעכע שיַין, וואָס האָט באַלויכטן דעם פּיַינען־וועג פון דורות־יידן. דעם האַרציקסטן לויב און די לויטערסטע בענטשונג שענקט ער די ליטווישע יידן, אין שיינע פּשוט און טיף־איבערגעלעבטע פערזן:

— אין קאָוונע דאָס איז דיר נישט ראָוונע
דאָ האָט מען מיט אונדז זיך פאַרנומען.

מען איז מיט טרײַקייט באַפּאַלן,
געזאָרגט פֿאַר דעם קלענסטן צופֿרידן...
אויב גאָט וועט טיילן מעדאַלן,
דאָס ערשטע — פֿאַר ליטווישע יידן.
צי קאָן מען די מענטשן פֿאַרגעסן?
די אַלע די טײַערע נעמען.
דאָ גייט נישט אין טרינקען, אין עסן,
דאָ דאַנקט זיך פֿאַר האַרץ ביז פֿאַרקלעמען.
די טירן געעפֿנט פֿאַר פּליטים
פֿון שוסטער ביז רײַך, ביז נגידיש,
גערעדט האָט מען האַרציק ביז גרייטקייט
און טאַקע אין פּשוטן יידיש".

ז. סעגאַלאָוויטש האָט, על־פּי צופֿאַל, אויסגעמיטן אַרײַנצופֿאַלן אין די חיהשע נעגל פֿון די דײַטשן. מיט אַ סאָוועטישער שיף פֿון אָדעס, גייט ער דורך די שרעקלעכסטע עינוּיים און שרעקן און קומט אָן אין חיפֿה־פּאָרט.

אין דעטאַל באַשרײַבט ער זײַנע איבערלעבונגען און די מענטשן וועלכע ער באַגעגנט אויף דעם וואַנדערוועג פֿון שוידער.

אין ארץ־ישראל, אויפֿן באָדן ווו ער דאַרף געפֿינען מנוחת־הנפש, האָט אים די געזונטע, געבענטשטע רו פֿאַרלאָזן. נישט דאָס לאַנד איז דער גורם צו זײַן טרויער. דאָס אומגליק, וואָס האט זיך טיף אײַנגעגראָבן אין זײַן געדאַנק און געמיט, פֿאַרטרײַבן די געגאַרטע שלוה פֿון אים. וואָרים, ווי אַזוי קען ער אײַנשטילן אין זיך דעם צער? יידיש־פּוילן, ווייסט ער, איז חרוב ונחרב געוואָרן. שיין איז ארץ־ישראל, אָבער אין בענקשאַפֿט טויכן אויף די יידישע שטעט און שטעטלעך — זײַן וואַרשע, זײַן לאָדזש, אַלע זיסע זאַפֿטן פֿון אַלט־היימישן — האַרציקן, טראַדיציאָנעלן שטייגער־לעבן. אויך די ביטערקייט פֿון דער נויט און דעם דלות, אין וועלכן דאָס רוב פֿון די פּוילישע יידן האָבן געזונקען, שילדערט ער אין אַלע זײַנע פֿאָרמעס. דאָך פֿאַלט די שײַן פֿון ליכט, פֿון אַלט און נײַ אין יידישן לעבן, וואָס האָט זיך ווי צונויפֿגעפֿעדעמט און געוועבט אין נײַע מאָדערנע פֿאָרמען פֿון אויסלעבן זיך געזעלשאַפֿטלעך. עס גליט אין אים די בענקשאַפֿט נאָך דעם לאַנד, ווו יידן האָבן אין משך פֿון קרוב טויזנט יאָר טיף־אײַנגעגראָבן זייערע וואָרצלען. עס קומט אָן שוער דאָס אַרויסרײַסן זיך פֿון דעם סביבה־באָדן אין וועלכן מען האָט אויסגעוואַרעמט, און אַפֿילו אויסגעפּײַניקט, די קינדהייט, די יוגנט, די מיטל־און עלטערע יאָר.

**פֿאַר ז. סעגאַלאָוויטשן איז פּוילן געווען היים. אין קאַזימיערזש זײַנען** געווען פֿאַרצייכנט זײַנע טריט. אָט די מאָלערישע לאַנדשאַפֿט האָט זײַן געמיט פֿאַרקריצט אין צאַרטע בענקנדיקע לידער און פּאָעמען. ערד־שטויב, דער גאָלדענער זאַמד, אַ שטיינדל, בוים און געביי, אָפּגעריבן און געבויגן, אָבער שיין אין שטיין, אין ציגל־געפּאַסטע מויערלעך — דאָס אַלץ איז געווען זײַן... די יידן זײַנען געווען די אַרומיקע וועלט אין וועלכער ער איז

געוועזן טיף־איינגעוואָקסן, און פון איר איז אַרויסגעוואָקסן די אָנרעגנדיקע שטימונג פון זיין שאַפן. ער איז געווען אַן אַרויסגעריסענער פון זיין שוין פאַרוויסטיקטן באָדן. איבערפלאַנצן זיך און זיך איינפלאַנצן, אַפילו אין לאַנד פון דער יידישער בענקשאַפט, האָט ער נישט געקענט. באַוווּנדערט ער די שיינקייט פון ארץ ישראל און די בענקשאַפט פירט אים צוריק צום אַמאָל, צו דעם טרויער פון דעם רעגן אין פוילישן האַרבסט:

איך קוק אויף דער פאַלמע דער גרינער
און טראַכט פון דער ווייטער בעריאָזע...
ווי קאָן מען פאַרשטיין מיטן זינען
די דאָזיקע מעטאַמאָרפאָזע?
דער הימל פון דאַנעט דער בלויער
די שפע פון ליכט אויף די וועגן...
פאַרוואָס־זשע פאַרגיי איך אין טרויער
נאָך אונדזערס אַ האַרבסטיקן רעגן?

אין דער זאַמלונג פּאָעמען "איצטער" באַשרייבט ער די שרעקן און ענויים פון די וואָס זיינען דורך כּלערליי צופאַלן, אַרויס קוים לעבעדיקע פון די קאָנצענטראַציע־לאַגערן, פון די וועלכע זיינען שוין געשטאַנען ביי די פלאַמען פון די גאַזאויוונס, און זיינען אַהין נישט אַריינגעשטויסן געוואָרן. דאָס דערציילן אים איניקע פון דעם שארית, געראַטעוועטע אין תּל־אביב, אין קאַפעטעריעס און אויף פאַרשידענע באַגעגענישן מיט זיי. פון זיי ווערט ער געוואויר די שוידערן פון אונדזער טראַגעדיע. הגם, ער האָט שוין נאָך פאַר די ניצול־געוואָרענע דערציילער געוווסט פון דעם גרויל און אומגליק פון פאַרוויסט ווערן. איצטער שרייט שוין אַרויס דעריאָמער פון די סאַמע טיפן פון זיין האַרץ. דאָס גאַנצע געביין איז אנגעזאַפט מיט פיין. דאָס יאָמער־געוויין פלייצט פון אים. זיינע טרערן פון אַן אָבל אין עלנט, ווערן פאַרשלונגען אין דעם באַרג אַש פון פאַרברענטע יידישע גופים. עס איז, ווי ער זאָל זיצן אויף דעם פאַרשרפעטן יידישן לעבן אין די יידישע שטעט און שטעטלעך, און זען דאָס שוידער־בילד פון חורבן:

"די לעצטע מזוזה אַרונטערגעריסן...
איך וועל שוין דאָרט קיין מאָל ניט קומען, ניט וויסן.
ניט זען און ניט הערן דעם קול דעם באַגערטן...
וואָס איז דאָרטן פאַרבליבן פון שטעטל צעשטערטן?
אַן אָפּקלאַנג, אַ קאַזימיערזש אַ וואָרט אָן אַן עכאָ,
נישטאָ שוין קיין דבורה, נישטאָ שוין קיין נעבע...
נישטאָ קיין דערוואַכן, קיין פרייטיק, קיין קידוש,
נישטאָ שוין קיין זמירות, נישטאָ שוין קיין חסידות...
פאַרשטומט איז דאָס שטעטל און אַלע די שטעטלעך —
פון יידישע קינדער — בלויז ליידיקע בעטלעך...
האַרץ מיינס, פון אומגליק! וואָס איך וואָלט נאָך יועלן:
מיין שאָטן זאָל דאָרטן פאַר מיר זיך פאַרשטעלן,
מיין שאָטן זאָל ווידער ביים ברונעם זיך זעצן
און שפּאָטן פון מענטש און פון זיינע געזעצן.

און עמעצער זאָל, ווי אַ שד זיך צעשרייען:<br>עס זאָל שוין פּאַר קיינעם קיין מקלט ניט סטייען.<br>מיין שאָטן זאָל זיצן בײַם ברונעם און היטן<br>דעם ליידיקן נעבכטן אין מאַרק־פּלאַץ אין מיטן...<br>בײַטאָג זאָל ער שילטן מיט פינצטערע קללות,<br>בײַנאַכט זאָל ער וויינען אויף חורבן פון גלות״.

ער איז צעבראָכן פון יאוש און די קללות זיינען די פײַלן דורכגעגליט אין ווייטיק, וועלכע ער שלײַדערט אין אַ וועלט, וואָס איר האַרץ איז פאַרשטייניקט געוועזן צו אונדזער אומגליק. דאָס איז אַזאַ צער, אָן שום טרייסט, וואָס האָט צעבראָכן דאָס האַרץ פון דעם טיף־געליטענעם און אין יסורים־געלײַטערטן פּאָעט־מקונן ז. סעגאַלאָוויטש.

זײַנע פערזן זײַנען פײַער פון פײַן. עפּעס אַ נס איז געשען, וואָס ער האָט געפונען כּח צו פאַרענדיקן די שוידער־מגילה פון אונדזער חורבן.

ער שילדערט קאַמף־בילדער פון דער קעמפנדיקער וואַרשעווער געטאָ, ווי ער אַליין זאָל האָבן געוועזן איינער פון די קעמפער. עס איז נישט קיין זעונג וואָס מען שטעלט זיך פאָר, נאָר דאָס קראַכן פון די קוילן, דאָס געיאָמער פון די פאַלנדיקע, און דאָס פײַער נעמט אים אַרום, כאַפּט אונדז אַלעמען אַרײַן אין זײַנע שלינגענדיקע פלאַמען. דאָ שטייען אַלע קעגן טויט. **אַלע ראַנגלען זיך מיטן נאַצי־מערדער — פרומע און ניט־פרומע. אַלע** פאַרטייען שלאָגן זיך אונטער דער פאָן פון נקמה נעמען פונעם דײַטשישן רוצח וואָס איז אויפגעשטאַנען צו פאַרטיליקן דאָס שארית־יידן. ווייטיקט דאָס האַרץ: יאָ, קעגן טויט זײַנען מיר יידן געגאַנגען צוזאַמען! פאַרוואָס האָבן מיר איצט אַזעלכע יידן־אָנרייצער פון מחלוקתן, וואָס דערלאָזן נישט קיין צוזאַמענאַרבעט פאַרן אויפהאַלט פון אונדזער יידישער אייגנאַרט? אָט די פאַרדאַרבער פאַרסמען די לופט, און העצן כּסדר, אַז עס זאָלן נישט פאָרקומען קיין צוזאַמענדיקע געטאָ־פײַערונגען. מיר ווייסן שוין פון **אַנדערע כראָניקער און עדי־ראיה, אַז אין דער געטאָ איז געוועזן אַחדות אין** אויפשטאַנד קעגן די נאַציס. אָבער זאָל דער דאָזיקער גרויסער און מוטיקער אמת דאָ פאַרצייכנט ווערן, ווי עס שילדערט אָט די העראָיק ז. סעגאַלאָוויטש אין זײַן ספר־הקינות ״דאָרטן״:

״אין געטאָ האָט געקעמפט אין איינעם<br>דער אַפּיקורס מיטן פרומען...<br>די פלאַמען האָבן אויך אין איינעם<br>די יידישקייט אַרומגענומען.<br>די שולן און די חסידים־שטובן,<br>די רויטע פאָנען מיט דעם טלית,<br>דעם אַרבעטערס חברים־קלובן,<br>די רײַכקייט מיטן גאַנצן דלות.<br>איך פּרוּוו דערגיין צו יענע רייען,<br>דערגיין, דערזען דעם שרעק פון גיהנום...

אָט לויפט אַ ייִד אַרויס פון פײַער...
זײַן טריט, זײַן בגד נעמט שוין ברענען.
איך זע זײַן ביקס און זײַן קאַפּאָטע,
איך זע ער צילט, איך הער דאָס שיסן
און פּלוצלונג ווערט עס אַלץ פאַרשאָטנט
און מערער קאָן מען שוין ניט וויסן.
איך קריך אַרײַן אין די ידיעות,
ווי אין אַן אָנגעגליטן קעסל...
איך רײַס מײַן לײַב, איך רײַס קריעה
אויף יעדער טויטער גאַס און געסל״...

בעתן לייענען אָט די דורכגעטרערטע פּערזן, האָב איך געהאַט דאָס פײַנלעכע געפיל, אַז דאָס זײַן צעטיילט און אָפּגעשיידט, אַפילו אין טאָג פון אונדזער חורבן־געוויין, איז אין סאַמע תּוך אַ פאַרשוועכונג פון די קדושים — די גבורי האומה אונדזערע. איך האַלט אויך, אַז בײַם עפענען דעם יום־אָדער־ליל־הזכּרון פון די געטאָ־קעמפער, דאַרף מען פריער פאָרלייענען אָט די פריער־ציטירטע פערזן וועגן דעם כּלל־ישׂראלדיקן־גיין־באַנאַנד אין שלאַכט, קעגן דעם נאַציסטישן אויסראָטער פון העכער זעקס מיליאָן ייִדן.

יאָ, מיר האָבן פיל ביכער וואָס באַשרײַבן און באַקלאָגן אונדזער פאַרוויסטונג, אָבער דאָס סאַמע אויפטרייסלענדיקע, ווייטיקדיקע געוויין יאָמערט פון ז. סעגאַלאָוויטשעס דורכגעבלוטיקטע פערזן. עס איז ממש צו שטוינען, ווי בײַ אַזאַ עמאָציאָנעל־אָנגעצונדן געמיט האָט ער נאָך באַוויזן אויסצואיידלען אין פיל פערזן מענטש און לאַנדשאַפט. פּאָעטיש און מאָלעריש זײַנען די פּייסאַזשן און די שטייגער־סביבות פון דעם לעבעדיקן ייִדישן פאָלק, וואָס איז פאַרטיליקט געוואָרן, זיי ווערן באַלעבט מיטן אָטעם פון זײַן פּאָעטישן וואָרט. מיטן צויבער פון זײַן אַמאָליקער האַרציקער מילדקייט פון דערציילן און שילדערן.

זײַנע ״איכה״־פערזן זײַנען איינציקאַרטיק אין דער פאָרם, און אין דעם אופן פון פול מאַכן דעם לאָגל פון טרערן, וואָס פליסט פון דעם מיט־ווייטיק־אָנגעצונדענעם האַרץ־קוואַל. זײַנע פנקס־בלעטער ברענען נישט. ווי די פאַרמעטן מיט וועלכע מען האָט אַרומגעוויקלט ר׳ חנינא בן תּרדיון. די אותיות פליען נישט אין די הויכן, און פאַרשווינדן נישט אין די רוימען, אָבער די ווערטער בריען מיט אַזאַ פּײַן אַז די נשמות פון אונדזערע קדושים מורמלען דורכן שאָרך פון די בלעטער.

עס איז דאָס הייסע אַש פון אויסגעקוילעטן פאָלק וואָס וועט קיינמאָל זיך נישט אָפּקילן. דער צער וואָס האָט געבוירט ז. סעגאַלאָוויטשעס געביין און געברענט אין זײַן האַרץ, וועט אָנצינדן דעם צאָרן פון קיין מאָל נישט שענקען נאַצי־דײַטשלאַנד פאַרן ייִדישן לעבן. מיר דאַרפן טאַקע זײַן אָנגעלאָדן מיטן קאַמפּסגײַסט קעגן נאַציזם און האָבן מוט און בטחון, אַז סוף כּל סוף וועלן מיר ברענגען דעם ליכטיקן נצחון פון שלום. דערבײַ אָבער מוזן מיר געדענקען, אַז מיר זײַנען אבלים און זעען פאַר זיך דעם פּאָעט ז.

סעגאַלאָוויטש, אָט דעם צעבראָכענעם ייד, וואָס קלאָגט אויפן בראָך פון אונדזער פאָלק:

„איך וואָלט וועלן זײַן מיט אייך און זיצן
אויף אַ שוועל,
און זיצן אויף אַ שוועל פון אַ חורבה האַלב-צעריסן...
מיט אַייך פאַרנעמען אונדזער וויסטן תל-און טיילן זיך מיט טרייסט און מיטן לעצטן ביסן.
איך האָב קיין מאָל ניט געוווסט, אַז מיר זײַנען אַזוי נאָענט,
ווי איצטער אין די טעג פון אימהדיקן שטורעם.
איך וואָלט וועלן זײַן מיט אײַך אויף אונדזער אַלטן פראָנט,
אויף אונדזער אַלטן פראָנט פון גלויבן און יסורים".



## פון שלום שטערן

# ש. ניגער מיט זיך אַליין

### ש. ניגער — "פון מיין טאָגבוך"

אַריינפיר פון חיים בעז
אַרויסגעגעבן פון
אַלוועלטלעכן יידישן קולטור־קאָנגרעס.
תשל"ב, ניו־יאָרק, 1973.

א.

לעצטנס קומט מיר, טייל מאָל אויס, צו אַמפּערן זיך מיט אייניקע יונגע יידישע געלערנטע — פּראָפעסאָרן פון יידישער ליטעראַטור — וועגן ש. ניגער דעם קריטיקער און זיין פירנדיקער ראָלע אין דער יידישער ליטעראַטור־קריטיק.

איך באַשטיי, אַז ש. ניגער איז געווען אַ ליטעראַטור־קריטיקער אין זיין שרייבער־דור, און דעריבער איז ער צווישן די באַטייטנדיקסטע שעפערישע פערזענלעכקייטן אין דער יידישער ליטעראַטור. און זיי ווילן מיר באַווייזן, אַז ש. ניגער איז געווען מער גריבלער ווי קריטיקער, און אַז ער האָט ניט פאַרמאָגט דעם טאַלאַנט פון אַן אַנאַליטיקער, אים זאָל אויך האָבן געפעלט די גערשליפנקייט פון סטיל און דאָס ליכט, וואָס וואַרעמט אָן דאָס וואָרט פון אַ פאַרטיפטן קריטיק־שרייבער.

איך זע ש. ניגער דעם קריטיקער, וואָס האָט פון צייט־צו־צייט געקאָנט אויפלויכטן און דורכלויכטן אַ ווערק פון אַ שרייבער, וואָס איז געווען עסטעטיש און אינהאַלטלעך לויט זיין גוסט און גייסט און לויט זיין מאָס פון שאַצן אַ קינסטלעריש ווערק.

וואָס עס האָט טייל מאָל פאַרמינערט ש. ניגערס דערגרייכונגען, איז זיין שקלאַפיש זיך אָנהאַלטן ביי דער שיטה און דעם מעטאָד פון דעם גרויסן פראַנצויזישן קריטיקער סען בעף, און דעם ביז גאָר טיפן קריטיקער און דערהויבער פון דער רוסישער ליטעראַטור — ביעלענסקי. ש. ניגער האָט נישט באַנומען, אַז די יידישע ליטעראַטור איז גאָר פון אַן אַנדערדיקן שטייגער־באָדן. דער סימבאָליזם אין רעאַליזם, האָט ש. ניגער געהאַלטן דאַרף זיין די דערגרייכטע הויך פון יעדן שעפערישן שרייבער אין דער צעבליטער יידישער ליטעראַטור (דעריבער איז אים פרעמד געווען אברהם רייזען).

מיט דעם צוגאַנג האָט ער אַריינגעפירט אייניקע פאַרדינסטפולע שריפטשטעלער אין די שאָטנדיק־פאַרהוילענע לאַבירינטן פון מיסטיציזם.

יעדע פאָרם, יעדע שטרעמונג האָט אַ חשוב אָרט אין דער ליטעראַטור. אָבער שטויסן די ליטעראַטור בלויז לויט זיין איינשטעל, האָט שוין במילא דערפירט, אַז צוליב זיין איינזייטיקייט, זיינען וויכטיקע שרייבער נישט געזען און אויסגעטייטשט געוואָרן לויט זייער אויפטו און זייער קינסטלערישן רערגרייך, נאָר פאַרקערט — פאַרשטעלט געוואָרן.

ש. ניגערס נטיה צום סימבאָליזם, געבונדן מיט די שאָטנס פון מיסטיציזם, האָט אים געבראַכט שטענדיק אָנצושפאַרן זיך אויף שרייבער־ראָמאַנטיקער, וואָס אין זייער שאַפן שווימען די פאַרטונקלענדיקע נעפּלען פון מיסטיציזם. ער האָט אויפגענומען און געלויבט יענע רעאַליסטן, וואָס ער האָט אין זייערע ווערק דערזען די שימערדיקע שיין פון פאַרהערלעכן דעם אָנגענומענעם שטייגער אין אונדזער נעכטן.

דאָס איז געווען די ראַם אין וועלכער ער האָט אַריינגעפּאַסט די יידישע ליטעראַטור. דער רעזולטאַט איז געווען, אַז ש. ניגער האָט צו אָפט געפּשטלט. ער האָט געדרשנט. ער האָט אין אַ קלאָרן טעקסט אַריינגעטייטשט דאָס, וואָס איז דאָרט גאָרנישט געווען. אַזוי אַרום, איז זיין סטיל און לשון אַליין געוואָרן פאַרנעפּלט, און עס איז שווער געווען צו דערגיין צום מיין און תוך פונעם ווערק.

גאָר נישט־גינציק פאַר דער ליטעראַטור איז געווען זיין אָפּגעבן זיך בלויז מיט אייניקע שרייבער. סיי אין דער בעלעטריסטיק, סיי אין דער דיכטונג, האָט ער אַרויסגעשטעלט און אַרויסגעהויבן בלויז געציילטע שעפער, ווי די פאָרשטייער פון דער מאָדערנער יידישער ליטעראַטור. די ליטעראַטור ווי אַ גאַנצקייט האָט ער ניט געזען.

הגם י. לי. פּרץ איז געווען אַ ראָמאַנטיקער, האָט ער זיך תמיד געראַנגלט מיט זיינע ווערק, מחמת י. ל. פּרצס ראָמאַנטיציזם איז געשטאַנען אויף אַ רעאַלן באָדן. ער האָט י. ל. פּרצן דעם גרעסטן קינסטלער — הן אין פאָרם און הן אין טעמאַטיק — נישט באַנומען און ממילא נישט געקענט — אויפנעמען, אפילו אין זיין געדיכט־געשריבענעם בוך וועגן י. ל. פּרץ. אָט דאָס ווערק איז בפירוש אַ דורכפאַל. היות, אין און אַרום פּרצן איז גרינג צו דרשענען, איז עס נישט קיין פּשוטער פּשט אויף פּרצעס ווערק, נאָר הוילער דרש.

אָבער מיט אַלע פּגימות, וואָס מיר געפינען אין זיין קריטיק שרייבן, איז ש. ניגער דער באַטייטנדיקסטער און אָנגענומענסטער ליטעראַטור קריטיקער צווישן דער ריי טאַלאַנטירטע ליטעראַטור־קריטיקער, אין זיין דור און סביבה.

צו דערמאָנען בלויז אַ צאָל פון זיי: נחמן מייזיל, ב. ריווקין, קלמן מרמר, שכנא עפּשטיין, לעאָ פינקלשטיין, משה כץ, דער לעבעדיקער, דר. אלכסנדר מוקדוני, משה אָלגין, אברהם טאַבאַטשניק (אַן אויסגעצייכנטער

עסייאיסט און קריטיקער־שרייבער) און דער פּרעכטיקער עסייאיסט און אינטערעסאַנטער דיכטער, י. ב. ביאַליסטאָצקי, וואָס זיין עסיי וועגן י. ל. פּרץ, איז פון די אָנרעגנדיקסטע אין דער יידישער עסייאיסטיק. שוין אָפּגערעדט, אַז אין דער סאָוועטיש־יידישער ליטעראַטור זיינען געווען הויך־טאַלאַנטירטע ליטעראַטור־קריטיקער, און מיט דער צייט וואָלט דער דערציילער און פאָרשער מאיר ווינער, אָן ספק, געוואָרן דער געקרוינטער יידישער קריטיקער. נאָך אים האָט די גאַנצע יידישע ליטעראַטור שוין מער נישט זוכה געווען צו אַזאַ מעכטיקן טאַלאַנט.

מיין איינדרוק וועגן ש. ניגערס קריטיק־שרייבן, האָב איך געפּרואווט איבערגעבן אָן שום פּערזענלעכע טענות צו אים. אויב עס גייט אין זיין באַמערקן מיין שרייבן, האָט ער געשריבן וועגן מיר אייניקע מאָל און תמיד גינציק. און ווען, ער האָט געקליבן מאַטעריאַלן פאַר זיין אַנטאָלאָגיע ״קידוש השם״, האָט ער אויסגעוויילט פיר לידער מיינע. לסוף האָט ער אַריינגענומען איין גרעסער ליד. די איבעריקע דריי זיינען נישט אַריין, ווייל עס זיינען געווען קעגנער (מצד מיטרעדאַקטאָרן) אַז מען זאָל אַריינלאָזן אַ שרייבער פון ״יידישע קולטור״... ש. ניגער האָט געמוזט נאָכגעבן די פאָדערונג, אָבער דאָך באַשטאַנען, אַז כאָטש איין ליד זאָל אַריין.

## ב.

נאָך אָט דעם אַריינפיר, וועל איך צוטרעטן צו זיינע טאָגבוך־פאַרצייכענונגען.

יאָ, די דאָזיקע מאָמענט־שטימונגען, (און דאָס אַרויסרעדן זיך און אָפּרעדן זיך פון אייגענעם האַרצן), וואָס זיינען אויסגעצויגן אויף העכער 200 זייטן, האָב איך געלייענט אייניקע מאָל, בכדי צו זיין זיכער מיט מיין איינדרוק און גלייכצייטיק צו זיין גערעכט צו די עמאָציעס פון ש. ניגערן דעם טאָגבוך־שרייבער.

מיר דאַכט זיך, אַז איין שנור קאָן געצויגן ווערן — פון לייוויקס און ש. ניגערס בריוו־אויסטויש צו ש. ניגערס טאָגבוך. אויך אין די דערמאָנטע בריוו (געדרוקט אין ״פּנקס פאַר יידישער ליטעראַטור־פאָרשונג״, באַנד צוויי) רעדט ניגער פון זיין אַליינקייט, פון זיין אַרומגערינגלט מיט אַ פייערדיקער שנאה פון פיל אָנגעזעענע ידישע שרייבער (דאָס איז געווען די ראָם פון זיין שרייבערישער סביבה).

און דעריבער באַמיט ער זיך צו זיין, וואָס ווייטער פון דער ליטעראַטן־קיבעצאַרניע אין ניו־יאָרק, היות, ש. ניגער האַלט, אַז די טענות צו אים זיינען אומגערעכטע, און די חשדים פון איינזייטיקייט פאַלשע, לכן קומט ער ביי זיך צום אויספיר, אַז ער איז אין דעם זין, אַ צדיק גמור; און לייוויק רעדט אויך אין אַזאַ טאָן, אַז ער איז פון די געציילטע צדיקי־הדור אין דעם יידישן ליטעראַרישן וועלטל אין אַמעריקע.

ה. לייוויקס שאַרפער אַרויסטריט קעגן ״די יונגע״ און ניגערס

אויסריידן אים, אַז מען טאָר אין אַזאַ טאָן נישט שרייבן באַוויזט, אַז ווען **עס איז געקומען צום ביסל כבוד איז ה. לייוויק נישט בייגעשטאַנען דעם נסיון.**

ש. ניגערס האַלטן זיך פאַר דעם אויסדערווײילטן, פאַרן גערודפטן, ווען מען איז אַליין אַ רודפער מיט דער פען אין האַנט; דאָס אַרויסשטעלן די אייגענע צדקות, גיט נישט צו קיין כבוד זיין שרייבערישער פערזענלעכקייט. ש. ניגערס וועלן אויסמיידן די רכילותן פון דער שרייבערישער קיבעצאַרניע לאָזט פריי זיין פען אין טאָגבוך, און נידערט אַראָפּ צו דער גייסטיקער סביבה פון קאַפע ראָיאַל — ווי ער זאָל האָבן הנאה געהאַט פון קאָנען, אין פאַרבאָרגעניש, באַרעדן די גרויסע, טאַקע די סאַמע פּני פון דער יידישער ליטעראַטור. יאָ, מיט זיך אַליין און פאַר זיך, קען מען ברעכן אַלע צוימען און אַרויסברענגען וואָס עס ליגט אויפן האַרצן.

איך מיין, אַז ש. ניגער האָט נישט אויסגערעכנט, אַז זיין טאָגבוך זאָל דערזען די ליכטיקע שיין. זיינע מחשבות און איינדרוקן האָבן געדאַרפט זיין פאַרהוילט פון אַ פרעמד אויג — אַ פּריוואַט־זאַך און נישט פאַרן געברויך פון לייענער.

נאָר אויב שוין יאָ פאַרעפנטלעכט, האָבן טייל מאָמענט־פאַרצייכענונגען וועגן עטלעכע שרייבער געדאַרפט אַרויסגענומען ווערן, ווייל עס איז נישט קיין כבוד פאַר ש. ניגערן און עס ברענגט אומכבוד די שרייבער, וועלכע ער כאַראַקטעריזירט אויף אַזאַ אופן, וואָס פאַרשעמט די משפחה פון דעם נפטר.

איך דערלויב זיך צו ברענגען דעם ערשטן "מוסטער" פון אַזאַ סאָרט שרייבן וועגן דעם רעליגיעזן, לירישן פּאָעט י. י. סיגאַל — פון וועמעס לידער דער עלנט אַליין וויינט אַרויס.

ווער עס האָט געקענט י. י. סיגאַלן, זיין סביבה און זיין שווערן געראַנגל מיט זיך, וואָלט זיך בשום אופן נישט אויסגעדריקט וועגן אים ווי עס טוט ש. ניגער אין זיין נאָטיץ, אין סיגעיט, 7טן יאַנואַר, 1941:

"י. י. סיגאַל פאַרוואַרפט מיך מיט בריוו — בעט זיך רחמים איך זאָל אים ניט פאַרשעמען און שרייבן וועגן זיינע נייע לידער — 'דאָס הויז פון די פשוטע'. ער שלאָפט ניט קיין נעכט, שרייבט ער, ער איז געוואָרן נערוועז, און אַלץ דערפאַר, וואָס די רעצענזיע האָט זיך פאַרשפּעטיקט. אגב, באַנוגנט ער זיך ניט מיט זיינע אייגענע בריוו. ער האָט אָנגעשטעלט אַלע זיינע פריינט און באַקאַנטע אין ניו־יאָרק און זיי באָמבאַדירן מיך ממש. זיי אַלע ווייסן ניט, אַז דאָס פאַרציט דעם ענין. איך קאָן ניט שרייבן — ווייל איך פיל זיך נישט פריי — ביי אַזעלכע אומשטענדן. איך שטעל אָפּ געוויינלעך מיין קאָרעספּאָנדענץ מיט דעם שרייבער, וואָס שיקט מיר אַ בוך. כ'האָב עס שוין סיגאַלן אַ מאָל געשריבן. עס העלפט ניט. איז די רעצענזיע טאַקע אַזוי וויכטיק? כ'רעכן, אַז עס איז מער אַן ענין פון קיבעצאַרניע. די שונאים ניצן

עס אויס״.

וואָס וואָלט איך געטאָן, ווען איך וואָלט פֿאַרנומען אין דער ליטעראַטור־קריטיק די זעלבע פּאָזיציע, ווי דער נפֿטר שמואל ניגער? איך וואָלט זיך באַצויגן מיט שעצונג צום פּאָעטישן טאַלאַנט פֿון אַ י. י. סיגאַל און וואָלט נישט אָפּגעצויגן מיט דער רעצענזיע, בכדי אים נישט צו פֿאַרשאַפֿן קיין עגמת־נפש. וואָרים פֿאַר סיגאַלן אין זיין סביבה אין מאָנטרעאָל, איז די רעצענזיע געווען שוין גאָר וויכטיק...

ש. ניגער באַמערקט וועגן שרייבער — די שטענדיקע יושבים אין קאַפֿע ראָיאַל, וואו זיי זיינען געזעסן און שנאַהדיק געשניטן איינער דעם צווייטן. איז וועגן אָט דער דאָזיקער קיבעצאַרניע, גיט ער אָנצוהערן אָטוואָס: ״ניט נאָר זיצן שרייבער, זי זיצט אין זיי. עסט זיי אויף גייסטיק״. ריכטיק! איך האַלט עד היום, אַז וואָלטן יידישע שרייבער אין ניו־יאָרק און אין אַנדערע שטעט זיך געווען אָפּגעגעבן מיט בויען די יידישע קולטור, מיט לכל הפּחות איינהיימישן דאָס יידישע וואָרט ביי זייערע קינדער, וואָלט אונדזער מערכה פֿיל בעסער געווען.

ניגער גיט איבער אין זיין טאָגבוך, אַז נאָך משה לייב האַלפּערנס טויט, האָט זיין פֿרוי געדאַרפֿט אָנקומען צו צדקה. אַז משה לייב האַלפּערן האָט קוים געהאַט איבערצוקומען דעם טאָג, וועגן דעם דער־ציילט ז. ווײַנפּער אין זיין זכרונות־בוך ״משה־לייב האַלפּערן״. דאָך דאַרף ציטירט ווערן, וואָס ש. ניגער פֿאַרצייכנט וועגן אַ פֿאַל מיט משה לייב האַלפּערנס אלמנה: ״די פֿרוי האַלפּערן איז געגאַנגען ערגעץ אין אַ קאָמיטעט, וואָס טיילט צדקה. דאַכט זיך אַ שטאָטישן — אָבער זי איז גלייך אַרויס אַ פּאַרוויינטע — זי האָט דערזען פֿרוי... (די פֿרוי פֿון אַ באַוואוסטן יידישן דיכטער — רעדאַקציע). ניט בלויז נאָכן טויט פֿון איר מאַן, ביי זיין לעבן נאָך מוז די פֿרוי אָנקומען צו צדקה. און ביידע — אי האַלפּערן, אי... — האָבן דאָך אַזוי פֿיל פֿריינט, אַזוי פֿיל פֿאַרערער! זיינען צווישן די פֿריינט און פֿאַרערער דאָ יידן גבירים! ביי לייטן טרעפֿט, אַז מען ווייסט ניט פֿון אַ פּאָעט, מען קען אים נישט, מען אינטערעסירט זיך נישט מיט אים. ביי אונדז מאַכט מען אַרום אים דעם גרעסטן טומל — און מען לאָזט זיין פֿאַמיליע אָנקומען צו בעטל־ברויט. וואָס טומלט איר? — ווילט זיך פֿרעגן — וואָס מאַכט איר אָנשטעלן?״

ש. ניגערס טענה באַציט זיך אויפֿן רעכטן צד, און איך האַלט, אַז דער זעלבער פֿאַרדראָס איז אויך חל אויף אונדזער פּראָגרעסיווער סביבה. מיר האָבן היפּשלעך אונטערגעזינדיקט מיט דער באַציאונג צו אונדזערע אייגענע שרייבער. מיינט אימיצער אפֿשר, אַז בלויז פֿרוי האַלפּערן און די פֿרוי פֿון אַן אַנדערן באַוואוסטן פּאָעט זיינען געדריקט געוואָרן פֿון דער נויט. אָט וואָס נאָך ש. ניגער גיט איבער: ״י. י. שוואַרץ איז אָן אַרבעט. ב. ריווקין האָט ניט וואָס צו טאָן. ניט בעסער איז די לאַגע פֿון ל. שאַפּיראָ, פֿון א.

ראַבאָי. י. י. שוואַרץ וועט אַרויספּאָרן זאַמלען אַבאָנענטן פאַר זיין בוך פון דער העברייאישער פּאָעזיע. איך האָב אים צוגעגעבן מוט דערצו. ער האָט דאָך נישט קיין אַנדער ברירה. אָבער, גאָט מיינער, וויפל בזיונות ער וועט האָבן אויסצושטיין..."

בעתן איבערלייענען ניגערס באַקלאָגן די נעבעכדיקע מערכה פון גרויסע יידישע שעפער, האָב איך זיך דערמאָנט י. י. סיגאַלס אַ ליד, וואָס ער **פלעגט פאַר מיר אָפט לייענען פון אויסנווייניק וועגן דעם בזיון פון קריגן שטיצע פון די כלומרשטע מנדבים.**

דיין פּרוטה — די נישט־גוטע נדבה
האָט פאַרשאָלטן מיין האַנט און פאַרדאַרט.
זיך פאַרזעצט אין מיין האַרץ ווי אַ סאָווע,
ווי אַ קוימען
אין אַ פינצטערער נאַכט.

ש. ניגער האָט אין זיין טאָגבוך אַ צאָל זייער טרעפלעכע באַמערקונגען וועגן קונסט און ליטעראַטור. טיף אין תוך — זיינען זיי נישט. **דאָס רוב פון זיינע פאַרצייכענונגען גיט ש. ניגער אַוועק צו כאַראַקטעריזירן** שרייבער (אָפט — צו באַריידן). ער ראַנגלט זיך מיט דער שאַרפער לופט פון שנאה און רכילות פון "קאַפע ראָיאַל", אָבער ער מיידט זי נישט אויס אין זיינע טאָג־שטימונגען. ער זאָגט חלילה נישט אויס פון חדר, ווי אַזוי דאָס טיילן די פרעמיעס פון "לאַמעד־פאָנד" איז צוגעגאַנגען. ער גיט נאָר אַ שרייב — לאמור, אַזוי צו זאָגן: "ענדלעך, איבערגעקומען די היי־יאָריקע זשורי פון לאַמעד־פאָנד. דער סוביעקטיוויזם פון איינעם פון די זשורי־לייט איז געווען נישט צו דערהאַלטן...דניאל (ניגערס ברודער דניאל טשאַרני) גייט אָפט אין קאַפע. ברענגט ער מיר גרוסן, און ווי זיי זע איך, אַז ניט־קיין־עגאָצענטריקערס זיינען ביי אונדז נישטאָ אויף אַ רפואה. יעדער האָט נאָר זיך אין זינען".

**אָסור, נישט געווען מיט וואָס מקנא צו זיין ש. ניגערס מערכה. ער איז** געווען צווישן פייערן פון שנאה. אָבער זיין פסקנען, אַז אַלע יידישע שרייבער, זיינען געווען "עגאָצענטריקערס" און האָבן געהאַט אין זינען "נאָר זיך", איז אויך אַ זאָג אויף אַ הייסער און בייזער מינוט, און געזען די שרייבער בלויז פון דרויסן...

איך האָב געקענט אייניקע ביז גאָר טאַלאַנטפולע דיכטער, וואָס ניגער האָט, מיט זיין נישט קענען אויפנעמען זייער דיכטונג, זיי טיף ווײ געטאָן. זיי זיינען נישט געווען קיין עגאָצענטריקער, ווי ש. ניגער שטעלט פאָר. איך וועל דאָ דערמאָנען דעם פּאָעט און עסייאיסט ב. י. ביאַלאָסטאָצקי, וואָס ש. ניגער האָט שטענדיק פאַרלייקנט די פּאָעטישע ווערט פון זיין ליד. נאָך ערגער איז ער זיך באַגאַנגען מיטן דיכטער אַלטער עסעלין. איך מיין, אַז ל. **שאַפּיראָ און יהושע ראַפּאָפּאָרט האָבן זיך אויך פאַרשטאַנען אויף דיכטונג** און זיי האָבן דערקענט די אייגנאַרט פון עסעלינס ליד און אים אָנערקענט,

ווי אַן אייגנאַרטיקן און טיף־עמאָציאָנעלן פּאָעט. אָבער ש. ניגער האָט אַלטער עסעלינען נישט פאַרגונען די פּרעמיע וואָס איז אים צוגעטיילט געוואָרן פון אַ קולטור־קאָמיטעט אין ניו־יאָרק און אָנשטאָט אים באַגריסן, האָט ער אָפּגעדרוקט אַ מאמר אין וועלכן ער האָט ווידער און ווידער באַטאָנט, אַז ער איז ווייט פון געבן אים זיין "אָטמעטקע"...

אויף אַ שטייגער פון חוזק רעצענזירט ער י.י. סיגאַלס לידער בוך "ספר יידיש" ("טאָג", זונטיק, 13טן אויגוסט, 1950).

גאַנץ אָפט האָט ש. ניגער זיך באַגייסטערט פון די לידער פון אַ גאַנץ מיטלמעסיקן דיכטער און צעפּאַלמעסט די דיכטונג פון אַן אָריגינעלן פּאָעט.

אין דער קאַפּע זיינען געזעסן פּאָעטן, וואָס האָבן אויך פאַרשטאַנען אַ ליד. זישע לאַנדוי, מאַני לייב און ראובן אייזלאַנד האָבן אויך עפּעס געוואוסט אין די קליינע אותיותלעך... האָט טאָקע זישע לאַנדוי אין זיין "אינדזל" ניגערן נישט געשאַנעוועט. נאָך זישע לאַנדויס טויט האָט ש. ניגער אָנגעשריבן אַן אָפּשאַץ־אַרטיקל וואו ער האָט זיך באַמיט קליין צו מאַכן דעם דיכטערישן באַטייט פון זישע לאַנדוי. מ'האָט אָבער דערקענט די שטעך...

ש. ניגער האָט ניט געקאָנט סובל זיין די סוביעקטיוויטעט פון אַנדערע, און ער אַליין איז טייל מאָל געווען אַזוי סוביעקטיוו, אַזש עס האָט געריסן די אויגן. ער איז נישט בייגעשטאַנען דעם נסיון פון נישט־אָפּרעכענען זיך, אַזוי, אַז דאָס וועלן זיך אַרויסשטעלן אויפן פּיעדעסטאַל פון הוילער ערלעכקייט, איז אויך אַ סאָרט באַשיידנקייט פון... פאַרריסנקייט.. מילד גערעדט.

אַ נישט אָנגענעמען איינדרוק לאָזן איבער ניגערס פאַרצייכענונגען וועגן א. ליעסינען און אַנדערע שרייבער, וועמען ער שטעלט אַרויס אין נישט קיין העל ליכט. ער האַלט שטאַרק פון ליעסינען, ווי אַ דיכטער. ער האָט פיל געשריבן וועגן אים אין הויכער אָנערקענונג. דאָך איז די קאַפּע־רכילות אויך געפלאָסן פונעם מויל פון ש. ניגערס פּען, ווען ער איז געזעסן ביחידות מיט זיין טאָגבוך, און אים פאַרטרויט זיין ביטער האַרץ. אָט ווי ער כאַראַקטעריזירט ליעסינען: "געהאַט אַ געשפּרעך מיט א. ליעסינען און, ווי זייער אָפט — אָוועקגעגאַנגען מיט אַ ביטערן נאָכטעם. וועגן קיינעם האָט ער קיין גוט וואָרט ניט. מאָריס ראָזענפעלד איז געווען אַ גראַפאָמאַן, דאָס אייגענע מ. ל. האַלפּערן.

"דער מענטש מיינט, אַז ער האָט צוגענומען ביי גאָט דעם גאַנצן טאַלאַנט, דעם גאַנצן אמת, דעם גאַנצן מוט — און פאַר אַנדערע איז גאָרנישט געבליבן. ווי אַזוי עגאָצענטריש, אַזוי ווייבעריש־סוביעקטיוו? — איך קאָן נישט פאַרשטיין".

וועגן נאָך צוויי טעלעפאָן־געשפּרעכן מיט א. ליעסינען שרייבט ניגער,

אַז "ליעסין רעדט ווידער קעגן האַלפּערן, ה. לייוויק, י. ל. פּרץ און שוין דאָס ווײפלט מאָל, ווידער גלאַטשטיין און לעיעלעס און אָפּאַטאָשו. דאָס איז אַ גרופּע, וואָס איז קעגנעריש צו אים. לאָזט אים ניט רוען. ער קען נישט פאַרטראָגן קיין "נישט־אָנערקענונג". נו, און ניגער גופא האָט געקאָנט אַראָפּשלינגען און פאַרשוויגן, ווען זישע לאַנדוי, דער לעבעדיקער, ד"ר מוקדוני האָבן אים צו נישט געמאַכט ווי אַ ליטעראַטור־קריטיקער? אַוודאי זיינען זיי געווען אומגערעכט. עס האָט געאַרבעט די שנאה פוןביידע זייטן...

ש. ניגער האָט גרינג נישט געקענט פאַרבייגיין די אַרויסטריטן קעגן אים. דער אָנגעגריפענער און דער נישט־אָנערקענטער פילט זיך דערנידעריקט, בפרט, ווען ער ווייסט דעם כוח און ממילא ווערט פון זיין טאַלאַנט. בפרט, ווען ליעסין — אין אַ טייל דיכטערישע נאַציאָנאַלע פאָעמעס, — איז איבערגעשטיגן זיינע פאַרלייקענער די "הייליקע חברותא" פון לעיעלעס, לייוויק און אָפּאַטאָשו...

ש. ניגער מאַכט אָט די באַמערקונג וועגן ליעסינען: "ער, ליעסין, קאָן נישט פאַרטראָגן מען זאָל זאָגן אַ גוט וואָרט אויף אַן אַנדער דיכטער...און דאָס איז דאָך איינער פון אונדזערע גרעסטע און בעסטע"... אַז ש. ניגער האָט געהאַלטן, אַז א. ליעסין איז געווען "איינער פון אונדזערע גרעסטע און בעסטע" (א. ליעסין איז דאָס טאַקע געווען) האָט ער געדאַרפט שאַנעווען זיין כבוד, ווייל ש. ניגער האָט זיך מסתמא משער געווען, אַז זיין טאָגבוך וועט ניט בלייבן קיין פריוואַט זאַך.

ניגער האָט אויך באַמערקונגען וועגן דער "מאָרגן־פרייהייט" און בכלל וועגן קאָמוניסטן, וואָס ווייזן, אַז ניגערן איז געווען דערווידער אַלץ, וואָס איז געקומען פון דער פּראָגרעסיווער פּעריפעריע. ער לאָזט נישט דורך קיין שום געלעגנהייט צו דערלאַנגען אַ שטאָך די לינקע. ער האַלט זיך אין איין אָפּגרענעצן פון דעם מאַסן־מענטש. ער איז צופרידן, וואָס ביי משה לייב האַלפּערנס לוויה איז געווען אַ קליינער עולם. און אַזוי טוט ער זיך שרייבן:

"אויף מ.ל. האַלפּערנס לוויה האָב איך, אגב אורחא, באַמערקט, אַז עס איז גוט, וואָס דער עולם איז אַ קליינער, מער אייגענע מענטשן, אָן יענעם מאָב פרעמדע (אונטערגעשטראָכן פון מיר), וועלכע קומען געוויינלעך צו יעדן פאַראַד. האָט דער פאָרשטייער פון 'מאָרגן־פרייהייט' געשריבן, אַז מיר האָט הנאה געטאָן, וואָס עס זיינען ניט געווען קיין קאָמוניסטן. מיינט ער, אַז די קאָמוניסטן זיינען די איינציקע פרעמדע צו דער לוויה פון אַ דיכטער? עס זיינען דאָ נאָך, וואָס זיינען פרעמד דעם פּאָעט. עס זיינען דאָ נאָך, וואָס דאַרפן, אין בעסטן פאַל, זיין נאָמען, זיין פּרעסטיזש און אין ערגסטן פאַל — דאָס אויך נישט. עס איז נישט נאָר נויטיק צו זיין אַ קאָמוניסט, צו זיין גלייכגילטיק צום טויט פון אַ דיכטער".

ש. ניגער האָט שוין גאָר געוואוסט, אַז אַ היפּשע צאָל יידישע דיכטער, די סאַמע באַרימטסטע, האָבן, אין געוויסע פּעריאָדן, פון זייער שאַפן, זיך

ממש געטוליעט צו דער "מאָרגן־פרייהייט". וואָס, וואָס, קיין "פרעמדע" צו אַ פּאָעט זיינען די לינקע נישט געווען, "און גלייכגילטיק צום טויט פון אַ דיכטער" — קיין מאָל ניט!!!

**יאָ, ש. ניגער, זאָל ער אויף מיר דאַרטן אין ליכטיקן גן־עדן קיין פּאַריבל** נישט האָבן, שכּרו במקומו עומד (זיינע אויפטואונגען זיינען די דערגרייכונגען פון דער גאַנצער יידישער ליטעראַטור — קריטיק), אָבער קיין גרויסער בעל־לשון און סטיליסט, איז ער נישט געווען. מיט דעם האָט ער זיך קיין מאָל נישט אויסגעצייכנט. דאָס קומט בולט אַרויס אין זיין "טאָגבוך", וואָס איז געשריבן אין אַ גרוי און מאָגער לשון.. אין אַלגעמיין איז מיין איינדרוק פון זיין טאָגבוך, אַז עס גיט גאָרנישט צו צו דער געשטאַלט פון ש. ניגערן. נישט אויפגעהויבן העכער פון די וואָס האָבן געצונדן דאָס פייער פון שנאה צווישן שרייבער. לכן — דעריבער, ווען מען איז נויטיק געווען אונדז מהנה צו זיין מיט אַזאַ טאָגבוך, וואָס האָט נישט קיין אינטערעסאַנטן אָנרעגנדיקן געמיט־און־שטימונג־מאַטעריאַל? פאַרן שרייבער פון דער **געשיכטע פון דער יידישער ליטעראַטור אין אַמעריקע איז דער טאָגבוך נישט קיין קוואַל פון וואַנען צו שעפּן.**

איך מיין: אפשר פאַרן כבוד פון ש. ניגערן, וואָלט גאָר גלייכער געווען, ווען מען זאָל געווען אָט די גרויסע טאָגבוך־בלעטער דן זיין לגניזה...



פון שלום שטערן

# אַלטער עסעלין: אויף אַ באַזונדערער סטעזשקע

דער שאָטן פון טויט האָט פאַרשלונגען דעם מידן גוף פון דעם אומרואיקן און איינזאַמען פּאָעט אלטער עסעלין, וואָס איז מיט דער פּיין פון עלנטשאַפט געגאַנגען אויף אַ באַזונדערער סטעזשקע.

זיין גיין איז געגליכן צו איינעם באַלאָדענעם מיט אַ שווערן פּאַק, וואָס קלעטערט צו אַ באַרגיקער הייך...

אַ שווערן טרויער האָט געטראָגן זיין געמיט, און אין פלאַם פון טרויער, האָבן אַלע זיינע ווערטער געוויינט פון געבראָכנקייט:

מיט מיין הייליקן לאַסט וועל איך פאַלן,
מיט דעם קנאַק ווי דער בראָך פון אַ ביין;
שטיל, ווי די נאַכט אין די שטאַלן,
מיט מיין אייגענעם ווייטיק פאַרגיין.
קיינער וועט גאָרנישט דערקענען
אויף מיין בלוטיקער האַרץ ביים פלויט,
דימענט פון חלום וועט ברענען
און לויכטן ביים ראַנד פון מיין טויט

אַלטר עסעלין — ליריש אין געמיט, האָט זיך תמיד באַמיט נישט אַריינצופאַלן אין סענטימענטאַלן ים פון טרערן. זיין לירישקייט איז דאָס קענען אויסמיידן און נישט פאַרבלאָנדזשען אויפן וועג וועלכן פיל אַנדערע פּאָעטן האָבן אויסגעטראָטן.

אַזוי אַרום האָט ער שטענדיק געהאַלטן ממש אין איין לויערן צו געפינען דאָס סאַמע פּאַסיקסטע וואָרט, וואָס זאָל זיך אַריינפּאַסן אין געפעס פון זיין פּאָעטיש ליד, וואָס קוואַלט פון דער טיף פון זיין געמיט.

האָט ער געפונען נייע, פרישע ווערטער צו פורמען מיט זיי זיין ליד, דורכגעגאַנגען אין פלאַם פון יסורים?

דער אמת איז דאָך, אַז קיין נייע ווערטער זיינען גאָרנישט בנמצא. אפילו די אַליין־געשאַפענע ווערטער, זיינען אויך נישט מער ווי אַ מאָדעלירונג פון אַ שוין־פאַראַן וואָרט. געוויס איז דאָס שעפערישקייט, אָבער קיין ניי וואָרט איז עס פאָרט נישט. עס איז בלויז אַ מין באַנייאונג פון אַ וואָרט.

וואָרים אין תוך זיינען אַלע ווערטער שוין געניצטע און ממילא זיינען זיי אַלט און אָפּגעריבן.

דער עכטער פּאָעט ווייסט דעם סוד פון אָפּקלייב. דעריבער היט ער זיך פון איבעריקע ווערטער. אויסגעאיידלט איז דער חוש פון דעם טאַלאַנטפולן דיכטער, און אין סאַמע פּאַרעלטערטע, אפילו אין די אַרכייאישע ווערטער, אָטעמט ער אַריין דעם רוח־החיים פון קונסט, און די ווערטער ווערן באַלעבט, און בלייבן שוין אויף אייביק לעבן מיטן כוח פון הייליקן, שעפערישן פונק, וואָס גליט אין זיי.

אַלטר עסעלין איז געווען אַנדערשדיק מיט זיין קענען אין דער שטימונג פון טרויער, און אויך אין די זעלטענע מאָמענטן פון פאַרגאַפונג און פרייד, איבערגעבן זיינע עמאָציעס און טראַכטענישן אין לידער, אין וועלכע זעלטן, זעלטן געפינען מיר אין זיי אַן איבעריק און אָפּגעריבן וואָרט. באַנייט און געשליפן זיינען די ווערטער מיט וועלכע ער עפנט פאַר זיך, און פאַר אונדז זיין וועלט פון אומגלויבן און פון זיין ראַנגלען זיך צו בלייבן אין ליכט פון גלויבן.

אָט דאָס טיילט אים אויס פון אַנדערע פּאָעטן פון זיין דור. ער האָט נישט געשטורעמט די פעסטונגען פון די געוועלטיקער און די רייכע, וואָס באַרויבן דעם אַרבעטער און אָרעמאַן. אַלטער עסעלין איז אָבער אין געמיט געווען אַ פּראָלעטאַריער. ער איז דער בעל־מלאכה, וואָס האָרעוועט שווער און זיין גאַנץ פאַרמעג איז דאָס ביסל געצייג:

מיין שכן האָט אַלץ —
אי ברויט, אי לאַנד, אי רום,
זיין לעבן שפּילט ווי אַ לוסטיקער וואַלץ.
זיין נאָמען ברענט ווי אַ פייערשילד
וואָס הענגט אין מיטן שטאָט;
אַ קנעכט איז אים אפילו גאָט.

נאָר איך בין אָרעם, האָב גאָרנישט ניט,
נאָר אַ האַמער, אַ זעג און אַ דלאָט
און אַ דימענט וואָס לויכט אין מיין פינצטער ליד,
און אַ טרער וואָס ברענט אין מיין תפילה צום גאָט.

פאַרוואָס אַזאַ פאַרלוירנקייט? ווער קען זיך דען דערגרונטעווען צו דער טרויעריקער טיף פון אַן אומרואיקן פּאָעט, וואָס איז ווייט פון דער דעמאָלט־נאָך רוישיק־שעפערישער יידיש־ניו־יאָרק?

אַלטער עסעלין האָט אָבער מיט זיין בעל־מלאכהשן יחוס־שטאַם קיין מאָל נישט אָפּגעבראָכן. ער האָט געפילט, אַז ער איז איינער פון דער גרויסער מחנה פּראָלעטאַריער, וואָס האָרעווען און הונגערן. אָט דאָס האָרעווענדיקע פאָלק ווילן מיט פאַלשע ברכות פאַרזיסן דאָס ביטערע לעבן, דער רב און דער פּריסטער. אין פייער פון צאָרן צינדן זיך זיינע צעברויזטע רייד:

אונדז געהערט אַ שוואַרצער שטח שטאָטיש האַרטע ערד, שטיגן גאָריקע פון
שטאָל און שטיין מיט קרעבצנדיקע טרעפּ
און גראָבע ברויט מיט באָב און קרויט צום פּרעס פון שוואַרצע טעפּ,
און קרייטעכער וואָס פאַסן פאַר מאַלפּעס און פאַר פערד.

טויזנט מאָל געהערטע ברכה פון דעם רב און פּריסט
שאַלט נאָך אַלץ אין גאָטעס הויז —
דאָס ליגנערישע קול,
און אַז מען פאַלט צו פּרי אין יאָך, איז דאָ אַ שטאָט־שפּיטאַל....
זיסע רו: אַזוי אַמאָל ווערט אונדזער לעצטע שעה פאַרזיסט.

פאַר אָט דער רעאַלער שילדערונג אין מעבטיקע, דיכטערישע פערזן, האָט אַלטער עסעלין געוואונען דעם ערשטן פּריז אין אַ לידער־קאָנקורס פון דער "מאָרגן־פרייהייט". דאָס איז נישט דאָס איינציקע ליד, אין וועלכן ער דערמאָנט זיין נאָענטשאַפט מיט די יגיע־כפּימניקעס. צווישן די פאַרריסענע ביי זיך, וויל ער זיך נישט געפינען. נישט פון זיי שטאַמט ער, נישט מיט זיי וויל ער אין דער אייביקייט אַוועק. בלויז מיט זיינע ברידער וויל ער זיין, און דאָס אָפּשיידן זיך פון לעבן זאָל אויך געשען צווישן זיי. די ערשטע פיר שורות אין ליד "גורל" זיינען אין טאָן פון חיים נחמן ביאַליקס "יהי חלקי עמכם":

איך בין פון שטאָלצע ניט געקומען,
וועל מיט שטאָלצע לייט ניט גיין,
נאָר ווען דער לעצטער רוף וועט קומען,
וועל איך מיט מיינע ברידער גיין.

ווי פאַרציטערטע און שטומע,
ווי פאַרמשפּטע צום טויט —
מיט אויגן אָפענע און פרומע,
מיט טרויער אויסגעשפּרייט.

יאָ, אָט די "אויגן אָפענע און פרומע, מיט טרויער אויסגעשפּרייט", האָבן אים געהיט און אים אויסגעהיטן, אַז דער סם פון שנאה זאָל אים נישט ברענגען צום מאָמענט פון יאושדיקן פאַרלייקענען דאָס האָפן און טרוימען. אַ טרוימער און אַ פאַרבענקטער איז ער געווען זיין גאַנץ לעבן. דער דיכטער אין אים האָט אים געפירט, און נישט ער האָט געפירט דעם דיכטער. אַזוי אַרום איז דער אויפבליץ פון אַ געדאַנק געוואָרעמט געוואָרן אין קוואַל פון געפיל.

ווי יעדער יידישער פּאָעט־אימיגראַנט, האָט ער געהאַט אַ נעבטן, מיט אַהיים־ירושה פון דורות, וועלכע האָבן אים דערמאָנט אין דעם איינגעהיימישטן שטייגער, וואו, די שיין פון עבר שיינט העלער אין דער בענקשאַפט. אַלטער עסעלין פילט, אַז ער טוט דאָ הי' נישט, וואָס דער זיידע, האָט געוואָלט ער זאָל טאָן. דער זיידע האָט אים מיטגעגעבן אַ תפילין־זעקל, ליגט עס אין אַ קופערט. עס איז ליכטיקע געדענקעניש אין זיידנס געשטאַלט און הנהגה, אָבער ער איז נישט קיין יורש פון אָט דער ירושה. קלאָגט אין אים דער ווייטיק פון בענקשאַפט:

וואָס טוט מען מיט מיין זיידנס תפילין-זעקל?
אַ רעשטל פון זיין שיינעם נאָמען •
וואָס איך האָב אויף די טראַקטן פון מיין וואַנדער מיטגענומען;
דער שדי בלאַנקט נאָך אויפן שוואַרצן סאַמעט.
איצט ליגט עס אין מיין קופערט ניט פאַרשלאָסן;
ניטאָ זיך וואָס צו היטן.
זיין אָנדענק, וואָר. ער איז מיר טייער —
ווי שימערירנדער טוי אַנטקעגן מאָרגנשטערן
מינעוועט זיין שיין אין מיין זיכרון.

די לידער וועגן זיידן זיינען געווען פאַרקריצט צום שטענדיקן געדענקען. אָט די לידער אין קליינע שנויים געפינען מיר איןביידע לידער־ביכער זיינע: "אונטער דער לאַסט" און "קנויטן".

אָט די לידער זיינען געווען די בריק געבויט אין בענקשאַפט צום-קיין-מאָל-זיך-מער-נישט-צוריקקערנדיקן-עבר. בכלל האָט אַלטער עסעלין געלעבט אין זיך, מיט זיך, און מיט די פּאָעטן פון זיין דור, וועלכע ער האָט פאַרערט און געגאַרט זיי צו זען. עס האָט אים שטאַרק וויי געטאָן, ווי אים האָט זיך געדאַכט, אַז אָט די שרייבער, וועמען ער שעצט אַזוי הויך, און האָט זיי ליב, זיינען נישט נאָענט מיט אים, און נעמען אים נישט אויף ווי ער האָט **זיך פאַרדינט. און פאַרנעמען נישט דאָס קול פון זיין בעטנדיק ליד, וואָס ציט־ערט אין דער טיף פון זיין צעבראָכן געמיט. לידער האָט ער געשריבן צו און וועגן די אים נאָענטע פּאָעטן, ווי יוסף ראָלניק און מאַני לייב. פּאַר משה לייב** האַלפּערן האָט ער ממש געקניט אין פאַרהערלעכונג. ער איז געווען צעווייטיקט אויף דער נישט צו וואַרעמער באַציאונג צו אים מצד פּאָעטן און די פירנדיקע ליטעראַטור־קריטיקער (בראש מיט ש. ניגער). אָט דעם פאַרדרוס און ווייטיק פלעגט ער גאַנץ אָפט אַרויסברענגען אין זיינע בריוו צו מיר. מאַטעריעל איז אים געגאַנגען שלעכט. עס זיינען געווען די יאָרן פון קריזיס, און די נויט האָט געדריקט אין הויז. ער האָט זיך געפילט, ווי מען **האָט אים דערווייטערט פון רויש פון דער ליטעראַטור. איז אין אָט דער** אַליינקייט מיט זיין טרויער האָט ער געשריבן לידער וועגן זיין געגנט פון אָרעמע שכנים. ער האָט געשילדערט זיין און די אָרעמשאַפט, דעם עלנט פון זיינע שכנים אַרום אים, אין לידער ווי אין: "ביי אונדז אויף די גאַסן". זיין לעבן איז אַזוי שווער, ווי דאָס לעבן פון זיינע שכנים. אָבער ער שעמט זיך נישט מיט דער האָרעוואַניע, וואָס ברענגט בלויז דאָס מיזערנע לעבן פון אָרעם־זיין. ער איז שטאָלץ מיט זיין בעל־מלאכהשן געצייג, כאָטש:

שווער און מיזאָס ווי מיין לעבן
שפּאַן איך מיט מיין שווערן קלעם —
איך האָב אַ שבועה זיך געגעבן
ניט צו שעמען זיך מיט דעם.
**עס זאָל מיין דלאָט, מיין לאָם און האַמער**
ניט פאַרשעמען מיינע הענט,
ווי אין לייב פון מיינע שטאַמער —

בלוט, וואָס פון מיין זיידן ברענט.
אויף מיינע פלייצעס — לאַסט פון אייזן,
ווי שאַגאַל וואָלט אויסגעמאָלט,
פאַר גאָט וועל איך מיין האַרץ באַווייזן —
כ׳האָב מיט דעם פאַר ברויט געצאָלט.

ער האָט טאַקע זיך געפילט, ווי אָפּגעצוימט פון אַלעמען, אין זיין שטענדיקן געראַנגל מיט זיך. עס איז אָבער נישט רעכט צו מיינען, אַז ער איז געווען פון די דיכטער וואָס מען האָט פאַרזען. ערנסטע און חשובע שרייבער און ליטעראַטור־קריטיקער האָבן פאַרנומען זיין דיכטעריש קול, און האָבן באַוואונדערט די אייגנאַרט פון זיין טאַלאַנט, און געשריבן מיט שעצונג וועגן דער טיף פון זיין דיכטעריש ליד. ל. שאַפּיראָ האָט זיך געריכט מיט אים. י. ראַפּאָפּאָרט האָט געשריבן מיט אַנטציקונג וועגן אים אַזוי אויך נחמן מייזיל און ד״ר מוקדוני און פיל אַנדערע. דער איינציקער, ביי וועמען ער האָט נישט אויסגענומען, איז געווען ש. ניגער, וואָס האָט אים נישט פאַרגונען דאָס וואָרט פון אָנערקענונג אפילו, ווען אַלטער עסעלין האָט באַקומען אַ פּריז פאַר זיין אויסגעצייכנט פאָעטיש בוך ״לידער פון אַ מדבּרניק״.

צוגעצויגן געוואָרן צו אַלטער עסעלינס דיכטונג זיינען די, וואָס האָבן זיך אַריינגעלעבט אין זיין וועלט פון געדאַנק און געפיל. מען האָט געדאַרפט צוגעוואוינט ווערן צו זיינע פרעמדווערטער (אינטער־נאַציאָנאַלע ווערטער). ביי אים איז עס געווען אַ טייל פון זיין וואָרט־אוצר מיט וועלכן ער **האָט געבויט זיינע פערזן. טיילמאָל איז פריקרע געווען דאָס חכמהנען זיך, דאָס קליגלען זיך. עס האָט געקענט מאַכן דעם איינדרוק פון פּאָזע. דאָס איז** אָבער געווען ביטערער סאַרקאַזם. אַן אויסלאַכן דעם שקרן, דעם **אָפּנאַרער, דעם תקיף און בעל־דעה, וואָס זיין חוצפּה נעמט זיך פון דעם** אָנגעזאַמלטן עשירות. דאָס האָט ארויסגערופן זיין צאָרן, און ער האָט, ווי משה לייב האַלפּערן (פון וועמען ער איז געווען באַאיינפלוסט), געקלאַפּט מיט די פויסטן פאַר כעס, און גלייכצייטיק געחוזקט און געריסן פאַסן פון זיך און פון יענע פוסטע לייט. אָט די לידער זיינען נישט באַהויכט מיטן וואַרעמען אָטעם פון זיין ליריש געמיט.

ער האָט אָבער ווינציק פון אָט דעם זשאַנער. משה לייב האַלפּערנס השפּעה. משה לייבס ווירקונג אויף אים האָט אויפגעבראַוזט זיין געמיט, אָבער זיין גאַנג איז געווען גאָר אַן אַנדערער. אַ שטענדיק גיין אין טרויעריקן, ליכטיקן אַליין. עסעלין איז אַ פּאָעט, וואָס בעט און טענהט זיך אויס מיט **גאָט און מענטש. אַלטער עסעלין האָט אַרויסגעלייענט פון תנ״ך דעם פּיין** און דאָס האָפן פון אייביקע צייטן. דאָס ליד איז געווען זיין אָנשפּאַר — די טרייסט אין דעם באַזונדער זיין:

איך בין פאַרליבט אין דיכטער און אין לידער,
ווי גאָט, אייביק איז דאָס וואָרט פון דעם פּאָעט.
אָפּט לעב איך אַזאַ שיינקייט איבער
ווי קיטס ביים פאַרענדיקטן סאָנעט.

גלייכצייטיק האָט ער באַגערט צו ווערן אַזוי באַליבט, און איבער דער וועלט באַוואוסט, ווי אָמאר קאַיאם, ווי ווערלעין און פון דער טיף פון זיין ליד זאָל מען הערן זיין קול און אין טרוים זאָל זיין דער גלי פון זיין געמיט.

ער האָט געהאָרעוועט אויף אייגנס. אַן אייגן פּאָעטיש פאַרמעג האָט ער געשאַפן, און אונדז איבערגעלאָזט, הגם ער איז נישט באַרימט געוואָרן ווי קאַיאם און ווערלעין, און אפילו נישט, ווי די יידישע פּאָעטן בני דורו. ער האָט דאָך דערגרייכט די הויך פון אַ פּאָעט, וואָס זיין פּאָעטישע אייגנאַרט איז פאַרקריצט געוואָרן אין כמעט יעדן ליד זיינעם.

אַלטער עסעלין האָט זיך דיכטעריש געפּלייסט צו דערגרייכן אין דער טיף פון אויסדרוק און אויסשלייפן דאָס וואָרט, עס זאָל פּשוט זיין, אָנגעלאָדן מיט דער שטימונג פון זיין געמיט. אָבער זיין לירישע פּשטות, פליסט נישט פון פאָלקסקוואַל. עס איז אַן אייגענע, געפונענע פּשטות פון צונויפזינגען וואָרט מיט וואָרט. אייניקע לידער אין פּאָעטישער פּאָלקסטימלעכקייט זיינען אין דער קלאַנגפולקייט, אין געמיט, אין גייסט, אין האַרציק-טרויעריק-באַדויערנדיקן פּאָלקסטאָן.

אַלטער עסעלין דער ליידנדיקער פּאָעט (וועלכער פּאָעט איז דען נישט אַ ליידנדיקער?) האָט מיטגעליטן מיט יעדן ליידנדיקן אין עלנט.

זיין מיטפילן דעם פאַרשטויסענעם, און פון דער אַרומיקער סביבה־פאַרשעמטן, נעמט זיך, נישט בלויז, ווייל אַלטער עסעלין, איז געווען אַ טראַכטנדיקער און געפילפולער פּאָעט, נאָר, ווייל ער דער בעל־פּראַצע, ווי ער באַקרוינט זיך אַליין, האָט גוט געקענט די פוסטקייט פון דעם עולם אַרום אים:

ניט ווי יענע ווייך־הענטלער מיט קאַרמאַזין־נעגל,  
וואָס עסן (אויס איידלקייט) טאָרט מיט אַ גאָפּל.  
איך בין אַ בעל־מלאכה מיט דלאָטן און זעגן,  
און קוים וואָס מיר קלעקט אויף ברויט און קאָרטאָפל.  
איך טראָג ניט קיין "האַנטשן" און בלום אין די לאַצן,  
און שיך לאַקירטע, ווי אַ לומפּ אַן אָדעסער;  
איך פיר אַ לעבן ווי עס פּאַסט אַ בעל־פּראַצע,  
נאָר מיר ווערט פון דעם אַ האָר ניט בעסער.

איך אַרבעט פון אָלבע אויס שאַפעס און בעטן,  
**און שלעסער פאַרריכט איך מיט שרויפן און קאָרבע,**  
נאָר מיינע פרנסות — ווי יענער בעטלער,  
וואָס שלעפּט זיך אַרום מיט אַ לאַך אין טאָרבע...

נאָר ניט דאָס — עפּעס אַנדערש מיך מאַטערט:  
פאַרוואָס איז באַשערט מיר אַ האַרץ פון אַ שוטה?  
פאַרוואָס זאָל מיך אַרן אַ בלעטל אין פלאַטער...  
און אפילו די שטומע לבנה מיר ווייי טאָן?

אים אַרט "אַ בלעטל אין פלאַטער". דאָס איז שוין דער גורל פון יעדן געפילפולן פּאָעט. אַלטער עסעלין האָט יעדע זאַך באַרירט, און ממילא אים וויי געטאָן.

פֿאַראַן אָבער געוויסע מדרגות אין דער וועלט פֿון געפֿילן. אָפּט באַפֿאַלט אַ מילדע פֿאַראומערטקייט. ממילא פֿאַרמאָגט אין זיך אַלטער עסעלינס ליד די דינסטע ניואַנסן. ער האַלט אין איין אויסאיידלען זיין אייגן־געפֿונענע פֿאָרם. מחמת יעדעס באַנייט, דורכגעציטערט וואָרט און ליד, ברענגט מיט זיך די פֿאַרב פֿון גליענדיקן פֿייער, וואָס דאָס איז דער אייביקער רוח־חיים פֿון דער קונסט.

אַלטער עסעלין איז נישט פּילאַרטיק אין מאָטיוון. דאָס זיינען בלויז ניואַנסירטע טענער. אָבער ער האָט באָדן אונטער די פֿיס, און ער איז תמיד אין דער סאַמע טיף פֿון דער לעבעדיקער רעאַליטעט און כמעט קיין מאָל נישט אויסער איר

מעג עס אים אַליין, ווי ווי טאָן, זאָגט ער זיך אַליין דעם ביטערן אמת. אַזוי איז עס, ווען אין פֿאַריאושקייט זעט ער נישט קיין יורש, וואָס זאָל האַלטן און ממילא היטן זיין ירושה פֿון די אָבות. אָט די שרעק באַפֿאַלט יעדן יידישן ייד, ווען ער ווייסט, אַז ער האָט נישט ווער עס זאָל איבערנעמען זיין אָנגעזאַמלטע רייך־גייסטיקע ירושה:

יינגל ליבער,
וואָס וועט זיין אַז די צייט וועט אַריבער:
איך וועל געהערן צום גראָז פֿון די אָבות
און דו — צום וויפֿלטן גלגול — אַ "האָמאָ נאָוואוס",
איך וועל ניט צערטלען דיך מער און ניט קושן,
וואָס וועסטו טאָן מיט דער שווערער ירושה
וואָס איך לאָז דיר דאָ איבער אין אָפֿענע שאַפֿעס:
תכלית פֿון וואָך, פּערל פֿון יום־טוב און שבת,
דורות האָבן אַ תוך דאָרט באַהאַלטן.
וואָס וועסטו טאָן מיט די אַלטע, ברוינע פֿאָליאַנטן:
חובת־הלבבות, חיי־אָדם, קב־הישר, עין־יעקב,
און דינינקע ביכלעך לידער — געשאַנקען
פֿון יידישע פּרינצן, מאָנאַרכן —
עס זאָגט מיר דאָס האַרץ אַז דו וועסט זיי ניט דאַרפֿן,
כאָטש זוכן זיי וועסטו, אין דעם בין איך זיכער,
דורך אַנדערע וועגן און אַנדערע ביכער.

דער פּריצייטיקער טויט פֿון משה לייב האַלפּערן האָט אים אויפֿגעטרייסלט און ער האָט אַרויסגעפּלאַצט אין יאָמער פֿון געוויין:

משה לייב, מיר איז ביטער.
מיר איז שווער, איך זינק.
ווען איך זע דיך אין תהום,
כ׳וואָלט אַרונטערגעשפּרונגען.

אָט די פּערזון אין געקלאָג איז אַ נישט־געהאַמעוועט כליפּען ביים מאָלן אין ווערטער דעם פּאָרטרעט פֿון מ. ל. האַלפּערן — וואָס איז פּרי פֿון לעבן אַרויסגעריסן געוואָרן. אין זיין ליריש־רירנדיקן ליד "מלאך גוטער" ("אין אָנדענק פֿון משה לייב האַלפּערן") בעט ער זיך ביים מלאך דעם טויט־

ברענגער, ער זאָל זאָגן, ווי אַזוי לעשט ער אויס דעם פלאַם פון לעבן אין האַרץ פון פּאָעט. ער וויל באַרואיקט ווערן פון זיין ענטפער. אים ווילט זיך אויסדאַכטן, אַז אין דעם מלאכס רייד וועט ער געפינען די ליכטיקע פעדעמער פון טרייסט, וואָס דאָס זאָל זיין דער שכר פון פּאָעט, וואָס זיין ליד ווערט נישט פאַרלוירן אין ים פון אייביקייט. די צייט היט גאָר אויף זיין געדעכעניש. עס איז אַ גרויס פּאָעטיש ליד, ווי אַ געבעט פון רחמים, אין גלי פון טרערן:

מלאך גוטער, אין ווייס און פיאָלעט,
ווי רייסטו אויס דאָס האַרץ פון אַ פּאָעט?
שניידסטו מיט אַ מעסער? שטעכסטו מיט אַן אָל?
קענסטו אַ דיכטער־האַרץ טויטן מיט אַ מאָל?
— איך שנייד ניט מיט אַ מעסער, איך שטעך ניט מיט אַן אָל,
איך קען ניט אַ דיכטער־האַרץ טויטן מיט אַ מאָל;
איך ענדיק נאָר דעם חלום וואָס איז אויסגעטראַכט,
און קאַלט ווערט דאָס האַרץ, ווי פעלד־ערד ביי דער נאַכט.

מלאך גוטער, אין ווייס און פילאָלעט,
וואָס טוסטו מיט דעם רומפּולן פּאָעט, —
נאָך דעם ווי דו נעמסט אַרויס די פען פון זיינע הענט,
און טויט קומט — ווייל טרוים האָט אויסגעברענט;
און אַרום אים נאָך אַלץ פּאַניקער און קלוגע אין געוויין,
און טרער פאַלט ווי פעדער אויף אַ שטיין —
נעמסטו מיט דעם אָרון, דעקסטו אים צו מיט ערד?
— איך ריר ניט אָן דעם ארון, כ'באַדעק אים ניט מיט ערד,
עס ווערט ניט פון אים וואָס פון יעדן ווערט, —
איך טראָג אים נאָר אַריבער אַ דינע ווינטנבריק,
און יעדער נייער דור ברענגט אים לעבעדיק צוריק.

אַלטער עסעלין איז נישט געגאַנגען אויפן ברייטן וועג. ער האָט זיך **דורכגעשניטן אַ סטעזשקע אין דעמאָלטיקן געדיכטן וואַלד פון יידישע** פּאָעטן. ער איז געווען אַנדערש אין געמיט, אין פאָרם. דעריבער האָט ער באַלד פון באַגינען פון זיין שאַפן, אַרויפגעלייגט זיין אייגענעם פּאָעטישן זיגל אויף זיינע לידער. זיין אייגן־אויסגעשניטענע סטעזשקע איז נישט געווען קיין משעול צר, נאָר האָט זיך מיט דער צייט צונויפגעבונדן מיטן הויפּט־שליאַך פון דער יידישער פּאָעזיע. ער איז געגאַנגען באַזונדער. מעגלעך, אַז דאָס איינזאַם־זיין איז אים ליב געווען, און דאָס גליק פון אויסלעבן זיך אין ליד, האָט געליכטיקט אין טרויער פון אַליינקייט, און עס האָט אים דערהויבן צו שאַפן פיל דיכטערישע לידער, וואָס וועלן נישט פאַרזונקען ווערן אין תהום פון צייט.

אַלטער עסעלין איז געווען אַ פּאָעט פון גאָר הויכן ראַנג, און דער "גוטער מלאך" האָט געוויס אין אים געשטילט דעם פיין, און אויך אים מסתמא פאַרזיכערט דאָס אומקערן זיך מיט זיין ליד אין רויש פון אַלע צייטן. אויך אים האָט דער גוטער מלאך אַזוי־אַרום איינגענומען און געטרייסט:

איך ריר ניט אָן דעם אָרון, כ׳באַדעק אים ניט מיט ערד, עס ווערט ניט פון אים
וואָס פון יעדן ווערט, —
איך טראָג אים נאָר אַריבער אַ דינע ווינטנבריק,
און יעדער נייער דור ברענגט אים לעבעדיק צוריק.

**מיט אַלע וואַקלענישן, מיט זיין גאַנצן ראַנגלען זיך מיט אומגלויבן, איז ער דאָך געבליבן דער טיף־גלויביקער אי אין דער ליכטיקער באַשאַפונג** פון אַ ליד, אי מסתמא מיט יענע מענטשן — די בעלי־פּראַצע ווי ער.

און זיין טרויער ווערט געלינדערט גראָד אין די ווערטער, וואָס דערהויבן אים אין גלויבן:

איך זאָג אייך שטרענג און זאָג אייך אָפן:
איך גלויב נאָך אַלץ אין וואָס איר לעסטערט.
איך, וואָס בין פון אייך אַנטלאָפן,
זאָג אייך שטרענג און זאָג אייך אָפן:
איר האָט דעם אומגליק נאָך פאַרגרעסערט,
איר האָט אַליין דעם וועג פאַרפעסטעט —
איך זאָג אייך שטרענג און זאָג אייך אָפן:
איך גלויב נאָך אַלץ אין וואָס איר לעסטערט.

אַלטער עסעלין האָט אונדז אָנפאַרטרויט זיין ליד, לאָמיר עס היטן פאַר די ווייטסטע דורות. ווייל דער אויסגעטראַכטער גוטער מלאך ״האָט אים בלויז אַריבערגעטראָגן די דינע ווינטנבריק און יעדער נייער דור דאַרף אים און אַלע יידישע פּאָעטן ברענגען לעבעדיק צוריק״. אָמן!



**פון שלום שטערן** מאָנטרעאָל

# די פונדאַמענט־לייגער פון דער יידיש־סאָוועטישער ליטעראַטור

די סאָוועטישע יידישע שרייבער, וועלכע זיינען פאַרשניטן געוואָרן דורך דער מערדערלעכער האַנט פון סטאַלין, זיינע מאַכט־האָבער און משרתים, זיינען געווען צווישן די סאַמע רעפּרעזענטאַטיווסטע פונדאַמענט־לייגער און אויפבויער פון דער אייגנאַרטיקער יידיש־סאָוועטישער ליטעראַטור.

ואלה הם — און דאָס זיינען זיי צום אייביקן געדענקען: דוד בערגעלסאָן, דער נסתר, פּרץ מאַרקיש, דוד האָפשטיין, איציק פעפער, לייב קוויטקאָ און זייערע פעגן־חברים.

מיט וואָס טיילט זיך אויס די יידיש־סאָוועטישע ליטעראַטור פון איר ליכטיקן בראשית אָן? ערשטנס, מיט איר אַנדערשדיקן און נייעם אינהאַלט, וואָס האָט ממילא געמוזט איינאייגענען צו זיך נייע סטילן און פאָרמעס. די וואָרט־פאַרבן פון איר בילדערלעכקייט האָבן געדאַרפט זיין צוגעפּאַסט צו דער נייער זיך־פאָרמירנדיקער לעבנס־ווירקלעכקייט. אַזוי אַרום, האָבן מיר געקראָגן אַן אוצר פון נייע, פרישע און בפירוש דרייסטע ווערטער־**שאַפונגען, וואָס האָבן געגעבן אויסדרוק צו גלויבן אין דער רווישיקער פרייד** פון דעם אָקטאָבער־ניצחון. גלייכצייטיק האָט אויפגערוישט די באַגייסטערונג פון בויען דאָס לאַנד און זיך אַליין איבערבויען.

דאָס ערשטע מאָל, נאָך טויזנטער יאָרן אָפּפרעמדן די יידן פון דער ערד, זיינען יידן אַרויף אויף דער ערד. זיי זיינען געוואָרן אַקערער און זייער.

די דעקלאַסירטע יידישע מאַסע האָט זיך געדאַרפט פּראָדוקטיוויזירן. עס איז געווען אַ שווערער פּעריאָד אין לעבן פון די סאָוועטישע יידן. נישט אַלע זיינען רייף געווען פאַר אָט דעם היסטאָרישן מאָמענט.

אין יענע יאָרן האָט איזי כאַריק אויסגעשריגן אין טיפן ווייטיק: ״שטעטעלע, פאַרשווינד!״. אָבער דער איבערברוך איז געקומען אין דער **פּיַין פון יענער צייט. טענער פון אַ ניי־און־ליכטיק געזאַנג האָבן** אויפגעשאַלט אין דער יידישער סאָוועטישער ליטעראַטור — איבערהויפּט, אין דער דיכטונג.

עס האָבן זיך דערהערט לידער וועגן ערד, און לידער צום אַריינגיסן

זיך פון הונדערטער טויזנטער יידן אין די פיל נייע אינדוסטריעס פון לאַנד. מען האָט געצויגן פון וואַרשטאַט צו די גרויסע פאַבריקן. עס איז אויפגעקומען די אויפלעבונג פון איבערבויען דאָס יידישע לעבן. צוזאַמען מיט דעם אַלעמען איז די יידישע קולטור אויפגעריכט געוואָרן. יידן איז געגעבן געוואָרן די ברייטע מעגלעכקייט צו פאַרמירן דאָס נייע גייסטיק־קולטור לעבן אין זיין געגרעדטן לשון — אין זיין יידיש. אַזוי אַרום, האָט געזאָלט, אין די ראַמען פון סאָציאַליסטישן געבוי, געשטאַלטיקט ווערן דער נייער יידישער שטייגער אויף סאָציאַליסטישע פונדאַמענטן.

האָט די יידישע ליטעראַטור דערהערט די פייגל זינגען נישט נאָר שבת־שירה, נאָר טאָקע אויפן אייגענעם צעאַקערטן און אויפגעאַנגענעם באָדן. עס האָט אַ שלאָג־געטאָן דער ריח־השדה. אָנגעטרונקען מיט דער האַניקדיקער לופט, האָבן די מיענדיקע העגנט אַ רעד געטאָן מיט געזאַנג פון פרייד:

**לאַנגע אַנגעמידעטע טעג,**
**און די נעכט פאַרקאָוועטע**
קומט באַגינען אויפן סטעפּ
זיך מיט רו אַ כאָווע טאָן.

ראָזע בושלעס אַ צוג
בלויע הויך באַשייטערן;
**לייגט זיך טאָג צו פענצטער צו**
**און מיט ליכט ער שרייַט אַריין,**
און ער וועקט דאָרט און ער רופט:
**— ס׳וואַרטן פערד און וועגענער!**
נאָר פון לאַנג איז מען שוין אויף.
פאַרטיק, גרייט אין וועגן אַריין.

אָנגעשניטן ברויט צום טיש,
איינגעהייצט די אויוונס:

און מ׳איז קרעפּטיק און מ׳איז פריש.
און מען קוקט אין הויף אַריין.

— ווער צום אַקער, ווער צום פּי,
**ווער עס וואַרט אַ רגע נאָך. —**
נ׳ראָנדעל איז אַרויס פאַרפרי
דאָרט דעם טאָג באַגעגענען״.

(פון פּרץ מאַרקישעס ״אין סטעפּ״,
פון דער פּאָעמע ״ניט געדייגעט״)

און דער פאַרטרויטמטער ליריקער דוד האָפשטיין, וואָס האָט אויסגעזונגען זיין ליד אויף די דינסטע סטרונעס פון זיינע איידעלע פּאָעטיש־בילדלעכע שורות, איז שוין מער נישט געווען ״עלנט אויף די רוסישע פעלדער״. **אים ציט צום פעלד, ווייל עס וועלן שוין אינגיכן גאָלדיקן די** זאַנגען אויף דער זון. עס איז דער ציטערדיקער קלאַנג פון ביאַליקן:

אצא לי השדה ואשמע
מה דבר אדוני מן הקמה.

**(איך וועל מיר ארויסגיין אין פעלד און הערן, וואָס גאָט רעדט דורך** דער תבואה. פריי איבערגעזעצט. — ש. ש.)

**אָבער ביי דוד האָפשטיין איז אַ ליכטיקער קלאַנג פון זען, אַז פעלדער** בליען:

ס'האָט היינט פון פעלד אַ פרישער ווינט
אויף הייסע גאַסן זיך פאַרקליבן
און ניט געוואוסט, ווי איין ווי אויס,
און שטיל געבליבן.

**פון טונקעלן הויז בין איך ארויס,**
דעם ווינט אַנטקעגן אָנקומען —
און ס'האָט דער ווינט מיך שטיל און לינד אַרומגענומען...

איך האָב צעקושט זיך מיטן ווינט
און אָן אַ וואָרט געוואָר־געוואָרן,
וואָס טוט אויף די פעלדער זיך אַצינד —
דאָרט בליט שוין קאָרן!
עס וועט מיר קלינגען ביז נאַכט
דער שטילער שאַל פון ווייטן האָרן:
עס בליט שוין קאָרן!...

און לייב קוויטקאָ שעפּט נחת פון קאַלינינדאָרף, פון פריידאָרפער־קאָלווירט, וואו ער טרעפט זיינע פריינט, זיין מאַמען, זיין שוועסטער. ער **גרויסט זיך מיטן אויפטו און ער טראָגט אין זיין תמימותדיק האַרץ בענטשונג** פאַר די וואָס האָבן פרוכטיק געמאַכט די ערד:

איך האָב אייך אין קאַלינענדאָרף געזען, מיינע פריינט,
און שטאָלץ. מיט אייך, מיט אייער ווערק, איך וועל פאַרגעדענקען.
וואָס האָט איר דען אַזוינס געטאָן דער ערד, וואָס זי צעשיינט,
וואָס זי האָט זיך צעלאָזט אַזוי איר גאַנצע גוטס אייך שענקען?
מיין מאַמען כ'האָב באַגעגנט דאָ אין פריידאָרפער קאָלווירט,
ניט וויכטיק, ווי מען רופט זי, אַ געזונט אין איר געביין.
**איר זון בין איך, און טייער איר, כאָטש ניט פון איר געבוירט,**
און זי איז האַרציק־טייער מיר, צום האַרצן ביז געוויין.
מיין שוועסטער איז אָט־די, וואָס כ'האָב אין ווייגאָרטן געטראָפן,
איך האָב מיט איר באַקענט זיך דאָ, איר מיר געזען אין בליט.
ווי מוטיק איז די פרוי ביי אונדז! איר האַרץ איז שטאָלץ.
פון זינט איך האָב גערעדט מיט איר, איז שטילער קלינגט מיין ליד.

אָט די טענער אין פאַרשידענע ניואַנסן פון פריידיקע געזאַנגען, זיינען אייגן כמעט אַלע יידיש־סאָוועטישע פּאָעטן און פּראָזע־שרייבער.

ענלעך צו דער יידישער סאָוועטישער ליטעראַטור פון יענעם ליכטיק־אויפגערודערטן פעריאָד, איז די העברייאישע חלוצים־ליטעראַטור, וואָס אירע זין האָבן אויפגעריסן פלאַסטן פון פאַרשטיינערטער ערד, און זי **באַלעבט מיט דער אייגענער פראַצע. דער זעלבער אַראָמאַט שלאָגט פון** זייערע פעלד־געזאַנגען. די זעלבע בענטשונג פאַר מי, פאַר טוי, רעגן און גאָלדענעם זאַנגען־שניט.

אין יענע בראשיתדיקע טעג פון הויכן גלויבן און האָפן האָט נישט בלויז די ערד צוגעטוליעט צו זיך דעם יידישן פּויער, נאָר עס האָט גערופן דאָס בויען פון פאַבריקן, און דורך דעם רויש פון מאַשינען האָט געזונגען די פרייד, פון דער גרויסער אויפבוי־צייט:

מען קאָן ניט,
אוי, מען קאָן קיין רגע ניט וואַרטן.
די דלאָניעס בייסן זיך,
עס ציט, עס גלוסט זיך מיען.
אָט דאָ וועט די פאַבריק זיין —
דערווייל נאָר אַ פּאַרקן שטעקט,
און דאָ, וואו דערנער וואַקסן,
וועט וויינשטאָק בליען.
ביינאַכט איך הער זיך איין אין קלינגען פון פורגאַנעס,
עס קלינגט דאָס יונג טשוהון אין נאַכט אויף שטיין:
געדולדיק האָבן מיר דאָס דאַרפס גוטס פאַרלאָדן אין וואַגאָנעס.
געדולדיק איצט מיט שטאָט־גוטס פאָרן מיר אַהיים.

**(לייב קוויטקאָ)**

אַזוי טיף אין דער עמאָציע און מעכטיק אין בילדלעכער דערציילערישקייט איז געווען דער נאָך־מלחמה־און־רעוואָלוציע־פּעריאָד. אָבער דער נייער זינגענדיק־זיגערישער טאָן האָט אויפגעקלונגען אין ברויז פון דער רעוואָלוציע. די שווערע שלאַכטן, דאָס מקריב זיין זיך בכדי צו פאַרפעסטיקן די רעוואָלוציע, דאָס פאַרטרייבן פון אַלע גרענעצן די כלערליי ווייס־גוואַרדייער, וואָס האָבן אַרומגעקלאַמערט די יונגע סאָוועטן־מאַכט — מיט אָט דעם ברויז, איז אָנגעלאָדן געוואָרן די יונגע יידיש־סאָוועטישע ליטעראַטור, וואָס צו איר האָט זיך צוגעצויגן דער גרויסער גענייטער מייסטער־שאַפער דוד בערגעלסאָן.

פון יענע אומרואיקע און שווער־געפּרוווטע יארן, האָט די יידישע סאָוועטישע ליטעראַטור געקראָגן דעם קוואַליטאַטיוון הויך־קינסטלערישן צושטייער אין בערגעלסאָנס "מידת הדין", "צוג־ווינטן" און א צאָל אַנדערע זייער אָנרעגנדיקע דערציילונגען.

די פּאָעזיע־און־פּראָזע־ווערק פון פרץ מאַרקיש, זיינען עד היום אַ טייל פון אונדזער גרויס־ליטעראַריש פאַרמעגן. אויף אייביק האָט ער זיך אַריינגעשריבן מיט זיין פּאָעמע "צוויי ברידער" און זיין ראָמאַן "דוראיין־דור אויס". צו דעם דאָזיקן טיף־יידישן ברייטשטחדיקן ווערק פּאַסן זיך אויסגעצייכנט די ליבטיק־לירישע פערזן פון דוד האָפשטיין:

אוי, ווי גוט איז מיר צו וויסן,
עס האָט דער ליכטיקער פאָדעם
זיך ניט איבערגעריסן.

די טעמאַטיק פון מלחמה, רעוואָלוציע און בירגערקריג האָט אויפגערודערט ביז די סאַמע טיפן כמעט אַלע יידישע סאָוועטישע וואָרט־

קינסטלער.

**דעם שוידער פון יענער צייט, האָט מיט פלאַם פון פיין, אַריינגעגאָסן** אין זיינע לידער איציק פעפער. עס איז די דיכטונג אין ריטם פון דער צייט — עמאָציאָנעל און פילקלאַנגיק:

וויפל מאַמעס, וויפל מאַמעס קלאָגן,
ליגט ביי יעדן ראָג אַ נאַקעט קינד,
**ליגן נאַקעטע פאַרפרוירענע**
און די מענטשן אויף די גאַסן זיינען בלינד.

אשר שוואַרצמאַן האָט מיט זיינע מלחמה־און־רעוואָלוציע לידער געגעבן דעם טאָן. און ווען די שפּיז און די פאָן איז אַרויסגעפאַלן פון זיין האַנט, האָט זי ווייטער מיט פייער פון יידישן ברויזיקן וואָרט, הויך אויפגעהויבן דער גרויסער פּאָעט איציק פעפער:

האַנט צו האַנט און פּלייצע צו פּלייצע,
פוס צו פוס און שינעל צו שינעל —
אונדזער ערד איז אַ פרישע און ווייצענע,
אונדזער הימל איז רויכיק און העל".

אָט וואָס איציק פעפער גיט איבער וועגן זיך דעם קעמפער־פאַרטיידיקער פון דער רעוואָלוציאָנערער פאָן:

צווישן היים און וועג — בין איך,
צווישן מיר און וועג - מיין פערד,
און די פיס זיינען גרינג,
און גרייט איז מיין זאַק און שווערד.

וואו יאָגט זיך אַזוי איציק פעפער? צו זיינע רויטע אַרמייער — די דרייסטע שלאַכטלייט. זיי וואָס שטייען קעגן שונא "מיטן וואָרעם בלוט און האַרצן" (אשר שוואַרצמאַן) האָבן נישט קיין ביקסן און קיין ברויט. איציק פעפער היט זיך אויס פון ראָמאַנטיק, און ער שילדערט פּראָסט־אָפן, אָן שום פאַרשטעלטקייט די העראָאיק:

זיי וואַרטן צעוואָרפן אויף שניי
מיט ביקסן אין הענט,
באַוואַקסן מיט אומעט און קויט —
מיר פאָרן, מיר פאָרן צו זיי,
מיר פירן זיי קוילן און ברויט.

איציק פעפער, דער האַרציקער יאַט פון דער רויטער אַרמיי, ער — דער היטער פון דער רעוואָלוציע, האָט אויף אַ וואונדערלעך־פּאָעטישן אופן געפונען דאָס פּראָסטע, זינגענדיקע, גלייכצייטיק, דערציילעריש־שילדערנדיקע וואָרט מיט וועלכן אַוועקצושטעלן אַן אייביקן מאָנומענט יענער העראָאישער צייט.

הונדערטער פּראָזע באַשרייבונגען זיינען נישט מסוגל איבערצוגעבן דאָס געפיל און געמיט פון אַ יאַט, וואָס באַוואַכט די גרענעץ, ווען פון אַלע זייטן

לויערט דער שונא, ווי עס טוט עס איציק פעפער אין זיינע אויסגעצייכנטע לידער־געמעלן:

שווער איז איצטער אונדזער צייט,
ביקס אויף פּלייצע, ביקס ביי זייט.
ציטערט בלוט אין הייסן לייב:
אָדער שטיי דאָ, אָדער בלייב!

דאָרט בײַם גרענעץ דאָרט ביים פעלד
שטייען יאַטן אויסגעשטעלט.

קיין מאָל דורשטיק, קיין מאָל מיד
שטייען יאַטן און מע היט.

די יידישע ליטעראַטור האָט נישט געהאַט קיין אייגענע מלוכה מיט חיילות, ביקסן, שווערדן און קוילן — וואַרפער. פּלוצעם זיינען טויזנטער יוגנטלעכע אַריין אין שלאַכט פאַרטיידיקן די רעוואָלוציע. די קעמפנדיקע יאַטן האָבן געפונען זייער פּאָעט אין איציק פעפערן, וואָס האָט דער ערשטער געפונען די סאַמע פּשוטסטע, האַרציק־פאָלקסטימלעכע רירנדיקע ווערטער איבערצוגעבן דעם ריטם פון מאַרשירנדיקע רויט־אַרמייאישע פאָלקן, דעם אימהדיקן גערויש פון באַן־רעדער, וואָס יאָגן זיך צו די פראָנטן:

אַ ציגאַר אין מויל, אויף דער זייט דאָס היטל —
בלאָנדע קאָמסאָמאָלקעס פון דערפל און פון שטעטל.
פון דערפל און פון שטעטל, פון נאַקעט און פון חורבות
בלאָנדע קאָמסאָמאָלקעס — הונגעריק און באָרוועס.
ליגן אויסגעוואָרפן יאַטן, קאָמסאָמאָלקעס,
ערגעץ גייען פאָלקן, ערגעץ שיסן פאָלקן.
איז אַ יאַט געפאַלן. ליגט אַ יאַט אין וואונדן,
מיט אַ ווײַסן פאַרטעך וואונדן צוגעבונדן,

איז דער צויבער פון איציק פעפערס דיכטונג חל בלויז אויף די לידער פון בירגער־קריג און רעוואָלוציע? דאָס וואָלט געמיינט פאַרשמעלערן זיין באַדן און אים אָפּזונדערן פון אַלע אַנדערע איבערלעבונגען, פון יענע יונג־ליכטיקע עמאָציעס, וואָס מיט איר איז געבענטשט די טרוימעריש־פאַרליבטע יוגנט. איציק פעפער, דער רויט־אַרמייאישער יאַט, האָט געשפרייזט אין נייעם לעבן, ער איז געווען איינער פון די אויספּאָרמירער פון דעם זיך־ענדערנדיקער לעבנס־פאָרם:

אונטער זון, ווי ווייסע בערן,
וואַקסן טעג אין גרויסן סאָד.
און אין ווייטקייט פון די שטערן
טאַנצן יאַטן אין אַ ראָד.

פון די סטעפּעס ווינטלעך בלאָזן
און אַ פייערל דערברענט.
גייען מיידלעך אין די גראָזן
מיט די עמער אין די הענט.

איציק פעפער האָט זיך אויסגעצייכנט אין פאָלקמאָטיוון. ער האָט דאָס געמיט פון פאָלקסליד צוגעפּאַסט צו דעם שטייגער פון דער נייער מיליע:

כ׳האָב דיר אויסגענייט אַ האַנטעך
מיט אַ רויטן זוים,
האָט אַ רוף געטאָן דאָס לאַנד דיך,
ביסט אַוועק, מיין טרוים.

כ׳האָב דיר אויסגענייט אַ טיכל
מיט אַ רויטן האָן,
זאָגן אַלע, אַז אינגיכן
קומט מיין ליבער אָן.

שטיי איך, קוק אויף די וועגן
צו מיין ליבער רייט,
טלאָען רוישן, ווי אַ רעגן,
נאָר ס׳איז זייער ווייט.

איציק פעפער איז געווען אַ סאָוועטישער דיכטער מיטן גאַנצן לייב־און־לעבן, אָבער ווי אַ ייד און אַ יידישער פּאָעט האָט ער אין זיין געמיט געטראָגן די טרוימען און באַגערן פון יענע יאָרן, וואָס האָבן געצונדן די פּאַנטאַזיע צו קענען בויען די יידישע אייגנאַרט ביים אַמור, אין וויטן ביראָבידזשאַן:

שלאָף, מיין קינד, פאַרמאַך די אויגן,
טונקלער ווערן בערג,
ס׳איז אַן אָדלער דורכגעפלויגן,
זיין זאָלסטן, ווי ער.

און ווי ער זאָלסטו זיך הויבן,
זיין מיט וואָלקנס גלייך,
דורך די אָוונטיקע שויבן
קוקט דער בירע טייך.

ס׳פלעג דיין זיידע טראָגן קייטן,
קייטן אין סיביר.
אָט דער קאַנט מיט זיינע ברייטן,
ער געהערט שוין דיר....

ס׳פלעגט דיין טאַטע אויף די וועגן
שלעפּן דעם געוויין,
אויף אַמורער שיינע ברעגן
בויען מיר אַ היים.

* * *

אָט די גרויסע פונדאַמענט־לייגער פון דער הויך־קינסטלערישער יידיש־סאָוועטישע ליטעראַטור, זיינען נישט אַרויס פון רויש פון דער בויענדיקער צייט. דער נעבכטן האָט זיך אין זייערע ווערק צונויפגעבונדן מיטן לעבעדיקן זיך־פאָרויסבאַוועגנדיקן היינט. עס איז געוואָרפן געוואָרן אַ בריק, וואָס האָט אָנגעכאַפּט ביידע ברעגן... אָבער, נאָך־איידער,היטלער

האָט פאַרוויסט די יידישע ישובים אין סאָוועטן־פאַרבאַנד, האָט זיך דער יידישער קולטור־באָדן אָנגעהויבן טרייסלען אונטער די פיס פון די שעפער און בויער פון דער יידישער קולטור. אונטער סטאַלינס האַק זיינען געפאַלן איזי כאַריק, משה קולבאַק, מאַקס עריק און אַנדערע. די יידישע שולן זיינען איינציקווייז געשלאָסן געוואָרן.

און דאָ איז היטלער געקומען. און אַלע פייער־ווינטן האָבן געטראָגן דאָס אַש פון פאַרברענטע יידישן געביין. די ערד האָט זיך געהויבן פון די מאַסן־קברים. די יידישע סאָוועטישע שרייבער האָבן זיך געבראָכן אין פיין, אָבער זיי האָבן געפילט, אַז זיי דאַרפן פאַרשרייבן לדור דורות, וואָס דער נאַצי־דייטש האָט געטאָן צו אונדז יידן, ווי ער האָט פאַרשניטן מיליאָנען פון אונדזער פאָלק. זיינען פון די פלאַמען אָפּגעראַטעוועט געוואָרן די מאָנומענטאַלע ווערק פון חורבן און גבורה. אַזוי זיינען אין פיין פון הייליקן פלאַם געשריבן געוואָרן נסתרס חורבן־דערציילונגען „דער זיידע מיטן אייניקל", „העשל אַנשעלעס", „מאיר לאַנדשאַפט", „פלאָרא" און אַנדערע. מיר האָבן אויך זוכה געווען, אַז פון נסתר זאָל אונדז בלייבן דאָס סטיליסטיש־געשליפענע ווערק „די משפחה מאַשבער", וואָס שליסט איין אַ ברייטע סביבה מיט אייגנאַרטיקע יידישע געשטאַלטן פון נאָך פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה. אַ רייף־פאַרטראַכטע קונסט־שאַפונג, וואָס איר ליכט וועט פאַלן אין די ווייטסטע דורות. פון פאָעטישער, דורותדיקער דויערהאַפטיקייט איז די באַלאָדע „שאָטנס פון דער וואַרשעווער געטאָ" פון איציק פעפער. קיין מאָל וועט נישט אַריין אין תהום פון פאַרגעסנקייט פרץ מאַרקישעס פאָעטישער עפּאָס „מלחמה". אייביקער בטחון וועט שטאַרקן אונדזער האַרץ דער אומפאַרגלייכלעכער וואָרט־שלייפער — דער סאַמע גרעסטער פּראָזע־דערציילער אין דער יידישער ליטעראַטור, דוד בערגעלסאָן. דער הייליקער, העראָאישער שיין פון דורות שיינט אַרויס פון אַזעלכע דערציילונגען פון חורבן, ווי „יאָרצייט־ליכט" און די דראַמען „פּרינץ ראובני" און „לא אמות כי אחיה" — איך וועל לעבן, איך וועל נישט שטאַרבן — די גאַנצע יידישע ליטעראַטור, פון די פונדאַמענט־לייגער ביז די סאַמע אחרונים, איז דורכגעגליט מיטן טרויער אויף אונדזער אומגליק בימי היטלער הרוצח.

דוד בערגעלסאָן, דער נסתר, דוד האָפשטיין, פרץ מאַרקיש, לייב קוויטקאָ, איציק פעפער און זייערע פען־ברידער. וואָס סטאַלין האָט אַזוי אכזריותדיק איבערגעריסן דעם פאָדעם פון זייער לעבן, זיי האָבן גרויס און באַרימט געמאַכט די יידישע סאָוועטישע ליטעראַטור. מיט געפילן פון ליבע און דאַנקבאַרשאַפט האָבן זיי געזונגען און באַזונגען זייער געבוירנלאַנד — דאָס סאָוועטנלאַנד. אָבער דער לוין פאַר דעם אַלעם, איז געווען סטאַלינס גזר צו פירן זיי צום טויט.

נישט איין מאָל טראַכט זיך: „זו תורה וזו שכרה?" דאָס אומגליק מיט אָט די קדושים־שרייבער איז אַ בכיה לדורות — דאָס געוויין און געקלאָג

פון דער יידישער ליטעראַטור אויף אייביקע אייביקייטן.

איציק פעפער, וואָס האָט אַזוי שטאָלץ זיך גערימט מיט יידיש: "יידיש איז מיין רעכטע האַנט", ער האָט אין גרויס פרייד אַ זינג געטאָן:

יידיש שמעקט מיט פרוכט מיט רייפער,
יידיש שמעקט מיט פרוכט מיט שטייפער,
ס'האָט די שפּראַך אַ דאַך אַ גרויסן
און אַ פרעכטיקן אינדרויסן.
ווי אַ גלייכע צווישן גלייכע,
גיט זי קיינעם זיך ניט אונטער:
ווי אַ רייכע צווישן רייכע,
קלינגט זי יום-טובדיק און מונטער...

נישט בלויז האָט אין זיין סאָוועטיש היימלאַנד פעפערס געליבט לשון — יידיש נישט קיין גרויסן דאַך היינט, נאָר ער אַליין, און זיינע וואונדערלעכע שרייבער-ברידער, האָבן נישט קיין מצבה-שטיין. מיר ווייסן נישט וואו מיר זאָלן קומען מיט די לאָגלען-טרערן אין אונדזער אויף שטענדיק-טרויעריק-געוואָרן-האַרץ.

איין טרייסט: זייער שעפערישע ירושה איז געבליבן — אַ ליכט פאַר דורות. אין געמיט פון פאָלק וועט זייער הייליקער אָנדענק קיין מאָל נישט אויסגעמעקט ווערן! די העלע שיין פון זייערע שאַפונגען שטאַרקן אונדזער גלויבן, אַז יידן אין די ווייטסטע דורות, וועלן וויסן, און גוט איז, וואָס דער ליכטיקער פאָדעם האָט זיך נישט איבערגעריסן.

**תנצב"ה!**



**שלום שטערן**

# דאָס ליכטיקע און פּאָעטיש גרויסע געזאַנג פון לייב קוויטקאָ

**אין זכות פון זײַן גרויסן פּאָעטישן טאַלאַנט פאַרנעמט לייב קוויטקאָ אַ** באַזונדער אָרט אין דעם גאָרטן פון דער יידישער דיכטונג. זײַן אייגנאַרט איז קאָנטיק אין אַלע זשאַנערן, אין וועלכע עס האָט געזונגען זײַן געמיט. לייב קוויטקאָ האָט געהאַט זײַן באַזונדערן חן.

ער איז געווען תּמימותדיק, שפּילעווודיק און מילד אין זײַנע לידער פאַרן קינדערוואַרג, און ערנסט אין דער שטימונג פאַר דערוואַקסענע. און טאַקע ווי אַ גרויסער און רײַפער פּאָעט האָט ער אין ריטמישע, בילדלעכע פערזן געזונגען פון זיך, און באַזונגען די רעאַלע סביבה־וועלט אַרום זיך. די שיינקייט פון זײַן פּאָלקסטימלעך שעפערישן סטיל, באַשטעטיקן אַלע זײַנע לידער, אין וועלכע מיר דערקענען די אייגנאַרט פון זײַן פּאָעטישן אויסדרוק.

פאַר זײַן ראַפינירטער און רײַפער געניטשאַפט אין בויען פולע, פולקלאַנגיקע פערזן, איז מוסטערהאַפט די לידער־זאַמלונג "געקליבענע ווערק", צונויפגעשטעלט פון בעטי קוויטקאָ, דערשינען אין פאַרלאַג **"סאָוועטסקי פּיסאַטעל", מאָסקווע 1967 (479 זײַטן), אַזוי אויך דערקענען** מיר דעם מײַסטער אין דעם פּרעכטיקן ביכל (אַלבאָם־פאָרמאַט) "אַלעפבייס" (אַלף בית), מיט לידער און מעשהלעך פאַר קינדער. דער שער־בלאַט איז באַצירט מיט חיות און פייגל, ווי אויף אַ היימישן "מזרח" אָדער געמעלן אין די אַמאָליקע שולן. די שיין־געשניצטע אותיות, און דער שער־בלאַט, זײַנען געצייכנט פונעם באַגאַבטן מאָלער־קינסטלער מיכאַיל יאָ. הן די אותיות, הן די באַפּוצונג פון שער־בלאַט זיינען טראַדיציאָנעל־יידיש און **ממש רירנדיק, ווען מען קוקט זיך אין זיי גוט אײַן. אַ ליכטיקע שײַנקייט** שטראַלט אַרויס פון דער צייכענונג פון אַ בוים, און אַ הירש, וואָס יאָגט זיך צווישן די ברייטע בלעטער פון די צווײַגן. דאָס איז אַ געמעל אין געמיט פון היימיש־יידישן שטייגער.

עס איז אמתער פון אמת, אַז די צייכענונגען פון מיכאַיל יאָ זײַנען יידישער אין דער שטימונג און ממילא אין אינהאַלט, ווי עס זײַנען לייב קוויטקאָס לידער פאַר קינדער אין דעם ביכל "אַלף בית", וואָס איז דערשינען אין "אָגיז מלוכה־פאַרלאַג, דער עמעס", מאָסקווע 1947, 48

זײַטן. אינטערעסאַנט, אַז אין סוף פֿון ביכל איז אויך אָפּגעדרוקט דער פֿולער אַלף־בית מיט די שלאָס־אותיות מיט וועלכע עס באַניצן זיך ייִדן אין אַלע מקומות.

דערשינען איז דאָס הערלעכע ביכל אין אַ טיראַזש פֿון 25 טויזנט. נו, קיין ייִדישע שולן, ווי מיר איז באַקאַנט זײַנען אין 1947 שוין נישט געווען אין ראַטנפֿאַרבאַנד, איז פֿאַר וועמען און פֿאַר וועלכן קליינוואַרג האָט מען דאָס ביכל אַרויסגעגעבן?

איך שטעל זיך אַזוי ברייט אָפּ אויף דעם ״אַלעפֿבייס״ מחמת דאָס איז אַ זכר פֿון אונדז פֿון דער ווײַטנס, פֿאַר אונדז אײַנגעגלויבטע, וואָס האָבן אויסגעפֿאַנטאַזירט גוטע יאָרן פֿאַר ייִדיש און פֿאַר ייִדישער קולטור און ליטעראַטור, בימי סטאַלין הרשע. געווען אַ געוויסער פּעריאָד פֿון רעאַלן אמת אין דעם אויפֿבלי פֿון ייִדיש און ייִדישע שעפֿערישקייט, דאָס רעשט האָבן מיר אין אונדזער נאַאיווויטעט אויספֿאַנטאַזירט: אַז עס איז און עס וועט זײַן אַ המשך לדורות!

איז יאָ, פֿון מײַן באַמערקונג, אַז די צייכענונגען פֿון מיכאַיל יאָ זײַנען ייִדישער אין דעם אַלעפֿבייס־ביכל, ווי לייב קוויטקאָס לידער דאָרטן, זאָל בשום אופֿן נישט בלײַבן דער אײַנדרוק, אַז די שטימונג פֿון ייִדישן געמיט ציטערט נישט אין פּאָעטישן גאָלד־געוועב פֿון זײַן דיכטונג. עדות פֿון זײַן, אין צער צעבראָכן געמיט זײַנען די לידער־קינות אויפֿן פּאַרטיליקט ווערן פֿון די ייִדן. זײַנע טרערן מישן זיך אויך אין אַש פֿון פּאַרוויסטיקט־געוואָרענע ייִדישע שטעט און שטעטלעך דורך די ברוינע נאַצי־דײַטשישע מאָרד־חילות.

אין די יאָרן פֿון אויפֿבוי און פֿרידן, האָט זיך לייב קוויטקאָ אַרויסגעהויבן מיט זײַן רײַכן, פֿאָלקסטימלעכן שפּראַך־אוצר, וואָס ער האָט מיטגענומען פֿון דעם דורותדיקן ייִדישן קוואַל, ווען ייִדיש איז געווען דאָס רעדנדיקע לשון פֿון מאַסן ייִדן אין זייערע קאָמפּאַקטע היימערטער.

לייב קוויטקאָ — ווי עס גיבן איבער שרײַבער, וואָס האָבן אים נאָענט געקענט — איז געווען דער סאַמער נאַאיוו גלויביקער, אַז די סאָוועטנמאַכט קען קיין עוולה נישט באַגיין, סײַדן עס ווערט ערגעץ געמאַכט אַ טעות. אָבער מען דאַרף נישט דאָס אויסעדותן זיך פֿון אַנדערע. אין די לידער זײַנע, פֿרייט ער זיך מיטן אויפֿבוי, מיטן אויפֿקומען פֿון נײַע בנינים און פֿאַבריקן, מיט דער גערעטעניש אין די קאָלווירטן. ער שילדערט זײַנע איבערלעבענישן ווען ער איז געווען אַ גאַסט אין ייִדישן קאָלווירט ״קאַלינינדאָרף״. איטלעך איינע איז דאָרטן זײַן מאַמע, יעדע מיִענדיקע האַנט — זײַן נאָענטע שוועסטער. ער איז באַרוישט פֿון דער פֿרייד, וואָס מען הייבט אָן אויספֿאָרמירן אַ נײַ פּראָדוקטיוו ייִדישן לעבנס־אופֿן. ער האָט געגלויבט אַז מען שמידט אַ זיכערע ראַם, אין וועלכער עס וועט זיך אויפֿהאַלטן דער גײַסט פֿון ייִדן און ייִדיש, אויף אַ פֿרײַען, נײַעם שטייגער.

אָט דאָס האָפן, און טיפן גלויבן, קוואַלט אַרויס אין אַ סך נישט־דערזאָגטע ווערטער. אַ ליכטיקער סוד אַזאַ, וואָס ער, און אַ סך פון זײַנע פען־חברים, האָבן געוואַרעמט אין זייער האַרץ.

אין דערהויבונג גייט זײַן ליכטיק געזאַנג:

"איך האָב אין קאַלינינדאָרף געזען אײַך מײַנע פרײַנט,
און שטאָלץ מיט אײַך, מיט אײַער ווערק,
איך וועל אײַך פאַרגעדענקען.
וואָס האָט איר דען געטאָן אַזוינס דער ערד,
וואָס זי צעשײַנט,
וואָס זי צעלאָזט אַזוי איר גאַנצע גוטס אײַך שענקען?
מײַן מאַמען כ'האָב באַגעגנט דאָ אין פרײַדאָרפער קאָלווירט,
ניט וויכטיק, ווי מען רופט זי, אַ געזונט אין איר געביין.
איר זון בין איך, און טײַער איר, כאָטש ניט פון איר געבירט,
און זי איז האַרציק־טײַער מיר, צום האַרצן ביז געוויין.
מײַן שוועסטער איז אָ־די, וואָס כ'האָב אין ווײַנגאָרטן געטראָפן,
איך האָב מיט איר באַקענט זיך דאָ, איר מי געזען אין בליט.
ווי מוטיק איז די פרוי בײַ אונדז! איר האַרץ איז שטאָלץ און אָפן.
פון זינט איך האָב גערעדט מיט איר,
איז שטאָלצער קלינגט מײַן ליד".

לייב קוויטקאָ שרײַבט אין זעלבן טאָן פון אַנטציקונג פאַר אַלע אויפגעקומענע קאָלווירטן ווו נאָר ער טרעפט זיי אָן. ער זונדערט זיך נישט אָפּ. יעדע דערגרייכונג איז דער פאָרויסגאַנג פון לאַנד, און דער נצחון פון זײַן גלויבן. דאָס ליד זײַנס איז נישט פון עמעצן, וואָס שטייט פון דרויסן, און זאָגט "כי טוב"! אין זײַנע לידער, איז דער אײַנדרוק פון איינעם, אַן אינעווייניקסטן — אַ בויער, וואָס טראָגט אַליין די ציגל צום נײַעם בנין פון אַ וועלט, אין וועלכער ער חלומט, וועט האָבן פאַר יעדן גיטער פול מיטן גליק פון פרײַהייט:

"שטיינער איינציקע, מײַן קינד,
ציגל סטאָסנווײַז צעוואָרפן —
פאַר דער שוועל פון אונדזער מאָרגן,
פאַרן קרײַז פון אונדזער גליק".

בײַ לייב קוויטקאָ קוועלט אין גלויבן דער זאָג:

"נעמט זי, די וועלט, אין די הענט און מאַכט זי אײַך בעסער,
און איז זי אײַך ענג, איז פליט און מאַכט זי אײַך גרעסער!"

צו אויסאַרבעטן, אַז די וועלט זאָל ווערן בעסער, איז געווען דער טרוים פון דעם ליבן פאָעט לייב קוויטקאָ. ער האָט, ווײַזט אויס, מיטן גאַנצן האַרץ געגלויבט, אַז דער נײַער מלוכה־סיסטעם אין ראַטנפאַרבאַנד, וועט שוין אַלץ אויסבעסערן, אַז עס זאָל אַלעמען זײַן בעסער...

נו, אַזאַ ציל איז דערהויבן, און דערהויבט דעם פאָעט. זינגט ער אין גוטן מוט, און באַזינגט דעם אַרום אין וועלכן, ער האָט געזען ווונדער אין דער אויפגיי פון אַ נײַעם פרײַען מאָרגן. אַפילו דעם בייזן, ביטערן האַרבסט,

נעמט ער אָן פֿאַר ליב, הגם מען איז פֿאַרקאַטערט, און מען טאָפּטשעט אין בלאָטע, אָבער אים איז דאָס אַלץ ניחא, ווײַל:

„נאָר ס'איז מיר ליב דער עול פֿון האַרבסט,
סע פֿרייט מײַן בלוט,
סע פֿרייט און קוויקט,
ווײַל לאַנד מײַנס,
לאַנד מײַנס —
ברייטס און שטאַרקס —
נאָך הייסן שניט
זיך קילן דאַרף,
זיך גרייטן דאַרף
פֿאַר נײַער שאַרף
פֿון הייסער זון און הייסן שניט".

געוויס. אין דעם בראשית־פּעריאָד פֿון אויפֿבוי, האָט אַלץ געשימערט מיט דער שיינקייט פֿון אויסבעסערן. דערצו האָט ער געהאַט אַרום זיך אַ נעץ פֿון ייִדישע שולן, ייִדישע אינסטיטוטן, אַפֿילו ייִדישע געריכטן און אַ שפֿע פֿון ייִדישע ביכער, צײַטונגען און ליטעראַרישע און וויסנשאַפֿטלעכע זשורנאַלן און זאַמלביכער. האָט דער שווונג פֿון אַרומיקן געבוי אָנגערעגט אַלע ייִדישע שרײַבער צו שילדערן און באַזינגען די וואָר פֿון דעם הײַנט, וואָס זאָגט צו אויפֿן ליכטיקן פּלי אין דער אויפֿגעבויטער וועלט פֿון מאָרגן.

האָט לייב קוויטקאָ, ווי אַלע ייִדיש־סאָוועטישע שרײַבער, געשילדערט, באַזונגען און געלויבט די אויפֿטואונגען פֿון מאָמענט, און איבערגעלאָזט אין דער פֿאָרמע פֿון בעלעטריסטיק און דיכטונג, וואָס זײַנען הערלעכע וואָרט־מאָנומענטן פֿון יענעם אויפֿגעשײַנטן אַמאָל. שוין דאָס פּאָעטישע פֿאַרמעג פֿון יענע יאָרן האָט לייב קוויטקאָן דערהויבן צום הויכן ראַנג, פֿון די עטלעכע מנינים הערלעכע פֿאָרשטייער פֿון דער ייִדיש־סאָוועטישער ליטעראַטור. זײַן פּאָעטישער אויפֿשטײַג דאַרף געמאָסטן ווערן מיט זײַנע לידער אויסגעוואַרעמט אין האַרץ־קוואַל פֿון דורות־ייִדן. אין דער שטייגער־ראַם אין וועלכער עס האָט זיך געהיימישט זײַן **קינדהייט־און יוגנט, דאָרט האָט גערווישט דאָס ליד פֿון זײַן לעבן. זײַן** פֿאָלקסטימלעכקייט שטאַמט פֿון פֿאָלקס־געפֿיל. עס איז אַ טעות צו מיינען, **אַז ער האָט לכתּחילה געשאַפֿן אַ צאָל פֿאָלקס־לידער. ער האָט** אַרײַנגעוועבט פֿאָלקס־געפֿילן אין זײַנע אויסגעאײדלטע פֿאָלקסטימלעכע און מוזיקאַלישע פֿערזן, וועלכע האָבן זיך אין אַ נײַעם, געלײַטערטן קלאַנג אויף ס'נײַ אַרײַנגעזונגען אין האַרץ פֿון פֿאָלק.

זײַן היימישע האַרציקייט מאַכט אים ליב־נאָענט צום געמיט פֿון גרויס און קליין. עס איז, טיילמאָל, אומעט געוועבט אין שײַן פֿון געלעכטער, וואָס איז נישט־אויסלאַכעריש און נישט־אָפּלאַכעריש, נאָר האַרציק־שטיל. נו אַדרבה, ווען מען וועט איר באַדויערן: די פֿאַרליבטע כּלה, וואָס וואַרט אין פֿלאַמיקער בענקשאַפֿט אויפֿן אָנפּלי פֿון איר געליבטן — דעם רײַטער, צי

**דעם פאַרלאָזונעם חתן? יידישלעך איז דער שטייגער ווי "עס פאָרן מחותּנימלעך און דער חתן אין מיטן". ער דערמאָנט אין די ראָמאַנסן, ווען דער ריטער־דער רעטער יאָגט זיך אויף אַ פערד מיט זײַן געליבטער, וואָס ער האָט נאָר וואָס אַרויסגעראַטעוועט פון אַל דאָס בייז און שלעכטס:**

"זײַנען מיר אַרויסגעפאָרן
אויפן ערשטן שליטן,
אויפן ערשטן שליטן,
אַלע מחותּנתטעס —
די כּלה אין דער מיטן,
די כּלה אין דער מיטן.

אוי, אוי
זינגען אַלע,
נאָר סע שווײַגט אַליין די כּלה.

זײַנען מיר אַרויסגעפאָרן
אויפן צווייטן שליטן,
אויפן צווייטן שליטן,
אַלע מחותּנימלעך —
דער חתן אין דער מיטן,
דער חתן אין דער מיטן.

זינגען אַלע,
אוי, אוי,
נאָר סע שווײַגט אַזוי די כּלה.

זײַנען מיר אַרויסגעפאָרן
אויפן דריטן שליטן,
אויפן דריטן שליטן,
כּלהס צד און חתנס צד —
די קלעזמער אין דער מיטן,
די קלעזמער אין דער מיטן.

אוי — אוי,
שפּילן אַלע,
וואָס'זשע שווײַגט אַזוי די כּלה?
אוי!

ווי מיר ז'ען אַרויסגעפאָרן
פליט פאַרבײַ אַ רײַטער,
פליט פאַרבײַ אַ רײַטער,
האָט די כּלה אויפגעפלאַמט,
ווי אַ פײַער — שײַטער,
ווי אַ פײַער־שײַטער.

אוי, אוי,
שווײַגן אַלע,
נאָר סע זינגט אַליין די כּלה...
אוי!

שליטעלעך, איר שליטעלעך,
מעגט צוריק שוין פאָרן,
מעגט צוריק שוין פאָרן,
חתן־לעב, אוי חתן־לעב,
אַז ווײי צו דײַנע יאָרן,
אַז ווײי צו דײַנע יאָרן.

אוי, אוי,
אויקען אַלע,
זעט, אַ חתן אָן אַ כּלה —
אוי!"

אין זעלבן גײַסט איז געשריבן זײַן ליד "אַן אַלטער ניגון". די סטרוקטור פון דעם ליד באַשטייט פון בערך 56 שורות. טאַקע נישט קיין פיל־פּערזיק ליד. אין פאַרגלײַך צו זײַנע נאַראַטיווע לידער, הייסט עס נישט קיין גרויס ליד. עס איז אָבער אַ גרויסע פּאָעטישע שאַפונג — אַ ווערק פון קונסט, וואָס איז פאָלקסטימלעך אין וואָרט־אָפּקלײַב, און אין געמיט. באמת אַ ליכטיקע פּשטות, וואָס דאַרף באַוווּנדערט ווערן. עס איז גלײַכצײַטיק אויך אַ געזאַנג צו אַלע די, וואָס באַגערן אַז דער ניגון זאָל צאַרט ציטערן אין זייער האַרץ. פון דעם דאַרף מען דרינגען, אַז אָן דער העכערער וועלט פון קונסט, קען דער מענטש נישט אָנגיין. וואָרים אַ משל איז דאָ נחמניו, וואָס וועט גיכער אויסגיין פון יסורים, אַבי ער האָט זיך זײַן ניגון, וואָס מיט אים הויבט ער זיך אויף און שוועבט אַוועק אין די ערגעצן הויך און ווײַט... עס איז אין דער שטימונג, אין גײַסט פון י. ל. פּרץ, אָבער דער שרײַב — נוסח איז אין דער פאָלקסטימלעכער אייגנאַרט פון קוויטקאָס הערלעכער דיכטונג.

אָט די גרויס־פּאָעטישע פאָלקסטימלעכע שאַפונג, די אָריגינעלע אײַנפּאַלערישקייט, ווײַזט לייב קוויטקאָ אַרויס אין זײַנע לידער פאַרן קליינוואַרג, וואָס זײַנען צוגעפּאַסט אויך צום גײַסט און געמיט פון דערוואַקסענע. בילדלעך איז אַרײַנגעפּאַסט יעדעס וואָרט אין די קורצע, געצוימטע, ריטמיש־געזאַנגפולע פערזן:

״האַסטיק־לאַסטיק
ציט זיך אויס
טו זיך אָן באַלד,
גיי אַרויס!

ווײַל דער טאָג דאָך
האַלט שוין ווײַט,
טאַנצט און פּילדערט
שוין אַ צײַט.

שוין דער פּאַסטעך
ביַי די פי,
זון בײַ בערגלעך
אויף די קני.

טוי אויף בלומען
פונעם סאָד,
הימל־בלוי איז
גרויסע ראָד״.

לייב קוויטקאָ ווײַזט אַרויס גרויס בעריעשקייט אין צונויפשפּיל פון ווערטער, ווען ער געפינט זיך אין דער קינדער־וועלט פון פאַנטאַזיע און וואָרהאַפטיקייט. עס מאַכט דעם אײַנדרוק, ווי ער האָט יענע תמימותדיקע קינדערישקייט און וויזיאָנערישקייט קיין מאָל נישט פאַרלאָזן. ער לעבט אין דעם וווּנדער, ווי זיי באַטראַכטן דעם אַרום פון צעבלי און וווּקס. מען זאָגט, אַז פּאָעטן זײַנען אָפט מאָל ענלעך אין זייער פאַרגלײַכונגען פון זאַכן, ווי קינדער טוען עס. זינגט ער אין זייער מעטאַפאָריש לשון:

״אייגעלעך פון קאַרטאָפל,
אין דער ערד גייט אַרײַן!
מיט ערד מיט וואַרעמער
דעק איך אײַך אײַן.

ליגט זיך, פּיקט זיך,
וואַרעמט זיך אויס,
די גרינע היטשקעס
שטעקט אַרויס.

כ׳וועל אײַך באַשאַרן,
פּוצן און קעמען,

וועט אײַך דאָס ווילדגראָז
ניט פאַרקלעמען.

וועט איר אָטעמען
קאָנען פרײַ,
וואַקסן נײַ —
הויך און בײַכיק,
פעסט און קײַלעכיק,
היי זשע, זעט זשע

ווערט אונדז שטאַרק,
וואַקסט אונדז אויס
אַזאַ־אָ באַרג״.

קינדער פאַרשטייען גוט אָט אַזעלכע בילדלעכע רייד, ווײַל אויך זיי זעען אַזוי אַ פעלד מיט ״קאַרטאָפל וואָס האָט אייגעלעך״...

ער איז דער סאַמע עבסטער מײַסטער פון ליד פאַרן יונגוואַרג. אַפילו דעם באַטײַט פון חלומות נעמט ער אויף, ווי עס לעבן זיי דורך קינדער. ער טײַטשט אַזוי: אַז אַפילו דער גוטער חלום איז אַ חלום בלויז און פון דעם בייז־שרעקנדיקן חלום, לאַכט ער זיך אויס. עס איז דאָך בלויז אַ חלום:

„מיר אַז אַ חלום
חלומט זיך אָן,
וועק איך זיך אויף
און קוק זיך אַרום.

אַ חלום אַ גוטער —
אַ חלום איז בלויז!
אַ חלום אַ שלעכטער —
לאַך איך זיך אויס.

אַראָפּ פון געלעגער,
דאָס וואָסער איז פריש,
סע חנדלט און שײַנט
די טיי אויפן טיש.

און פריש איז די לופט,
אַ פייגעלע רופט,
כ׳האָב עס אַליין אַלץ
אויסגעפּרוּווט״.

פאַראַן בײַ אים אַ צאָל לידער פאַר קינדער מיט אַ מעשה־אַרטיקן אינהאַלט. אין אָט די לידער־מעשהלעך, פאַרלירט ער קיין מאָל ניט דעם קאָנטראָל פון מוזיקאַלישן ריטם. די וואָרט־געמעלן ליכטיקן פאַרן אויג מיט זייער שיינקייט און העלער פאַרביקייט. וואָלטן אין סאָוועטנפאַרבאַנד געווען יידישע שולן, וואָלטן זיך יידישע קינדער געפרייט מיט דעם קלאַנגפולן יידישן וואָרט, און זיך געקוויקט מיט אַזעלכע לידער־מעשה־לעך ווי „דאָס פערדל פון בייַנאַכט״:

„געקומען צופאָרן
דער פּאַפּאַ בײַנאַכט,
ער האָט פון דער רייזע
אַ פערדל געבראַכט.

אַזאַ פערדל אַזאַ מינס,
ווי מאַקס האָט געוואָלט:
דער קאָפּ און די טלאָען
מיט שוואַרצן געמאָלט.

ניט פּשוט מיט שוואַרצן
נאָר טאַקע לאַקירט,
און טאַקע דאָס ציימל
מיט זילבער באַצירט״.

אין אָט דעם לידער־זשאַנער פאַרן קליינוואַרג, איז דאָ די אַטמאָספערע פון דער קינדער־וועלט. קוויטקאָ איז מקפיד אויף יעדן וואָרט און קלאַנג. ער ווערט כמעט קיין מאָל נישט געשטרויכלט מיט אַ שלאַבעריקער שורה. די ווערטער שטראָמען אין גלייַכן, אין וואַרעמען ריטם. עס דאַכט זיך, אַז דער שטילער רויש פון די פערזן, טראָגט אײַך ערגעץ אַוועק אין אַ וועלט אַ ווייַטער, וואָס דער גרויסער פערזן־שמידער לייב קוויטקאָ האָט אויסגעפאַנטאַזירט.

* * *

עס איז דעריבער אַ גרויסער צער צו הערן דאָס געוויין אויף אונדזער בראָך, פון אונדזער פאָלק — פון אָט דעם געזונטן זינגער — דעם מאַן מיטן ריינעם האַ־ץ. עס איז געווייין אָן טרערן. אַ קלאָג, וואָס טרייסלט אויף דאָס געביין, בעת ער דערציילט דעם שווידער פון מלכּה גערשאָנאָוואַ, די איינציק־לעבן־געבליבענע פון אַ גרוב, אָנגעשטאָפּט מיט יידישע הרוגים. וואַסיליסאַ קאַרפּאָוונאַ מיט איר אײַנשטעלן איר לעבן טראָגנדיק שפּייַז צו מלכּהן, וועקט אין אונדז דעם צוטרוי צום געשטאַלט פון מענטש. אָבער אָט די טיפע מענטשלעכע פרייַנטשאַפט מילדערט נישט זייַן און אונדזער צער אויפן אומגליק פון אונדזער פאָלק. לייב קוויטקאָ, וואָס פרייד און האָפן, איז געווען דאָס ליכט פון זייַנע לידער, איז אַזוי פאַרקלעמט פון דעם גרויל. די

ווערטער וואָס רײַסן זיך פון צווישן די פאַרשטשעמעטע ציין, בריען אין פײַן, ווי פײַערדיקע קוילן. אָט איז פון פײַן דער גרויל, וואָס בויערט דורך דאָס געביין:

"לײַד געבראָטענע, לײַד פאַרזאָטענע, שטומע לײַד,
אַ וועלכע ים־טיף איז צו אײַך געגליכן!
ניט מיט שפרוך צו שטילן אײַך, ניט מיט טרייסטגערייד,
ניט איבערשרײַען אײַך מיט שופרות פון יריחו.
איז די יונגע אַניאַ געשטאַנען פאַרן קאָמענדאַנט,
די אויגן אָנגעשטעלט אויף אים, די גרויסע, בלויע,
די קינדער אירע מאָנט ער, אירע קינדער ער פאַרלאַנגט,
איר וואָוען און מאַרוען פונעם יידן אָשר כּהן.
אירע קינדער מאָנט דער דײַטש ווי זײַנס, איר לײַב און בלוט,
אין אָשרן געראָטענע, איר וועלט מיט פריידן.
— מאַמע, ווער האָט מאַכט געגעבן אָט דעם מערדער מיטן רוט
אונדז פײַניקן, אונדז מאָרדעווען און אונדז צעשיידן?!"

מען לייענט לייב קוויטקאָס לידער פון פאַרן היטלעריסטישן אָנפאַל אויפן סאָוועטנפאַרבאַנד, זײַן האָפערדיק געמיט פירט אַרײַן אין זון־העלקייט. מען מיינט, אַז די טרער פון טרויער גליטשט זיך קיין מאָל נישט אויף זײַן מילד געזיכט, אַז אין זײַן אויג בלויז די טרער פון פרייד קוועלט. לייב קוויטקאָ דער געבענטשטער מיט אַ גרויסן פּאָעטישן טאַלאַנט, וואָס האָט דערפרייט מענטשן מיט זײַן ליכטיקער פּאָעזיע, זיצט אָבלדיק אין צער געבראָכן, און אין אים ווײנען אַלע ווערטער אויפן אויסראָט פון די יידן אין קאָלכאָז "מײַפעלד". די טרערן גליווערן אין אים. דער גרויל יאָמערט דורכן מויל פון זײַן ליד, וואָס דערציילט פון דער גרוב ווו עס זײַנען אַרײַנגעוואָרפן געוואָרן די געהרגעטע מײַפעלדער יידן:

"אָט דאָס איז דער קאָלכאָז פון מײַפעלד, ווו די יידן
באַוויזן האָבן וואונדער מיטן ווײַנשטאָק אינעם סטעפּ?!
פון הינטער ווילדער ערד דערטאַפּט דאָס וואַסער און באַלעבט
די שטחן מיט הורטן שאָף, מיט קעלטערס ווײַן, מיט לידער?!
און איצט — די הייסע כוואַליעס שטויב אין פנים פּאָכן,
דער טרוקענער קורח באַפאַלט די פּיס און שטעכט.
ס'איז מײַפעלד קאָלכאָז? דאָס הארץ איז אײַנגעבראָכן,
אין בראָך ליגט אונדזער מי, פאַרשעמט אונדזער רעכט.
אָט דאָס איז אונדזער ווײַנגאָרטן? מיר בלײַבן שטיין אין מיטן.
אָט דאָ האָט מען געטייט די מײַפעלדער אַליין,
אין וועג דאָ צווישן ווײַנשטאָקן זיי ליגן פאַרשיטע,
פאַרשניטענע משפחות, גרויס און קליין".

אויך זײַנע מעכטיקע מלחמה־און־נקמה־לידער זײַנען דורכגעווייקט אין די פײַערן פון פײַן. עס איז אין אים נאָך נישט פאַרלאָשן די שרעק און דער טרויער פון די פּאָגראָם־יאָרן, אין דעם שווידער־פעריאָד פון בירגער־קריג, ווען די באַנדיטן פון וראַנגל, דעניקן,פּעטליורע און מאַכנאָ האָבן געשאָכטן יידן אין אוקראַינע, און ווו נאָר זייער רוצחישער פוס, האָט די ערד

באַטראָטן. אין דעם לאָגל־טרערן אויף יענעם אומגליק אונדזערן, זידט נאָך אַלץ די טרער פון צער אין לייב קוויטקאָן, וואָס דערציילט, אַז אין שכנישן הויף בושעווען שוין די רוצחים, און ער מײַסטרעוועט אַ פידעלע פאַרן קינד, און זאָלן די רוצחים כאָטש צוּוואַרטן ביז ער וועט די לעצטע סטרונע אָנציִען אויפן פידעלע. עס איז אַ צונויפשטראָם פון טרערן, ווי אין וידוי־זאָגן, ווי אין האַרציקן פיוט, ווי אי קלאָגן פון קינות. דער איינדרוק איז, אַז גראָד אין דעם שטילן באַצערטן טאָן, טרייסלט אויף דאָס געשריי פון שרעק. פון ווייטיק רײַסט זיך אַזש איבער די סטרונע אין פידעלע פון אייגענעם האַרץ. דאָס ליד איז דאַטירט, יאָר 1919:

„איך זאָל כאָטש ענדיקן מײַן דינינק פידעלע,
וואָס שניץ און טעסע עס אַ גאַנצן פרי.
פון שוועבלער־קעסטעלע מיט פינגער פיבערישע
איך שניף און טעסע עס אַ גאַנצן פרי.

— בײַז געוויטער, וואַרט אַ ווײַל פון יענער זײַט!
איך מוז פאַרטעסען נאָך דעם אונטערטייל.
און דו, טויט, שטיי אַ ווײַל בײַם שוועל און וואַרט אויף מיר —
איך מוז פאַרגלעטן דעם אויבערטייל.

נאָך אַלע גרוילן און פּײַנען האָט לייב קוויטקאָ געפונען אין זיך די קראַפט פון גלויבן צו רימען, און זיך באַרימען מיט זײַן לאַנד. זײַן פאָלק, זײַן וואָרט, רופט ער אויס, טאָר מען נישט אָפּטיילן פון זײַן סאָוועטן־לאַנד.

די העלע טרייסט אין געוויין פון „רחל מבכה על בניה" (רחל באַוויינט אויף אירע קינדער), פליסט אויך צו אים די טרייסט אין גליק פון גלויבן, פון זײַן אין בונד מיט אַלע פעלקערשאַפטן אין זײַן לאַנד. די גאַנצע שטימונג אין ליד „מיט מײַן לאַנד", איז תּנכיש אין סטיל. אויסגעשאַרפט זײַנען די אויסגעפּײַלטע אין האַרציקער שטילקייט, די ליריש־ליבטיקע פערזן:

„אין דיר, מײַן לאַנד, איז גרויס מײַן פאָלק —
און רחל טאַנצט מיט אירע קינדער;
אָן דיר, מײַן לאַנד, איז קליין מײַן פאָלק —
און רחל וויינט אויף אירע קינדער.
ס'פאָלק שטייט אויף פאַרטאָג אויף גליק פאַר זיך און לאַנד.
און שלײַפט מיר אָן דאָס וואָרט ביז שאַרף און גלאַנציק.
כ'האַלט עס ווי געווער אויף וואַך דעם פאָלק און לאַנד און היט עס אָפּ פאַר זיי ווי זייער פלאַנצונג.

אָן דיר, מײַן ליד, איז פוסט מײַן וואָרט —
און רחל זאָגט עס ניט די קינדער;
מיט דיר, מײַן לאַנד, לעבט אויף מײַן וואָרט —
און רחל זינגט עס מיט די קינדער!"

טעמאַטיש קאָן לייב קוויטקאָ באַצייכנט ווערן, ווי דער גליק־גלויביקסטער דיכטער אין סאָוועטן־לאַנד — איר סאַמע געטרײַסטער פּאַטריאָט, וואָס האָט זיך אנטציקט מיט יעדן ציגל אַרײַנגעטעסט אין אַ געבײַ, און באַזונגען יעדן נײַעם שפּראָץ. הגם, פיל פון זײַנע לידער האָבן

אויף זיך דעם צייכן פון מאָמענט — פון פעריאָדן שוין אַנטרונענע פון אונדזער זכּרון; האָט דאָס זאַמד־שטויב פון דער צײַט, נישט פאַרדעקט דעם שימער פון פּאָעטישן גינגאָלד, וואָס ער האָט אַרײַנגעפּרעסט אין דער העלער־טיף פון זײַנע לידער, וואָס פּיבערן מיטן ליכט פון גליק און גלויבן. עס איז אַ לאַנג־דויערנדיק־געזאַנג, וואָס לעבט מיטן געשאַנק פון לעבן, אין העלן שײַן פון עכטער דיכטונג.

* * *

לייב קוויטקאָ האָט פון זײַן פידעלע, וואָס ער אַליין האָט אויסגעטעסעט, אַרויסגעציטערט די סאַמע ליכטיק־רירנדיקע געזאַנגען. אָבער נישט אַלע סטרונעס, האָבן זײַנע פינגער געהאַט צײַט צו באַרירן, ווײַל "די רוצחים האָבן שוין געהוליעט אין שכנישן הויף"... איצטיקס מאָל זײַנען עס נישט געווען די אוקראַינישע פּאָגראָמשטשיקעס, נאָר סטאַלינס באַנדיטן, וועלכע "האָבן פאַרהאַקט די טיר מיט זייער בליק". וואָס האָט אין יענעם מאָמענט געטראַכט לייב קוויטקאָ? געוויס איז ער געשטאַנען אַ דערשראָקענער קעגן די אויסגעשטרעקטע, אָנגעלאָדענע ביקסן. אָבער זײַן גלויבן אין דער גערעכטיקייט פון זײַן לאַנד — זײַן סאָוועטן־מאַכט, איז זיכער געווען צעבראָכן. בײַ אַזאַ פאַרגלויבטן אין יושר פון דעם סאָוועטן־לאַנד, איז דאָס גרויליקער פון דער גרויל געווען נישט בלויז דאָס שטיין און זען דעם טויט פאַר די אויגן, נאָר אויך דעם גלויבן, אַז די וועלט קאָן בעסער ווערן, איז צעשמעטערט געוואָרן. איז אפשר האָט ער געהאַט נאָך צײַט צו טראַכטן וועגן דעם אַז "פרײַהייט איז טײַערער פון לעבן" ווי עס דערציילט זיך אין זײַן אַלעגאָריש רירנדיק מעשהלע "דאָס טײַערסטע פון אַלץ": פונעם פייגעלע אויף אַ בוים, וואָס אַ יעגער האָט געשיקט אַ פײַל אָדער אַ קויל און עס פאַרווונדיקט. האָט אַן אַלטיטשקע זיך דער־נעענטערט צום פייגעלע, און אים געזאָגט:

— "גיב מיר אָפּ דאָס, וואָס דיר איז טײַערער פון אַלץ, וועל איך דיך צוריק געזונט מאַכן.

— גוט, זאָגט דאָס פייגעלע, — איך גיב דיר אָפּ דאָס טײַערסטע פון אַלץ, אַבי הייל מיך אויס. די אַלטיטשקע האָט מיט איר ציטערדיקער האַנט אָנגערירט דאָס פאַרווונדעטע אָרט, איז עס באַלד פאַרהיילט געוואָרן. האָט דאָס פייגעלע אַ פאָך געטאָן מיט די פליגעלעך אַוועקצופליען.

— וואַרט, מײַן טײַערע, — האָט די אַלטיטשקע געזאָגט, — גיב מיר אָפּ, אָט דאָס וואָס איז טײַערער פון אַלץ.

— וואָס זאָל איך דיר אָפּגעבן — האָט דאָס פייגעלע געפרעגט. — דײַנע פליגעלעך — האָט די אַלטיטשקע געענטפערט.

— דאָס קאָן איך ניט! בעסער דער טויט, איידער צו לעבן אָן פליגעלעך! ווי אַזוי וועל איך פליען אויף דער פרײַ?

— נו, פלי דיר, געזונטערהייט! האָט די אַלטיטשקע געזאָגט, — נאָר פון הײַנט אָן און ווײַטער זאָלסטו געדענקען, אַז דאָס טײַערסטע פון אַלץ איז אויך טײַערער אַפילו פונעם לעבן.

דאָס פייגעלע האָט צעשפּרייט די פליגעלעך און זיך אויפגעהויבן מיט אַ געזאַנג: "פרײַהייט איז טײַערער פון לעבן!"

וואָס קענען מיר דרינגען פון אָט דעם רמז וואָס איז פאַרהוילט אין אָט דעם אַלעגאָרישן מעשהלע פאַר קינדער?

— אוי, וואָלט לייב קוויטקאָ געענטפערט: עס איז פאַר אײַך, קינד און קייט, איר זאָלט דאָס געדענקען!...

ווי שוידערלעך עס איז! דאָס סאָוועטן־לאַנד האָט לייב קוויטקאָן און זײַנע פען־חברים באַלוינט מיט טויט, פאַרן גרויסן דיכטערישן געשאַנק, וואָס זיי האָבן אַזוי ערלעך און הערלעך אַלע יאָרן צוגעטראָגן צו דער יידישער ליטעראַטור, און ממילא זײַנען די קונסט־שאַפונגען אין יידישן וואָרט, אויך געוואָרן דאָס אייגנס פון אַלע ליטעראַטורן אין סאָוועטנפאַרבאַנד.

לייב קוויטקאָס „אַלעפבייס" איז דערשינען אין מאָסקווע אין 1947. דאָס יידישע קולטור־לעבן האָט שוין געצאַנקט אין די וואַרגנדיקע הענט פון סטאַלינען. מען האָט שוין דאָרטן אָנגעהויבן צו פאַרמעקן יעדע צורה פון אַ יידישן אות. לייב קוויטקאָ וואָס זינגט אַז:

„אַן אַלף האָט פיר עקעלעך —
אַ שטעקעלע מיט צוויי פלעקעלעך"

אָט די שטעקעלעך פון גאַנצן יידישן אַלף־בית זײַנען שוין געוועזן צעלאָמט, און די רעשטלעך האָט מען אָנגעהויבן צעפּיצלען אויף פּיץ־פּיצלעך. מיט אָט דעם פּײַן, אַז אויך זייער יידיש וואָרט וויל מען פאַרטרײַבן פון לעבן אין יידישן פאָלק, זײַנען אָט די גרויסע יידישע שרײַבער — געזאַלבט מיט אַ מעכטיקן טאַלאַנט, געשטאַנען קעגן אָנגעלאָדענע ביקסן, וועלכע האָבן געצילט די קוילן אין האַרץ פון גאַנצן יידישן פאָלק...

דאָס פידעלע האָט זיך אַרויסגעגליטשט פון קוויטקאָס האַנט. ביזן היינטיקן טאָג, און עד סוף כל הדורות, פאַרנעמען מיר דאָס שטילע, ווייטיקדיקע כליפּען פון די איבערגעריסענע סטרונעס פון אָט דעם יידישן פידעלע, וואָס מורמלט אין פּײַן פון טרויער:

„אין* דיר, מײַן לאַנד, איז קליין מײַן פאָלק —
און רחל וויינט אויף אירע קינדער".

*איך דערלויב זיך צו בײַטן דאָס וואָרט „אָן" אויף „אין". איך בין זיכער, אַז וואָלט לייב קוויטקאָ געלעבט, וואָלט ער אין געהיים, אַליין צויסגעמעקט דעם „אָן" אויף „אין". (ש.ש.)



**פון שלום שטערן**

# יוליאַן שוואַרץ:
# „ליטעראַרישע דערמאָנונגען"

**פאַרלאַג קריטעריאָן, בוקאַרעשט, 1975.**

די פאָלקס־זינגער, ווי וועלוול זבאַרזשער, זעליג באַרדיטשעווער, שמשון פערשט האָבן מיט זייערע לידער און מעלאָדיען אויך דער־גרייכט די פאַרוואָרפנסטע יידישע שטעטלעך אין מדינת פוילן. זיי זיינען אַריינגעדרונגען אין געמיט פון דעם ברייטן יידישן פאָלקס עולם אין רומעניע, און זיך געטראָגן איבער גרענעצן, צו די ווייטסטע, יידישע מקומות אין פאַרשידענע לענדער.

עס זיינען געווען אָט־די באַגאַבטע טרובאַדורן, וועלכע האָבן צוגעגרייט דעם באָדן פאַרן פרילינג פון יידישן טעאַטער אין רומעניע.

דער ליכטיקער אויפרויש פון דעם פאָלקס־געזאַנג פון וועלוול זבאַרזשערס זינגענדיקע גרופּן אין די שענקען, וויין־קעלערס און קרעטשמעס, אין דער סביבה פון רומענישע יידן, האָט אַרויסגערופן געהויבענע געפילן, און באַאיינפלוסט דעם נאָכקום פון שפּעטערדיקע פּלעיאַדן הויך־באַגאַבטע פּאָעטן. אין איציק מאַנגערן האָט דאָס יידישע און רומענישע פאָלקס־ליד, אין צויבערדיקער, ליכטיקער בענקשאַפט אויפסניי אויפגעקוואָלן אין דער טיפסטער טיף פון זיין פּאָעטישער, העל־זעערישער וויזיע.

איציק מאַנגער מיט זיין אויפשטייג אין דער יידישער דיכטונג, האָט שוין ממילא דערפירט דער־צו, אַז יידישע שרייבער און לייענער איבער גאָר דער יידישער וועלט, זאָלן אין גרויס נייגער וועגדן זייַערע אויגן צום אויפשטייג פון נייע, פרישע שעפערישע קרעפטן אין כמעט פאַרגעסענעם, שעפערישן, יידישן לעבן אין רומעניע.

איציק מאַנגער (לויט מיין באַנעמען אים) איז געווען דער לעצטער גרויסער יורש פון די פריילעך־מאַכער, די פאָלקס־זינגער. ער האָט איבערגעשמידט דאָס פּרימיטיווע פאָלקס־ליד אין דער טרוימערישער בענקשאַפט פון זיין האַרץ. אין פיבער פון אויפסנייַ אויסגעלייטערטן וואָרט האָט אויפגעציטערט דאָס באַצויבערדיקע מעלאָדישע פאָלקס־ליד, וואָס האָט זיך אַליין צעזונגען.

ווען מיר וואָלטן היינט געהאַט אַן אויפבלי פון נייע יונגע פּאָעטן אין

דער יידישער ליטעראַטור, בין איך, אין ספק, צי איציק מאַנגער וואָלט געוועזן זייער אָנרעגער. זיין ליריש, רייך־פאַרביק ליד, איז געוועזן אַן אָפּשלוס פון אַ גאַנצער תקופה פאָלקס־זינגער.

גיכער וואָלטן זיך, דיכטער אין רומעניע, געקערט צום מאָדערנעם אימאַזשיניסט און טעאַטראַל דעם גרויסן דיכטער יעקב שטערנבערג.

וואָרים, מיט דער העכסטער אָנערקענונג, וואָס איציק מאַנגער האָט געקראָגן פריער אין רומעניע, און שפּעטער אין אַלע יידישע ישובים איבער דער וועלט, איז קענטיק, אַז אין זיינע טריט זיינען די יינגערע פּאָעטן נישט געגאַנגען, נישט אין תוכן, נישט אין דער פאָלקסטימלעכער פּאָעטישער פאָרם פון זיינע ליבטיק־לירישע געזאַנגען. אַ באַווייז זיינען די פּאָעטישע שאַפונגען פון די יונגע קרעפטיקע דיכטער קובי וואָהל און בערל שנאַבער. אפשר איז עס דערפאַר, הגם אין איציק מאַנגערס לידער איז פאַראַן אַ סך חנעוודיקע טעאַטראַלישקייט, כאָטש ער איז אַ יחיד במינו. ווי שלום־עליכם איז ער אַן איינציקאַרטיקע דערשיינונג. מען קען פוןביידע שטאַרק הנאה האָבן, באַוואונדערן זייער טאַלאַנט, אָבער מושפּע ווערן פון זיי, איז שווער, ווייל ווער עס פּרוּווט זיי אימיטירן, זעט אויס ווי חוזק. גאַנץ מעגלעך, אַז מיט מאַנגערן איז געוועזן די חתימת התקופה פון די רומענישע פאָלקס־זינגער. די נאָכגעקומענע פּאָעטן, האָבן געזוכט נייערע פאָרמען פאַר זייער יחידיש ליד, ווייל דער תכלית פון זייער שאַפן איז געוועזן דער גרעאַנגל מיט דער נויט און מיטן בייז, וואָס די בייזע געוועלטער פון דער אונטערדריקערשער סיסטעם טראָגט מיט זיך.

מיין אָפּשטעלן זיך אַצינד אויף מאַנגערן, איז נישט מחוץ דעם אינהאַלט פון יוליאַן שוואַרצס אויסגעצייכנט בוך, וואָס אין זיין ליטעראַרישער וואָגיקייט, האָט עס אויך דעם גרויסן זכות פון קולטור־היסטאָרישקייט. זיין אַרומנעם איז נישט בלויז דער אויפשטייג פון יידישן טעאַטער פון גאָלדפאַדען און זיינע בני־דור די הערלעכע מיטשאַפער. גלייכצייטיק געפינען מיר אַ באַטייטנדיקע צאָל פּאָעטן, וואָס זיינען געוועזן שעפער און אַקטיוו אין דער יידישער ליטעראַטור אין רומעניע.

איציק מאַנגער האָט מיט זיין אַריינשפּאַנען אין דער יידישער דיכטונג, אויף ס׳נייַ אַרויפגעשטעלט דאָס יידישע, שעפערישע רומעניע אויף דער מאַפּע פון דער יידישער ליטעראַטור, און יוליאַן שוואַרץ צייכנט אַליין די מאַפּע פון דער יידישער פילזייטיקער און פילפאַרביקער קרעאַטיווקייט אין רומעניע פון ווייטן אַמאָל און פון דעם שארית־בינע־קינסטלער און שרייבער אין דעם היינט, אין יידישן לעבן אין רומעניע.

דורך יוליאַן שוואַרץ ווערן מיר באַקאַנט מיטן בראשית פון יידישן טעאַטער. דער באַגינען פון צוריק מיט הונדערט יאָר אַנטפּלעקט דעם גאַנצן אַרומנעם פון דעם שטייגער־לעבן פון יידן אין די קוואַרטאַלן, וואָס האָבן זיך געצויגן צום טעאַטער־גאָרטן ״זשיגניצאַ״. אָט דעם באַשיידענעם

"זשיגניצאַ גאָרטן", איז עס באַשערט געוואָרן צו ווערן דער היכל פון דעם אויפגייענדיקן גאָלדפאַדען טעאַטער און זיך אַריינשרייבן אין דער געשיכטע פון דער יידישער ליטעראַטור און טעאַטער. וואָס ראַנגלען זיך עד היום פאַר זייער עקזיסטענץ. שוישפילער פון גרויסן פאַרנעם זיינען אויפגעשטיגן פון אָט דעם ממש פרימיטיוון, פאַרוויילערישן יידישן טעאַטער. גרויסע טאַלאַנטן האָבן דאָרטן זיך אויסגערייפט.

גאָלדפאַדען וואָס האָט געשאַפן זיינע ווערק אין דער וויזיע פון טרוים און בענקשאַפט, האָט געהאַט מיטשותפים, דאָס זיינען געווען זיינע אַקטיאָרן — גרויסע טאַלאַנטן, וועלכע האָבן לעבעדיק געמאַכט גאָלדפאַדענס שאַפונגען אין דער ראַם פון ווייטסטן אַמאָל, און פון דער ווירקלעכער אַרומיקייט. אַזוי עבט און וואָרהאַפטיק זיינען געווען יענע יונג־אויפגעשפּראָצטע (הגם נאָך נישט גענוג אויסגעאיבטע אין דער טעאַטער־קונסט) שוישפילער, אַז דער עולם טעאַטער־גייער, האָט די סצענעס אויף דער בינע, וואָס זיינען פאָרגעקומען פאַר זייערע אויגן, אָנגענומען ווי ווירקלעכקייטן אין דער טאָגטעגלעכקייט. מחמת עס זיינען געווען סיטואַציעס און פּאַסירונגען אַרויסגענומען פון דער ווירקלעכער יידישער סביבה. יוליאַן שוואַרץ גיט איבער אַזאַ פאַל: "צוויי יידענעס נעמען זיך שטאַרק צום האַרצן און נעמען זיך אָן פאַר מירעלען, די געפּלאָגטע יתומה, וועלכע די שטיף־מאַמע שעלט און שלאָגט אָן אויפהער. די אַקטריסע ראָזאַ פרידמאַן, שפּילט אַזוי גוט די שטיף־מאַמע, אַז די צוויי דערמאָנטע יידענעס, סטראַשען זי בעת דעם שפּילן: "מירן שוין זען ווען דו וועסט אַרויסקומען!" און צום סוף פון ספּעקטאַקל האָבן די יידענעס, מיט זייערע מענער, און זייערע באַקאַנטע, אָפּגעוואַרט די שטיף־מאַמע (ראָזאַ פרידמאַן) מיט שטיינער..."

אייניקע פון די גרויסע אַקטיאָרן, וואָס האָבן געשפּילט אין גאָלדפאַדענס טעאַטער אין "זשיגניצאַ"־גאָרטן, האָבן שפּעטער זיך באַזעצט אין ניו־יאָרק, און האָבן גרויס געמאַכט דאָס יידישע טעאַטער אין אַמעריקע.

אַזוי אַרום, איז "זשיגניצאַ" געווען די דראַמאַטישע שול פון מעכטיקע שוישפּילערישע טאַלאַנטן. אינטערעסאַנט איז אויך, אַז פון די אָפּשאַצונגען אין דער אַלגעמיינער רומענישער פּרעסע איז פאַרצייכנט דער פּעריאָד פון דעם בראשית פון יידישן טעאַטער אין רומעניע. דאָס זיינען אייגנטלעך באַגלויבטע מקורות צו דער געשיכטע פון יענע, שווערע בלי־יאָרן.

יוליאַן שוואַרץ ברענגט אַרויס אַ ריי אינטערעסאַנטע געשטאַלטן וועלכע זיינען געווען שעפעריש אַקטיוו אין טעאַטער און מחוץ דעם טעאַטער. אייניקע מאָנאָגראַפּיעס זיינען פּרעכטיקע וואָרט־פּאָרטרעטן. זיי פאַרמאָגן די אַטמאָספערע פון דער צייט־סביבה, און הייבן אַרויס די קינסטלער, וואָס מיט זייער הויכער שעפערישקייט זיינען זיי געוואָרן

פּאָרשטייער פון אַ פּעריאָד מיט אַ הערלעכן צושטייער אין די פּאַרשידנסטע זשאַנערן פון קונסט.

יאָ, ווי אַ גרויס, שיינענדיק ליכט, וואָס באַלויכט דורך דעם נאַכט־חושך, האָט אין יענער צײַט זיך באַוויזן דער אָפּערעטן־שרייבער גאָלדפאַדען. זיינע אָפּערעטעס און פּיעסן פון היסטאָרישע און היימיש־סביבהדיקע שילדערונגען פון דער יידישער לעבנס־רעאַליטעט, האָבן אין בענקשאַפט אויפגעזונגען אין האַרץ פון פאָלק. זיינע געזאַנג־לידער זיינען באַהאַרציקט און באַליבט געוואָרן פון יידן אומעטום. דער אויסגעווייטיקטער הומאָר פון די האָצמאַכס. יאָ, פון "האָצמאַך איז אַ בלינדער וואו זיינען מיינע קינדער", האָט גאָלדפאַדענען געמאַכט פאַר אַ נאָענט־אייגענעם, צווישן פאָלק.

גאָלדפאַדען האָט מיט דער בענקשאַפט פון פאָלק, זיך אומגעקערט קיין כנען, און צוזאַמען מיט די אָבות געפּיטערט שאָף און רינד און געוואַנדערט פון גראָזלאַנד צו גראָזלאַנד.

נאָך יענער אויפקום־תקופה, נאָך דעם אויפשטייג פון יידישן טעאַטער, צוזאַמען מיט דער הערלעכער, הויך־קינסטלערישער יידישער ליטעראַטור, האָבן מיר ערשט באַגריפן דעם גאָלדפאַדענישן אָנהייב.

יוליאַן שוואַרצס מאָנאָגראַפיעס לייענען זיך מיט גרויס אינטערעס. ערשטנס, איז ער אַ געדולדיקער און געטרייער פאָרשער. זיין קאָנסטרוקציע איז אויפגעבויט אויפן באָדן פון אָפּגעקליבענע פאַקטן. והשנית, באַקענט ער אונדז מיט אַלע ליב־האַרציקע טאַלאַנטן, נישט בלויז פון דרויסן. ער באַמיט זיך גלייכצייטיק צו געבן זייער אינערלעכע, שעפערישע וועלט, אין וועלכער זיי האָבן געלעבט, זיך געראַנגלט און זיך קינסטלעריש אויסגעלעבט.

יוליאַן שוואַרץ ציט אַריין דעם לייענער מיטן כוח פון הסברה און דערציילעריש־שילדערנדיקן מעטאָד. ער איז אַ גרויסער בעל־מסביר אין זיין אינפאָרמאַטיוו־קלאָרן סטיל. אייניקע געשטאַלט־און־סביבה־שילדערונגען לייענען זיך ווי בעלעטריסטיק, אָדער זיי האָבן דער צויבער פון אַ וואונדער־מעשה פון ווייט, ווייטן אַמאָל. די געשטאַלטן ווערן אונדז היימיש־באַקאַנט, און ליב און ליכטיק און נאָענט. אָט די פולע און גאַנצע דערגרייכונג פון יוליאַן שוואַרצס שיינע באַשרייבונגען, איז דער רעזולטאַט פון אַ האַרציק־קלאָרן אינפאָרמאַטיוון סטיל מיט אַ לשון צוגעפּאַסט צו יעדער פּערזענלעכקייט, פּאַסירונג און סיטואַציע.

דאָס זיינען כאַראַקטעריזאַציעס פון אויסערגעוויינלעכן ליטעראַרישן און היסטאָרישן צושטייער צו דער געשיכטע פון יידישן טעאַטער, יידישער ליטעראַטור, יידישן פאָלקס־ליד, און פון דער מאָדערנער יידישער ליטעראַטור (דער עיקר די דיכטונג).

מאָנאָגראַפיע־שרייבער דאַרפן זיך באַקענען מיטן באַשרייב און דערצייל־מעטאָד פון יוליאַן שוואַרץ, וואָס איז אַ געוועב פון עלעמענטן פון

אינפאָרמאַציע, אָפּשאַצונג און ביאָגראַפישע פּאַרצייכענונגען.

יוליאַן שוואַרץ עפנט אויף די טיר צו דעם אַמאָל, און דורך דעם האָט ער צוגעגרייט און אויסגעפאָרשט מאַטעריאַל פאַרן געשיכטע-שרייבער פון יידישן טעאַטער, און פון דער דיכטונג אין רומעניע. מיט טיפן ערנסט און גרויס ליבשאַפט האָט ער זיך אַריינגעלעבט אין דער אַטמאָספערע, אין דער ברייטער קאָלירפולער פּאַנאָראַמע פון דער תקופה. עס איז אַ וואַרעמער אינטימער אַרט באַשרייבן. אָט אין דעם אַרט איבערגעבן יענע שווערע, יאָרן פון געראַנגל, באַהעלט ער אין ליבשאַפט יענע פאַרגאַנגענע שיינקייט, וואָס וועט זיך צו אונדז שוין קיין מאָל מער נישט אומקערן. עס זיינען פאַרקריצט לזכרון עולם, די היסטאָריאָגראַפן-פאָלקלאָריסטן, ווי דער ערשטער כראָניקער פון רומענישע יידן יעקב פסנתיר, וועלכער איז געווען אַ קלעזמער און פאָלקס-זינגער, און דעם פובליציסט משה שוואַרצפעלד, וואָס איז געווען אַ באַגאַבטער היסטאָריאָגראַף און פאָלקלאָריסט, און משה טשיליבי, וועמען יוליאַן שוואַרץ באַצייכנט "דער מערקווירדיקער פאָלקס-חכם". אייניקע זיינען געווען פּילזייטיק באַגאַבט, אַזוי איז דער מוזיקאָלאָג אַלפרעד הענרי ערלעך גלייכצייטיק געווען אַ פאָלקלאָריסט. מילאַס לעמיש דער קאַפּעלמייסטער פון יידישן טעאַטער אין גאָרטן זשיגניצאַ, איז ווי אַ לעגענדאַרישע פיגור, וואָס איז אַרויפגעשטיגן פון דער אַלט-נייער יידישער סביבה. אַזוי איז אויך מיטן ערשטן סצענאָגראַף פון יידישן טעאַטער סאָלאָמאָן ראָטשטיין. מען וואונדערט זיך: טאַקע פון וואַנען האָבן זיי זיך גענומען? וואָרים מען דאַרף דאָך כסדר אין זינען האָבן, אַז מיר האַלטן ביי די ערשטע שטאַפּלען פון יידישן טעאַטער אין רומעניע, איין ענטפער: דאָס פאָלק איז דער שטאַרקסטער, שעפערישער כוח, און ער האָט דאָס אויסגעצייטיקט אין זיינע טיפן, די אַלע טאַלאַנטן צו דעם סאַמען שעפעריש-באַגינענדיקן אויפגאַנג.

הויך-שעצנדיקע אָנערקענונג פאַרדינט, אָן ספק, דאָס בוקאַרעשטער יידישע מלוכה-טעאַטער. עס איז באמת אַ נחת צו לייענען וועגן אַזעלכע מוזיק-שאַפער ווי לודאָוויק פעלדמאַן, האַרי מאַיאָראָוויטש און קאָפּלער

דער וואָגיקער שעפערישער צושטייער פון דאָס נעבטיקע, בינדט זיך מיט דער באַמיאונג און דעם דערגרייך אין דער היינטיקייט אין יידיש-רומעניע. יוליאַן שוואַרץ האָט דאָס איינגעזאַמלט און פאַרשריבן לדורות. אַזוי אַרום, אַז צוזאַמען מיט די פּלאַסטיקער מאַקס הערמאַן-מאַקסי און שמחה שוואַרץ, מיט די וועלוול זבאַרזשער מוזיק-שאַפער, טענצער, שוישפילער, ווערן אונדז נאָענט אַ צאָל יידישע שרייבער און פּאָעטן, וואָס וועגן דריי פון זיי האָבן מיר דריי פיינע ליטעראַרישע עסייען פון יוליאַן שוואַרץ, געשריבן אין הויכער שעצונג וועגן זייער דיכטונג. יונג איז אַוועק פון דער וועלט דער פּאָעט קובי וואָהל, וואָס איז געווען אַן עכטער ליריקער אין זיינע ווייטיקדיקע סאָציאַלע און טיילווייז אויך רעוואָלוציאָנערע, אויפרודערנדיקע לידער. אין אַ ליריש, טרויעריקן טאָן שילדערט יוליאַן

שוואַרץ דאָס שטאַרבן פון קובי וואָהל. ער ליגט שוין פיר חדשים קראַנק. עס פּאַרנאַבטיקט. ביי זיין בעט וויינט זיין מאַמע. אין דרויסן גייט אויף דאָס פרייד־געררויש פון קינדער, וואָס שליטלען־זיך אין דער ליכטיקייט פון ווייסן פרישן שניי. עס שטאַרבט דער 24־יאָריקער דיכטער קובי וואָהל, באַשאָנקען מיט אַן עבט, לירישן טאַלאַנט. עס איז אַ באַשרייבונג, וואָס אין איר שווימט די טרער פון צער.

אָט זיינען אייניקע דורכגעוויטיקטע שורות פון קובי וואָהלס אַ שילדערונג פון דער נויט אַרום אים:

דאָס שטיל געוויין פון קליינע קינדער,
אין פייכטע שטיבער, אונטער פוילע דעכער.
דער צער פון פנימער פאַרקרימטע,
ציינער קריצן פון די קעלער־לעכער.

בערל שנאַפּער, וואָס אויך אים האָט דער טויט צו פרי אַרויסגעריסן פון שעפערישן לעבן, האָט איבערגעלאָזט אַ דיכטערישע ירושה, וואָס איז אַ ווערטפולער פאָעטישער צושטייער צו דער יידישער פּאָעזיע אין רומעניע. ער איז געווען דער דיכטער פון די מיענדיקע הענט, פון דער אָרעמקייט.

אַ מוסטער פון זיין אופן שילדערן די ביטערע נויט און פראַצע זיינען אָט די בילדלעך־באַשרייבערישע פערזן:

אין דער קרומער מילנער גאַס
פון אין דער פרי ביז שפּעט ביינאַבט
ברומט די מיל, זינגען מילנער וועגן זיבן,
יעדער איינער, אַ טרויעריק ליבע — ליד.

יוליאַן שוואַרץ הויבט תמיד אַרויס דאָס סאַמע תוכיקסטע אין שאַפן פון אַ פּאָעט. ער ווייזט אונדז שטענדיק דעם אָפּשטאַם פון דעם דיכטער, פון זיין פעריפעריע און דעם איינפלוס פון דער צייט אויפן געמיט פון זיין ליד.

יאָ, ״ליטעראַרישע דערמאָנונגען״ פון יוליאַן שוואַרץ האָט אַ קולטור־היסטאָרישן, און אַ וואָגיקן ליטעראַרישן ווערט. עס איז אַ שיין, מיט ליבשאַפטאון־האַרץ־געשריבן־בוך. עס איז אַ בוך וואָס בלעטערט דעם נעבטן און דערמאָנט אין דער שיינקייט פון יידישן שאַפן.



## פון שלום שטערן

# די דיכטונג פון מעינקע קאַץ

מעינקע קאַץ איז אַן אויסגעצייכנטער יידישער פּאָעט אין צוויי לשונות, אין יידיש און אין ענגליש.

ער איז היימיש אין ענגליש ווי אין יידיש. דער וואָס לייענט מעינקע קאַצס לידער אין ענגליש, וועט אים גאָרנישט אײַנפאַלן, אַז ענגליש איז נישט זײַן געבוירן־שפּראַך. אין דעם פאַל, איז ער אין דער טראַדיציע פון פריערדיקע יידישע שרײַבער, וועלכע פלעגן שאַפן אין דרײַ לשונות: יידיש, העברעיש און אויך אין רוסיש.

דער בראשית פון מעינקע קאַצס שרײַבן לידער איז געווען אין יידיש. נישט נאָר איז דאָס פּאָעטישע וואָרט געווען אין יידיש, נאָר זײַן געמיט איז פול מיט דער בענקשאַפט צום יידישן שטעטל, וואָס דאָס לשון און דער שטייגער־לעבן זײַנען געווען דאָס גײַסטיקע בלוט פון מחשבות, געפילן און מעשים.

בײַ מעינקע קאַץ האָט דער גאַנצער אַרום גערעדט יידיש, אַפילו דאָס טײַכעלע, אין זײַן שטיל־מורמלענדיקן פלוס, רעדט יידיש:

„מאַמע, אויף וואָסער שפּראַך קען דאָס טײַכעלע רעדן?
ווער קען, ווי שלמה, די שפּראַך פון טײַכעלע פאַרשטיין?
— דאָס טײַכעלע קען, ווי איך און דו יידיש רעדן —
איז גרינג, ווי יידיש, די שפּראַך פון טײַכעלע פאַרשטיין״.

אין דיכטער מעינקע קאַץ, האָט יידיש אָנגעצונדן דאָס העלע ליכט פון לויכטן אייביק. בײַ אים קען גאָרנישט געמאָלט־זײַן, אַז יידיש זאָל, חס־וחלילה, אַמאָל פאַרלאָשן ווערן:

— מאַמע, ווי לאַנג וועט נאָך ייד מיט ייד יידיש רעדן?
— אַזוי לאַנג ווי טײַכעלעך וועלן וואַסערלעך געבן,
אַזוי לאַנג ווי וואַסערל מיט וואַסערל וועט רעדן,
אַזוי לאַנג, מײַן קינד, ווי טײַכעלעך וועלן לעבן״.

מעינקע קאַץ פאַרטרײַבט פון זיך יעדן ספק, אַז עס קען קומען צו אַ סוף פון זײַן געליבט לשון מאַמע־יידיש. ער האָט אויך גרויס בטחון אין דעם אייביק־זײַן פון אונדזער פאָלק:

"מאַמע, וויפל וואַסערלעך קען דאָס טײַכעלע פאַרמאָגן?
— אַזוי פיל שטערן האָט נאָר אַברהם געפונען,
אַזוי פיל יאָר, מײַן קינד, וועט אונדזער פאָלק טאָגן,
דורך אַזוי פיל שפיגלען, שפיגלען זיך זיבן זונען".

אין זײַן ערשטער היים, אין מיכאַלישעק, איז דער אַרום, נישט סתם וואָס האַלט־אויף דעם אופן פון יידיש־לעבן. מעינקע קאַץ הויבט אַרויס דאָס אייגנאַרטיקע געשטאַלט פון דער פאַרוואָרצלטער דורות־דיקייט. זײַנע דיכטערישע פערזן ווערן באַלעבט אין דער אַטמאָספערע פון אַלץ, וואָס איז געווען יידיש. אַלע געשעענישן אויפן גאַנצן יידישן שטח האָבן בײַ אים אַ באַזונדערע פאַרביקייט.

אַזוי אַרום, איז דער קעמפערישער גײַסט אין יידישן וואָרט, אויך מיט הירש לעקערט אין "טויטן־צעל". בײַ מעינקע קאַץ איז יידיש תּפילה, בענקשאַפט, האָפענונג, און אויך קאַמף און צאָרן — לשון אין געראַנגל מיט די פײַניקער, מיט די רוצחים, וואָס שטעלן־אויף תּליות:

"ברודער, לערן זיך יידיש פון אייביקן הירשקע לעקערט, דעם ליכטיקן שוסטער־יונג פון ווילנע — ירושלים פון ליטע:
יידיש — דער צאָרן פון די ערשטע ערשטער־מאַי מאַרשירער,
דורך שמיץ פון פאָן וואַלס ריטער".

דער פאַרטיפטער פּאָעט מעינקע קאַץ האָט זיך שוין אַרײַנגעשריבן אין דער יידישער דיכטונג מיט זײַן באַזונדעראַרטיקן פּאָעטישן צייכן. אַפילו אַז מען זאָל נישט געפינען זײַן נאָמען אויף זײַנס ליד, וועט מען עס באַלד צואייגענען צו אים, צוליב דעם אייגנאַרט פון זײַן פאָרם און סטיל.

דער אינהאַלט פון זײַן פּאָעטישער שאַפונג איז רײַך אין מאָטיוון. זײַן טעמאַטיק איז פילטאָניק. ממילא ציטערן פילקלאַנגיקע טענער אין ריטמישן געבוי פון זײַנע פערזן. ער איז טייל מאָל מיסטיש. טייל פון זײַנע אימאַזשן זײַנען אין געוועב פון אַבסטראַקציע און טרוים. אָבער ער איז תּמיד אויפן באָדן פון רעאַליטעט. זײַנע פּייסאַזשן זײַנען אַ פאַרטיף אין דער לעבעדיקער לאַנדשאַפט. בײַ מעינקע קאַץ איז נישטאָ קיין פאַרגליווערטקייט. אַלץ אַרום באַוועגט זיך, אַלע דוממים רעדן צו אים, פאַרטרויען זיך צו אים. זייער אַנטפּלעקטן סוד פאַרהוילט ער אין זײַנע בענקנדיקע לידער.

אָט נעמט ער אונדז אַרײַן אין דער אַטמאָספערע פון זײַן שטאָט, און גלײַכצײַטיק איז ער מיט אונדז אין ניו־יאָרק. געשטאַלטן, וואָס טרעטן קיין מאָל נישט אָפּ פון אים, זײַן טאַטע־און־מאַמע, וואָס רוען שוין אין שאָטן פון דעם אייביקן מערנישט־זײַן... די לידער צו דער מאַמע, מאַדאָנע, און צום טאַטן זײַנען געשריבן אין פיבער פון בענקשאַפט, און גלײַכצײַטיק אין דער שטימונג פון געלײַטערטן טרויער, וואָס דערהויבט אים, אין זײַן ליכטיקער דערמאָנונג. דער חומש, די מעשהדיקע ליכטיקייט פון אַ ווײַט, ווײַט אַמאָליקער רעאַליטעט (אויף די פּלוינען פון כּנען) ליכטיקט אין דער שטימונג פון זײַנע לידער. רבקה, די געליבטע זײַנע פון באָראָ פּאַרק, וואָלט

ער געוואָלט זאָל אים אַקעגן קומען אין נגב, ווי יצחק אָבינו האָט באַגעגנט די מוטער רבקה, די שיינע יונגפרוי. ווו דער דיכטער מעינקע קאַץ זאָל זיך נישט געפינען, אין דער וויזיע איז ער נישט אַרויס פון שטעטל. אין געמיט טראָגט ער דעם ניגון און טרוים, וואָס עס זינגען און דערציילן צו אים די בלעטער פון חומש, און די נביאותן פון ישעיהו הנביא פון זיין "והיה באחרית הימים". דאָס רעאַלע און גייַסטיקע בילד פון שטעטל שטייט תמיד פאַר אים. ביי מעינקע קאַץ, דעם טיף־פילנדיקן ליריקער, זייַנען די פאַרלויפענישן אין וויַטן חומשדיקן אַמאָל כמו אַ הייַנטיקע וואָר:

"אָ, בענטש מיך, גאָט, אויב כ'האָב
ווען אַ קערנדל שיינקייט פאַרזייט,
איך זאָל ווי יצחק אָבינו ביי אַ ברונעם פון נגב,
רבקה פון באַראָ פאַרק זען — אויף אַ קעמל פון נגב,
מיט אַ קרוג וואַסער אויף איר שמאָלן אַקסל, ווי קלאָרע פרייד".

אין זיין גאַנג דורך די גאַסן פון ניו־יאָרק ברענט אין אים דער ווייטיק פון חורבן. קלאָגט ער אויף דעם פאַרוויסטיקט ווערן פון זיין שטעטל:

"פאַרטאָג.
גוט איז מיר אַזוי, מיכאַלישעק!
וואָס דיין באַגינען הערט קיין מאָל ניט אויף לעבן מיר צו בלויען,
גוט איז כאָטש אין ליד זיין, לעם דיר, אַן איינציקע שעה".

פון אַ צאָל פון זייַנע לידער קען זיך שאַפן דער אייַנדרוק, אַז מעינקע קאַץ האָט זיך גאָר פון שטעטל נישט אַרויסגערירט. ער זיצט נאָך דאָרט מיט זיין בענקשאַפט. דאָס וואָלט געמיינט, נישט דערזען דעם פאָעט מעינקע קאַץ אין זיין טיף און פאַרנעם. ער איז טיף פאַרוואָרצלט אין אַמעריקאַנער באָדן, נישט נאָר דערפאַר, וואָס ער האָט געשאַפן קרעפטיקע, פאָעטישע לידער אויך אין ענגליש. ער איז אַרומגענומען מיטן דרויסן פון ניו־יאָרק. ער וואָגלט אין רויש פון דער וועלט־שטאָט. ער וואַנדערט אין דער שטילער טיף פון דער נאַכט, וואָס הילט איין גאַס און שטוב. אין "אָושן פאַרקוועי", אין ניו־יאָרק, שפּרייַזט ער און טראַכט זיך זייַנע נאָגנדיק־בענקנדיקע מחשבות פון דער נעבטיקייט אין שטעטל, פון אומגליק פון פאַרטיליקט געוואָרענעם יידישן פאָלק אין די היימען פון אַמאָל. דאָך איז אַלץ — דאָס געמעל פון דעם דרויסן, די אַרומיקע גאַסיקע און שטוביקע אַטמאָספערע — נישט מיכאַלישעק, נאָר ניו־יאָרק, און "אָושן פאַרקוועי", ווען אַלץ אַרום פרילינגט. עס איז אַ באַוווּנדערנדיק געזאַנג צו דער וווּנדער־שטאָט ניו־יאָרק און צו איר פילפאַרמיקן אויסזען:

"די שיינקייט פון דער עווענױ טוט אַזש ווײ.
ביז לויטערסטן לויטער טוט אַלץ אַזוי באַנג.
דער פרילינג פאָרט אויף ביַיסיקלעך דורך "אָושן פאַרקוועי",
דער פרילינג צעשוועבט די שלאַנקע מיידלעך שלאַנקער".

אויך די ליבע ווערט דאָ אויסגעאיידלט אין גאַרנדיקן ציטער פון זיין וואָרט:

״די ריינע רגעס פון דער ערשטער ליבע,
ווי מיט ליפּן, אין דער לופט, צו באַרירן.
אָוונט, פון טאָג איז אַ לעצטער קוש געבליבן,
דער קוש האָט דורך פּייערן פון שטאָט זיך צעצירט״.

די ליבע אין אים איז דער פּלאַם פון עראָטיק, נאָר מעינקע קאַץ, ווייסט דעם סוד ווי צו פאַרדעקן די נאַקעטקייט. ער ווייסט, אַז דאָס פּאָעטישע ליד נעמט פריער אַריין אין זיך דעם רויש פון באַגערטע איבערלעבונגען, און שפּעטער ציטערן אויף אין־פרייד אויפגעלויכטענע דערמאָנונגען.

דאָס איז אויך חל אויף די אין פּייַן אויפגעוואַכטע דערפאַרונגען פון די אין נויט־געפּייַניקטע טעג און נעבט פון דער מאַמען און דעם הונגעריקן הויזגעזינד. דער סאָציאַלער עלעמענט אין זייַן דיכטונג, זייַן פלאַמיקער באַגער, אַז די וויזיע פון אייביקן שלום זאָל וואָס גיכער מקוים ווערן, איז ביי אים געבונדן מיטן כסדרדיקן האָפן אויף די גרויסע טעג פון אויסלייזונג. עס זאָל אויסגעלאָשן ווערן די שנאה, וואָס שאַרפט דאָס שעכט־מעסער, און די באַגערטע פרייַנטשאַפט זאָל דערנענטערן פאָלק צו פאָלק. אָט די טרוימען זייַנען ווי גאָלדענע פעדים אין פיל פון זייַנע קלאַנגפולע געצוימטע און אויך דערציילערישע פערזן.

איך האָב פריער דערמאָנט, אַז מעינקע קאַץ איז גלייַכצייַטיק אַ יידיש־ענגלישער פּאָעט. ער האָט שוין אַרויסגעגעבן אייניקע לידער־ביכער אויף ענגליש. ער איז אויך דער רעדאַקטאָר פון דער ענגלישער פּערטליאָר שריפט ״ביטעררוט״. אַ דיכטערישע דערגרייכונג איז זייַן לידערבוך ״בוירנינג ווילעדזש״. בכדי אויפצונעמען זייַן דיכטונג אין ענגליש, איז נויטיק אַ באַזונדערע אָפּשאַצונג. איך וויל דאָ בלויז אָנרעגן צו לייענען זייַנע לידער אין ענגליש. ממש אַן אימה באַפאַלט בייַם לייענען די לידער: ״טו אַרמיס״, ״ביפאָר״ ״עפּטער בעטל״ (״צוויי אַרמייען״, ״פאַר דער שלאַכט״, ״נאָך דער שלאַכט״), מעינקע קאַץ שילדערט די פּאַרטייַעטע שטילקייט פון פאַר דער שלאַכט און די פאַרגליווערטע שטילקייט נאָך דער שלאַכט. אַלץ איז פאַרשטומט געוואָרן, ״אַפילו די סאָווע שטומט פאַר פחד״.

אין ענגליש האָט ער ממש אַרויסגעשטויסן דעם גראַם פון זייַנע לידער. אין יידיש זייַנען זייַנע סטראָפן אין צונויפקלאַנג מיטן ווייכן גראַם. אין ענגליש איז דער שטילסטער קלאַנג פון גראַם אויך נישטאָ. אַפילו דעם אַסאָנאַנס ניצט ער זעלטן. אַ שאָד, מחמת, לויט מייַן טראַכטן, זייַנען גראַם און אַסאָנאַנס צוימען וואָס בינדן דעם פערז און פאַרהיטן אים פון צעפאָרנקייט. נו, דער וויכּוח וועגן גראַם וכדומה איז שוין נישט פון איצט. דער עיקר זייַנען נישט די סטיל־און־פאָרם־מיטלען, נאָר די פּאָעטישע דערגרייכונג. מעינקע קאַץ איז אין דער ענגלישער דיכטונג געקומען צו הויכער אָנערקענונג, אין זכות פון זייַן עכטן פּאָעטישן טאַלאַנט.

יאָ, אין אַ סך פון זייַנע דורכגעווייטיקטע לידער וויינט דער צער. ווי אַ יידישער דיכטער געפינט ער נישט קיין טרייסט. ער ראַנגלט זיך מיטן יאוש. ער זוכט שטאַרקונג אין דעם אייביק יידישן בטחון, אַז אין ווייַטן שפּעטער וועלן אויפשייַנען די גרויסע טעג, וואָס וועלן דערנענטערן מענטש צו מענטש:

„אַפילו די ווייַטע פרייד פונעם מענטש פון הונדערט יאָר אַרום,
איז אַזוי נאָענט לעבן אונדז, ווי אין חלום אַ ברודערס האַנט־דרוק,
דורך נאַכט און טויט אַזאַ ליכטיקן אָנזאָגער הער איך קומען —
וועדן מיר אַלע מיט זייַן חכמה פון הונדערט יאָר אַרום קלוג.
ער גייט דער מענטש פון הונדערט יאָר אַרום דורך אונדזער ווייטן טאָג,
מיט זייַן אומרו זעען מיר אַלע —
יעדן וואָלקנדל איילן:
דער שטאַרקסטער חשק פאַלט פונאַנדער ביים באַריר פון זייַן פאַרטאָג,
ער שפּאַנט און מייַלן פון שטח בייַטן זיך אויף מייַלן פון צייַט.
ווערט אַ ווייַלינקע אַיעדער — אַ מענטש פון הונדערט יאָר אַרום —
לויכט גלייַך אויף אַ דור פון ברידער: שוסטער, דיכטער, בויער — טרוימער.
דער שוסטער נעמט די שיך מיט דער ליבשאַפט פון אַ טאַטן אַרום.
דער סעדער אין סאַד ווערט אַליין —
פון גליק אַ פאַנטאַסטישער בוים".



פון שלום שטערן

# די אַלעגאָרישע ספּורי־ מעשיות פון איינעם וואָס זוכט די וועלט פון יושר

וואָלף טאַמבור, "לעבעדיקע מתים", מעשיות פונעם עולם האמת. פאַרלאַג "קריטעריאָן" בוקאַרעשט, 1976.

וואָלף טאַמבורס צושטײַער צו דער יידישער בעלעטריסטיק איז אַ וואָגיקער. ביז איצט באַשטייט זיין שעפערישע מי פון זעקס ביכער, און ער גרייט צום דרוק אַ בוך "פון א׳ ביז ת״ (יידיש־פּרעסע אין רומעניע) און אַ בוך "קלאַנג און אָפּקלאַנג" (דערציילונגען). ער איז אויך דער רעדאַקטאָר פון דער חודש־שריפט כתבי־עת, וואָס ווערט געדרוקט אין דרײַ לשונות — אַביסל יידיש, אַביסל עברית און דאָס איבעריקע אין רומעניש.

וואָלף טאַמבור קען גוט העברעייש, און איז אויך אַ בקי אין תּלמוד, דאָס ווערט באַשטעטיקט מיט די ציטאַטן פון דער גמרא. פאַר אַ מאָטאָ ברענגט ער דרײַ מאַמרים: פון פסחים, פון סנהדרין און פון ברכות. אַ טרעפלעכע כאַראַקטעריזאַציע פאַרן אינהאַלט פון די "לעבעדיקע מתים" איז די אַגדתּא פון פסחים:

"ר׳ יוסף דער זון פון רבי יהושע בן לוי איז אַוועקגעפאַלן אין אַ לעטאַרגישן שלאָף. ווען ער איז צו זיך געקומען, האָט אים דער פאָטער געפרעגט: "וואָס האָסטו דאָרטן געזען?" האָט דער זון געענטפערט: "אַ פאַרקערטע וועלט האָב איך געזען: די וואָס זײַנען דאָ די אייבערשטע, זײַנען דאָרט די אונטערשטע, און די וואָס זײַנען דאָ די אונטערשטע זײַנען דאָרטן די אייבערשטע". זאָגט צו אים דער פאָטער: מײַן זון, אַ קלאָרע וועלט האָסטו געזען..."

דאָס וואָס ר׳ יוסף דער זון פון ר׳ יהושע בן לוי האָט געזען אין חלום פון לעטאַרגישן שלאָף, האָט וואָלף טאַמבור געזען אויפן וואָר, אין דעם רעאַלן אַרום. ער האָט נישט בלויז געזען דעם עולם הפוך (די פאַרקערטע וועלט), נאָר ער איז, ווי עס ווײַזט מיר אויס פונעם סיפּור המעשה, אויך געווען אַ קרבן פון אָט דער ברוטאַלער ווירקלעכקייט.

עס איז אַן אַלעגאָריש ווערק, וואָס דאַרף פאַרשטאַנען ווערן, אַז דאָס קומט פאַר אויפן עולם האמת (אויף יענער וועלט), דאָס וואָס געשעט דאָרטן — די אַלע קרום פאַרקערטע משפּטים, איז דער שוים פון אומרעכט, וואָס ווערט אָפּגעטאָן קעגן די רעכט־און־גערעכטיקייט קעמפּער. אָט די מעשים רעים קומען פאָר טאַקע דאָרטן, אין דעם נײַעם וועלט־סדר, וועלכן

זיי אַליין האָבן געהאָלפן אויפשטעלן. מען צאָלט זיי אָפּ דערפאַר מיט די האַרבסטע שטראָפן, מיט פאַרשיקונג, מיט וואָגלעניש, מיט כּלערליי ענויים קשים. ווער זײַנען די שופטים? ווער זײַנען די אָנקלאָגער? די נעכטיקע חברים. זיי אַליין, די איצטיקע ריכטער און אָנקלאָגערס, זײַנען אויך צײַטווײַליק. אויך זיי קענען מאָרגן געמשפּט און פאַראורטיילט ווערן אויפן זעלביקן גרויזאַמען אופן.

אַ סך עקבערדיקע פראַגעס און ספקות הייבט דאָס בוך אַרויס. ערשטנס: דאָס אומגליק פון אַנטיסעמיטיזם, די שנאה צום ייד — אַלע זײַנען שוין טויט... בלויז די נשמות שוועבן אַרום... און ווערן געמשפּט. אייניקע ליגן שוין אויפן זעלבן צווינטער צווישן נישט־יידן. דאָס מיינט דאָך אַלע אין איין סביבה. נו, ערשט איצט, גיט מען איטלעכן ייד צו פילן, אַז ער איז אַ ייד מבטן ומלידה...

וואָלף טאַמבור האָט זיך קינסטלעריש גאָר אייגנאַרטיק אָן עצה־געטאָן מיטן מאַטעריאַל. ער שטעלט נישט פאָר בלויז הוילע אַרומוואָגלדיקע נשמות, וואָס פאַרסודען זיך איינער פאַרן צווייטן. ער ציט אויף זיי אַרויף דעם הויט־און־פלייש פאַנצער, ווי אויף אַ לעבעדיקן גוף — איטלעכע נשמה גיט אַליין איבער איר טראַגישע לעבנס־געשיכטע — ווי אַזוי זיי האָבן געלעבט און זיך געפירט אָט דאָרטן, בעת זיי האָבן געלעבט געווירקט צווישן די לעבעדיקע. מיר האָבן דאָ ביאָגראַפיעס, און לעבנס — אופנים פון אַ פאַרשיידנמיניקן יידיש־רעוואָלוציאָנערן טיפּאַזש פון שטאָט־און־שטעטל. מיר שטוינען פון זייער מוט. מיר זײַנען נתפּעל פון זייער קראַפט, פון שטענדיק זײַן גרייט זיך מקריב צו זײַן פאַר דער הויכער אידייע פון אַ קאָמוניסטן, די פרײַהייטאון־גערעכטיקייט־קעמפער פאַר אַ גערעכטן סאָציאַליסטישן סיסטעם שכּלו טוב... לסוף, ווען זיי קומען שוין אויף יענער וועלט, טאַקע ווו אַלע גערעכטע און צדיקים דאַרפן זיצן, געפינט מען אין יעדן איינעם פון זיי אַ פּגם. איטלעך איינער האָט אַ פלעק אין דער משפּחה און ווערט ממילא פּסול פאַרן בית־דין־של־מעלה.

דער קריפּל קאָפּמאַן מיט די צוויי האָרבן שילדערט זײַן ביטער לעבן. אַלע האָבן אים אויסגעמיטן. מיידלעך, גיט ער אָבער צו, האָבן זיך גאָר געריסן צו גיין מיט אים אין בעט .. אָבער דורכגיין מיט אים די גאַס, האָבן זיי זיך געשעמט. די קאָמוניסטישע פּאַרטיי ציט אים אַרײַן אין דער אַרבעט. ער דערפילט זיך אַ גלײַכער מיט גלײַכע. ער ווערט אַ זעצער, אַרבעט ערגעץ אין אַ פינצטערן צימער זיבן יאָר. אויך די חברטעס זאָגן זיך אָפּ צו גיין מיט אים אין גאַס. דער תּירוץ: קאָנספּיראַציע. אַזאַ נפשל ווי קאָפּמאַן מיט צוויי האָרבן ווערט די געהיים־פּאָליציי גלײַך דערקענען. פאַרשטייט ער דאָס. אַזוי אַרום, איז ער ווידער אַליין. ער ווערט אַרעסטירט, און אין טורמע האַלט ער זיך באַזונדער פון די איבעריקע אַרעסטירטע. די חברותא באַמיט זיך נישט אים אַרײַנצוציען אין זייער קרײַז. זיי ווילן נישט פאַרשטיין די פּסיכאָלאָגיע

פון דעם, וואָס איז זײַן גאַנץ לעבן איזאָלירט געוואָרן צוליב זײַן מום. איצטער ווערט ער געמשפּט פֿאַר ״אינדיווידואַליסטישער האַלטונג אין תּפיסה״... **געשטאָרבן איז ער פֿון נישט קענען באַקומען קיין שום פּענסיע.** ער האָט געהאַט אַ הויכן בלוט־דרוק און נאָך קראַנקייטן. האָט ער נישט געהאַט קיין רעכט אויף אַרבעטסלאָזער פּענסיע, מחמת, ער האָט דאָך נישט געאַרבעט גענוג. **האָט ער געוואָלט קריגן זײַן דאָסאַר פֿון אַן אַנטי־**פֿאַשיסטישן־קעמפֿער, האָט מען עס אים נישט געוואָלט אַרויסגעבן. פֿון אַרומיאָגן זיך פֿון איין ביוראָ צו דער צווייטער, פֿון האַרצווייטיק שטאַרבט ער. זײַן ווײַב באַגראָבט אים אויפֿן צווינטער, נישט אויפֿן יידישן בית־עלמין, ווײַל פֿאַר אַ נישט־יידישן מאַן וועט זי, מיינט זי, קריגן אַ גרעסערע... פּענסיע. דאָס אָפּנאַרעריי און צביעות רײַסט די אויגן:

**ווען אָט דער קאַפּמאַן שטאַרבט קומט אַ פֿאָרשטייער פֿון דער פּאַרטיי, פֿון דעם אַנטי־פֿאַשיסטישן־אָפּטייל מיט בלומען, מיט אַ רעדע, וואָס רימט דעם נפֿטר, און ער זאָגט — לאמור, אַזוי צו זאָגן: ״מיר האָבן געפֿונען זײַנע פּאַפּירן — די העראָישע באַשרײַבונג פֿון אַן אַנטי־פֿאַשיסטישן קעמפֿער״. ווי קען מען אויפֿנעמען און אָננעמען, אַזאַ סאָרט נײַע אוממענטשלעכע ״מאָראַל״?! און ווו? אין וועלכער ״נײַער״ געזעלשאַפֿט? דאָס פּאַסירט, געדענקט, אויפֿן ״עולם האמת״ — אין דעם נײַעם אײַנגעשטעלטן וועלט־סיסטעם פֿון סאַמע אמת און יושר.**

וואָלף טאַמבור אילוסטרירט מיט נאָך משפּטים. איינעם משפּט מען, ווײַל ער האָט געהאַט אַ געוועלבל. ער איז געווען אַ מיטגליד פֿון דער פּאַרטיי, און די זיצונגען פֿון דער פּאַרטיי זײַנען פֿאָרגעקומען אין זײַן קרעמל. ווען מען כאַפּט אים, ווערט ער ממש פֿאַרפֿאַלן אין טורמע. ער **האָט אײַנגעשטעלט זײַן לעבן און שיעור נישט רוינירט זײַן גאַנצע פֿאַמיליע.** אָבער דאָס רעכנט זיך נישט. ער איז געווען אַ קרעמערל... ער האָט געהערט **צום בורזשואזנעם קלאַס... ווערט ער גע־משפּט פֿאַר נישט־זײַן קיין** אייגענער צווישן דעם אַרבעטער־קלאַס. נאָך איינער האָט אַזאַ פּסול: זײַן פֿאָטער איז געווען אַ שוחט, האָט ער נישט די כשרע חתימה פֿון אַן אָפּשטאַמיקן פֿון אַ פּראָלעטאַריער... איז משפּט און שטראָף... די באַשולדיקטע האָבן נישט קיין עדות. עס זײַנען יאָ דאָ עדות אויפֿצווײַזן זייער אומשולד, נאָר די עדות האָבן מורא אַרויסצוטרעטן, וואָרעם מען וועט זיי שפּעטער אויך משפּטן און שטראָפֿן...

**דאָס זוכן פּגימות אויף קאָמוניסטן פֿון נישט־יחוסדיקן פּראָלעטאַרישן אָפּשטאַם איז אַזוי אומזיניק, ווי עס איז ברוטאַל. וואָס־זשע האָט מען דאָ** געזוכט? משמע, אַז ווען די נעבעכיקע אונטערדריקטע זײַנען געוואָרן די געוועלטיקער, האָבן אָט די נײַע מושלים. אין נאָמען פֿון סאָציאַליזם, **איבערגענומען דעם אומיושר און די סיסטעם פֿון אונטערדריקן, פֿון די פֿריערדיקע אויבער־האַרן. זיי האָבן געוואָרפֿן אין די תּפֿיסות, פֿאַרשיקט אין** קאָנצענטראַציע־לאַגערס, געפּײַניקט מיט כל־המיניפּײַניקונגען, צעשלאָגן

און פֿאַרהונגערט צום טויט,זייערע אייגענע חברים־קעמפֿער און מיטקעמפֿער. עס איז אויפֿגעקומען אַ סאָרט פֿאַרפּלאָנטערטע פּלפּוליסטיק וואָס איז אויסן געווען איטלעכן צו פֿאַרפּלאָנטערן אין דער נעץ פֿון שקרים און בלבולים.

פֿון די מעשים און לײַדן פֿון די געמשפּטע ווערט אויסגעקנאָטן דאָס געשטאַלט, און דאָס מסירות־נפֿש פֿון די רעוואָלוציאָנערן־קאָמוניסטן, וואָס ווערן שפּעטער פֿאַרשטויסן און צעטראָטן טאַקע פֿון די, וואָס זײַנען איצט, צײַטווײַליק בײַ דער מאַכט, און זיי רייניקן... זייערע אייגענע, ווי זיי וואָלטן געהערט צו אַ סאָרט אומווערטיקן ערב רב...

דער גאַנצער סיפּור־המעשה איז אייגנטלעך אַ דיאַלאָג צווישן דעם חבר זעליקאָוויטש, דעם פּראַגעשטעלער, און דעם חבר מאָנידעס, וואָס האָט פֿריער זיך פֿאַרשטעלט פֿאַר אַ ניט־ייִד, ווײַל אַזוי איז געווען די סיטואַציע און אויף אַזאַ אופֿן, האָט ער זיך געקענט — אָדער ער האָט געמיינט, אַז ער וועט קענען — בעסער באַשיצן זײַן אייגן נעבעכדיק, דערנידעריקט, לעבן. אָט דער מאָנידעס, וואָס ווײַזט גאָר שפּעטער אַרויס **גרויס מוט, איז אין תּוך, אַ טיף ייִדיש־פֿילנדיקער מענטש, אַ קאָמוניסט,** וואָס איז שטאָלץ אויף זײַן פֿאָלק און זײַן שפּראַך און קולטור. ער איז דער אומגלויביקער און דאָך גלויביקער. ער ווייסט, אַז מען האָט אים אָפּגענאַרט, אָבער אין סאָציאַליזם גלויבט ער. אָבער נישט אין זײַן איצטיקער פֿאָרעם פֿון אומרעכט און מורא. מאָנידעס גיט צו פֿאַרשטיין דעם עולם הפֿוך אויף אַזאַ שטייגער: "די מלאָכים וואָס משפּטן אונדז, זײַנען נישט מער ווי נשמות, וואָס זײַנען אַ מאָל אויך געווען פּונקט אַזוי ווי מיר, וועלכע האָבן געקעמפֿט פֿאַר יושר, ביז מסירת נפֿש... איר ווייסט וואָס הייסט מסירת נפֿש? ווי אַזוי סע ווערן פֿאַרוואַנדלט פֿון ערלעכע נשמות, וועלכע זײַנען לויט אַלע זייערע אייגנשאַפֿטן ממש מלאַכי־חבלה... אין צווישן האָט פֿאַסירט איין "קלייניקייט" — זיי זײַנען געקומען צו דער מאַכט. איר דאַרפֿט פֿאַרשטיין סע זײַנען פֿאַראַן צווייערליי מאַראַלן: איינע פֿונעם געפּייניקטן און איינע פֿון דעם פּײַניקער..."

דאָס בוך איז אַ בינטל מיט נישט פֿאַרענטפֿערטע פֿראַגעס, מיט ספֿקות וועגן די יושר־קעמפֿער, וואָס פֿאַרכאַפּן די מאַכט און זאָגן, אַז זיי טוען אַלצדינג בכּדי צו באַלעבן דאָס האַרץ פֿון מענטשן אין אַ נײַעם גײַסט, פֿאַר דער "נײַער געזעלשאַפֿט", פֿאַרן "נײַעם טיפּ מענטש, וואָס מען וויל באַשאַפֿן". אָט דער געדאַנקען־גאַנג, דער אײַנשטעל און דער ציל פֿון אַזאַ אידייע, ווערט לחלוטין אָפּגעפּרעגט פֿון דעם רעאַלן אַרום. וואָרעם, פֿאַלש איז אָט דער ציל גאָר פֿון באַגינען. מען רעדט וועגן אויסלייזן "די מענטשהייט", און מען פֿאַרגעסט דעם מענטש, דעם יחיד.

דער וויכּוח דרייט זיך, אַז מען זאָל דאָס ראָד פֿון דער שיף, וואָס מען קירעוועט צום נײַעם, דערווײַל נאָך אומבאַקאַנטן זוים פֿון אויפֿגייענדיקן

מאַרגן און צום ליכטיקן טרוים, פירן מיט די מאסן פון גערעכטיקייט, און אומרעכט און רציחות. מען טאָר מער נישט באַרעכטיקן צעשיסונגען מיטן אויסרייד: "אַז מען האַקט ביימער פאַלן שפענער". מען האַקט דאָ נישט קיין ביימער. נייערט מענטשן צעהאַקט מען און די שפענער זיינען נישט קיין אָפשניצלעך פון האָלץ, נאָר מענטשן, מענטשן און ווידער מענטשן.

מאַנידעס טענהט און קלאָגט אָן די וועלכע האָבן געקעמפט פאַר גערעכטיקייט, אַז זיי האָבן דערוויַיל אַליין אויפגעשטעלט אַ וועלט פון אומגערעכטיקייט...

מאַנידעס קען נישט אָננעמען אָט אַזאַ רוצחישן שטייגער פון פאַרפעסטיקן די רעוואָלוציע: "דווקאָ וועגן אָט די שפענער רעדט זיך דאָך — זאָגט מאַנידעס — איר האָט פאַרשטאַנען? סע פאַלן צו פיל שפענער און די "וועלט", די וועלט, וואָס פרעדיקט יושר, וואָס לייגט איין וועלטן פאַר "גערעכטיקייט", טאַקע אָט יענע וועלט ווערט פאַרשטומט און עפנט נישט דאָס מויל, ווען די שפענער זיינען נישט אירע, אָדער מאַכן זיך גלייך זיי וואָלטן נישט געווען אירע".

די כּונה פון דעם בעלעטריסט וואָלף טאַמבור איז געווען צו וויַיזן דעם גאַנצן שוידער־וועג, וואָס דויערט עד היום, מיט קליינע שינויים, כּדי צו פאַרריכטן און אויסבעסערן. ווייל פאָרט האָט שוין מאַנידעס געהאַט די געוואַגטקייט צו אַמפּערן זיך מיטן פּראָקוראָר און אים אויפוויַיזן די אומרעכטן און פאַרברעכנס... דאָס בוך פאַרמאָגט דעם דין־בויגעוודיקן שטאָל פון יעדן אמת־און גערעכטיקייט־קעמפער, אַז מען דאַרף שטיין כּסדר קעגן די שלעכטס־טוער. "מע דאַרף פונאַנדער־בלאָזן פון דאָס ניַי" — זאָגט מאַנידעס — "אַן אַלט־ניַיע לאָזונג: גוטע נשמות, פאַראייניקט איַיך!".

דאָס בוך, איז אויסער אַ קינסטלערישע דערגרייכונג, אויך אַ **דאָקומענט פון דעם דור פון אונדזער צייַט, געשריבן אין אַ** דערציילערישער פאָרעם. ערטערוויַיז זיַינען די פּאַסירונגען און **איבערלעבונגען פאַרצייכנט ווי אין אַ פּנקס, וואָס דאַרף אָפּגעהיט ווערן** לדורות. עס ווערן אין אים באַשולדיקט די שלעכטסטוער — די געוועלטיקער אין די "טאָגעס פון גערעכטיקייט" וואָס טוען אָפּ אַלדאָס בייז. גלייַכצייַטיק איז עס אַ וואָרענונג צו שטעלן זיך קעגן דעם אָנגעוואָקסענעם בייז, לויט דעם אַלט־נייַעם לאָזונג פון "אַלע גוטע נשמות, פאַראייניקט זיך!"...

* * *

ווי אַזוי איז די קאָנסטרוקציע פון אָט דעם ווערק? עס איז אַ ניַיער שטייגער פון צונויפבינדן אַזאַ געוואַגטן, און ממילאָ אמביציעזן נאַראַטיוו. ביַי וואָלף טאַמבור רעדן די פּערזאָנען גופא. נישט ער דערציילט וועגן זיי, נאָר די אַלע געליטענע רעדן זיך אויס דאָס האַרץ, און דערציילן דעם אומגליקלעכן גאַנג פון זייער לעבן. זייער ביטערע מערכה איז נישט, פון ווען זיי האָבן געקעמפט קעגן פאַשיזם און פאַשיסטישע רעזשימען, נאָר גראָד אויפן "עולם האמת"

(שוין אין דער נײַער רעאַליטעט, אין דעם נײַ — געוווּנענעם סאָציאַליסטישן סיסטעם), ווען מען משפט זיי פֿאַר חטאים, וועלכע זיי און זייערע חברים זײַנען נישט באַגאַנגען. פֿריער זײַנען זיי געווען גאַנץ אין זייער גלויבן. איצטער זײַנען זיי צעבראָכענע מענטשן; נשמות וואָס לײַדן, ווײַל זיי האָבן נישט מער דעם באָדן פֿון גלויבן, וואָס זאָל זיי שטאַרקן. אַרויסצואַנטפּלעקן אָט די טיפֿע עמאָציעס, איז קינסטלעריש פֿיל שווערער, ווי שילדערן סביבות, סיטואַציעס און מענטשן אין טעגלעכן צוזאַמענשטויס... דאָך האָט וואָלף טאַמבור דערגרייכט די קוואַליטעט פֿון הויכן קינסטלערישן **אויסדרוק אין אָט די רעדנדיקע יחידים — די נאַראַטאָרן פֿון זייער אייגענעם** וועג אין לעבן, ווערן בײַ טאַמבורן צונויפֿגעוועבט. די באַזונדערע פֿעדעם שטריקן זיך צונויף, ווי איין שנור, עס ווערט איין גאַנצקייט. אַלע טרעפֿענישן, אַלע רייד פֿון און וועגן די יסורים ברענגען אַרויס די געדאַנק־ און געפֿיל־וועלט פֿון די לײַדנדיקע, און דאָס געשטאַלט פֿון די מענטשן ווערט דאָס קינסטלערישע אויסגעצײַיטיקטע צײַטבילד פֿון אונדזער נישט־ווײַטן־עבר — און גלײַכצײַטיק דער געראַנגל אין אונדזער הײַנט. אַזוי אַרום, אַז וואָלף טאַמבור האָט אויסגעפֿאַרטיקט אַ וואָגיק, אָנרעגנדיק און אינטערעסאַנט ווערק — אַ שפּיגל פֿון דער און יענער וועלט... פֿון דער צעמישעניש פֿון דעם עולם הפּוך אין אונדזער דור.

"די לעבעדיקע מתים" איז אין תּוך נישט קיין בוך פֿון יאוש. עס איז דאָס ערלעכע אַנאַליזירן פֿון דעם רעאַלן אַרום. וואָלף טאַמבור לאָזט אונדז וויסן: אַזוי איז עס געווען און אַזוי איז עס, אפֿשר (טײלווײַז), אויך הײַנט. עס איז נישט קיין ווערק פֿון אומגלויבן, נאָר אַ שאַפֿונג אין קינסטלערישן וואָרט, וואָס זוכט דעם גלויבן.

דער הויך טאַלאַנטירטער בעלעטריסט וואָלף טאַמבור פֿאַרלירט נישט דעם צוטרוי, אַז עס וועט זיך ענדערן צום בעסערן, צו אַ גערעכטיקערן טאָג. ווײַל: ""איין זאַך איז אָבער יאָ זיכער, אַז דאָס וועט אויסזען אַנדערש... ווײַל — אונטער דער זון איז תּמיד דאָ נײַעס, און וואָס עס איז געווען וועט שוין אַזוי אָדער פּונקט אַזוי, נישט זײַן — נאָר שלימותדיקער, בעסער, העכער. הלוואַי, מע זאָל עס זוכה זײַן!...

דאָס זײַנען געווען די רייד און דאָס טראַכטן פֿון מאָנידעס. און וואָלף טאַמבור באַמיט זיך צו באַקרעפֿטיקן די וויזיע פֿון טרוימערישן האָפֿן מיט דעם באַקאַנטן זאָג און צוזאָג אויף דער גערעכטיקייט און דער צוקונפֿט: "יאָ, איך וועל נאָך צוגעבן: אויב איך האָב אָנגעהויבן דאָס מעשה־בוך מיט "מה טובו" — וועל איך פֿאַרענדיקן מיט "אַני מאַמין", איך גלייב אין אַ ליכטיקן מאָרגן"...

און איך וויל צוגעבן: היות איך גלייב אין ישעיהו הנביאס "והיה **באחרית הימים", האָב איך צוטרוי, אַז אין די יאָרן, וואָס וועלן קומען אין** ווײַטן שפּעטער, וועט סאָציאַליזם אײַנשטיין אין די הענט פֿון די גוטע

מענטשן, זיי ווען קעמפן, מנצח־זײַן און בויען אַ וועלט פֿאַרן גליק פֿון יעדן מענטשן. דערווײַל אָבער, האָב איך געלייענט, און אייניקע מאָל איבערגעלייענט די "לעבעדיקע מתים". אַזאַ בוך האָט געקענט דערשײַנען בלויז אין רומעניע. אין דעם גופא ליגט שוין דאָס אַנדערש־זײַן און ווערן. דאָס איז דער ערשטער פרילינג־שטראַל, וואָס דאַרף און מוז צעגיין, בכדי דאָס ליכט פון דער געגאַרטער וועלט פון גערעכטיקייט, שלום און פרײַהייט, זאָל טאַקע קענען אויפגיין!...



## פון שלום שטערן

# מעשה און מוסר

וואָלף טאַמבור: „האַרבסט מיט זון״ (דערציילונגען).
פאַרלאַג קריטעריאָן, בוקאַרעשט, 1980. הילע: סערדזשו דינקולעסקו.

צום הויך טאַלאַנטירטן דערציילער וואָלף טאַמבור קען מען נישט צוגיין מיט די פאַראַנענע מאָסן. בײַ אם גילט נישט דאָס, וואָס איז אָנגענומען בײַ דער קריטיק, ווי אַזוי אויפצונעמען אַ קונסט־שאַפונג. ער — און דער העברעישער באמת גרויסער ראָמאַניסט און דערציילער עגנון — האָבן פאַר זיך אויסגעקליבן דעם באַזונדעראַרטיקן וועג פון שפּראַכלעך באַהעפטן דאָס אַרכייִשע לשון פון משנה, גמרא, אַגדתא און תנ״ך, מיטן סאַמען נײַעם און פרײַען אויסדרוק פון הײַנט. דער קינסטלערישער כח איז זיי בײַגעשטאַנען, און דאָס לשון און דער סטיל האַרמאָניזירן. דערפון איז אונדז באַשערט געוואָרן, אַז פונעם מויל פון זייער פען, זאָלן געבוירן ווערן הויך־קינסטלערישע ווערק.

וואָלף טאַמבור, וואָס איז אַ בקי אין תנ״ך, אין ש״ס און פוסקים, וועבט אַרײַן אין זײַנע הערלעכע מעשיות מאַמרי חז״ל. ער פּאַסט זיי אַרײַן אויפן ריכטיקן אָרט, און זיי דערקלערן דעם משל אין די סיפורי־החיים און ברענגען אַרויס דעם מוסר־השכל אין נמשל. וואָרן, אין זיי אַלע אַנטפּלעקט זיך אויף ס׳נײַ דאָס געשטאַלט פון שטעטל, און דער גאַנג פון דעם ברוטאַל־ברויזיקן הײַנט.

דעריבער עפנט ער דאָס בוך מיט אַ מודעה און לאָזט וויסן: „איטלעכס וואָרט פון דאָזיקן בוך איז נישט מער ווי פון פּראָסטע מעשיות, סע שטעקן אין זיי נישט קיין שום פאַרבאָרגענע סודות אָדער כוונות. מע דאַרף בכן זײַן געוואָרנט נישט צו דרינגען קיין שלעכטס פון אָנדײַטן, וואָס זײַנען נישט געמאַכט געוואָרן בכיוון. אַדרבאָ, מע דאַרף זיך אָפּלערנען אַ מוסר, ווי אַזוי צו גיין אויפן דרך הישר, וואָס זאָל זײַן, ווי מע זאָגט: „רעכט פאַר גאָט און שיין פאַר לײַט״.

דאָס איז, הייסט עס, דער ציל פון זײַן שרײַבן. אייגנטלעך איז דאָס געווען די שליחות פון דער מאָדערנער יידישער ליטעראַטור פון איר בראשית אָן. די טענדענץ פון מאָנענדיקן וואָרט איז: דורך קונסט, אַרויסצוברענגען פּראָטעסט קעגן אומרעכט, און אַרויסהויבן דאָס העלע, הייליקע ליכט פון דער צעבראָכן געוואָרענער אייגנאַרט פון יידישן שטייגער צוזאַמען מיט דער אויסלעשונג פון שטעטל.

*

וואָלף טאַמבור באַמיט זיך, איבערלאָזן לדורות די טיף־פּאַרקאַרבטע צייכנ׳ס אין אונדזער באַצערט געמיט. וואָרן, ער האַלט (און מיט רעכט), אַז אין זכות פון יענע הערלעכע געשטאַלטן מיט זייערע שיינע מידות און מעשים טובים, איז אונדז געבליבן אַזאַ שיינקייט, וואָס טאָר נישט פאַרשטויבט ווערן. דאָס איז דאָך, אייגנטלעך, געווען פּרצס שאַפונג־וועג פון אַנטפּלעקן דעם אַמאָל און דערהויבן אונדזער גייַסט פון "גרויסע, שטאָלצע יידן".

לאָמיר זיך באַקענען מיטן דערצייל־מעטאָד, וואָס דורך אים אילוסטרירט ער די אומערלעכקייט, וואָס איז שוין געוואָרן אַ שטייגער־פירונג, מיטן אויסרייד צו דערמוטיקן שרייַבערישע שעפערישקייט.

דערציילט ער, ווי זיין פרייַנד מאָנידעס קומט אים אָפּגעבן מזל־טוב, אַז מען האָט אים מזכּה — געווען מיט אַ ליטעראַטור־פּריז פאַר זייַן שאַפן. דער חקרן און בעל־יסורים (זע זייַן בוך "לעבעדיקע מתים"), מאָנידעס, איז מבטל די שאַפונגען פון דעם בעל־הפּריז־געווינער, ביז לסוף שטימט אויך **ער אייַן אַז ער האָט ניט אַזאַ גרויסן קינסטלערישן זכות, מען זאָל אים צוטיילן אַ פּריז.**

דער שמועס פירט זיי צום באַשטעטיקן פאַר זיך, אַז ס׳רוב פּריז־טרעגערס ווערן באַלוינט נישט צוליב ליטעראַריש־קינסטלערישער דערגרייכונג, נאָר פון די גוטע ברידער, וואָס זיי האָבן אין דער זשורי.

**דער שרייַבער וויל גאָרנישט קיין פּריז, פון עפּעס אַ פאָנד, עטאַבלירט** פון אַ ייד אַ גביר, אַן עם הארץ. ער גלויבט אַפילו נישט צי די זשורי האָט דאָס בוך געלייענט.

מאָנידעס האַלט גאָר, אַז אָנשטאָט געבן פּריזן צו שרייַבער, וואָלט גלייַכער געווען גרינדן אַזאַ פונדאַציע, וואָס זאָל מהנה־זייַן מיט פּריזן **כאָטש אַ מנין לייענער.**

די מערסטע פון זייַנע בילדלעך־באַשרייַבערישע דערציילונגען זייַנען אָנגעגליט מיטן פּייַן פון יחידים, וואָס זייַנען די נישט־פאַרהיילטע, ווונדיקע צייכנס פונעם שוידער פון זייערע איבערלעבונגען. אין אויפגעטרייסלטן געמיט פון אַ צווייטנס לייַדנסוועג, זעט ער זיך אַליין און אויך דעם גורל פון יידישן פאָלק, אין גאַנג פון די בלוטיקע עפּאָכעס.

כאַראַקטעריסטיש פאַר זייַן געפיל־וועלט איז די טיף־פּסיכאָלאָגישע דערציילונג "אָנגעצויגענער נערוון־סיסטעם". עס ווערט אין איר דערציילט פון דעם אומגליקלעכן לעבנס־גאַנג פון יונג־פּרויאישער שיינקייט — די געהילף פון אַ שוואַרץ־קינסטלער — אַן אמתער קאַליקע אין דער קונסט פון שוואַרצקינצלעריי. זי — מיט איר רייץ, האָט געדאַרפט זען אַז די אויגן **פונעם עולם זאָלן זייַן געווענדט צו איר, און ממילא זאָל מען נישט זען די** אומגעלומפּערטקייט פון דעם מאַגיקער — דעם "מייַסטער". האָט ער זי

אַרויסגעלאָזט אויף דער בינע, אין אַ קלייד, וואָס האָט אַנטפּלעקט איר בלענדנדיקן קערפּער. דער עולם האָט געגאַפט, קוקנדיק אויף איר, און נישט אַכטונג געגעבן, וואָס דער שוואַרצקינצלער טוט. שפּעטער פאַרשוואַנגערט זי פון אים. זי מוז פאַרלאָזן איר אויסשפּילן איר נאַקעטקייט פאַר די אויגן פון אַ המון אָנגעגאָסן מיט תאווה. זי האָט מפּיל־געווען, געוואָרן שווער קראַנק, געהונגערט, און דאָך זיך געצוימט נישט צו ווערן קיין פּראָסטיטוטקע. דערנאָך איז זי ווי געפּאַנגען געוואָרן פון אַ געניטן מעסער־וואַרפער, וואָס שלײַדערט אָט די שאַרפן אַרום איר שיין געשניצטן גוף. אָבער אָט די געצוימטע שרעק, אַז דאָס מעסער קען זיך אַמאָל אַרײַנגליטשן אין איר געביין, האָט צעשרויפט אירע נערוון, זי איז געוואָרן היסטעריש.

דאָס איז אַבילדלעכע שילדערונג פון אַן איינצלנער יונגפרוי, וואָס מען האָט אויסגענוצט און דערפירט צו משוגעת. זעט עס אויס, אַז די גאַנצע פּאַסירונג פון איינער אַ שיינקייט — אַ יונגפרוי, איז בלויז אַ משל צו זײַן לעבן, און צום פײַנען־וועג פון יידישן פאָלק, אין וועלכן מען וואַרפט שוין העכער צוויי טויזנט יאָר מעסערס. און אָט ווי ער מאַכט זײַן אויספיר: ״און צוריק געשמועסט, איז עס בלויז זי אין יענעם מצב, מיט צופיל אָנגעצויגענע ״סטרונעס״, גרייט צום פּלאַצן?!

און איך גופא, וועלכער דערציילט די דאָזיקע מעשה, מײַנע יידישע נערוון־סטרונעס, זײַנען דען ווינציקער אָנגעצויגן?! וואַרפט מען דאָך אויך אין מיר, אין מײַן נישט נאַקעטער נשמה, בלאַנקנדיקע מעסערס, נישט פון נעכטן, נישט פון אייער־נעכטן — נאָר זינט שוין צוויי טויזנט יאָר.

יאָ, אויך מײַנע ״סטרונעס״ זײַנען אָנגעצויגענע — נישט פון הײַנט צי פון נעכטן, נאָר פון שוין צוויי טויזנט יאָר אַזוי... און אפשר קנאַפּע פיר טויזנט...״

אין זײַן פּאָרטרעטירן דעם שוואַרצקינצלער, דעם פינגערהוט־שפּילער באַנדי, פּעדעמט ער אַרײַן אין דער דערציילונג — אַ שטיק מוסר. קודם, מע דאַרף וויסן די כּללים פון כּלערליי אַזאַרט־שפּילן. דערצו, וואָרנט ער, אַז מען זאָל זיך בשום אופן נישט לאָזן אַרײַנציען אין קאָרטן־שפּיל, אין פינגערהוט־שפּיל מיט די קערנדלעך באַהאַלטן אין איינער פון די פינגערהוטן, און שפּילן און פאַרשפּילן די אָקסן און דאָס פאַרמעג...

אָט דער פינגערהוט־שפּילער איז אַן אמתער פלינקער שוואַרצקינצלער און אַ שווינדלער פון אומווירדיקסטן גראַד. דער ״באַנדי״ איז אַ ייד. איז ווי אַזוי איז ער געקומען צו אָט דער מלאָכה בזויה? די מעשה הויבט זיך אָן נאָך פון די יוגנט־יאָרן זײַנע, ווען אָט דער באַנדי איז געווען אַ ייִנגל פון אַרום 14, ער איז צוגעצויגן געוואָרן פון אַ ציגײַנער מיידל אין זײַנע יאָרן, און ער איז אַוועק מיט די ציגײַנער און אין זײַערע בוידן, האָט ער זיך אויסגעלערנט אויך דאָס שווינדלער־פאַך פון פינגערהוט־שפּיל. געשווינדלט האָט ער אויף אַזאַ אופן: ער האָט געהאַט צוויי

אונטערשפּילער. דער ערשטער שטעלט איַין און פֿאַרלירט. דער צווייטער שטעלט איַין און געווינט. דערנאָך דרייט זיך שוין די שפּיל, און ער באַשווינדלט אָרעם און ריַיך — סוחרים און פֿויערים. די פּאָליציי אַרבעט האַנט און האַנט מיט באַנדי׳ן און זיַינע מיט, שותּפים.

ווען היטלער אָקופּירט רומעניע, פֿאַרלירט באַנדי זיַין שוואַרץ־פֿינצטערע מלאָכה. וואָלף טאַמבור מאַכט השערות, וואָס פֿון באַנדי׳ן האָט געקענט ווערן. אַ מסור, אָדער אַ מאָביליזירטער אין די פֿאַשיסטישע באַטאַליאָנען, די צוואַנגסאַרבעט באַטאַליאָנען אויפֿן אוקראַינישן פֿראָנט. אָדער גאָר האָט ער זיך אַרויסגעריסן פֿון די מאָרד־באַנדעס און געוואָרן אַ חוזר־בתשובהניק, אַ קעמפֿער קעגן פֿאַשיזם און אומגעקומען אויף קידוש השם. אָדער, ווי עס האָט זיך געטראָפֿן מיטן משומד, מיכל־איציק ווידער, אַ מאַרמאָרעשער ישיבה־בחור, אַ דינס אַן איידעם, וועלכער האָט ״אויסגעביטן דאָס רענדל״, געשריבן אַנטיסעמיטישע אַרטיקלען וועגן ״טוב שבגויים הרוג״ אין די רומענישע ציַיטונגען, אונטערן נאָמען ״מיכאַ וואַידאָ״... האָט דאָך נאָך דער מפּלה פֿונעם פֿאַשיזם תּשובֿה געטאָן, האָט ער דאָך אויסגעהויכט זיַין נשמה אויפֿן קבר פֿון רבי שמעון בר יוחאי — פֿאַסטנדיק תּעניתים פֿאַר חרטה און תּשובֿה.

דאָס איז אייגנטלעך דער סוף פֿון דער מעשה, אָבער ביַי וואָלף טאַמבור, וואָס ריַיסט אָפּט איבער דעם געוועב פֿון דעם דערציילן, מיט אייגענע באַמערקונגען און דערקלערונגען, טוט ער דאָס אויך איצט איך זיַין דערציילונג ״אָפּפֿאַל״ און בכדי מען זאָל זיך נישט חקרנען, און קומען צו אַנדערע שלוסן, ברענגט ער דעם פֿאַראינטערעסירטן לייענער קיין ישׂראל, ווו ער, וואָלף טאַמבור, איז אויף אַ באַזוך ביַי זיַינעם אַ פֿריַינד פֿון דער היים, פֿון אַמאָל, פֿון פֿאַרן חורבן. און דאָרט האָט ער דאָס בייזע באַגעגעניש מיט איינעם אַ קאָמוניסט — אַ צאַברע, וואָס מיט דער חוצפּה פֿון אַ טעמפּ געוואָרענעם סטאַליניסט, וואָס אויף אים זאָגט דער מחבר, וואָס גיט צו פֿאַרשטיין דעם דריַיצניאָריקן יוסי לאָמור — אַזוי צו זאָגן: ״איך בין טאַקע יאָ אַ קאָמוניסט, נאָך דערצו פֿון אַ קאָמוניסטן־לאַנד... נאָר דער פֿריַינד איַיערער איז נישט קיין קאָמוניסט, ווי ער זאָגט — ער איז אַ פּאָפּוגיַי... בעת איך בין אַ ייד, און נישט קיין דעמאַגאָג״. און טראַכט בשעת מעשה: ״אויב יענער יושר־פֿרעדיקער קעגן די ׳שווינדלערס׳ איז נישט קיין לייַבלעכער ברודער אָדער זון, פֿון דעם סיגעטער פֿינגערהוט־שפּילער״...

״וואָלט איך איַיך באַגעגנט ביַי אונדז אין דער סאָציאַליסטישער רומעניע, וואָלט איך איַיך אָנגעכאַפּט ביַים קאָלנער, און איַיך געפֿירט צו דער מיליציע און איַיך אָנגעקלאָגט פֿאַר כוליגאַניזם און אַנטיסעמיטיזם — ביַי אונדז זעצט מען איַין אין תּפֿיסה פֿאַר אַזעלכע ווערטער... נאָר, איבעריקנס, וואָלט איך איַיך אויף מיַין אייגענעם חשבון, כאָטש אויסגעזעצט די ציין...״

וואָלף טאַמבור איז אַ צעווייטיקטער יידישער שרײַבער. ער איז געווען אין גיהנום־אוישוויץ. דאָרט זײַנען פאַרברענט געוואָרן זײַן פרוי און קינדער. אויך זײַן מאַמע איז צעאַשט געוואָרן אין יענע פײַער־אויוונס. שרײַבט ער צו דער מאַמען און צום טאַטן בריוו. די מאַמע אַ זײַלעכל־רויך, און דער טאַטע איז געהרגעט געוואָרן אויפן שלאַכט־פעלד. ער רעדט זיך אויס פאַר זיי. איז, פון אָט די טרערנדיקע רייד זײַנע, קוועלן אָן טרערן אין די אויגן פון לייענער.

וואָלף טאַמבור שרײַבט אָפט אין גלי פון זײַנע יסורים. דער טרויער בריט און שטילט זיך נישט אײַן. אין ס׳רוב פון זײַנע מעשיות, געשריבן אין נוסח פון חסידישע ספורי־נפלאות (וווּנדער־מעשיות), פון מוסר־ספרים, זײַנען אין געמיט אַזוי צאַרט און ציטערדיק ווי די תּחינות פון שרה בת־טובים. אַלע עוולות און אומגליקן פון נישט לאַנג־צוריק זײַנען זײַן פּײַן, און גלײַכצײַטיק, מיינט ער נישט צו זאָגן, אַז דאָס איז געשען אין גאָרן פאַרצײַטנס, ניין, דער נעכטן איז דער שפּיגל אין וועלכן מיר זעען די גרוילן און אומגליקן פון הײַנט, וואָס דער נעכטן האָט געבוירן, און נישט איבערגעשניטן, זײַנען געוואָרן זײַנע וואַרגנדיקע שטריק...

״האַרבסט מיט זון״ איז אַ בוך פון צער — אַ בוך פון אַ הויך־ראַנגיקן דערציילער, וואָס מיט דער קראַפט פון זײַן טאַלאַנט, איז ער אונדז מהנה מיט ווערק וועלכע זײַנען נישט בלויז צום לייענען און האָבן אַ קינסטלערישע הנאָה, — אין זיי דאַרף מען זיך פאַרטיפן און אַראָפּנעמען זיך פון זײַנע רייד אַ מוסר השכּל, ווי אַזוי מען דאַרף זיך פירן, און נישט אָננעמען דאָס געשטאַלט פון אַ חיה רעה...



**פון שלום שטערן**

# י.א. ראָנטש — דער פּאָעט

י.א. ראָטש איז געוואָרן אַ בן־שמונים. לכּבוד זײַן לאַנג און פּילאַרטיקן שאַפן, פאַרדינט דער חשובער שריפטשטעלער י. א. ראָנטש אַן אָפּשאַצונג פון אָנערקענונג פאַר אַלע זײַנע ווערק אין פּאָעזיע און פּראָזע. מחמת אין זכות פון זײַנע קינסטלערישע שאַפונגען, ווערט פון אונדזערע פּראָגרעסיווע קריטיק־שרײַבער אַרויסגעהויבן זײַן טאַלאַנט אין פאַרשיידענע זשאַנערן אין דער יידישער ליטעראַטור.

וואָלט איך דאָך געדאַרפט אין אַ ברייטערער אַרבעט, פּרוּוון אַרומנעמען זײַן גאַנץ שאַפן. י. א. ראָנטש האָט געשאַפן טאַלאַנטפולע ווערק אין דער קונסט פון דערציילערישקייט. ער האָט אונדז באַרײַכערט מיט אַ צאָל שיינע דערציילונגען, מיט אַ ברייט־פּאָרמיקן אינטערעסאַנטן ראָמאַן "מאָטעק און סאַלטשע". אָנגעזען זײַנען אויך זײַנע ביכער פון אַ קריטישן כאַראַקטער. ער איז אויך אַ גוטער קינדער־דערציילער — זײַנע קינדער דערציילונגען לייענען זיך מיט גרויס אינטערעס. (אַ שאָד וואָס מיר פאַרמאָגן שוין הײַנט נישט מער די קינדער־לייענער אין אַמעריקע, אין פּוילין, אין ליטע און ראַטנפאַרבאַנד). דערצו איז י.א. ראָנטש אַ פּייאיקער זשורנאַליסט און אַ רײַזע־באַשרײַבער, וואָס ווייסט וואָס מען דאַרף אויסלאָזן: וואָס עס לוינט זיך נישט צו באַשרײַבן. אין זײַן זשורנאַליסטישער אַרבעט פאַרמאָגט ער טאַקט און מאָס. יאָ, י.א. ראָנטש איז געבענטשט מיט אַ גרויס־שעפערישן טאַלאַנט, וואָס האָט אים געבראַכט אָנזען אין דער יידישער ליטעראַטור. (אַפילו שרײַבער און לייענער פון רעכטן צד, וואָס פאַרשווײַגן אים, ווייסן דאָס, נאָר ווי ענטפערט הײַנט דער רוס אויף יעדער עוולה פון ס.פּ. "עטאָ פּאָליטיקאַ!" און טוט אים עפּעס!...) און דאָך וועל איך זיך אָפּשטעלן בלויז אויף איין צווײַג פון זײַן שעפערישער אַקטיוויטעט, אויף זײַן פיל־זשאַנערדיקער, גרויסאַרטיקער דיכטונג. וואָרים, בײַם איצטיקן מאָמענט, אויב איך זאָל אויפנעמען אין אַלגעמיין זײַן ברייטן שעפערישן פאַרנעם אין דער יידישער ליטעראַטור, וועט זיך מיר סײַ ווי נישט אײַנגעבן אַרויסצוברענגען דאָס קלאָרע געשטאַלט פון דעם שריפטשטעלער, און זײַן ברייטע פאַרביקע טעמאַטיק. וועל איך דאָ פּרוּוון כאַראַקטעריזירן זײַן פּאָעזיע און זײַנע שעפערישע פּעריאָדן.

י. א. ראַנטש איז אַ דיכטער, וואָס קעמפּט אין זײַנע לידער קעגן אומרעכט, אונטערדריקונג, קעגן הונגער און קריג. ער איז תּמיד געשטאַנען מיטן געפּײַניקטן און אין שטרײַט מיט די געוועלטער און רײַכע, וועלכע באַרויבן דאָס פֿאָלק. אין זײַן לידער זאַמלונג "אינדיאַנער זומער", אין ליד "צו אײַך" איז דאָס זײַן מאָטאָ, כמעט פֿאַר אַלע זײַנע דיכטערישע לידער־זאַמלונגען:

"און ווו ס'איז דאָ אַן אויג, וואָס טרערט
אַ האַרץ, וואָס פּײַניקט זיך און קוועלט —
דער ווייטיק פֿון דער קראַנקער ערד
דערטראָגט זיך צו מײַן שטיל געצעלט.
ס'געוויין פֿון הונגער און פֿון נויט —
איז מײַן געוויין, איז מײַן געקלאָג;
דער שמאַרץ פֿון וווּנדן, בלוטיק־רויט,
איז אין מײַן וויי, איז אין מײַן פּלאָג."

אין פּעריאָד פֿון דעם שרעקלעכן קריזיס אין אַמעריקע און קאַנאַדע, האָבן די שאַרפֿע יאָרן פֿון פּײַן, זיך טיף אײַנגעשניטן אין זײַנע לידער. דעמאָלט האָט י.א. ראַנטש באַוויזן זײַן אַנדערשקייט אין אויסדרוק פֿון וואָרט. עס האָט זיך שוין דעמאָלט אַרויסגעהויבן די אייגנאַרט פֿון זײַן דיכטונג. טעמאַטיש האָט ער טאַקע געזונגען ווי אַלע קעמפּער־פּאָעטן, אָבער נישט מיטגעזונגען אין כאָר. ער האָט געזונגען מיט זײַן אייגן קול:

"יום־טובן — ווען וווּנדן פּײַנען,
זינגען — ווען עס קוואַלט געוויין,
רײַכסטע סעודות, פֿײַנסטע ווײַנען — בלויז פֿאַראַן אין קאַמף אַליין."

אין "אינדיאַנער זומער" געפֿינען זיך אַ צאָל זייער שיינע ליבע־לידער אָנגעווייעט מיט אַ בענקענדיקער שטימונג. מאָלעריש זײַנען אויך די בילדלעכע האַרבסט־לידער. י. א. ראַנטש איז אין תּוך אַ לירישער זינגער און ער איז שטענדיק אויף דער וואַך נישט צו פֿאַרלירן די פּאָעטישע שטימונג אין זײַנע קאָמפּמאָטיוון.

אין "הונגעריקע הענט", לידער און פּאָעמעס (1936, פֿאַרלאַג "סיגנאַל" ביַים "פּראָלעטפּען") איז צעברויזט זײַן געמיט, עס הערט זיך דאָס ווייטיק־געשריי פֿון די הונגעריקע, דער געוואַלד פֿון שאַפֿ, וואָס שלינגט־אײַן די טעג פֿונעם אַרבעטער און צעברעכט זײַן גוף און דערשלאָגט זײַן געמיט. אָט־די האַרבע, האַרטע ווירקלעכקייט פֿיבערט צאָרנדיק אין זײַן אומרויִיק ליד:

"זיי טוליען זיך צום שטיינערנעם אַספֿאַלט
און ראָיען זיך אין קאַנען מיסט
ווען רעגן גיסט,
ווען נאַכט איז קאַלט,
שטרעקן זיך די אָדערדיקע הענט
צו די גרויע, גלאַטע ווענט".

"הונגעריקע הענט" איז אַ קייט ווייטיקדיקע און אין צאָרן־

אויפגערוישטע לידער, וואָס שפּיגלען אָפּ די וואָר פון יענער ווירקלעכקייט אין וועלכער מיר אַלע זייַנען געווען אין קלעם פון דער נויט. די לידער לייענען זיך נישט בלויז, ווי דאָקומענטן פון אַן אַנטרונענער צייַט, נאָר זיי וועקן אין אונדז דאָס געפיל פון עכטער פּאָעזיע, וואָס באַווירקט אונדז און וואָרנט אונדז גלייַכצייַטיק, אַז מיר טאָרן אויף קיין איין מאָמענט נישט אויפהערן זיך ראַנגלען מיט די וואָס ברענגען דעם הונגער־פּייַן אויף דער וועלט, דאָס מלחמה־אומגליק אויף דער וועלט. אין דער זעלבער צייַט קאָן ראָנטש זייַן אידיליש שטיל. פּריש איז דאָס פּאַרביקע געמעל פון זייַן ליד "אַ פישער־דאָרף אין מעין", אַ וווּנדערלעך בילד אין אָפּגעקליבענע, געשליפענע פערזן:

"אַ שטילער שמייכל רוט געמיטלעך אויפן האַפן־שטעטל
און אייַנגעהאַלטן שפּרייַזט דער מענטש אויף טראָטואַרן שמאָלע.

עס שמעקט מיט פיש געזאַלצענע, וואָס טריקענען זיך אויף ברעטער,
די ברוינע ים־לייַט צופּן פויל די אייַנגעעקשנטע מאַזאָלעס.
אויף הויפּט־גאַס הענגען אויסגעשטעלט אינדיאַנישע געוועבן
און קערבעלעך געפלאָכטענע פון שמעקעדיקער קאָרע.
אין קוישן ליגן הויפנווייַז אין מושלען די קרעבן
און שווייַגנדיקע קרעמער האָבן אויגן בלויע קלאָרע.
אין האַפן אַנקערן די מיליאָנערסקע ווייַסע יאָכטעס.
נאָר קינדער דאָרפישע פון אָרים פישער־לעבן טרוימען.
אין הויפן ליגן שיפלעך אונטער שווערע שטייַפע פּלאַכטעס
און אונטן — גרינע כוואַליעס קלאַפּן אָן אין טיר און שווימען".

דאָס דערפל איז אויך געטראָפן פון קריזיס. די פישער, די טרעגער, די מאַטראָסן גייען אַרום ליידיק און פאַרכמורעט, ווייל דער רויש פון לעבן איז פאַרשטומט געוואָרן אין האַפן: "נאָר טויט דער האַפן איז, / עס קומען ניט, ס'פאַרלאָזן ניט קיין שיפן". די קללה פון אַרבעטלאָזיקייט הענגט ווי אַ שאָטן אויפן מאָלערישן פישער־דערפל. מען האָט דעם אייַנדרוק, אַז דאָס דערפל איז פאַרוויגט אין רו ... אָבער די שטילקייט איז טיף אויפגערודערט פונעם שאַרפן טרויער פון די פישערלייַט, וואָס זייַנען אַרויסגעשטויסן געוואָרן פון דער אַרבעט.

י. א. ראָנטש איז געגאַנגען מיטן שטראָם פון דער אויפגערעגטער צייַט מיט זייַן טראָט און שעפערישן וואָרט. ער איז געווען אַקטיוו אין "פּראָלעטפּען". אָבער ווי אַן עכטער דיכטער, האָט ער נישט געשריבן קיין צייַט־פּראָקלאַמאַציעס פון פּראָטעסט און צאָרן, נאָר לידער אין אַ פּאָעטישן טאָן, וואָס אין זיי איז פאַרקריצט געוואָרן אַ צעטרייסלטע וועלט. די שילדערונגען פון יענעם פּעריאָד זייַנען באַהויכט מיט דער שטימונג פון טיפער איבערלעבונג און רודערן־אויף מיט זייער עכטן פּאָעטישן טאָן:

"דער שונא אויף דער ערד האָט געווונקען
און שעלמיש געלאַכט פון באַגינען.
געבלענדט פאַרן אויג האָבן פונקען

די ווײַסע מיט פעדעמער דינע.
געלעבט האָט אַ מענטש זיך געלאַסן,
געזויגט פון דער ערד אַלע נויטן.
דאָס לעבן געריסן האָט פּאַסן,
זיך אויסגעברענט האָבן קנויטן.
דער טויט האָט מיט עקבויערס געבויערט,
נאָר ס׳האַרץ איז געבליבן אין גאַנצן.
פון טיפן, געלײַטערטן טרויער
געשפּראָצט האָבן רײַפער די פלאַנצן״.
(פון ליד ״צום אָנדענק פון שרה מרמר״)

די ״פּראָלעטפּעניקעס״ האָבן איבערגעלאָזט אַ באַרג ליידיקע פּערזן — ליידיק ווי אויסגעדראָשענע זאַנגען. אָבער אויף י. א. ראָנטש איז גילטיק דער זאָג: ״נכנס בשלום ויצא בשלום״ (אויף די פיר תּנאים וועלכע די אגדתּא דערציילט, אַז זיי זײַנען אַרײַן אין פּרדס, איז דער איינציקער אַרויס בשלום ר׳ עקיבא).

איך מיין, אַז דאָס האָט דער טאַלאַנט אים אויסגעהיט ער זאָל פּאָעטיש נישט געשטרויכלט ווערן. ער איז פון ״פּראָלעטפּען״ מיט זײַנע ״טעאָריעס״ אַרויס נישט קיין געניזוקטער.

* * *

דורכגעגליט אין צער זײַנען די פּערזן פון דער סעריע ״מײַן שטאַם״ (ניו־יאָרק) 1947. די שורות, אין שטילן ריטם, כּליפּען אויפן אומברענג פון די זעקס מיליאָן יידן. עס איז נישט קיין קלאָג־געשריי. גראָד, אָט דאָס שטילע ווייטיקדיקע געוויין ווירקט אויפטרייסלענדיק אויפן לייענער. די ווערטער אַליין זײַנען נישט קיין שרײַאיקע, אָבער דאָס געשריי פון צער, ברעכט דורך די געפרעסטע שורות, און דער גרויל שוידערט אויף:

״די קאַרבן אויף מײַן ברייטן שטערן —
דאָס איז דער שטעמפּל פון מײַן פּײַן.
ס׳איז ווייסט דאָס אויג — דער קוואַל פון טרערן,
מײַן שכן פרעגט: צי וועל איך זײַן.
איך ווייס: איך בין אַליין געבליבן,
אַ יתום פון מײַן שטאַם.
געביין און מאָרד־אויוון צעריבן,
דעם גוף פאַרצערט פון גאַזן־סם״.

אין דער זאַמלונג ״לידער״ זײַנען אויך פאַראַן מאָטיוון אויף סאָציאַלער טעמאַטיק. ווי אין זײַן פריערדיקער דיכטונג, פאַרמאָגט אויך די זאַמלונג דעם צונויפוועב פון יידישע, יחידישע (אינדיווידועלע) און סאָציאַלע מאָנונגען. דאָס מאַכט זײַן דיכטונג פולער, און ממילא אינטערעסאַנטער. דאָס געפיל פאַר יושר און דעם ״קאַמפּס־גײַסט״ האָט ער אַרײַנגעזאַפּט אין זיך פון חומש, פון די פלאַמיקע רייד פון די נביאים — די פרײַהײַט־ און גערעכטיקייט־מאָנער. דאָס איז דער אייביק־לויטערער

קוואַל, אין וועלכן דער אמת פאַר דער פרײַהייט־און די דערהויבנקייט פאַר איטלעך איינעם, לויכט און באַלויכט די טריט פון דורות, וואָס גאַרן נאָך דעם פרײַ זײַן און נאָך פרידן פון אַלע פעלקער.

און גנאָדיק איז אויך געווען די מוזע, וואָס ער האָט זיך נישט אָנגענומען מיט די טעאָריעס פון "די יונגע", און אויסגעמיטן דעם טומל פון ס'רוב פראָלעטניקעס וואָרים קערט מען זיך אָפּ פון טעמאַטיק, זײַנען די געשליפנסטע פערזן אויסגעהוילט פון אינהאַלט... בעת מען צוימט די לירישע שטימונג, פאַרלירן די פערזן די וואַרעמקייט פון פּאָעזיע. די לידער זײַנען דעמאָלט געגליכן צו פאַרלאָשענע קוילן...

עס איז דאָס קינסטלערישע געווינס פון דעם דיכטער י. א. ראָנטש, וואָס אין די מערסטע לידער זײַנע ריזלט דאָס וואַרעמע בלוט פון דער ליריק. זיי זײַנען אָנגעלאָדן מיט דער קראַפט פון אַ דיכטער וואָס זײַן ציל איז אַ פרײַערע און מער גנאָדיקע וועלט. דאָס איז דאָס שליחות צו וועלכן עס טרוימט יעדער ערלעך־שעפערישער מענטש. י. א. ראָנטש האָט זיך אויסגעקליבן אָט דעם דיכטערישן גאַנג. דאָס איז געווען און איז אַ בענטשונג פאַר זײַן פילזײַטיקן שאַפן עד היום הזה.

* * *

אין זײַנע לידער, דורכגעפיבערט אין פײַערדיקן טרויער, אויפן בראָך פון אונדזער פאָלק, מישן זיך טרער־און־טרייסט. דאָס איז דער אַרב פון די נביאים — די קעמפער, וואָס האָבן געצאָרנט און דערנאָך געקלאָגט אויף חורבן־האומה, און גלײַכצײַטיק געזוכט די טרייסט פאַר זיך און פאַרן פאָלק. וואָרעם אָן דער לינדערונג דורך טרייסט, צעטרייסלט זיך דער באָדן אונטער די טריט, און פאַרלאָשן ווערט אין האַרץ דאָס ליכט פון האָפן. אָט זײַנען פערזן פון "געוויין און טרויער:

"ס'וועט מײַן האַרץ אויף אייביק קלעמען,
ניט די לעצטע רויז פון שפעטן זומער,
ניט פון האַרבסט די לעצטע כריזאַנטעמע.
נאָר די שטילע יידן, ערלעך־פרומע,
וועלן קיין מאָל שוין צו מיר ניט קומען".

און אָט שטאַרקט ער דאָס געמיט מיט דערהויבענע ווערטער פון טרייסט:

"כ'בין געווען דער ערשטער מיט דער ביבל,
כ'בין דער ערשטער מיטן תהילים.
ס'האָט מײַן זיידע אינעם חסידים־שטיבל,
פול מיט ברען, געזאָגט זײַן תפילה
און זיך אויסגעלאַכט פון יעדן איבל
און געוויצלט זיך מיטן טויט אַפילו".

דאָס איז יידישער נוסח פון באַוויינען די פאַרוויסט־געוואָרענע געבוירנערטער, אין די וווין־לענדער פון אַמאָל. ער גרויסט זיך מיט די

זיידעס — די וואָס האָבן אין נויט און פּײַן געהיט דאָס אָרב פון די דורות. ער פּאַלט טאַקע אַרײַן אין שווערן יאוש, דאָך האַלט ער זיך אָן אין דער שנור וואָס ציט זיך אַזש פון מתּן־תּורה, פונעם סיני־פלאַם, ווו משה פון חומש אַרויס, האָט געקריצט אויף די טאָוולען פון שטיין די צען געבאָטן "פון נישט הרגענען! פון פירן אַ ריין און גערעכט לעבן". דעריבער קען ער שוין ניט זאָגן, אַז ער איז דער לעצטער, אַז דאָס גאַנצע פאָלק איז איז פאַרלוירן געגאַנגען. אויפגעמונטערט אין דער האָפענונג פון טרייסט, פאַרמאָגט ער די שטאַרקונג פון אויסצורופן:

"איך, דער לעצטער ייד, בין גאָר דער ערשטער,
בין דאָס פאָלק פון בוך, דאָס בוך פון ביכער.
ניין, ניט אויסגעראָט מײַן שטאַם. אָט
הערשט ער מיט די צען געבאָט,
דעם מענטש פאַרזיכערט,
ס'איז ניט שפּעט נאָך, לערן אויס זיי גיכער:
זאָלסט ניט הרגענען!"

אָט אַזעלכע סטראָפן זײַנען פון אַ צעוווייטיקטן דיכטער, וואָס ראַנגלט זיך מיטן אייגענעם צער, און געפינט די שײַן, וואָס פאַלט אויף אים אַזש פון אונדזערע אָבות אַבותינו, וועלכע האָבן דורך דעם ספר־הספרים (תּנ"ך) געשמידט די אידייע פון אַראָפּוואַרפן די קייטן.

דאָס איז דער דורותדיקער יידישער גאַנג. דאָס איז אייגנטלעך טראַדיציע און נוסח יידישע פּאָעזיע.

אין זײַנע סאָציאַלע מאָטיוון, טרעט ער כּסדר אַרויס קעגן דעם רײַכן; קעגן דעם וואָס שטאָפּט זיך אָן מיט כּל — טוב פון דער גנאָדיקער ערד, און דעם בויערער און פלאַנצער טרײַבט מען אַוועק פונעם טיש פול מיט זעט. די פּאָעמע "די וועלט, די שפּײַזערין", כאַראַקטעריזירט כּמעט אַלע זײַנע לידער מיט סאָציאַלע מאָטיוון. איין שוואַכקייט זײַנע איז דאָס אָבער צו פיל און צו אָפט ניצט ער די ליניע פון ווײַסער און שוואַרצער פאַרב. איין זײַט כּולו ווײַס, כּולו יושר, דער צווייטער צד — אַלדאָס בייז. עס איז דאָך פאָרט נישט אַזוי אין דערווירקלעכקייט. אין דער לעבנס־סביבה מיט אַזאַ מאָס פון מעסטן די סיסטעמען וואַקלט זיך כּסדר די וואָג פון דער וואָגשאָל. ער פאַלט דעמאָלט אַרײַן אין בלויזן אַרײַנזאָגן דעם גביר — דעם בלוט־זויגער... כאַפּן זיך דעמאָלט אַרײַן נישט קיין פּאָעטישע ווערטער און גאַנצע פערזן. וואָרים, דאָס וואָס איז נישט וואָר אין לעבן, קען שוין ממילא נישט זײַן אמת אין דער קונסט. עס וווּנדערט מיך אויפן גאַנצן, הויך־באַגאַבטן דיכטער ראָנטש, וואָס קען גוט מענטשן און שילדערט לעבנס־סביבות אין זײַנע טאַלאַנטפולע בעלעטריסטישע ווערק, ער זאָל זיך אַרײַנגליטשן אין אַזעלכע שורות:

"ער איז דער רויבער־פּראַנט
אין אַ צילינדער־הוט.

אַ נעסט ווערט אויסגעבריט
און ער באַהערשט זיך גלײַך.

ער פרעסט און זויפט אָן שיעור
און טרעט אויף פרישער בלום,
וואָס איז אַ ליב געשאַנק
פאַר אַלעמען צוגלײַך

א.ז.וו. א.ז.וו.

* * *

די צאַרט־ציטערדיקע ליריק איז אַן עדות אויף דער דיכטערישער געשטאַלטיקונג. אויפן אויפשטײַג פון בוך. לירישער און געצוימטער איז ער אין זײַנע פּײַסאַזשן, איבערהויפּט צווישן בערג־שפּיצן און וואַסער־שטראָמען. די בילדער פון די מעכטיקע פעלדזן זײַנען סקולפּטאָריש אַזוי רעליעף זײַנען זיי אויסגעהאַמערט:

״דער באָדן געל, די גרעזער ברוין, די בערגער ראָסטיק,
די היץ פאַרטריקנט האָט,
בײַנאַכט איז פראָסטיק.
אַן אויסשטעלונג פון בערג אין לויטערדיקן רוים
דו גאַפסט און גאַרסט באַגרײַפן מדברדיקן טרוים.
עס שטייען בערג דאָ ווי אַלטע קירכן־גלעקער,
אַ באַרג צעשפּאָלטן איז פון אַ געניטן העקער.
אַ שוואַנגערדיקער באַרג האָט אויסגעסטאַרטשעט בויך
אַ שטרעק געטאָן צום טורעם זיך צום הימל הויך״.

(״וויסטעניש מאָהאַוויי״ קאַליפאָרניע —
פון בוך ״עס ווערט שוין שפּעט״)

די זעלבע אויסגעשליפענע וואָרט־בילדער געפינען מיר אין די לידער ״יוטאַ״, ״דאָס אומשולד־טײַכעלע״, ״דער אַספּען־בוים״, ״צפון־ראַנד פון גרענד קעניאָן״ וכדומה. דאָס לידער־בוך ״עס ווערט שוין שפּעט״, איז כּולל אין זיך אַלע פאַרבן, קלאַנגען און מאָטיוון אין דער קינסטלערישער פאָרם פון זײַן דיכטערישן שאַפן. אפשר טראַכט ער זיך, אַז ״עס איז שוין שפּעט״. אָבער קוואַליק איז די בענקשאַפט נאָך דער אייביק־בליענדיקער ליבע. אין איר הייליקער גלוסט, זוכט ער די נאָענטקייט פון דער סאַמע נאָענטסטער:

״קום!
איך האָב געזוכט דיך אומעטום.
קיין פרייד אָן דיר זיך ניט פאַרגונען —
נאָר דיך אין ערגעץ ניט געפונען.
גענוג אַרומגעבלאָנקעט קוואַר און שטום.
דער אָפּגעלעבטער קען ניט ליבן.
אַזויפיל טרוימען אָנגעקליבן.
אַזויפיל גנאָד אין פולע קויבערס.
די זון גייט אויף פאַר די וואָס גלויבן.
זי עפנט די פאַרמאַכטע בלום.
קום״.

י.א. ראָנטש איז אַ פּולקלאַנגיקער פּאָעט אין אַ גרעסערע צאָל קינסטלעריש־אויסגעשטאַלטע לידער.

(אַ פערזענלעכע ווינטשעוואַניע: מײַן ליבער י. א. ראָנטש: צו דײַנע אַכציק יאָר, שיק איך דיר מײַנע האַרציקסטע ברכות: זײַן געזונט, האָבן מנוחת־נפש, און זאָל דיר באַשערט זײַן נאָך אַ סך, אַ סך געבענטשטע שעפערישע יאָרן מיט דײַן זוגתך מרת עלקע. אָמן).



## פון שלום שטערן

# אין געראַנגל מיט זיך

אליהו רייזמאַן

"ווידערקלאַנג"

וואַרשע, 1974 .

אַ דיכטער אין געמיט איינזאַמט תמיד. ער רייסט זיך אַרויס פון רוישיקן אַרום, אפילו, ווען ער איז אין אים, אפילו ווען ער איז אויך איינער פון די וואָס רוישן אין מענטשן־גערויש.

דאָס מיינט נישט, אַז ער וויל זיך אָפּזונדערן פון כלל. אַ סאָציאַלער דיכטער, וואָס שטייט אויפן אייגענעם נאַציאָנאַלן באָדן, און דער שטייגער פון דער לעבנס־פאָרם פון זיין פאָלק איז זיין מיליע — אָט אַזאַ דיכטער, דורכגעגליט מיט די דערפאַרונגען און אָנגעזאַפּט מיט די נאַציאָנאַל־באַפרייערישע און סאָציאַלע אידייען פון זיין פאָלק, איז קיין מאָל נישט אויסן צו זיין אויסערן שטראָמיקן־גאַנג פון זיין פאָלק,פון זיינע ראַנגלענישן און קאַמפן. ער איז אומעטום מיטן פאָלק, און דאָס פאָלק איז די ליכטיקע רעגונג פון זיין פּאָעטישן שאַפן.

דאָס פילן זיך פאַראיינזאַמט שטאַמט ביי יעדער שעפערישער פערזענלעכקייט פון זיין אָפּטן פאַרלירן זיך, בעתן דערזען, אַז זיין גלויבן האָט די רעאַליטעט צעשמעטערט. די רויע ווירקלעכקייט האָט צעריסן דאָס ליכטיקע געוועב פון טרוים.

דער פּאָעט ווערט דעמאָלט אַריינגעוואָרפן אין אַ געראַנגל מיט זיך. דאָס ליכט אין אים ווערט פאַרשלונגען פון דעם געדיכטן שאָטן. ער בעט אויף נאַכט און נישט אויף טאָג. וואָרעם אין דרימל וועבט דער חלום ווידער דעם טרוים פון גליק, פון זיין ליכטיקן האָפן.

פון אַזאַ געמיט און פאַרנעם איז געווען דער נישט לאַנג צוריק פאַרשטאָרבענער דיכטער אליהו רייזמאַן.

ער איז געווען אַ יידישער סאָציאַלער פּאָעט, וואָס איז אויפגעהאָדעוועט געוואָרן אין דער שטעטלדיקער נויט. אין אים זיינען פאַרפלאַנצט געוואָרן די הויכע אידייען פון קעמפן פאַר סאָציאַלער גערעכטיקייט אין דער וועלט.

אַליין אַן אַרבעטער כל ימיו, האָט ער געטראָגן אין זיך די הערלעכע ירושה פון ברענגען דעם גלי פון זיין קאַמף־וואָרט צו די יידישע אַרבעטער

און פאָלקמאַסן. גלייכצייטיק האָט אליהו רייזמאַן — דער סאָציאַלער, און טיילווייז רעוואָלוציאָנער, פּאָעט, אין דער שטימונג קיין מאָל זיך נישט אַרויסגעצויגן פון דעם יידישן לעבנס־אַרט פון זיין היימשטעטל. ער האָט נישט בלויז געלערנט תנ״ך. דער הייליקער צאָרן פון די נביאים האָט געפירט זיין פען. אין פיל פערזן זיינע איז דאָס לשון, און אפילו דער סטיל, אונטער דער השפעה פון חומש און די נביאים. דער יידישער שטייגער האָט אין דער בענקשאַפט אויפגעזונגען דאָס געזאַנג צום געוועזענעם, וואָס איז אַכזריותדיק אָפּגעמעקט געוואָרן, און וועט שוין קיין מאָל מער זיך ניט צוריקקערן אין אַזאַ פאָרם.

אברהם רייזמאַן איז געווען אין אַלע ברויזן פון קעמפערישן אַרום. ער האָט אין זיין שאַפן — פעריאָדן פון קאַמף, פון קלאָג אויפן חורבן, פון צוריקזוכן דעם אייגענעם גלויבן. ער איז אין דעם שטענדיקן עקשנותדיקן רייסן זיך צוריק אויפצובויען דעם הערלעכן בנין פון גלויבן, כאָטש אַרויפציען איבער זיך די פאָן פון האָפן, און צוריקברענגען אין געמיט די שטימונג פון האָפן. איך אונטערשטרייך האָפן, ווייל דעם גלויבן האָט די ווירקלעכקייט אַרויסגעריסן פון אים, איבערהויפּט אין די יאָרן פון 1967־1968, ווען די יידישע שולן, דער פאַרלאַג, די יידישע קולטור־געזעלשאַפט־לעבע אינסטיטוציעס אין פּוילן זיינען מיטן צאָרן פון אַנטיסעמיטיזם אָפּגעווישט געוואָרן. די בויער און פירער פון אָט דעם קליינעם, אָבער אַקטיוו־שעפערישן יידישן ישוב האָבן דאָס ווילדע פייער פון אַנטיסעמיטיזם שוין מער נישט געקענט איבערטראָגן, און זיך געלאָזט אין דער וועלט, זוכן אַ מקום־מנוחה פאַר זיך, אויף ס׳ניי אויפצושטעלן זייער געצעלט ערגעץ אין פאַרשידענע פרעמדקייטן.

דאָ איז חל דער זאָג: איז דאָס דער לוין פאַר יידישע רעוואָלוציאָנערן און בויער פון סאָציאַליזם? איז דאָס דער שכר צו זיינע געטרייסטע יידישע קעמפער און בויער? אָט דער פיין האָט, ווי אַ דאָרן זיך אַריינגעשטאָכן אין געמיט פון דעם איידעלן און אייגנאַרטיקן פּאָעט אליהו רייזמאַן. ער האָט זיך פּלוצלינג דערזען אַרויסגעשליידערט פון רוישיקן אַרום. ער האָט ממש אָנגעהויבן שוידערן פון זיין אַליייניק און עלנט. ביי וועמען און מיט וועמען איז ער געבליבן?

האָט זיך אָנגעהויבן דער געראַנגל אין אים, דאָס מאָנען. און גלייכצייטיק האָט פון זיינע לידער אַרויסגעקלאָגט דאָס געוויין פון טרויער.

אליהו רייזמאַן, וואָס האָט געשריבן כמעט אַלע זיינע לידער בלשון יחיד, פון זיך און וועגן זיך, איז געוואָרן דאָס מאָנענדיקע און דאָס קלאָגנדיקע קול פון דעם מוראדיק איינגעשרומפּענעם יידישן ישובל אין פּוילן. ער איז אויך געווען דער פּראָטעסטירער און טרעגער פון טרויער און צאָרן פון אַלע די, וואָס האָבן זיך דערפילט אַרויסגעשטויסענע און אָפּגענאַרטע. אַזוי אַרום, איז זיין יחידיש ליד געוואָרן דאָס ליד פון כלל.

ווייל אין אים האָבן זיך געצונדן די טרויערן און ווייטיקן פון דעם כלל. אליהו רייזמאַן איז געוואָרן דאָס רעדנדיקע מויל, און דער פיבערדיקער אומרו פון די פאַרשעמט און פאַרשטומט־געוואָרענע יידישע אַרבעטער און פאָלק־מענטשן, נישט בלויז אין פוילן, נאָר אומעטום, וואו עס זיינען פאַראַן אַקטיוו־שעפערישע פּראָגרעסיווע, יידישע יידן. מען האָט אים דערפירט צו אַ שטופּע אין אומגלויבן. פון וואַנען קיין צוריקקער איז פּאַקטיש נישטאָ. נישט בלויז איז אויסגערונען דער גלויבן, נאָר דאָס האָפן האָט זיך אין אים אויך פאַרלאָשן:

זיבן הימלען אויסגעטראַכט,
אָ גאָט מיך צו שרעקן האָסטו באַדאַרפן!
נאָר איך פון אַלע האָב איינעם געמאַכט
און אים פון דאָרטן אַרויסגעוואָרפן.

אַמאָל געוועלטיקט האָט דיין פרומע בייטש,
האָבן זינדיקע אויף שייטערס געפלאַקערט,
יעדע תורה ליגנערט מיט אַן אַנדער טייטש,
דער וואָרעם פון ספק אין מוחות אַקערט.
ווי צו דיר, נאַריש־קלוגע וועלט
פון ווייס און שוואַרץ, גרין און רויט!
העלישע פייערן בריען מיט קעלט
און אַלץ צוזאַמען זינקט אין קויט.

אין געראַנגל מיט זיך, ווערט ער פון ווייטיק אַזוי פאַרקלעמט, ווי עס זאָל טאַקע שווין נישט זיין צו וועמען זיך צו ווענדן, צו וועמען, דער געשלאָגענער און צעווייטיקטער, זאָל קענען, כאָטש פאַרגיין זיך, אין אַ תפילה:

אויב נישט צו גאָט
און נישט צום מענטש,
באַשאַפענעם אין גאָטס געשטאַלט —
צו וועמען דען,
אין וואָס פאַר אַ ווינקל פון וועלט
זאָל איך זיך ווענדן?
צום בוים אין וואַלד?
צום ווינט אין פעלד
די אייגענע אויגן מיט אייך זיך בלענדן? —
זייט מיר מגלה דעם סוד.

פון צער, וואָס די האָפענונג אויף גרויסע און ליכטיקע, פרייע טעג, איז נישט מקוים געוואָרן, האָט ער אָנגעהויבן זען, ווי אַ גלגול פון דורות־יידן, וואָס לויפן אין שרעק פון לאַנד צו לאַנד. איין גורל, ווי געחתמעט פאַרן גאַנצן יידישן פאָלק. ער — און זיי — איין געשטאַלט. מען האָט גערודפט און געקוילעט יידן, פון וויטן אַמאָל אָן, און דאָס טוט מען דאָך אויך היינט מיט אונדז. צו אים איז עס דאָך געשען אַזוי:

איך בין דער גלגול פון מיינע עלטערזיידעס
און וואָגל אַרום אין קריעה־געריסענע בגדים,
מיט לאָגלען בלוט אויף די לענדן
און קניפּ צונויף נאָך דעם איבערגעהאַקטן פּאָדעם
אויף אַלע פון ליכט און פינצטערניש,
פון הויכע בערג פון צום ראַנד פון שאול־תחתיה.
איך בין דער גלגול פון מיינע טאַטעס, ווען די פייל פון סנחריב האָט אין
האַרץ געטראָפן,
דער טאַראַן פון וועספּאַסיענען
די ווענט פון זייער הויז געבראָכן,
די הייליקע צוואַנג פון טאָרקוועמאַדאָ — דאָס לייב געריסן,
דאָס פרומע פייער פון אויטאָ דאַ פע
זייער לייב און לעבן פאַרברענט.
ב׳בין דער גלגול פון זיך אַליין,
פון אָשוויענטשימס און טרעבלינקעס געקומען,
טראָג איך אַ גאַנצע וועלט מיט אַש אויף מיין קאָפּ.
די זון, ווי אַ פרעמדע, קערט איר פּנים פון איר אָפּ.
נאַכט הינטער מיר און פאַר מיר נאַכט
מיט פינצטערניש מיין וועג פאַרצויגן
די צייט אַליין טאַנצט פאַר מיר אַן אומגליק־טאַנץ —
ווען נאָך בין איך גרויס אין די אויגן?!

דער פיין האָט אין אים געשריגן: "ווען נאָך בין איך גרויס אין די אויגן?!" ממילא האָט זיך אין זיין טרוים דאָס ליכט פון האָפן פאַרהוילן אין דער פינצטער פון טרויער און ווייטיק. די שיין האָט זיך פאַרהוילן אין די קלאָג־ווערטער פון געבעט. עס אַזוי געווען, ווי די נאַכט וואָלט פאַרדעקט דאָס טאָג־ליכט. אָבער דאָס ליכט ווערט דאָך נישט פאַרלאָשן. עס שטראַלט אַריין אין דעם חושך. אַזוי אַרום, איז דאָס ליכט, פאַרשטעלט אין דעם שאָטן פאַרבאָרגן. און מיט אָט דעם ליכט אין קוואַל פון זיינע ווערטער האָט ער געזוכט צו אויפלעבן אין זיכרון די אייגנאַרט פון יידיש־שטעטלדיקן שטייגער. אין דער בענקשאַפט שווימט־אויף גראָד דאָס אידילישע פון אַ פרייטיק־פאַרנאַכט, ווען יידן גייען מקבל־שבת־זיין. אין דעם ערב־שבת־דיקן־גאַנג צו דער שול, בית־מדרש און חסידים־שטיבלעך שפּרייטן יידן די שלווה אויף געסלעך און מאַרק. יידן טראָגן אַ גאַנצע וואָך אַ באַרג פון דאגות און צרות, האָבן זיי זיך פון זיי, ווי אַרויסגעשאָקלט, און זיינען דורכגעשטראַלט געוואָרן מיט דער מנוחה, וואָס דער שבת לייגט ביי זייערע שוועלן. אָט די ליכטיק פּאָעטישע שילדערונג, דערמאָנט אין שלום אַשס ערב שבת אין שטעטל. דער אונטערשיד: בעת שלום אַש האָט באַשריבן (אויך פּאָעטיש) דאָס שטעטל, איז געווען אַ שטעטל פול מיט יידן, און דאָ זוכט אליהו רייזמאַן עפּעס אַן אויפגלי פון טרייסט אין דערמאָנען זיך אין דעם, וואָס איז געווען און וועט שוין קיין מאָל מער נישט אויפשטיין צום לעבן:

אַראָפּגעטרייסלט פון די וואַטענע שטיוול

דעם שטויב פון שליאַכן און יאַרידן,
גייען זיך בנעימות, אויסגעטשוכעטע פון דרימל,
שבת־מלכהדיקע יידן.

פֿאַמעלעך, די האָר און די בערד צעצוואָגן,
ווי דינע בעזימדיקע ריטלעך,
גייען זיי באַזונדער און אַלע אין איינעם

מיט שכר־הליכהדיקע טריטלעך.
באַלעבאַטיש די הענט פֿאַרלייגט אויף הינטן,
באַמקען זיי די יידן און טריטלען,
גאָרנישט צו רעדן, צו פרעגן,
און די געסלעך פון קרום־קיילעכדיקן שטעטל
אויף תחום־שבתדיקע וועגן.

דער רויטער שניטקרעמער נפתלי
און אהרן־שיע דער שערער,
שלמה־בער דער בעל־עגלה
און בענדיק דער קוימענקערער.

דאָס ליד "שבת־מלכהדיקע יידן", איז אַ פֿאָטישע שילדערונג, אי געשריבן, איך וואָלט געזאָגט, אין אַ רעאַלן און קלאָרן סטיל. איך מאַך די באַמערקונג, מחמת אַ היפשע צאָל פון זיינע לידער, זיינען פֿאַרנעפּלט, ווי ער וואָלט געוואָלט פון זיך גופא פֿאַרהוילן די שרעקנדיקע ווירקלעכקייט. זיין צער־האומה און זיין פיין פון דער שווערער קראַנקהייט, וואָס האָט געווייטיקט אין אים, און אויסגענאָגט זיין געביין, האָט אים אַריינגעשליידערט אין די פיבערן פון גרויל, און פֿאַרשאָטנט די ליכטיקייט אין אים.

אליהו רייזמאַן איז אַריין אין טאָל פון טרויער און שרעק, און נישט געזען די שימערדיקע אָפּנקייט צו דעם זוניקן דרויסן, ווייל עס זיינען שוין נישט געווען קיין טראָפּנס טרייסט, וואָס זאָלן לינדערן זיין טיפן צער. פֿאַר אים האָט זיך תמיד באַוויזן דאָס געשטאַלט פון זיין מאַמען, וואָס איז פֿאַרברענט געוואָרן אין אַ קרעמאַטאָריע, אין דער בענקשאַפט־וויזיע, אין טרויער געוויין פון אַ שטענדיקן אבל. אויסגיסנדיק זיין בענקשאַפט נאָך דער מאַמען, איז אָט דאָס קלאָגליד דאָס געוויין אין בענקשאַפט נאָך די מיליאָנען יידישע מאַמעס, וואָס זיינען אויסגעגאַנגען אין די פייערן פון די קרעמאַטאָריעס, אין שרעקלעכן פיין פון גסיסה, וואָס איז אויפגעגאַנגען אין שוואַרצן רויך פון קוימען:

אמי מורתי —
וואו ביסטו, מאַמע?!
ווער האָט פֿאַרלאָשן דיין צורה?
אויסגעברענט האָבן
קרעמאַטאָריע — פלאַמען,
נאָר דיין אַש
קאָן נישט קומען צו קבורה.

איך בענק נאָך דיר, מאַמע,
ווי אַ מאָל,
ווען איך האָב נאָך אפילו
מיין קליינינקע וועלט
נישט פאַרשטאַנען,
נאָר אין "גאָט פון אברהמס"
אין בין — השמשותן שטילע
געפילט, אַז מיט דיר
די שכינה אין הויז איז פאַראַנען.
לייכט אין דער שטילקייט
אויף שפּיצן פינגער אומגעגאַנגען,
אין דיר זיך געשפּיגלט.
שבת — קודשדיקע שקיעה
איז שטיל אויסגעגאַנגען,
דו האָסט זי מיט ניגון באַגלייט,
אָ, מאַמע מיינע, מלאך אָן פליגל!
אָ, מאַמע,
אין וואָרקען פון טויבן,
אין שעפּטשען פון בלאַט אויפן בוים,
אין טויאיקן ציטער פון גראָז —
דיין קול לאָז מיך הערן.

אליהו רייזמאַן איז געווען אַ לירישער פּאָעט — מער זאָגער, ווי זינגער. ער האָט ווינציק מוזיקאַלישע פערזן אין פאָרם פון ווייכן גראַם. ס׳רוב פון זיינע פּאָעטישע שאַפונגען זיינען געשריבן אין פרייע פערזן. אָבער זיי פאַרמאָגן אַן אָריגינעלע מעטאַפאָריק. זיינע אימאַזשן, כאָטש טייל מאָל אַ ביסל צו אַבסטראַקט, שאַפן אַן אָרגינעלע פּאָעטישע בילדלעכקייט.

ווערליק זיין געמיט־צושטאַנד, וואָלט אפשר דער קלאַנגפולער גראַם אָנגעטאָן אַ צוים אויף זיינע צעוויטיקטע ווערטער. סיי ווי אין זיינע פערזן איז דער רויש פון זיין טרויער, און דער שטילער ריטם פון זיינע לידער איז אין זיין געשליפענעם און הייספּיבערדיקן פערז.

אליהו רייזמאַן, ווי שוין געזאָגט, האָט זיך געפונען אין די פייער־רינגען פון געראַנגל. ער האָט געלעכצט נאָך אַ טראָפּן טרייסט, ווי אַ דורשטיקער אין מדבר, נאָך איין וואַסערשלוק, און ער האָט זיך געבעטן:

זאָג מיר:
איז שוין אַלץ פאַרפאַלן?
די ווענט פון מיין הויז
וועט אַ שטורעם צעטראָגן?
און דאָרט וואו אויסגעטריקנט האָט אַ קוואַל,
וועט שוין קיין מאָל קיין וואַסער נישט שלאָגן?

זאָג מיר:
ס׳איז טאָג,
כאָטש כ׳ווייס נאַכט איז אַרום —
אין הימל יאָרצייטיקט אַן איינזאַמער שטערן.

כ׳ווייס: אין פינצטערניש
יעדער וועג איז קרום,
נאָר אַ וואָרט פון טרייסט
איז גוט אַמאָל צו הערן.

אליהו רייזמאַן האָט נישט אַראָפּגעבלאָנדזשעט אין שאָטנטאָל, ער איז אַהין אַריינגעשטויסן געוואָרן. אויך פון דאָרט, האָט ער געזוכט די שיין פון טרייסט, צו קענען צוריקברענגען אין זיך דעם טרוים און די טרייסט פון אויף ס׳ניי האָפן. אָבער ער האָט צו דעם נישט זוכה געווען. אין פוילן איז אויסגעגאַנגען אין גרויסע יסורים דער אייגנאַרטיקער, טיף־יידישער, סאָציאַלער דיכטער אליהו רייזמאַן. דער לעצטער גרויסער יידישער ליריקער אויף דער פּוילישער ערד. אַ גרויס ליכט איז פאַרלאָשן געוואָרן. און די שיין פון זיין ליכט איז אין זיין וואונדערלעכער דיכטונג.



**פון שלום שטערן**

# איינדרוקן פון גיטל מייזילס שעפערישן וועג

גיטל מייזיל: עסייען
פאַרלאַג י. ל. פרץ, תל־אביב, ישראל
תשל״ד — 1974.

גיטל מייזילס קריטיש־מעמואַריסטישער עסייען־בוך, האָט דריי אָפּטיילונגען. דאָס זיינען געפּילפּולע אָפּשאַצונגען וועגן יידישע, העברייאישע און אויך נישט־יידישע וואָרט־קינסטלער.

וועגן אַט די אַלע שרייבער און זייערע ווערק איז אַ סך געשריבן געוואָרן. איז וואָס אייגנטלעך קאָן אַן עסייען־זאַמלונג פון דער פאַרטיפטער קריטיק־שרייבערין גיטל מייזיל צוגעבן, צו דעם שוין פון פריער־געזאָגטן — למשל, וועגן דוד בערגעלסאָן, דער נסתר, לייב קוויטקאָ, פרץ מאַרקיש, און וועגן אַזעלכע גרויסע שוישפּילער ווי מיכאָעלס, בנימין זוסקין, וכדומה? אַזאַ געדאַנק לויפט דורך, איידער מען הויבט אָן לייענען דאָס בוך, אָבער ווי נאָר מען הויבט אָן זיך איינהערן, וואָס גיטל מייזיל דערציילט וועגן די שרייבער, און דעם אופן ווי זי באַנעמט זייער שטענדיקן שעפערישן געראַנגל צו דערגרייכן שלימות, ווערט מען אַזוי אַריינגעצויגן אין דער היימיש־האַרציקער שילדערונג פון יענע מייסטער — שאַפער, אַז מיר פאַרנעמען דאָס קול פון אַ געבענטשטער דערציילערישער־קריטיק־שרייבערין, וואָס פאַרמאָגט דעם וואונדערלעכן טאַלאַנט צו רעדן אין אָפענער נאָענטשאַפט מיטן לייענער, טאַקע כדבר איש אל רעהו. דעריבער איז אַזוי אָנגענעם צו לייענען און זיך באַקענען מיט די שרייבער פון דער נאָענט. דער טרויעריק־עלעגישער טאָן פון דוד בערגלסאָנס ווערק, ווערט געמילדערט דורך איר פאָרטרעטירונג.

דורך איר אויסטייטשן בערגעלסאָנס ווערק, באַגערט זי צו וואַרפן אַ העלע שיין אויף די פאַרשידנסטע פעריאָדן פון זיין שאַפן. זי וויל פּרואוון פאַרשטיין זיינע בלאָנדזשענישן. וואָרים. בערגעלסאָן האָט געזוכט אַ מקום מנוחה פאַר זיך, און געוואַנדערט פון מדינה צו מדינה. און אויסגעקליבן האָט ער זיין געבוירנלאַנד רוסלאַנד, וואו פאַרן שכר פאַר זיין שאַפן, האָט דער סטאַלין־רעזשים אים באַצאָלט מיט אַ קויל אין האַרץ.

גיטל מייזיל, אַ נאָענטע קרובה פון בערגעלסאָנען, האָט גוט געקענט דוד בערגעלסאָנען. זי פאַרמאָגט אָבער די געהעריקע מאָס פון אָביעקטיווקייט, די דיסטאַנץ פון אַ קריטיק־שרייבערין צו קענען ערלעך

אַנאַליזירן זיינע ווערק פון "אַרום וואָקזאַל" ביז צו דער העראָאישער דראַמע "פּרינץ ראובני".

גיטל מייזיל דערפּילט, אַז מען דאַרף זאָגן דעם אמת, אַז בערגעלסאָן האָט היפּשלעך מגזם געווען אין זיין צוגאַנג צום יידישן לעבן מיט זיין נעגאַטיוויזם אין "פּענעק". נאָך מער: די טענות פון מחבר אין די פריערדיקע שאַפונגען זיינען קינסטלעריש געמילדערט און געלייטערט געוואָרן פון עפּעס אַ מין טרויער נאָך אַ וועלט וואָס גייט אונטער. מיט דער צייט אָבער איז פונעם טרויער־הויך קוים געבליבן אַ שפּור. מיט דער צייט פאַרוואַנדלט זיך בערגעלסאָן פון אַ צד — אין אַ באַשולדיקער, און כדי דער גזר־דין זאָל זיין וואָס שטרענגער און גערעכטער, באַניצט ער זיך מיט פאַרבן שוואַרצער פון שוואַרץ".

גיטל מייזיל איז נישט פורש בשמו פון דעם ראָמאַן פּענעק". אָבער עס איז קלאָר, אַז אַזאַ געדיכט־נאַכטיקן שאָטן, האָט ער געוואָרפן אויפן הויז פון מיכאל לעווין דעם נגיד און למדן.

פאַרוואָס איז געקומען אַרויסצוברענגען מיכאל לעווינען אין אַזאַ פינצטער ליכט? אין אמת פון דער שטעטל־רעאַליטעט, איז דאָך מיכאל לעווין ענלעך צו שלום אַשס ר' יחזקאל גאָמבינער אין "שטעטל". מיכאל לעווינס שטוב איז געווען אָפן פאַר אַלעמען. און זיין למדנות און פירעכץ דערמאָנט דאָך אין י.ל. פּרצס שטאַמפּאָטער פון "פיר דורות פיר צוואות". דאָס געשטאַלט פון מיכאל לעווין דאַרף געקערט ווערן מער אין שיין פון ליכט, ווי אין דער טונקלעניש פון שאָטן.

דאָס נעמלעכע האָב איך געשריבן וועגן "פּענעקן", טאַקע אין "יידישע קולטור" מיט אייניקע יאָר צוריק, און דער פאַרשטאָרבענער פיינער קריטיקער נחום אויסלענדער האָט אין אַן איינגעהאַלטענעם טאָן דערווידערט אין "סאָוועטיש היימלאַנד" קעגן מיין קריטיקירן פּענעקן אויף אַזאַ שטייגער. נו אין פּענעק זיינען דאָ מעכטיקע און פרעכטיקע קאַפּיטלען. און דאָס איז פאַר זיך גופא אַ הויכע קינסטלערישע דערגרייכונג. אָבער, למען האמת, דאַרף געזאָגט ווערן, אַז אַ קינסטלער טרעט אָפּ פון דעם אמת פון דער רעאַליטעט, פאַרלירט ער ממילא אויך דעם אמת פון דער קונסט.

אָבער היינט איז גרינג צו פאַרשטיין בערגעלסאָנען און זיין אָנשטרענגען זיך צו פאַרלייקענען די שיינקייט פון נעכטיקן יידישן לעבנס־שטייגער, צוליבן שאָטן־געוועב. עס איז געווען דעמאָלט אַ פּעריאָד פון "איבערשאַצן", און פאַרלייקענען, און די בייזע לעבנס־אומשטענדן האָבן דוד בערגעלסאָנען, ווי פיל אַנדערע שרייבער און פּאָעטן אַראָפּגעשטויסן פון שליאַך. סיי ווי סיי דוד בערגעלסאָן איז געווען און געבליבן דער סאַמער גרעסטער וואָרטמייסטער אין דער יידישער ליטעראַטור, דער בוימייסטער פון מייסטערשאַפונגען.

זייער טרעפלעך כאַראַקטעריזירט גיטל מייזיל דוד בערגעלסאָנס טרוימערישן ציל אין זיינע ווערק. ער האָט באַגערט צו דערגרייכן דאָס גליק פון מענטשן, און מיט זיין שאַפן, האָט ער געפירט צו אָט דעם הויכן ציל, אין דער אייביקער בענקשאַפט פון מענטשלעך גליק: "בעצם האָט זיך שוין אינעם ראָמאַן 'נאָך אַלעמען' אָנגעהויבן זיין אייביקע 'דין־תורה' מיט די יידישע נגידים, וואָס צו זיי האָט ער געהערט לויט זיין אָפּשטאַמונג און דערציאונג".

דורכגעדרונגען מיט אַ טיפער בענקשאַפט און שטרעבונג צו אַ געדערבטן מענטשישן גליק, האָט "נאָך אַלעמען", פונקט ווי זיינע אַנדערע ווערק פון אַמאָל, זיך אַריבערגעוואָרפן ווי אַ בריק, אין דער נאָך רעוואָלוציע צייט.

אין דוד בערגעלסאָנס צוויי נאָך־מלחמה־פּיעסן וועגן אונדזער חורבן גליט ווידער אויף דער בטחון וועגן דעם יידישן פאָלק, וואָס פירט אַן אייביקן געראַנגל פאַר זיין לעבנס־קיום. און ווען פּרינץ ראובני קומט אום אין שלאַכט, איז פאַרן אויסהויכן דעם לעצטן לעבנס־אָטעם זיינעם זיינען די לעצטע ווערטער דורכגעגליט מיט דעם גלויבן פון שטאַרקן דעם שלאַכט־פירער שבתי: "איך שטאַרב... די שלאַכט פיר ווייטער. מיין צוואה דורך דיר איך לאָז: דו קעמפסט, מיין פאָלק, דאָס הייסט, דו לעבסט, מיין פאָלק"...

דער נסתר דערציילט: ווען פּרץ איז געשטאָרבן, האָט בערגעלסאָן, דער ווייטאָנערקענטער שרייבער, זיך פאַרלאָרן און געוויינט: "אויף וועמען האָט ער, פּרץ, אונדז איבערגעלאָזט?"

גיטל מייזיל ווייכט נישט אָפּ פון איר באַמיאונג צו דערזען אַ שרייבער אין זיין אינערלעכער שעפערישער, אידייאיש־קינסטלערישער וועלט, און גלייכצייטיק באַקענען דעם לייענער מיט געוויסע מאָמענטן פון זיין לעבן. אָט די אייגנשאַפט פון איר עסייאיסטישן שרייב־מעטאָד האָט די גרויסע מעלה, וואָס דער שרייבער ווערט דערקאָנטער דורך צייכענען זיין אויסערלעכן אויסזען, און אויך זיין דרך החיים — ווי אַזוי ער האָט געלעבט און זיך אויפגעפירט אין זיין סביבה כל ימיו. אויף אַזאַ שטייגער איז געשריבן איר מאָנאָגראַפישע עסיי וועגן דעם קדוש, דער נסתר, וואָס איז הייליק געווען אין זיין גאַנצן לעבנס־באַנעם. זיין שאַפן קאָן פאַרגליכן ווערן צו אַ סופר, וואָס ציילט יעדעס אות און ציטערט איבער יעדן וואָרט. אַזאַ איינדרוק קריגט מען ביים לייענען דעם נסתרס יידיש־קודשדיקע ספרים, און הייליק־דערהויבנדיק ווירקט אויף אונדז גיטל מייזילס טיף־איבערגעלעבטע, טיף־דורכגעלויכטענע עסיי, וואָס איז אַן אַרומנעם פון נסתרס שאַפן אויף אַ שטח פון קנאַפּע 17 זייטן. זי אַנטפּלעקט דעם בראשית פון נסתרס שאַפן, ווען מיט אויסטערלישע, מיטאָס־מעשהלעך, האָט ער געוואָלט ווען פאַרשטיין די מיסטעריע פון דעם מענטש אין דער וועלט.

עס איז געווען מעשה אין נוסח פון אַ משל, מען זאָל זיך דערפון אַראָפּנעמען אַ מוסר:

כ׳האָב אַ מעשה צו דערציילן,
ווי ס׳אַמאָל, אין יענע יאָרן,
ווינטער־צייטן האָלץ צום האַקן
אין אַ וואַלד אַ גוי געפאָרן.

פון אָט דעם קלאָרן וואָרט־קלאַנג אין דערציילן פון וועלטן ווייט־פאַרהוילענע, האָט ער זיך מיט דער צייט אָפּגערוקט. ער איז אַרויס פון פאַרבאָרגעניש, און אונדז איבערגעלאָזט ווערק פון אייביק־קינסטלערישן ווערט. טיף־יידישע און שאַרף־סאָציאַלע ווערק. ער האָט געשילדערט אַ רעאַלע וועלט אין זיינע מלחמה־דערציילונגען. אין זיין ״משפחה מאַשבער״, האָט ער אַרויסגעהויבן געשטאַלטן, וואָס אין זייערע מחשבות, יידישער־שטייגערישן רעדנסאַרט, און מיט זייער מוסטער־האַלטן לעבנס־פירונג, העלער געמאַכט דעם נסתרס בענקשאַפט צו זען אַ נייע וועלט מיט דערהויבענע מענטשן, וואָס וועלן ווי לוזי מאַשבער אין זיין ״משפחה מאַשבער״ קענען זיין אַ מוסטער מיטן אומגיין מיט מענטשן און זיי לערנען:

״איידער מען גייט באַשטראָפן אַ מענטשן, וואָס בלאָנדזשעט אויף גייסטיקע וועגן און שטעגן — דאַרף מען פריער אויפקלערן די סיבות פון זיין שולד. מען זאָל, חלילה, זיך נישט איילן אים אָפּשטויסן, מען זאָל נישט אָפּזאָגן אים דאָס לעבן אויף דער און אויף יענער וועלט!״

אָבער אויף נסתרן האָט מען גוזר מיתה געווען, און אים געפירט צו דער שחיטה, ווען ער איז געווען דער איידלסטער פון די איידלסטע — געהייליקט דורך דעם שטייגער פון זיין שטילן־ערלעכן לעבן און שאַפן. אין גאַנצן איז דער נסתר אַלט געווען 60 יאָר ווען די סטאַלין־מערדער זיינען געקומען איבערשניידן דעם פאָדעם פון זיין יונג לעבן, און עס איז געווען כאַראַקטעריסטיש פאַר נסתרן צו זאָגן (ווי מען גיט איבער): ״איך וואַרט שוין לאַנג אויף אייך״ — האָט זיך דער נסתר געווענדט צו יענע פאַרשוינען — ״גרייט און ווייליק צו טיילן דעם גורל פון מיינע חברים און פריינט. מיינע כתבים? איך האָב זיי געשריבן נישט צוליב אייך. זוכט זיי נישט, איר וועט זיי נישט געפינען״.

אין גיטל מייזילס עסייען־זאַמלונג געפינען זיך אָפּשאַצונגען וועגן לייב קוויטקאָ, פּרץ מאַרקיש, שלמה מיכאָעלס און מאַקס ריינהאַרד, בנימין זוסקין, צוויי ביכער אין איין אָטעם וועגן מעמואַרן־בוך פון נאַניעדזשדאַ מאַנדעלשטאַם און ״אַלץ שטראָמט״ פון וואַסילי גראָסמאַן, איציק קיפּניס, י. פּאַפּיערניקאָוו יעקב פרידמאַן, עלי שעכטמאַנס ראָמאַן ״ערב״, מרים אולינאָווער, רייזיל זשיכלינסקי די פּרויען־דיכטערין, אָנו עולים, יוכבד בת־מרים, הדסה רובין, ווירדזשיניא וואולף און אירע מיטצייטלערס, ימי צקלג, אַ פּאָר ווערטער וועגן דער עמאַציאָנעלער מאַפּע פון ישראל, חברים מספרים, ביכער, אַ פּאָר צוגאָבווערטער.

איך האָב אויסגערעכנט דעם אינהאַלט, בכדי דער לייענער זאָל וויסן די פילזייטיקייט פון אירע עסייען. איך שטעל זיך נישט אָפּ אויף די איבעריקע עסייען, מחמת זיי זיינען אַלע געשריבן מיט אַן אינטים־עמאָציאָנעל געמיט. מיט מיין איבערגעבן מיין איינדרוק פון די עסייען וועגן בערגעלסאָן און דעם נסתר, איז געווען מיין כוונה, אַז דער לייענער זאָל זיך באַקענען מיט דער הויך־באַגאַבטער עסייאיסטין גיטל מייזיל, וואָס איר בוך איז נישט בלויז נאָך אַ בוך אָפּשאַצונגען וועגן שרייבער און דיכטער, וואָס קריטיק־שרייבער מיט זייערע טייטשונגען און אַריינטייטשונגען (נוצנדיק דערביי די פון לאַנג־שוין אָפּגענוצטע טערמינאָלאָגיע פון קריטיק־שרייבעריי), איז אָנשטאָט צו דער־נענטערן דעם שרייבער צום לייענער, דערווייטערט מען אים גאָר.

גיטל מייזיל ברענגט די שרייבער נאָענט צום געמיט פון לייענער, ווייל עס איז אַ בוך מיט אַ היימיש־האַרציקער אַטמאָספערע. די שרייבער, וואָס איר האָט ליב געהאַט, און זיי זיינען אייך נאָענט, ווערן דורך אירע געפילפולע עסייען, נאָך נאָענטער און ליבער, ווייל מער דערקענטער און פאַרשטענדלעכער.

גיטל מייזיל האָט נאָך אַ גרויסע מעלה, ווען אפילו נישט אַלע אַרויסזאָגונגען נעמט מען אָן, האָט מען באמת גרויס הנאה פון איר אייגנאַרטיקן שטייגער פון שאַצן אַ ווערק, און דערהויבן אַ שרייבער מיט די ליכטיקסטע געפילן פון שעצונג.

דאָס עסייען־בוך פון גיטל מייזיל לייענט זיך מיט גרויס אינטערעס. עס איז ממש צו באַוואונדערן, אַז אַזאַ ערנסט און פאַרטיפט בוך, מיט אויסגעצייכנטע גוט־פאַרטראַכטע עסייען זאָלן זיך לייענען ווי אינטערעסאַנטע, גוט און שיין געשריבענע בעלעטריסטיק.

אַזאַ בוך עסייען שרייבט זיך נישט גרינג און גלאַטיק. אַזעלכע עסייען פיבערט מען אויס. דעריבער זיינען אייניקע עסייען רירנדיק אין געציטער פון דער איבערלעבונג.

יאָ, עס איז אַ געפילפול בוך. דורך אים ווערט די עסייאיסטין גיטל מייזיל אונדז היימיש־נאָענט, און היימיש־וואַרעם דאַרף יעדער לייענער אויפנעמען איר עסייען־בוך, וואָס וועט פאַר אים עפענען די טיר צו דער ליטעראַרער שיין וואָס האָט געקוועלט אין האַרץ פון גרויסע יידישע מייסטערשאַפער, וואָס זייערע ווערק וועלן באַלויכטן דעם וועג פון די ווייט־ווייטסטע דורות.



**פון שלום שטערן**

# וועגן מיין פּאָעמע "אין קאַנאַדע"

מיט אַ פּאָר חדשים צוריק איז דערשינען אין מאָנטרעאל שלום שטערנס גרויסע פּאָעמע "אין קאַנאַדע", וואָס האָלט 480 זייטן און באַשטייט פון 110 קאַפּיטלען. עס איז דער ערשטער באַנד, און דער דיכטער אַרבעט איצט אויפן צווייטן טייל, וואָס באַדאַרף שילדערן יאָסלען, די צענטראַלע געשטאַלט פון דער פּאָעמע, אין זיינע ווייטערדיקע איבערוואַנדלונגען און אַרויסברענגען די סביבות, אין וועלכע ער זעצט־פּאָר זיין לעבן און ער זעצט־פּאָר זיין קולטור־שאַפערישן וועג. שלום שטערן איז דער דיכטער פון אייניקע לידער־זאַמלונגען, און "אין קאַנאַדע" איז זיין ערשט ווערק פון אַזאַ גרויסן פאַרנעם.

מיר האָבן זיך געווענדט צום דיכטער מיט דער בקשה, ער זאָל אויפקלערן פאַר אונדזערע לייענער די מאָטיוון, וואָס האָבן אים באַוואויגן צו פאַרמעסטן זיך אויף דעם־אָ ווערק. אויף אונדזערע שריפטלעכע פראַגן, האָט שלום שטערן אונדז צוגעשיקט די תשובה, וואָס מיר גיבן דאָ ווייטער. — נחמן מייזיל.

איך וועל אָנהייבן מיט דער ערשטער פראַגע: א) "וואָס אַזוינס האָט אייך געשטויסן זיך צו נעמען פאַר דער־אָ טעמע?"

אין 1949, נאָך מיין ערשטן באַזוך אין פּוילן, איז פאָרגעקומען אין מיר אַן ענדערונג. איך האָב געזען דעם גרויסן חורבן, ווי די קליינע יידישע שטעטלעך, און די גרויסע שטעט מיט קוואַרטאַלן פול מיט יידן און רוישיק יידיש לעבן, ווי דאָס אַלץ איז פון אונדז אַנטרונען געוואָרן אויף אייביק. די נאַציס האָבן פאַרטיליקט דאָס יידישע לעבן און דעם יידישן שאַפן אין פּוילן מיטן גאַנצן אַלטן און נייעם לעבנס־שטייגער. אַ יידישע וועלט — אין שטויביקן אַש. באַרימטע יידישע שטעט אין פּוילן, ווי לובלין, לעמבערג, קראָקע, זאַמאָשטש, ווילנע און וואַרשע, וואו עס איז אויפגעגאַנגען דער אור התורה, דאָס דורותדיקע און ניי־מאָדערנע יידישע שאַפן, וועט זיך שוין צו אונדז מער נישט אומקערן. און די יידן — די אַלע טיפן און געשטאַלטן זיינען נישטאָ מער. קאָן מען פון ווייטיק בלייבן אַזוי פאַרקלעמט, אַז אפילו קיין קלאָג־ליד זאָל מען נישט קאָנען אָנשרייבן. איך האָב געפילט, איך קאָן נישט שרייבן וועגן דעם גרויסן, הערלעכן נעבכטן, ווען עס ליגט אַלץ אין חורבן. איך האָב געזען דעם חורבן און דעם גרויל פון חורבן און איך האָב דערפילט, אַז מען דאַרף זיך אַ קערעווע טאָן ערגעץ אַנדערש.

דאָס איז געווען די ערשטע ווירקונג, וואָס האָט מיך אַרויסגעשטויסן פון שוין־לאַנג אויסגעלייגטן טראַקט, צו אָפּלעבן דעם גרעסטן טייל פון טראָפּן לעבן אין אַ ניי לאַנד, און כסדר אין בענקשאַפט, זיך ציען צום היימשטעטל און שילדערן דאָס לעבן פון מעבר לים. איך פאַרלייקן נישט די

וויכטיקייט און דעם קינסטלערישן ווערט פון יענע, וואָס ברענגען אַריין אַ נייעם טאָן אין דער שטעטלדיקער טעמאַטיק. אָבער די מערסטע זיינען, לויט מיין איינדרוק, אימיטירער. זיי גיבן כמעט גאָרנישט צו, צו דעם, וואָס עס האָבן שוין דערציילט, געשריבן און געשילדערט די ריזן פון דער יידישער פּראָזע, די קלאַסיקער: מענדעלע, פּרץ און שלום עליכם, א. מ. ווייסענבערג, אַש, רייזען, דוד בערגעלסאָן, דער נסתר, י. אָפּאַטאָשו, י. י. זינגער וכדומה.

מיר, יידישע שרייבער, — די גרעסטעוועטע נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, זיינען אימיגראַנטן, וואָס זיינען פיל פיינען און פיל נסיונות דורכגעגאַנגען דאָ הי, אין די נייע וואוין־לענדער, ביז זיי זיינען געוואָרן היימלענדער. מיר האָבן מיטגענומען שטיקער פון דורותדיקן שטייגער און געפּרואווט אַרויפציען אַ ניי געצעלט, און די שיינקייט און די אידייען־ריינקייט פון דעם אַמאָליקן היימשטעטל געפּרואווט איבערפּלאַנצן דאָ הי, עס האָט דאָ געברויזט אַ יידיש־אַרבעטער און פאָלקס־לעבן. געווען אידייען־קאַמף, שווערער געראַנגל. מען האָט געבויט די יידישע קולטור און געשאַפן די יידישע ליטעראַטור. אין יענעם געראַנגל זיינען געווען יידישע הייזער אין קאַנאַדע, וואָס זיינען נאָך געווען היימען פאַרן יידישן רעליגיעזן און טראַדיציאָנעלן לעבנס־שטייגער, און מיר, די יידיש־יוגנט, זיינען געקומען אָנגעלאָדן מיט הויכע אידייען און דערהויבענע אידעאַלן. מיר האָבן געפירט קאַמפן אין שאַפּ, אויף דער יידישער גאַס און געווען פול מיט גלויבן אין העלע טעג, וואָס וועלן אויפליכטיקן פאַר אונדז. אונדזער קאַמף איז געגאַנגען שענער און דערהויבענער צו מאַכן דאָס יידישע לעבן. מיר זיינען געווען אָרעם, זיך געמוטשעט פאַרן שטיקל ברויט, אָבער מיר האָבן זיך געריסן אַריינצוברענגען די שיינקייט און די ליכטיקייט פון אונדזערע אידייען אין אונדזערע הייזער, אין אַלע אונדזערע טואונגען. עס איז געווען אַ שיינער דור, אַ דור, אָנגעלאָדן מיט אידייען און באַלויכטן מיט הויכן אידעאַליזם. און די צייט שטייט נישט. יענער פּעריאָד האָט זיך שוין כמעט אָוועקגערוקט פון אונדז. די מענטשן, די קעמפער און בויער, ווערן וואָס אַ טאָג ווינציקער. ליגט א חוב אויף די שרייבער, וועלכע זיינען געווען אין געראַנגל פון יענער צייט, צו דערציילן און שילדערן יענע פּעריאָדן אין היגן לעבן.

מוזן מיר עס טאָן. מיר דאַרפן קינסטלעריש עס אויפכאַפּן, מיר זיינען דערווידער די שאַבלאָנע וואַריאַציעס פון די קדושה און אהבת־ישראל־לידער. עס איז אַ סימן, אַז מען האָט נישט קיין באָדן, אַז מען האָט זיך אַרויסגעטרייסלט פון דער אייגענער וועלט פון אידייען און אידעאַלן. אַ דיכטער וואָס איז טיף פאַרוואָרצלט אין פאָלקס־לעבן, אין שטייגער־פאָרם, דאון שעפּט פון די אייגענע, דורותדיקע קוואַלן, דאַרף נישט דערקלערן, אַז ער איז אַן אוהב ישראל, און דאַרף זיך נישט רייניקן טאָג איין טאָג אויס. פון זיין גאַנץ שאַפן, פון געמיט פון זיינע שאַפונגען, דאַרף אַרויספליסן דאָס

נאַציאָנאַלע, אין וואונדערלעכן געוועב מיט די סאָציאַלע מאָטיוון פון זיין צייט. מיר איז מער ניחא אפילו שוואַכע אָנשטרענגונגען צו שילדערן דאָס יידישע און אַלגעמיינע לעבן אין קאַנאַדע אין אַמעריקע, ווי די גאַנצע פאַרפלייצונג פון דער פאַרפרומטער ליריק. אַ שוואַכער אָנהייב וועט דערפירן צו ווייטערדיקע פאַרמעסטן. און אפילו די שוואַכסטע שילדערונגען פון היגן לעבנס-שטייגער מיט אַלע זיינע פאַרקרומטע, פריקרע שנויים קאָן נאָך אַלץ באַלויכטן ווערן מיט אַ סך אינערלעכער שיינקייט.

דעריבער איז מיר אַזוי נאָענט י.י. שוואַרץ. אמת, די פּאָעטישע קוואַליטעט פון "קענטאָקי" איז נישט אומעטום דערפירט געוואָרן צו קינסט-לערישער שלימות, אָבער י.י. שוואַרץ איז געווען אַ פּיאָנער. ער האָט דער ערשטער זיך אַריינגעריסן אין אַ נייער מיליע. ער האָט אויפגעשטעלט אַ בנין לדורות. ער האָט געזען דאָס נייע אין דעם ייד אין דער נייער וועלט. אַזוי דאַרפן מיר אויך צוגיין צו דעם לירישן און האַרציקן דערציילער א. ראַבאַי. ער איז אַ שרייבער פון דער היגער ווירקלעכקייט. נישט תמיד רייסט ער אונדז מיט. אָבער עס רייצט אונדז זיין תמימות, די האַרציקע און ליכטיקע פאַרליבטקייט אין דער היגער נאַטור. צו לאַנג האָבן מיר געקוקט לעבר לים פאַראַן דאָס געפיל וואָס פייניקט, אַז מיר זיינען געבליבן אַליין, ווייל דער עולם האָט זיך אָפּגערוקט פון אַרבעט און קאַמף. גאַנץ אָפּט באַפאַלט אייך דער טרויער, וואָס באַטריבט דאָס געמיט, אַז עס איז נישטאָ פאַר וועמען צו זינגען דאָס קאַמפּס-ליד. אין אָט אַזאַ שטימונג געפין איך זיך גאַנץ אָפּט. מיר קריגן צום מערסטן ביכער, געדרוקט אין די שטאַטן, אין די לאַטיין-אַמעריקאַנער לענדער, אין קאַנאַדע, אָבער זיי האָבן אין תוך קיין שייכות נישט מיטן לעבן פון די לענדער. מיר דאַרפן אָנהייבן צו באַקומען קאַנאַדער ביכער, אַרגענטינער ביכער, אַמעריקאַנער ווערק, וועלכע זאָלן זיין דאָס שפּיגל-בילד פון די לענדער פון נאָענטן עבר און דעם שטרעבנדיקן היינט.

אייער צווייטע פראַגע: "איז דאָ עפּעס אַזוינס ספּעציעלעס אין קאַנאַדע בכלל און אינעם יידישן ישוב פון קאַנאַדע בפרט, וואָס האָט אייך געצויגן ווי אַ דיכטער און אַ מענטש-ייד, צו פאַרפּיקסירן עס אין אַ פּאָעמע ?"

מען האָט אַ טבע ביי אונדז צו באַטראַכטן קאַנאַדע און אַמעריקע ווי אַ שטוב מיט אַן אַלקער. אַמעריקע — די ברייטע שטוב, און קאַנאַדע — עפּעס אַן אַלקער, ווי אַ צוטשעפּעניש צו דער גרויסער און רייכער אַמעריקע.

נו, די נאָענטקייט צו ניו-יאָרק האָט אין געוויסע פּעריאָדן געשטערט קאַנאַדע זיך גייסטיק צו אַנטוויקלען אויף אַן אייגנאַרטיקן אופן. מען האָט אַ סך איבערגענומען און אַ סך נאָכגעמאַכט דאָס יידישע לעבן אין די שטאַטן. איז זעט עס טאַקע אויסערלעך אויס, אַז עס זיינען נישטאָ קיין גרויסע

אונטערשיידן צווישן אַמעריקע און קאַנאַדע. עס איז אָבער בלויז אַזוי דער אויסערלעכער איינדרוק. אין דער טיף האָט זיך אויסגעפאָרמירט אַ ייד וואָס איז קאַנאַדיש אין זיין כאַראַקטער, אין זיין אַרט דענקען און אין דעם שטייגער פון בויען זיינע געזעלשאַפטלעכע און קולטור־אינסטיטוציעס. עס איז נישט קיין צופאַל, וואָס אין מאָנטרעאָל האָבן מיר יידישע טאָג־שולן אין יידיש, אין העברייאיש. דער קאַנאַדער ייד איז ווינציקער אַסימילירט און ממילא זוכט ער מער זיך איינצולעבן אין אַ יידישער סביבה. ער בויט שולן, ער שטעלט אויף יידישע פאָלקס־ביבלאָטעקן,, די בריקן צום מאָרגן, וואָס זאָל ווערן המשך אין טראַדיציאָנעלן גייסט. און ווען איך זאָג "טראַדיציאָנעל", מיין איך נישט דווקא אין רעליגיעזן זין. כ׳מיין טראַדיציאָנעל אויך אין דעם וועג פון וועלן אויפהאַלטן דעם אַרבעטער־און פאָלקס־גייסט, און היטן די שיינע פאָלקס־טראַדיציע, געבונדן מיטן קאַמף פאַר סאָציאַליסטישע אידייען. דאָס האָט דעם קאַנאַדער ייד געמאַכט מער שטייגעריש, מער גענייגט צו מצוות מעשיות. עס מיינט אויפהאַלטן אַ יידיש לעבן. אַוודאי, איז אַלץ נישט אַזוי לויטער דאָ ביי אונדז. אָבער די קאַנאַדישע לאַנדשאַפט, די מער־גענייגטקייט צו לעבן היימיש־און־שטייגעריש האָט שוין געשאַפן אַן אָנהייב פון אַ לעבנס־פאָרם, וואָס אין איר פאַרבט זיך דער נייער לעבנס־דרך פון היגן ייד.

ווען מען באַקענט זיך מיטן היגן ייד אין זיין היים, דערקענט מען די אַנדערשקייט און מען דערפילט די באַזונדערע פאָלקסטימלעכקייט, וואָס איז געבליבן און וועבט זיך נאַטירלעך צונויף מיטן אַלגעמיינעם אַרום. מיין איינדרוק, אַז דער קאַנאַדער ייד איז שטילער, באַשיידענער, אַז ער איז נישט אַזוי גאַסיק־אַסימילירט, ווי דער אַמעריקאַנער ייד. ער איז נישט אַזוי זעלבסט־זיכער, פאַרריסן, ווי דער אַמעריקאַנער אַסימילירט־געוואָרענער ייד.

אפשר איז דאָס דער רעזולטאַט פון דער אַלגעמיינער אַמעריקאַנער ארומרינגלונג. מיר, קאַנאַדער יידן, האָבן געהאַט אַנדערע דערפאַרונגען, אַנדערע לעבנס־באַדינגונגען און טראַדיציעס, וואָס האָבן אַרויפגעלייגט אויף אונדז אַן אַנדער מין חותם. דערצו דאַרף מען נישט פאַרגעסן, אַז די קאַנאַדער אימיגראַציע איז אַ ייִנגערע, און זי האָט געהאַט צייט אין דעם פּראָצעס פון צופּאַסן זיך און אַריינפּאַסן זיך אין דער נייער לעבנס־סביבה, אויסצומיידן אַ סך פון די קרומקייטן אין די שטאַטן.

מעגלעך, אַז עס איז בלויז אַזוי מיין איינדרוק, בעט איך מחילה ביי די אַמעריקאַנער יידישע לייענער פון דער "יידישע קולטור".

מיך האָט, ווי אַ דיכטער און ווי אַ ייד, שטאַרק געררייצט דער ייד אין קאַנאַדע, איבערהויפּט דער יונגער און עלטערער יידישער אימיגראַנט, וואָס איז אַריינגעפאַלן אין די גרינע יאָרן, ווי אין אַ פיינען־טאָל. דער גרעאַנגל האָט מיך שטאַרק געררייצט און עס איז געוואָרן מיין אַמבציע אָנצושרייבן אַ ראָמאַן אין פערזן, וואָס זאָל שילדערן יענעם פעריאָד פון שווערן גראַנגל,

אָבער גלייכצייטיק אויך פול מיט אידעאַליזם, דורכגעלויכטן מיט הויכע האָפנונגען.

דריטע פראַגע: "זיינען ביז איצט געווען פּרואוון אין דער יידישער ליטעראַטור, אין דער פּראָזע אָדער פּאָעזיע — אַרויסצוברענגען קאַנאַדע און געבן איר אַ קינסטלערישן תיקון?"

אויף ווי ווייט מיר איז באַקאַנט זיינען אַזעלכע פּרואוון נישט געמאַכט געוואָרן. געווען אייניקע פּאָעטן, וועלכע האָבן, ווי נאָר זיי זיינען אַראָפּ פון דער שיף, אויף דער גיך, געפּרואווט אַ באַזינג טאָן די קאַנאַדער לאַנדשאַפט, אָבער מער ווי אַ פאַלשער טאָן האָט זיך אין דעם דאָזיקן שנעלן, פאַרכליניעטן באַזינגען, נישט געהערט. עס איז געווען נישט איבערגעלעבט. מען דאַרף צוגיין מיט טראַדיציע, מיט אַמביציע און מיט גרויסן ערנסט און אפילו גרייט זיין אויף אַ דורכפאַל. ווייזט אויס, די קאַנאַדער פּאָעטן און נאָוועליסטן איז לייכטער צו גיין אויפן אַלטן, גלאַטן וועג, איידער אָנהויבן אויסטרעטן אַ נייעם וועג. מען דאַרף אויך ווערן מער עפּישער, ווי שרייבן די שאַבלאָן־באַקאַנטע ליריזמען.

אויב מיר האָבן נישט געזען קיין באַמיאונגען קינסטלעריש צו געשטאַלטיקן דאָס יידישע לעבן אין קאַנאַדע, האָבן מיר אָבער אַ צאָל פּייאיקע שרייבער פון דער געשיכטע פון יידישן קאַנאַדע, ווי ב. ג. זאַק, ש. ראָזנבערג, ד"ר יוסף קיידזש, אַ. אַנד.

פערטע פראַגע: "וואָס פאַר אַ שוועריקייטן זיינען געשטאַנען פאַר אייך ביים רעאַליזירן אייער דיכטערישע אויפגאַבע? האָט דער נייער אינהאַלט נישט פאַרלאַנגט ביי אייך קיין נייע פאָרם? האָט איר גובר געווען די שוועריקייטן?"

אויף דער פראַגע איז מיר צום שווערסטן די ענטפערן. איך וועל אָבער זיך באַמיען קלאָר מאַכן אייניקע מאָמענטן. ראשית, האָב איך געדאַרפט זוכן דאָס אייגנטימלעך־קאַנאַדישע אין דער לאַנדשאַפט און דעם ייד אויף דער ערד פון דעם שיינענדיקן שניי און שווערן ווינטער. עס איז אָבער נישט געווען בלויז אַ פראַגע פון נאַטור־שילדערונגען, צום שווערסטן איז די סביבה־שילדערונג, און דאָס אויסגעשטאַלטיקן מענטשן, אַריינבלאָזן אין זיי דעם רוח־החיים פון דער קונסט. און דאָ מוז מען אויסנוצן אַלע קונסט־מכשירים, די דערציילי־פאָרם, דעם דיאַלאָג. מען מוז אַריינברענגען לירישע ווייכקייט, וואָס זאָל זיך אַריינזינגען אין די עפּישע געמעלן, און שאַפן דערציילערישקייט און פּאָעטיש־געזאַנג. אַזוי אַרום, האָב איך זיך געדאַרפט לערנען דערציילן אַ מעשה, וואָס זאָל דעם לייענער פאַראינטערעסירן. אַרויסשיילן דאָס סאַמע שטייגעריש־כאַראַקטעריסטישע, וואָס זאָל זיין נאָענט צום געמיט און גייסט פון דעם לייענער, וואָס איז אַליין געווען אַ מיטווירקער אין אָט־דער סביבה, און ער קאָן זיין אַן עדות, אויב זיין שרייבער זאָל פעלשן... איך האָב געמוזט נוצן פאַרשיידענע פאָרמען, און

פון אָט־די פאָרמען אַרויסאַנדערשן מיין פאָרם, וואָס זאָל זיין דאָס קינסטלערישע געפעס, אין וועלכן עס זאָל קאָנען אַריינגעגאָסן ווערן דער נייער אינהאַלט.

צי עס האָט זיך מיר איינגעגעבן צו באַצווינגען דעם רויען שטאָף, און באַהערשן אַלע שטרויכלונגען, אויף דעם איז מיר גאַנץ שווער צו ענטפערן. אין אַלגעמיין, קאָן איך מיינען, אַז יאָ. אָבער דאָס שלימותדיקסטע ווערק איז נישט אָן פעלערן. מסתמא זיינען פאַראַן ערטער, וואו אין פאַרמעסט איז נישט אַרויס די פולע פאָרם, ווי איך האָב געוואָלט. איין זאַך, איך האָב נישט מורא געהאַט צו וואַגן און צו שמידן מיין אייגענע פאָרם. איך האָב געזוכט די פאַסיקע פאָרם און נישט אַ פאָרם עמעצן צו געפעלן ווערן. איך האָב געהאַלטן כסדר פאַר די אויגן דעם לייענער, און זיך באַמיט צו זיין קלאָר און פאַרשטענדלעך און גלייכצייטיק אין דער קלאָרקייט נישט פאַרלירן די פּאָעטישע שטימונג.

פינפטע פראַגע: ״איז די פאָעמע געוואָקסן בעתן שרייבן? איז זי אַריבערגעוואָקסן די מאָסן און גרענעצן, וואָס איר האָט זיך לכתחילה געשטעלט?״

בעת איך האָב אָנגעהויבן שרייבן, האָב איך מורא געהאַט, אַז מיר וועט נישט סטייען אויף די ערשטע פאָר קאַפּיטלען. אָבער אין פּראָצעס פון שאַפן, האָבן זיך אָנגעהויבן אויסצוקלאָרן כלערליי מאָמענטן, און אַלץ נייער מאַטעריאַל האָט זיך אָנגעזאַמלט. די טיפּן און געשטאַלטן האָבן זיך געקלאַמערט, איך זאָל אין זיי נישט פאַרגעסן. זיי ווילן בלייבן פאַר דער געשיכטע, און אין דער געשיכטע פון דער יידישער קינסטלערישער ליטעראַטור.

זעקסטע פראַגע: ״זיינען די אויסגעפילטע פערזאָנען און סיטואַציעס רעאַלע, — גענומען פונעם אַרומיקן לעבן? זיינען די הויפּט־געשטאַלטן אַרויסגעוואָקסן פון אייער סביבה? זיינען דאָ אויטאָביאָגראַפישע שטריכן און מאָמענטן?״

די טיפּן און די הויפּט־געשטאַלטן זיינען פון דער יידיש־קאַנאַדישער ווירקלעכקייט. דער געוויקל פון די פּאַסירונגען איז אויך היסטאָריש אמת. אַ סך לייענער, איבערהויפּט אין מאָנטרעאל, זאָגן, אַז זיי זיינען געווען מיטבאַטייליקטע אין אָט־די געשעענישן.

עס איז פון מיין סביבה, אָבער איך האָב געפּרואווט אויסצוקנעטן געשטאַלטן, לויטן אייגענעם צוגאַנג צו ליטעראַטור בכלל. איך האַלט, אַז דער ציל פון ליטעראַטור, איז נישט בלויז צו שילדערן די ווירקלעכקייט, ווי זי איז, נאָר ווי דער שרייבער וויל זי זען. און דער תכלית פון יעדע טעמע דאַרף זיין אַרויסצופירן אַזעלכע געשטאַלטן, וועלכע זאָלן ווערן אַ מוסטער, זאָלן זיין בכוח מיטצורייסן, פירן פאָרויס צו ליכטיקייט, ווייל זיי אַליין זיינען

דורכגעליכטיקט מיט דערהויבענע אידעאַלן. עס איז ווי דער וואונדערלעכער קינסטלער י. ל. פּרץ האָט געזאָגט: "נישט אייער ליכט, אייער אָנצינדער וויל איך זיין". אויב מען קאָן אָנצינדן אַ קליין ליכטל אין דער פינצטערניש, איז דאָס אַ גרויסער אויפטו אין דער ליטעראַטור.

פאַראַן ביאָגראַפישע שטריכן, אָבער זיי זיינען ניט דאָמינירנדיק. דאָס וואָס אייניקע קריטיקער רופן אָן די פּאָעמע, ווי אַ ביאָגראַפיש־פּאָעטיש ווערק, שטימט נישט מיט דער ווירקלעכקייט. הגם עס שאַפט זיך אַזוי דער איינדרוק.

זיבעטע פראַגע: "ביז וואַנען זײַט איר דערגאַנגען און דעם ערשטן טייל, און וואוהין פירט איר ווייטער די הויפּט־געשטאַלטן און די פּאַסי־רונגען?"

דער צווייטער טייל גיט אַ ברייטע שילדערונג פון פראַנצויזישע פאַרמער אין די לאָרענשן־בערג אין קוויבעק. אין יענער צייט זיינען די פראַנצויזישע פאַרמער געווען פרימיטיוו און תמימותדיק, טיף אַריינגעוואָקסן אין שטייניקן באָדן, אין דער טיף פון טונקעלע געדיכטע וועלדער. היינט איז יענע געגנט "ציוויליזירט" געוואָרן. מען האָט אָנגעבויט דאָרטן האָטעלן, און דער תמימותדיקער חן איז פאַרמעקט געוואָרן. אָבער אין דעם פעריאָד, וואָס איך באַשרייב, איז דאָרטן געווען אַלצדינג נײַ, טאַקע בראשיתדיק. די פאַרמער זיינען געווען פרום, אָבער אויך גאַסטפריינטלעך און גוט צו יעדן פרעמדן און דורכגייער. אויב עמעצער האָט זיי געררייצט קעגן ייד איז געווען דער גלח. איך גיב אויך די שווערע יאָרן פון אומלעגאַלקייט, פון אונטערדריקן די אַרבעטער־באַוועגונג. דעם אָנהייב פון פראָגרעסיווע אַרבעטער־פירער געפין איך גראָד אין פראַנצויזישן דאָרף, וועלכע פאַרלאָזן די שווערע אַרבעטס־באַדינגונגען אין דאָרף, אין וואַלד, אין דער זעג־מיל און ווערן אַרבעטער אין דער גרויסער שטאָט.

די מערסטע געשטאַלטן, איבערהויפּט יאָסל, פייגע, ר' הענעך, פּיער, חוה זיינען אויך פאַראַן אין רויש פון די נייע געשעענישן. דער ערשטער טייל האָט מיך אַ סך געלערנט אין פּרט פון באַאַרבעטן דעם מאַטעריאַל און ווי אַזוי אַרויסצוכאַפּן דעטאַלן און זיי אַריינוועבן אין גאַנג פון דערציילן און שילדערן.

איך האָף אַזוי־אַרום אויסצומיידן אייניקע חסרונות פון ערשטן טייל, וואָס זיינען מסתמא פאַראַן, ווי זיי זיינען אומפאַרמיידלעך אין גרעסטן קונסט־ווערק. אַך האָב בלויז איין באַגער: אַז דער צווייטער טייל זאָל אַזוי רעדן צום געמיט פון לייענער, ווי עס האָט געטאָן דער ערשטער. ער האָט געעפנט אַ קליין טירל צו דער וועלט פון לעזער.

אַכטע פראַגע: "האָט איר געהאַט פאַר זיך עפּעס מוסטערן, יידישע אָדער נישט־יידישע, ווען איר האָט געשריבן אייער ווערק?"

די פּאָר גרעסערע פּאָעמען מיט סביבה־שילדערונגען אין יידיש, האָבן נישט געקאָנט זיין פאַר מיר קיין מוסטער, נישט אין סטיל און נישט אין שטייגער פון דערציילן. איך האָב געהאַט צו טאָן מיט אַ נייער וועלט, וועלכע איך האָב מיר איינגעהיימישט און ליב באַקומען, און מיין ציל איז געווען זי איינהיימישן מיט אירע מענטשן אויך דעם לייענער. איך האָב נישט געוואָלט קיין גלייכגילטיקן לייענער, נאָר דער לייענער זאָל זיך דאָרטן געפינען, און אויב זיי האָבן זיך דאָרטן דערזען ווי אין אַ שפּיגל־בילד, איז עס צו פאַרדאַנקען, וואָס איך האָב נישט געהאַט קיין מוסטערן נאָכצוגיין. די אַלע דורכפאַלן, ווי די דערגרייכונגען, זיינען אַן אַרויסוואוקס פון אייגענער, אָנגעשטרענגטער קינסטלערישער אַרבעט. דער גאַנצער פאַרמעסט איז אַן אייגענער, אָנגערעגט פון דער אַרומיקער סביבה.



**פון שלום שטערן**

# איך פּאָר
# קיין קאַנאַדע

היינט פאָרט מען נישט. היינט פליט מען, און אין איין מעת־לעת באַוויזט מען אָנצוקומען פון עבר לים קיין מאָנטרעאָל. אָבער אין 1927 איז מען אַפילו נישט געפאָרן, נאָר מען האָט זיך געשלעפּט מיט באַנען און אין קליינע שיפלעך און אין שיפן, וואָס האָבן אויסגעזען אין מיַינע אויגן ווי מעכטיק־געבויטע טורעמס.

איך וואָלט, אייגנטלעך, געדאַרפט אָנהייבן מיַין נסיעה פון מיַין געבוירנשטעטל טישעוויץ, אָבער אויסדערציילן אַלץ, וואָס האָט מיט מיר פּאַסירט ביז וואַרשע און אין וואַרשע גופא, וואָלט עס זיך געדאַרפט ציען אין ממש צענדליקער המשכים. (אַגב, אָט דאָס אַרויספאָרן פון שטעטל און דאָס אַריַינפאָרן קיין וואַרשע, האָב איך פאַרשריבן אין מיַין מעמואַרן־בוך).

לכן — דעריבער איז דער אָנהייב פון וואַרשע. אייניקע וואָכן האָב איך געדאַרפט זיַין אין אָט דער הערלעכער שטאָט. מיך האָבן פאַרכאַפּט די שיינע גאַסן, די הויכע הערלעכע בנינים. אָבער דער רויש פון די רעדער, פון קלינגענדיקע טראַמוויַיען האָט מיך פאַרטויבט.

פערד האָבן אָן אויפהער געפויקט מיט די פאָדקאָוועס אויפן שאָסיי, און פונקען־פיַיער האָבן געשפריצט פון אונטער זייערע פיס. דאָס האָבן זיי געשלעפּט לאַסטוואָגנס און דער הילך פון די קיַיקלענדיקע רעדער האָב איך פאַרגליכן צום קנאַלן פון דונערן. איך האָב געטראַכט אין וואַרשע דונערט בסדר, כאָטש עס רעגנט נישט אַזוי אָפט... פון דער באַרימטער מאַרשאַלקאָווסקאַ־גאַס, בין איך ממש אַנטציקט געוואָרן. איך בין שוין נישט געווען קיין פּראָווינציאַל, וואָס באַגיַיסטערט זיך פאַר אַ גרויסער שטאָט, נאָר מאַרשאַלקאָווסקאַ האָט פאַרמאָגט אַן אייגנאַרטיקע באַצויבערנדיקע שיינקייט.

דאָך האָב איך זיך אין די אַריסטאָקראַטישע גאַסן געפילט ווי אַ פרעמדער, ווי איינער וואָס האָט פאַרבלאָנדזשעט אין אַ וויַיטער פרעמד. היימיש איז מיר געווען אין די יידישע גאַסן און געסלעך.

דער גרעסטער יידישער טומל איז געווען אויף די נאַלעווקיס. אומעטום אַן אויסגעמיש פון וועלטלעכער און חסידיש־טראַדיציאָנעלער

הלבשה. די יידישע גאַסן האָבן געהאַט אַן אייגענע דורות־יידישע, שטייגערשע פאַרב.

איך האָב זיך אויפגעהאַלטן אין דער אָרעמער, יידישער געגנט. די נויט האָט ממש געשניטן בײַם האַרצן. קיין צײַט זיך אַרומצוקוקן און באַקוקן די שטאָט און די פאַרשיידענע געגנטן, האָב איך נישט געהאַט. דערצו בין איך געווען באַלאָדן מיט אַ סך זאָרג. אַלע מאָל אַ נײַער שטער. אָט פעלט אַ פּאַפּירל צום קענען אַרויספאָרן פון דעם יידן־האַסנדיקן פוילן. געווען טעג פון גיין צום דאָקטאָר און זיך באַראַטן מיט די באַאַמטע פון ״האַיאַס״. און דאָרטן האָט מען זיך משתדל־געווען פאַר יעדן אימיגראַנט, און די אָנגעשטעלטע האָבן פיל געהאָלפן. מיך האָט סתם אָפּגעגליקט. אין ״האַיאַס״ האָט געאַרבעט מײַנער אַ בן־עיר, משה בערגמאַן. ער איז אַוועק פון שטעטל, ווי אַן אויפגעקלערטער. יענע יאָרן, האָט מען אים געהאַלטן פאַר אַן אַפּיקורס. באשר בכן, ער האָט זיך אונטערגעשניטן די קאַפּאָטע (געטראָגן אַ שיינעם אָנצוג), זיך געראַזירט, געלייענט ביכלעך און אויך שוין געקענט אַ גוטן פּויליש...

עס איז תּמיד געווען היימלעך מיט אים. ער ווױנט הײַנט אין ישראל. ער אַרבעט אין חיפהער פּאָרט. ער האָט דאָרטן אײַנגעפירט אַ שיינע ביבליאָטעק אין עברית און יידיש פאַר די פּאָרט־אַרבעטער. אין ישראל האָב איך אויסגעפונען, אַז משה בערגמאַן איז כל־ימיו געווען אַ רעליגיעזער ייִד און פירט זיך טראַדיציאָנעל־יידיש. על פּי נס, האָט ער זיך געראַטעוועט פון די מאָרדהענט פון די היטלעריסטן. דער ״האַיאַס״ האָט אים געשיקט מיט אַ געוויסער שליחות קיין אַרגענטינע, איז ער דאָרטן קראַנק געוואָרן, אָפּעריררט געוואָרן. דאָס איז געווען צוויי טעג איידער ער האָט געדאַרפט צוריקפאָרן קיין וואַרשע. זײַן פרוי מיט די קינדער זײַנען טאַקע אומגעקומען. ער האָט חתונה געהאַט מיט אַ יידישער פרוי פון אַרגענטינע זייער אַ ווױלער און גוטהאַרציקער מענטש.

נו, האָט משה בערגמאַן מיך אַרויסגעפּלאָנטערט פון אַלע צרות. ווען נישט ער, וואָלט דער דאָקטאָר, אַ וויסטער אַנטיסעמיט מיך און נאָך אַנדערע אימיגראַנטן געווען אָפּגעצויגן מיטן וויזיט צו אים נאָך צוויי טעג. איך וואָלט פאַרשפּעטיקט די שיף און וואָלט געדאַרפט בלײַבן אין וואַרשע נאָך אַ צוויי וואָכן. און איך בין געווען אין אַזאַ סיטואַציע, אַז איך האָב געמוזט (צוליב כמה וכמה טעמים) זיך געפינען ווי צום גיכסטן אויסער דער פּוילישער גרענעץ.

משה בערגמאַן האָט אַלץ אויסגעפּועלט. אַלע פּאַפּירלעך צוגעגרייט צו דער צײַט. מיט אַ וואָך פריער האָט מען געדאַרפט זײַן אין ״ווייהעראָווע״ (דאָס גרענעץ־שטעטל), צו קענען אין צײַט אויפשטײַגן אויפן קליינעם שיפל אין גדאַנסק.

די צענדליקער יאָרן האָבן נישט אָפּגעמעקט אין מיר דעם פּרימאָרגן פון מײַן אָפּפאָרן פון וואַרשע. עס איז שוין געווען סוף חודש נאָוועמבער. אַ געדיכטער נעפּל האָט פאַרהילט און פאַרהוילן די שטאָט. די סטאַנציע איז געווען אָנגעפּאַקט מיט אַרויספּאָרנדיקע. פּאָליציאַנטן קאָנטראָלירן די פּאַספּאָרטן, דעם באַגאַזש. עס ווינטיקט. מענטשן מיט פּעק, קוישן און הילצערנע קעסטלעך ווערן פאַרהאַלטן. עפּעס האָט מען געפונען אַ פּגם אויף אַ פּאַספּאָרט. דער שיף־אַגענט און די יידן האָבן זייער שומר ישראל — אַ האַיאַס־אָנגעשטעלטן, און ער טענהט, און ציט אַרויס יידן פון די, וואָס זוכן צו קריגן אין יד אַרײַן... אָן דעם גייט עס נישט...

נו, איך בין אַדורך אָן שום מכשול. און דאַרף שוין באַלד אַרײַן אין דער באַן. משה בערגמאַן שמייכלט צופרידן. ער איז געבליבן מיר צו געבן, ווי ער האָט געזאָגט, קוראַזש, ווײַל אַלץ איז בײַ מיר אין אָרדענונג. מײַן מאַמע ע״ה, וואָס איז איינציקע וואָכן געווען מיט מיר אין וואַרשע, פאַלט צו צו מיר מיט אַ גרויס געוויין און דערבײַ לאָזט זי מיר וויסן, אַז דער טאַטע ע״ה, איז געווען בײַם רבין און דער רבי האָט מיר געשיקט זײַן ברכה, און אויך מבטיח געווען, אַז איך וועל מיט השם יתברכס הילף קומען קיין קאַנאַדע בשלום. די מאַמע זעט באַשײַמפּערלעך, אַז דעם רבינס ברכה און הבטחה ווערן מקוים. סאַמע נסים. איז דאָך גוט! האַלט זי מיך אַרום און כליפּעט און ציטערט. אין דרויסן ווינטיקט. ערשטער פּײַף. מײַנע טרערן גליטשן זיך אויף דער מאַמעס פּנים, און דער ווינט הוידעט די אָפּגעפּליקטע ביימער און טראָגט זיך מיט דער אָפּרוישנדיקער באַן. און אין זײַן געשריי, הער איך דאָס געוויין פון דער מאַמעס צעבראָכן געמיט.

פאַרשווונדן וואַרשע מיט איר פּרימאָרגן־נעפּל און נאָדלדיקער קעלט. די באַן סאָפּעט און אײַלט זיך ערגעץ אין אַן אומבאַקאַנטער ווײַט, וואָס שרעקט, און גלײַכצײַטיק ציט עס צו קומען אַהין, וואָס גיכער. די באַן יאָגט פאָרויס און שפּײַט מיט גרוי־שוואַרצע וואָלקנס רויך. אָבער מיר דאַכט זיך, אַז די באַן קריכט ערגעץ באַרג־אַרויף. אַז דער אָטעם פאַרכאַפּט איר און דעריבער סאָפּעט זי אַזוי שטאַרק. אָבער ווי גיך די באַן זאָל זיך נישט יאָגן, איז עס פּאַמעלעך... אין דרויסן איז טאַקע קאַלט, אָבער מיר, אין וואַגאָן פאַרקלעמט, באָדן זיך אין שווייס. די ענגשאַפט איז גרויס. אַ סך זיצן אויף די אייגענע פּעק. צו מאָרגנס מיטן ערשטן שטראַל פון פּרימאָרגן האָט זיך די באַן אָפּגעשטעלט נישט ווײַט פון דער גרענעץ ווייהעראָווע. איטלעך איינער שרעקט זיך טאָמער וועלן די דאָקומענטן נישט געפעלן דעם פּריץ — דעם אַלמעכטיקן פּאָליציאַנט. מיט די פּעק טאָפּטשעט מען זיך אויף אַ זאַמדיקן וועג, אין דער דין־שנייקער ווײַסקייט פון מאָרגנפריר. און אָט איז די גרענעץ. באַוואָפנטע פּאָליציאַנטן איןביידע זײַטן. אַ פּײַף. אַן אויסגעשריי: ״באַטשנאָשטש״ (אַכטונג)! פאָרמירט איין לאַנגע ריי! האַלטן די פּאַספּאָרטן גרייט!

די אוקראַינישע פּויערים און פּויערטעס, אַלט און פיל יוגנט, ווערן

צעטומלט. פון דער באַן צום שלאָגבוים בײַ דער גרענעץ איז אַ פערטל וויאָרסט. דער פרימאָרגן זוניקט. דער העל־בלויער הימל שווימט אויפן בלענדנדיקן געפריר. מיר שפּרײַזן אין צווײ רײַען און דאָס טאָפּטשען און קלינגען פון די בענטש־לײַכטער, טעפּ און שיסלעך פון די אימיגראַנטן, צעטרייסלט די שטילקייט און פאַרשטאַרקט דעם אומרו אין געמיט.

די אוקראַינער פאַרהילכן מיט זייער געשריי: ״מאַיטשע פּאַשפּאָרט, דאָקומענטי? יאַ מאַיו! ציטערן אין דער לופט די ענטפערס.

די רײַען רוקן זיך פאָרויס. איך שטיי שוין פּנים אל פּנים מיט אַ געזונטן פּאָליציאַנט, מיט אַ פעט־אָנגעגאָסענער צורה. גראָבע וואָנצעס אַרויפגעדרייט ביז די שפּיצן. צווײ גרינצאָרנדיקע אויגן שטעכן זיך אײַן אין מיר און ער ברומט אַרויס: פּאַספּאָרט, דאָקומענטי! איך ווײַז אים אַלע פּאַפּירן. ער דרייט מײַן פּאַספּאָרט, איז בודק מײַנע דאָקומענטן. איך דערקען שוין, אַז דער ערל קען נישט לייענען. יידן דערשמעקן, אַז דער שומר יכולט נישט אין די קליינע אותילעך און שושקען זיך. עס איז גוט פאַר יידן. ער וועט זיך נישט קיין סך עוסקן מיט אונדז. אַזוי איז געווען. ער האָט נישט צופיל בודק געווען. ער האָט אַ געשריי געטאָן צום שוקענדיקן עולם: זשידזשי! און מיר האָט ער אָפּגעגעבן דעם פּאַספּאָרט און אַרויסגעברומט: מאַרש, מאָשקו (אַלע יידן זײַנען בײַ זיי געווען מאָשקעס). איך בין שוין געווען אין דער צווייטער זײַט. נאָך מיר האָט זיך געצויגן אַן עולם מיד, אויסגעהונגערט און האַלבשלעפעריק. אָבער אַ שמייכל פון פרייד האָט אַראָפּגעשײַנט פון אַלעמענס פּנימער. מען איז געווען צופרידן, וואָס מען איז שוין אַרויס פון דער פּוילישער השגחה... מען צעטיילט אונדז אין באַראַקן, און מיר זײַנען אַריבערגעגאַנגען אויף קעסט פון דער שיפסקאָמפּאַניע ״וויטע סטאַר לינע״ (מיר האָבן געלייענט פּאָנעטיש ווי אויף יידיש און פּויליש פון ווייט סטאַר ליין)

דאָס ״ווייהעראָווע״ האָט זיך מיר טיף אײַנגעגעסן אין די ביינער. מען האָט אונדז געגאָלט, ווו נאָר אַ האָר זיך געפונען אויפן לײַב. די גאָלמעסערס האָבן אונדז צעבלוטיקט. מיר זײַנען געווען ווי רעקרוטן, וואָס דאַרפן אַרײַנגעשטויסן ווערן אי די קאַזאַרמעס. מען האָט געפּאַרעט אונדזערע בגדים, מען האָט אונדז מכבד געווען מיט אַ שוויץ־באָד און אַ שפּריץ, וואָס דאָס קאָכעדיקע וואַסער און דער דאַמפּיקער רויך האָבן ממש געבראָטן דאָס לײַב.

אַזוי אויסגעצוואָגן האָט מען זיך געדאַרפט באַווײַזן פאַר זײַן הוד כבודו — די מעדיצינישע קאָמיסיע. ווי נאָר דער דאָקטאָר פלעגט צולייגן זײַן טרײַבל, האָט מען געציטערט פאַר זײַן פּסק־דין.

ווען מען האָט זיך אָפּגעפּאַרטיקט אויך מיט אַלע אונטערזוכונגען, האָט זיך אָנגעהויבן דאָס וואַרטעניש אויף דער שיף (דאָס קליינע שיפל) וואָס האָט אונדז געדאַרפט ברענגען קיין ליווערפּול. יעדן טאָג האָט מען

אונדז געלאָזט וויסן, אַז מיר זאָלן זיַין גרייט מיט אונדזער געפּעק אויפצוזעצן זיך אויף דער שיף. אָט דער מאָרגן האָט זיך אַזוי אַוועקגעצויגן העכער 10 טעג.

פּריַיטיק האָבן דריַי בחורים באַשלאָסן צו גיין באַזוכן דאָס נאָענטע שטעטל און אויסגעפינען צי איז טאָקע דאָרטן פאַראַן אַ סינאַגאָגע. (אַזוי האָט דער שיפאַגענט געזאָגט) וועלן זיי שוין זיך איַינבעטן צו זיַין שבתדיקע אורחים. פאַרנאַכט זיַינען די דריַי בחורים צוריקגעקומען און איבערגעגעבן: עס איז אַ שיין שטעטל. דאָרט איז דאָ אַ שיינע סינאַגאָגע. זיי האָבן געזען און גערעדט מיטן שולדינער און גרויסראַבינער, און פונעם שמועס האָבן זיי געדרונגען, אַז זיי זיַינען נישט גערן צו האָבן "די אָסט־יודן — די שנאָרערס — פאַר אורחים אויף שבת". האָבן די אימיגראַנטן זיך גע־קאָכט און איין ייד — אַ געהויבענער באַיאַנער חסיד האָט געשמייכלט און צו די וואָס האָבן געזידלט, געזאָגט, מע זאָל זיך באַרוייקן. מע טאָר נישט אַרויסברענגען קיין שם רע אויף יידן. והשנית, וואָס פאַראַ מעשים טובים קען מען דערוואַרטן פון משה מענדעלסאָנס נאָכגייער. די מערסטע פון זיי האָבן זיך דאָך געשמדט. דער שמש און דער ראַבינער זיַינען ביז גאָר פיַינע לײַט. זיי האָבן דאָך נאָך פאָרט אַ סינאַגאָגע — אַ געבעטהויז, ווי זיי רופן עס אויף דיַיטשיש. איז דאָרטן ווו עס איז דאָ אַ ספר תּורה, טליתים, סידורים, חומשים, טאַקע מיטן ביאור פון משה מענדעלסאָן. וואָרום יידן — זיַינען יידן, ווען זיי זאָגן "שמע ישראל".

איין מיידל (האָכטשע) איז צוגעגאַנגען צו ר׳ גרשונען דעם באַיאַנער חסיד און געהאַט אויף אים פאַריבל, למאי ער איז אַזוי מלמד זכות אויף די פאַרריסענע דיַיטשישע יידן, וואָס עס שטייט זיי נישט אָן אונדזער יחוס... ר׳ גרשון האָט אַריינגענומען זיַין לענגלעך שפּיציקע באָרד, וואָס דאָס זילבער האָט אַרויסגעהעלט פון זיַינע גלאַטע ציכטיק־אויסגעוואַשענע האָר. ר׳ גרשון האָט גוטמוטיק און מילד אויסגעניגונט די ווערטער: "איר וויַיזט מיר אויס צו זיַין אַן אויפגעקלערטע, אַ קלוג און זייער חנעוודיק כלה־מיידל, זאָלט איר וויסן, אַז דאָס איז דער דרך פון אונדזער רבין זאָל מאריך ימים זיַין, אַז מ׳טאָר נישט באַרעדן קיין יידן. מ׳טאָר קיינעם נישט שעלטן, בפרט קיין ייד". איז אָט דעם גרשונען האָבן אַלע פאַרשטאַנען, און ליב זיַינען מיר געוועזן זיַינע רייד. ער איז געפאָרן קיין טאָראָנטאָ צו זיַינער אַ טאָכטער און איידעם, וואָס מסחרט מיט שניט־סחורה.

האָט מען פאַרזוכט דעם ביטערן טעם פון ווייהעראָווע. און דער נס איז געשען. אויפצומאָרגנס האָט מען אונדז אַוועקגעפירט קיין גדאַנסק, ווו די שיף האָט שוין געוואַרט אויפן אימיגראַנטישן עולם, וואָס איז געווען אַן אמתער ערב־רב פון פעלקערשאַפטן און לשונות.

עס איז געווען קאַלט און ווינטיק. נאָר דער הימל האָט געלויטערט מיט זיַין זוניקן בלוי. עס האָט זיך געקענט דאַכטן, אַז די גאָלד־שטראַליקע

זון־פּאַסן שלעפּן די שיף... די שיף האָט זיך געהוידעט אויף ברוזיקע כוואַליעס. פונדעסטוועגן, זייַנען מיר געזעסן אויף די רו־שטולן און באַוווּנדערט די אַרומיקע ליכטיקייט. פּלוצלינג קומט צו אַ פּאַרסאָפּעטער, אַ דערשראָקענער יונגערמאַן און ווייַזט אויפן רעדל, וואָס איז געווען דער מעסטער פון דער ימיקער טיף. דער יונגערמאַן מיטן שוואַרץ־צעפּאָכעטן פּאַרשפּיצטן בערדל, לאָזט אַלעמען וויסן: "יידן, מיר זייַנען פאַרלאָרן, די שיף בלאָנדזשעט! איך קוק אויפן רעדל פאַרבונדן אין שטריק, וואָס ווייַזט מסתמא דעם וועג. איך פיל מיר בלאָנדזשען. איך געדענק, איך דער פרי זייַנען מיר אַרויסגעפאָרן גלייַך פאָרויס, איצטער האָט זיך די שיף ערגעץ פאַרקירעוועט. דער קאַפּיטאַן און די מאַטראָסן לויפן אַרום ווי פאַרסמטע מייַז. אַלע זייַנען אַזוי פאַרלאָרן". מען האָט דעם קליינשטעטלדיקן דער־שראָקענעם ייד אויסגעלאַכט. אָבער ער האָט זיך אָלץ נישט באַרויקט. "איר לאַכט, אָבער עס טרעפן אַזעלכע זאַכן מיט שיפן. איך האָב אַליין געלייענט פון אַזאַ אומגליק מיט אַ שיף. טאַקע אין 'מאָמענט'". (אַ גרויסע ברייט־פאַרשפּרייטע טאָגצייַטונג אין פּוילן, פאַר דער מלחמה.)

דער עולם חוזקט, אָבער דער ייד שרעקט זיך פאָרט. ער בעט זיך מען זאָל גיין רעדן מיטן קאַפּיטאַן. נו, איז מען אַוועק צום שיפס־קאַפּיטאַן און אים איבערגעגעבן, אַז אַ פּאַסאַזשיר שרעקט זיך, ער מיינט אַז מיר בלאָנדזשען. דער שיפס־קאַפּיטאַן אַ הויכער, אַ ברייט־פּלייציקער מיט אַ גוט פּנים און צוגעלאָזענעם שמייכל, האָט גאָרנישט געלאַכט, און דערקלערט, אַז דער ים, די אומענדלעכע ברייטקייט און העלע בלויקייט, ווירקט אויף אייניקע פּאַסאַזשירן, אַז זיי ווייַזט זיך אויס, אַז די שיף פאַרלירט דעם וועג, רופט אַרייַן דעם יונגמאַן, וועל איך אים פאַרזיכערן, אַז מיר בלאָנדזשען נישט.

די שיף האָט זיך געדראַפּעט אויף די צעשטורעמטע כוואַליעס, און מיר האָבן, נאָך אייניקע טעג פאָרן, דערפילט דעם צאָרן פון צאָרנדיקן ים. דער קאָפּ האָט זיך געדרייט. עס האָט געאיבלט. מען איז שוין מער נישט געלאָפן צום פרישטיק און מיט גרויס הנאה געזויגן דעם זאַפט פון די פּאָמעראַנצן. די מערסטע פּאַסאַזשירן זייַנען געווען אין די קאַיוטעס, און געלעגן ווי דערשמעלעטע און געבראָכן מיט דער גרינער גאַל. אַזוי האָט מען זיך דערשלעפּט קיין ליווערפּול, אויסגעבלאַסט און פאַרמאַטערט...

ווערדליק דער ביטערער מערכה אין ווייהעראָווע, איז ליווערפּול געווען פאַר אונדז אַ דאַטשע — באַקוועמע בעטן און צימערן. שיין געגרייטע טישן פון אַלעם גוטן. דאָס איז טאַקע געווען אויפן חשבון פון דער שיף־קאָמפּאַניע. אָבער עס האָבן זיך מיט אונדז אָפּגעגעבן אויך דער "האַיאַס" און אַנדערע וווילטעטיקע אינסטיטוציעס פון דער קהילה. זיי האָבן אַרויסגעוויזן גרויס וואַרעמקייט און מיטגעפיל. די אָפיציעלע אָנגעשטעלטע פון "האַיאַס", די בחורים און מיידלעך, איבערהויפּט די מיטליאָריקע מענער און פרויען, האָבן גערעדט מיט אונדז יידיש. אונדז

געבראַכט יידישע צײַטונגען פון פוילן און אַמעריקע. זיי האָבן אונדז אַרויסגעפירט פון דער לאַנגוויַיל און פאַרגרינגערט דעם אומרו פון דאַרפן נאָך דאָ הי דורכגיין אַ מעדיצינישע קאָמיסיע און קריגן די וויזע בײַם קאַנאַדער קאָנסול. זיי האָבן אונדז געוויזן די שיינע שטאָט ליווערפּול מיט אירע בלומען, גערטנער און פּאַרקן. אָבער דער נעפּל, וואָס פלעגט אָפט פאַרוועבן די שטאָט אין אַ גרויען טוך, האָט אָנגעוואָרפן אַ מרה־שחורה אויף די אימיגראַנטן. שיינע און גאַנץ הויכע מויערן, אָבער די ווענט סאַזשע־שוואַרץ. דאָס האָט מען אונדז דערקלערט, איז פון דעם נעפּל, וואָס פאַרשמירט די ווײַסע שטיינער מיט אַ שוואַרץ־גרויען רויך.

אַזוי האָבן מיר זיך באַקענט מיט ליווערפּול און דאַנקבאַר געווען דער גנאָדיקער גוטסקייט פון ליווערפּולער יידן. בערך צוויי וואָכן האָבן מיר געוואַרט אויף דער שיף אין ליווערפּול. צוויי טעג פאַרן אָפּפאָר איז געוואָרן אַן אמתע בהלה. מע פירט אונדז מחנותוויַיז זיך פאַרען און באָדן. אויך די וועש ווערט געפּאַרעט. פון אָט דעם וואַשן און רייניקן זיך האָט זיך בײַ מיר געשאַפן דער אײַנדרוק, אַז די מאָנטרעאָלער גאַסן מוזן זײַן שפּאָגל־ריין. און געוויס אין די הײַזער זײַנען קיין אומפלייט נישטאָ... אַ טאָג פאַרן אָפּפאָר האָט מען אונדז געפירט צו די דאָקטוירים און צום קאָנסול. די דאָקטוירים האָבן שוין נישט אַזוי בודק־געווען ווי אין וואַרשע און ווייהעראָווע. אַ קלאַפּ מיט די פינגער און צוגעלייגט דאָס טרובקעלע, אויסגעהערט דאָס האַרץ און די לונגען און באַשטעטיקט די פּאַפּירן. דאָ הויבט זיך אָן דער יום־הדין. אַ לאַנגע רײַ ציט זיך צום טיש פון קאַנאַדער קאָנסול. ער זיצט מיט אַ שטרענג פּנים און בליקט אַרײַן אין דעם "אַפידייוויד", צי איז חלילה נישטאָ עפּעס קיין פּגם אין אים, און דערנאָך פאַרהערט ער אײַך: פון וואַנען מען קומט, ווו געבוירן, ווי אַלט, וואָס פאַראַ פאַך, צו וועמען מען פאָרט און דער נאָמען פון דער גאַס ווו מען וועט וווינען בײַם קרוב וכדומה. אָט שטיי איך שוין מיטן פּנים טאָקע לפני הוד כבודו דעם קאָנסול. אין שטעטל האָט מען געציטערט פאַרן מינדסטן פּאָליציאַנט, און דאָ אַזאַ גרויסער שררה פון אַזאַ גרויסער מדינה קאַנאַדע.

יידן שושקען זיך, מיר זאָלן כאָטש נושא־חן זײַן אין זײַנע אויגן און ער זאָל אונדז גלײַך געבן די וויזע. נו, לייג איך אַוועק מײַנע פּאַפּירן און פּאַספּאָרט. פון אַלע פראַגן, פרעגט ער מיך בלויז (אויף דײַטש) אויף וועלכער גאַס וווינט דײַן ברודער, און ווו איז די פּרץ־שול? זאָג איך הויך, ווי אַ יינגעלע, וואָס מען פאַרהערט שבת דאָס חומש — מײַן ברודער וווינט אויף "צאָלאָניאַל" .דער קאָנסול שמייכלט. הינטער מיר שטייט אַ וואַרשעווער ייד, אַן אמתער גלוח, און ער וויל באַווײַזן דעם קאָנסול, אַז ער קען ענגליש, אַז מען דאַרף זאָגן "קאָלאָניאַל" און נישט "צאָלאָניאַל", אַזוי זאָגט ער מיר אונטער — יונגערמאַן, מען לייענט "קאָלאָניאַל". דער קאָנסול שטעמפּלט מײַן פּאַספּאָרט און דרייט זיך אויס צו יענעם וווילקענעוודיקן יידן און פרעגט אים, וויפל מאָל ער איז שוין געווען אין

קאַנאַדע. דער ייִד ווערט ווײַס און הויבט אָן שטאַמלען: איך פֿאָר דאָס ערשטע מאָל. פֿונוואַנען קענט איר ענגליש? אַ דערשראָקענער ענטפֿערט ער — איך בין אַ וואַרשעווער און האָב זיך געלערנט אַביסל ענגליש אויף אָוונט־קורסן. דער קאָנסול האָט געצווייפֿלט אין די ענטפֿערס פֿונעם ייִדן. דאָ האָט זיך גלײַך באַוויזן אַ פֿאָרשטייער פֿון "האַיאַס און געזאָגט דעם קאָנסול, אַז אין וואַרשע זײַנען דאָ אָוונט־קורסן, ווו מענטשן, וואָס גרייטן זיך צו אימיגרירן קיין קאַנאַדע, קיין אַמעריקע, לערנען זיך אויס אַביסל לייענען און פּלאַפּלען ענגליש. דער קאָנסול האָט זיך געישובֿט, געקוקט אויפֿן וואַרשעווער ייִד און זײַן פּרוּוו מיט אַ פּיצל קינד אויף דער האַנט און אַ פֿרעג געטאָן דער פּרוּוו צי זי קען אויך לייענען ענגליש. די ייִדענע, אַ גאַנץ חנעוודיקע, האָט זיך פֿאַרוויטלט און אַרויס מיט אַ מענה־לשון: הער קאָנסול, מײַן מאַן וויל זיך נאָר באַווײַזן פֿאַר מענטשן, אַז ער קען און ווייסט בעסער פֿאַר אַלמען. אויסגעריסענע יאָר, האָב איך פֿון אים געהאַט פֿון זײַן לויפֿן דרײַ מאָל אַ וואָך אין אָוונט זיך לערנען ענגאַליש. ער קען מסתּמא אויפֿן שפּיצפֿינגער און פֿײַנט זיך אויס פֿאַר מענטשן, אַז ער איז אַ גרויסער ענגאַליש־קענער. דער קאָנסול און דער האַיאַס־פֿאָרשטייער האָבן זיך צעלאַכט, און דער קאָנסול האָט אַוועקגעלייגט זײַן כּשרן שטעמפּל. און די רײַ האָט זיך גערוקט פֿאָרויס. (די אוקראַאינער פּויערים האָבן געטאָרעט איינער דעם צווייטן: מאַיטשע דאָקומענטי, מאַיטשע פּאַשפּאָרט ?)

מיר זײַנען שוין ווידער אין דער דריטער קלאַס וואָס ייִדן רופֿן "דאָס לאָך". בעטלעך אויף בעטלעך. עס זעט אויס, ווי אַ סאָלדאַטן־באַראַק. אַ געהילך פֿון לשונות. אַ געיאָמער פֿון קינדער. איצטער זײַנען צוגעקומען אויך איטאַליענער. מיט זיי איז פֿריילעך געוואָרן. זיי שפּילן אויף מאַנדאָלינען, און זינגען לידער און אַריעס. ר' גרשון, פֿאַרטיפֿט אין אַ מדרש, כאַפּט אַ זײַטיקן קוק אויף דער פֿריילעכער חבֿרה איטאַליענער און צעשמייכלט זיך, דאָס איז דאָך אַן אמתע אָפּערע! עמיצער פֿרעגט אים: ר' גרשון, איר האָט געהערט אָפּערע־געזאַנג? אַ שאלה, אין שטעטל האָט דער אַפּטייקער אַ גראַמאָפֿאָן. דאָס גאַנצע שטעטל קוויקט זיך מיט די ניגונים. גרויסע מנגנים אָט די איטאַליענער!

דער ערשטער מעת־לעת איז דורכגעגאַנגען גאַנץ רויק. אָבער וואָס ווײַטער די שיף האָט זיך געשניטן פֿאָרויס, אַלץ שטאַרקער האָט זי זיך געטרייסלט. דער עולם איז געלעגן ווי פֿאַרשיכּורט. מע האָט געקרעכצט. ר' גרשון האַלט זיך בעסער פֿון אַנדערע. ער מוז דווקא האָבן אַ מנין דרײַ מאָל אין טאָג. מילא, די וואָס זײַנען געלעגן מיט קאַלטע טיכער אויף די קעפּ, צו זיי האָט ער זיך נישט געווענדט מען זאָל גיין דאַוונען. האָט זיך געמאַכט אַזוי, אַז דאָס רובֿ דאַוונער האָבן פּשוט נישט געקענט אויפֿהויבן דעם קאָפּ. האָט שטענדיק געפֿעלט אַ צענטער... איז געזעסן פֿאַררוקט אין אַ ווינקל אַ יונגערמאַן מיט אַ קאָפּ געקרײַזלטע שוואַרצע האָר. אויגן האָט ער געהאַט ברוינע. פֿון זײַן ברוינעם בליק האָט אַרויסגעהעלט אַ היימישע

פּריוואַטלעבקייט. געווען איז ער אַ לינקער פּועלי־ציון. געפּאָרן איז ער קיין טאָראָנטאָ. פאַרוואָס טאָראָנטאָ? ערשטנס, זײַן מומע וווינט דאָרטן. צווייטנס, טאָראָנטאָ איז פאַרשמט מיט איר שטאַרקער לינקער פּועלי־ציון אָרגאַניזאַציע. ער אַליין איז געווען אַ מעבל־סטאָליער, אַ געוועזענער ישיבה־בחור. אויב מען זאָגט פּועלי־ציון — דאַרף מען זײַן אַ פּועל. ער איז געווען זייער אָנגעלייענט. אויסגעצייכנט געקענט יידיש און העברעיש. אין שטעטל האָט ער געלערנט מיט חלוצים העברעיש בהברה הספרדית (מיט דער ספּרדישער הברה). ער האָט זיך נישט געמישט מיטן עולם. דערהויפּט איז אים געווען פרעמד איינער אַ ליטווישער בחורץ — אַ געזונטער און שיינער יונג, מיט אַ טשופּרינע רויט־גאָלדענע האָר. די מיידלעך האָבן געקלעפּט אַרום אים. אַ באַרימער איינער אין דער וועלט. אָט דער געבראָטענער ליטוואַק, וואָס האָט נאָך גערעדט מיטן סין, האָט געלאָזט וויסן, אַז זײַן אָנקל אין מאָנטרעאָל איז פאַרמעגלעך. ער האָט פיר לאַסט־אויטאָמאָבילן (טראָקס). איך וועל אַרבעטן ביי אים. עס וועט נישט נעמען לאַנג און אויך בײַ מיר וועלן זײַן אַזעלכע משא־וועגענער, וואָס מײַן אָנקל רופט "טראָקס".

מיך האָט ער גערופן שלימזלדיקער פּאָעט! פּוילישע דריפּקע! איך האָב אים באַגעגנט אייניקע מאָל אין מאָנטרעאַל. ער איז טאַקע רײַך געוואָרן, פעט געוואָרן. ביי יעדער באַגעגעניש פלעגט ער אַזוי חוזקן: נו, איר סרײַבט (שרײַבט) נאָך אַלץ די לידעלעך? איר זײַט געווען אַ לא יצלח און וועט שוין אַזוי בלײַבן! דער אמתער אָלרײַטניק.

אויף דער שיף איז ער אַרומגעגאַנגען ווי אַ האָן צווישן הינער... דער פּועלי־ציון האָט אים שטענדיק אויסגעמיטן. נאָר איין מאָל ביים טיש, בײַ פרישטיק, ווען עס האָט נישט געשטורעמט, איז דער ליטווישער פּראַנט געזעסן אַרומגערינגלט מיט דער טשאַטע מיידן. גראָד האָבן מוניע מיט ר׳ גרשונען זיך מתוכח געווען וועגן יושר, אַרבעטער און באַלעבאַטים, וועגן פּאַלעסטינע און משיח. דער ויכוח איז געווען אַ הייסער, אָבער מיט רעספּעקט איינעם צום צווייטן. האָט דער ליטווישער פּראַנט געוואָלט זיך אויספּײַנען פאַר די מיידלעך און זיך אַרײַנגעפּלאָנטערט אין דעם שמועס. היות, ער איז געווען אַן עם־הארץ, האָט ער געזאָגט זאַכן, וואָס האָבן מוניען אויפגערעגט, און ער האָט אַרויסגעברומט: דו, פּוסטער קאָפּ! גיי שטאָפּ אָן א קאָפּ די נאַיווע קליינשטעטלדיקע מיידלעך! עס איז שיעור נישט געקומען צו אַ געשלעג. נאָר די מורא אַז פאַר אַזאַ געשלעג, קען מען נאָך פאַרהאַלטן אין האַליפאַקס, האָט צוריקגעהאַלטן דעם ליטווישן בחורעץ, וואָס האָט זיך געריסן צו מוניען מיט די קולאַקעס. פון דעמאָלט אָן, האָט דער פּראַנט פאַרלוירן דעם גאַנצן חן אין די אויגן פון די מיידלעך, ווײַל מיט אַ פּוסטן קאָפּ, שטייט זיי נישט אָן צו ליבן זיך, בפרט אויף דער שיף.

אָט דער מוניע, וואָס איז, פּונקט ווי ר׳ גרשון, געווען אַ צוגעלאָזענער, נישט קיין גרויסהאַלטער, האָט זיך געהאַט זײַנע פּרינציפּן. ער איז געווען

מער לינקער פועל (אַרבעטער), ווי אַ פועלי־ציון, וואָס גרייט זיך קיין פּאַלעסטינע און וויל זיין פון די בוני הגליל...היות ר׳ גרשונען האָט שטענדיק געפעלט אַ צענטער צום מנין, פלעגט ער בעטן ביי מוניען, אַז ער זאָל זיך אויך לאָזן מצרף זיך זיין צום מנין כאָטש איינמאָל אין טאָג, און דער מוניע האָט איין ענטפער: ר׳ גרשון, אין קען נישט דאַוונען... וואָס הייסט איר קענט נישט דאַוונען? איר לייענט דאָך לשון קודשדיקע ביכלעך! אָבער דאַוונען קען איך פשוט נישט. מען האָט מיך נישט געלערנט דאַוונען און קיין דאַוונער בין איך קיין מאָל נישט געווען. ווייס איך נישט מיט וואָס מען עסט דאָס אייער דאַוונען.

איין פרימאָרגן, נאָך אַ שרעקלעכער שטורעמדיקער נאַכט, איז גרשון אַרויס מיט אַ געבעט, אַז מען דאַרף אָפּגעבן אַ שבח צום אייבערשטן. מיר זיינען ניצול געוואָרן פון דערטרונקען ווערן. יידן, מען דאַרף בענטשן גומל. איז ווידער פעלט נעבעך ר׳ גרשונען אַ צענטער. ער טשעפּעט זיך אָן אין מוניען, אַז ער מוז היינט ווייזן, אַז ער איז אַ ייד... ניין יידן וואַרטן אויף אַ צענטן. איין ייד האָט היינט יאָרצייט! מוניע רירט זיך נישט פון אָרט. איך בין פּרינציפּיעל קעגן רעליגיעזע פאָרמען! איך וועל נישט ברעכן מיינע פּרינ־ציפּן! דאָ האָט ר׳ גרשון שוין מער ניט אויסגעהאַלטן און איז צוגעשטאַנען צו מוניען מיט אַזאַ מזמור: ״אַזוי גאָר, איר זענט אַ פּאָלנער ״בעזבאָזשניק״! איר שלאָגט זיך מיטן רבונו של עולם! וואָס מיינט דאָס שיינע וואָרט ״פּרינ־ציפּיעל״! הערט, ר׳ מוניע, טייער חברל, איר מיינט טאַקע אַז איר זענט אַן אַפּיקורס! נאָך מיין ויכוח האָב איך אויסגעפונען, אַז איר גלויבט גאָר, איך האַלט גאָר ווייניק פון אייער אַפּיקורסות! איר זייט מער מאמין פון מיר... נאָר איר האָט זיך פאַרפּלאָנטערט אין אייער פועלי־ציוניסטישן שולחן ערוך — וואָס איר רופט ״אונדזער פּלאַטפאָרמע״.

וואָס פּלאַפּלט איר? עס פּאַסט גאָרנישט פאַר אַזאַ יודע ספר, ווי איר זענט, צו רעדן סתם ווערטער. איר קענט זיך זיין אַ מאמין בסאָציאַליזם (איך גלויב אויך אין יושר, אין ערלעכקייט, אָבער אָן יראת־שמים, זיינען יענע רייד פּוסטע.

זעט איר אונדזער פיטן (פּאָעט — געמיינט מיין ווייניקייט) איז אויך פון די קטני־אמונה. ער וואַקלט זיך. אָבער ער האַלט פון ״אַל תפרוש עצמך מן הצבור״!

מוניע האָט פאַרמאַכט דאָס בוך פון ברענערן, פון וועמען ער האָט שטאַרק געהאַלטן, גענומען זיין הוט און געגאַנגען דאַוונען מנחה. פּלוצלונג האָט ער זיך אויפגעשטעלט און אַריין אין כאָר פון די צוויי קדיש־זאָגער, וואָס האָבן יאָרצייט. נאָכן דאַוונען פרעג איך אים: וואָס האָט איר זיך אַליין אָפּגעטאָן? איר זענט דאָך שוין אַרויס פון דער פּרינציפּן־צוים! זייט וויסן, איך האָב זייער גערן דעם ר׳ גרשונען. ער איז זייער אַן ערלעכער מאַן, אַ תמים, טאַקע פון די ״אַשרי תמימי דרך״. איך האָב די גאַנצע צייט זיך

גערא͏ַנגלט מיט זיך. איך האָב זיך נישט געוואָלט אונטערגעבן צו זאָגן קדיש נאָך מײַן טאַטן, נאָך וועלכן איך האָב מיט צוויי וואָכן צוריק געהאַט יאָרצײַט. מײַן טאַטע איז דערהרגעט געוואָרן פון די באַלעבאָוועצעס אין אַ פּאָגראָם. בײַם דאַווענען האָבן זיך מיר געשטעלט טרערן אין די אויגן. מײַן טאַטע דער קדוש האָט נישט קיין קדיש־זאָגער. פאַרוואָס קומט עס אים! עס איז אַ ווונדערלעכע יידישע טראַדיציע דאָס יאָרצײַט־האָבן. איז: ״בתוך עמי אני יושב״. איך ווין און לעב מיט מײַן פאָלק, און מען טאָר נישט מיט פּרינציפּן צעברעכן אַלע יידישע רעליגיעזע, טראַדיציאָנעלע טראַדיציעס...

ר׳ גרשון, אַ שײַנענדיקער, איז צוגעגאַנגען צו מוניען, און אים געזאָגט: איך בין גערעכט, איך גלויב טאַקע נישט אייערע ספּרימלעך. ברענער איז באמת אַ גוטער שרײַבער אָבער מיט אַ זייער טרויעריק געמיט. ער שרעקט שטאַרק איבער מיטן צער, וואָס בויערט זײַן געמיט.

פון יענעם מאָמענט אָן, האָבן מיר זיך געהאַלטן צוזאַמען אויף דער שיף און אויף דער באַן. מען האָט אונדז אַ נאָמען געגעבן די ״טראָיקע״. ״די דרײַ פילאָסאָפן״, האָט אַ יידענע אונדז גערופן.

אין אַ פּראַסטיקער נאַכט, אָנגעשטאָכן מיט זילבערנדיקע שטערן אויף דער בלוי־זײַדענער הימל־טוך, האָט די ״רעדזשיינאַ״ מיט אײַזערנע שטריק זיך אײַנגעפעסטיקט אין האַלעפאַקסער האַפן. אויך דאָ איז נישט אַזוי גיך אויפגעפּראַלט געוואָרן דאָס טויער צו די שטעט און דערפער אין קאַנאַדע. מען האָט אונדז אַרײַנגעפירט אין אַן אימיגראַנטן־הויז מיט פאַרענטשעס, וואָס טיילן אָפּ רײַ פון רײַ. ווידער האָט מען געדאַרפט דורכגיין אַ מעדיצינישע קאָמיסיע. ערשט ווען דער דאָקטער האָט באַשטעטיקט אַז מען איז געזונט, האָט מען געשטעמפּלט די לאַנדונג־קאַרטע. דאָ איז פאָר־געקומען אַ קאָמישע זאַך. דער דאָקטער האָט געהייסן אַ פרוי לייענען אַ געדרוקטע קאַרט אין עטלעכע אויסלענדישע שפּראַכן, צווישן זיי אויך יידיש. געדרוקט איז געווען אָטוואָס: ״איך פיר 12 קישנס, 12 מעשענע לײַכטער און נאָך אַנדערע שטוב־זאַכן״. דער דאָקטער וויל אויף אַזאַ אופן אויספּרובירן צי די אויגן זײַנען נישט קראַנק, און צי די ראיה איז אַ גוטע. און די יידענע לייענט הויך אויף אַ קול דאָס גאַנצע צעטל און צעשרײַט זיך, אוי, אַשר, מען וויל מיך דאָ עפּעס אָפּנאַרן. איך פיר אַזויפיל זאַכן? וואָס מיינען זיי ״איך בין חלילה אַ גנבטע״. אַ פּוילישע פרוי פאַרברעכט די הענט און צעכליפּעט זיך: ״אויך איך האָב נישט אַזאַ גרויסן באַגאַזש!

דער דאָקטער געפינט אַלעמען געזונט. אַלע מיט די שטעמפּלען לאָזן זיך צו דער וואַרטנדיקער, יאָמערדיקער באַן, וואָס שפּײַט מיט שוואַרץ־גרויע וואָלקנס רויך, און שרעקט די אײַלנדיקע אימיגראַנטן, וואָרום ווער עס וועט פאַרשפּעטיקן, וועט מוזן דאָ וואַרטן צוויי מעת־לעת אויף דער צווייטער אימיגראַנטן־באַן.

איך בין געווען פון די לעצטע צו לויפן צו דער באַן. מיר האָט אויס־

אויסגעפעלט פינף דאָלער צו ווייזן. איך בין געווען פון די לעצטע צו לויפן געפעלט פינף דאָלער צו ווייַזן, אַז איך קום נישט אָן קיין פרוטה. אַ מאַן פון "האַיאַס", האָט מיר אַרייַנגערוקט דאָס פינפערל, און אַ זאָג געטאָן — איך פאָר אויך מיט אָט דער באַן קיין מאָנטרעאַל. מיר דאַכט, אַז עס איז געווען שמחה פעטרושקאַ.

מען האָט אָנגעפּאַקט פולע וואַגאָנען. אין דרויסן האָט געגליט דער ווייַסער פראָסט. דאָס אייַז אונטער די פיס האָט געקרישלט ווי ווייַסע שטיקלעך גלאָז. די ביימער פאַרקלעמטע אין פאַנצערן פון בלישטשענדיקן אייַז האָבן געלויכטן ווי אָנגעצונדענע ליכט. אין וואַגאָן איז געווען ענג און הייס. דער ציגאַרעטן־רויך האָט זיך שווער געלייגט אויפן האַרץ. ענג, דושנע און הייס. דאָך זייַנען אַלע געווען אויפגעלייגט. דער מאַן פון האַיאַס האָט זיך באַוויזן אין מיין וואַגאָן און מיר איבערגעגבן אַ גרוס פון מיין ברודער זיפער. ער איז מייַנער אַ גוטער פרייַנט. ער שרייַבט דאָ אין "קענעדער אָדלער". ער דרוקט שיינע חסידישע מעשות. ער איז אַ לערער אין דער פּרץ־שול. זאָרגט נישט, ר׳ ייד מען ווערט נישט פאַרלאָרן, בפרט, אַזאַ בחורל ווי איר. איך ווייס, איר עוסקט זיך מיט לידער. קיין לעבן מאַכט מען נישט פון דעם, אָבער זייַן אַ דיכטער און שאַפן עכטע דיכטונג איז אַ גרויס געשאַנק פאַר אַ מענטש — אַן אמתע מתנה. זייַן פוילישׂ־יידישער אַקצענט, זייַן יידיש מיט למדנישע ווערטער און אויסדרוקן האָבן מיר ממש מחיה געווען.

אַ מידער בין איך אייַנגעשלאָפן אויף מייַן הילצערנעם קעסטל. איך האָב זיך געפּלאָנטערט פון חלום צו חלום. אָט פירט מיך דער טאַטע צו דער באַן, און זאָגט מיר אָן צו האַלטן זיך בייַ יידישקייט. עס זייַנען דאָ אַ סך פרומע יידן אין מאָנטרעאָל, יידן וואָס קענען גוט לערנען. אייניקע רבנים זייַנען גרויסע לומדים. דייַנע אויפגעקלערטע יידן טוען אויך פאַר יידישקייט אויף זייער שטייגער. זאָל דיר גאָט שענקען געזונט, און צו אַ פּרנסה ווערסטו זיך שוין אַליין מיט דער צייַט דערשלאָגן. דער רבי האָט דיר געשיקט זייַן ברכה. איך וויל בלויז נאָר זוכה־זייַן אַז איך און די מאַמע זאָלן אין גיכן קענען קומען צו זייַן מיט אייַך, ווייַל איר זענט בייַ מיר געגליכן, איך מיין, יאַנקל (יעקב זיפער) און דו ווי יוסף הצדיק, וואָס דער אייבערשטער האָט אים געשיקט צו ראַטעווען די בני־יעקב אין צייַט פון דעם הונגער אין כּנען. ווי יעקב אָבינו האָט געזאָגט צו יוספן: "כּי למחיה", דער רבונו של עולם האָט אים געשיקט צו זייַן זייער שפּייַזער.

איך האָב זיך אויפגעכאַפּט פון שלאָף, און מיר האָט האָט זיך געדאַכט, אַז איך הער דעם טאַטנס רייד. ווידער זינק איך אין אַ חלום: וואַרשע — די מאַמע שטייט מיט מיר בייַ דער באַן, און וויינט: אין פייַן און אָרעמקייט האָב איך אויפגעהאָדעוועט מייַנע קינדער און איצטער ווערן זיי פאַרוואָגלט אין אַ ווייַט, פרעמד און קאַלט לאַנד. דער אייבערשטער זאָל זיך דערבאַרעמען! אין זכות פון מייַנע הייליקע אָבות, פאַרהאָף איך אייַך נאָך

אַלעמען צו זען און מיר זאָלן בקרוב אַלע זײַן צוזאַמען.

פֿאַרטאָג האָט זיך די באַן אַרײַנגעשלײַדערט אין ווינדזאָר סטיישאָן. דער דרויסן האָט געבלענדט מיטן ווײַס פֿון געפֿריר און שניי. מיר זײַנען אַרײַן אין מײַן פֿעטערס און מומעס הויז. אין יענע יאָרן, נאָך דער אָרעמקייט פֿון שטעטל, אין דער ענגשאַפֿט פֿון שלאָפֿן אין עס־צימער און איר דער קיך, האָט מיר דעם פֿעטערס דירה אויסגעזען ווי אַ גראַמע און באַקוועמע וווינונג. דאָס האָרעווען אויף פּרנסה, האָב איך אויסגעפֿונען אין אַ וואָך אַרום. סײַ ווי דער טיש איז געווען געגרייט מיט כּל־טוב. אָבער איידער איך האָב עפּעס טועם־טעם געווען, האָט מיך מײַן מומע, ע"ה, מכבד־געווען מיט אַ גלאָז ביטער־זאַלץ. דאָס האָט געדאַרפֿט זײַן אַ רפֿואה זיך אָפּצורייניקן פֿון די ים־חולאתן. דערנאָך האָט מען זיך געפֿרייט אַרום געגרייטן טיש. די פּרוכטן און מײַן מומעס געשמאַקע מאכלים זײַנען געווען זיס צו מײַן גומען. אַזוי אַרום האָב איך פֿאַרזוכט דאָס זיסע און דאס ביטערע פֿון זײַן אַן אימיגראַנט, אין אַ נאָך נישט אײַנגעהיימישט לאַנד ווו דו קענסט נישט קיינעם און קיינער קען נישט דיך.

און פֿון דעם ביטער ביטערניש איז אויך אַרויס דאָס זיס, און נישט נאָר האָב איך ליב קאַנאַדע, איבערהויפּט מאָנטרעאָל, נאָר ווו איך זאָל נישט זײַן , בענק איך נאָך מײַן ליב־געוואָרן היימלאַנד קאַנאַדע.



**שלום שטערן**

# די גלוויבּיקע בּויער

אין מאָנטרעאָל איז געשאַפן געוואָרן דער ״איקוף״ ווי נאָר עס איז גע־קומען דער רוף אויפצושטעלן אָט דעם יידישן פּראָגרעסיוון קולטור־פאַר־באַנד. עס האָט אָנגערעגט דער טרוים פון האָבן אַן אָרגאַניזאַציע, וואָס זאָל אַרומנעמען די וויַיטסטע יידישע ישובים און זיַין אַ שיצנדיקע וואַנט קעגן דער אַסימילאַציע, וואָס רײַסט אָפּ פון אונדז די יוגנט, און מיר פאַרלירן אַזוי אַרום פעיקע און טאַלאַנטירטע כוחות, וואָס וואָלטן געקענט זיַין אונדזער יידיש־שעפערישער המשך. מיר זיַינען נאָך אַלע געווען יונג אין יאָרן און טרוימעריש איז געווען דער גײַסט פון בּויען.

אין מאָנטרעאָל האָט מען נישט גענדאַרפט אָרגאַניזירן אַן ״איקוף״, ער איז גליַיך אויפגעקומען. מיר האָבן זיך געווענדט קיין ניו יאָרק מען זאָל אונדז שיקן ז. וויַינפּערן. מיט זישע וויַינפּערן בין איך געווען זייער צונויפגעחברט נאָך פון די יאָרן, ווען ער, ב.י. ביאַליסטאָצקי און בערל לאַפּין האָבן אַרויסגעגעבן דעם ״אויפקום״. איך האָב זיך טאַקע אָנגעהויבן דרוקן אונטער זייער רעדאַקציע. אַזוי אַרום בין איך באמת געווען אויפגעלייגט, וואָס מײַן נאָענטער פריַינד און חבר־פּאָעט ז. וויַינפּער וועט קומען, און ווערן דער אָנרעגער אין דער ״איקוף״־אַרבעט.

דער ״איקוף״ אין יענע ערשטע יאָרן איז פינאַנציעל געווען אַרעמלעך... עס איז געווען ממש פון האַנט צום מויל...האָבן מיר פאַר וויַינפּערן נישט געקענט באַשטעלן אַ צימער אין אַ לײַטישן האָטעל, האָבן מיר אים באַשטאַט אין אַ קליין האָטעלעכל, אָן באַקוועמלעכקייטן... וויַינפּער איז געווען צופרידן, אַבי מען זאָל קענען זאַמלען וואָס מער געלט. פלעג איך מיט אים גיין מבית לבית, באַנייען אַבאָנענטן און קריגן גרעסערע בײַשטײַערונגען.

איַין עפּנטלעכע לעקציע פלעגן מיר האָבן מיט אים אין ״אָרדן״ (פאַראייניקטער יידישער פאָלקס־אָרדן), און אַן אָוונט האָבן מיר אויך געהאַט מיט אייניקע גרעסערע בײַשטײַערערס. די גרעסערע סומעס פלעגן טאַקע געזאַמלט ווערן בײַם צוזאַמענקום. דאָס זיַינען געווען שיינע, ליטעראַרישע אָוונטן. ז. וויַינפּער האָט געהאַלטן אַ רעפעראַט. אַ טיש איז געווען געגרייט פון כּל טוב... געוויינלעך זיַינען די מסיבות פאָרגעקומען אין

די פֿאַרמעגלעכע הײַזער פֿון סאַל לאַפּיצקי און נחמן רעזניק. אָבער די אמתע שמחת־איקוף מיט ווײַנפּערן, איז געווען אין הויז פֿון דער קולטור־טוערין שרה מינדעס. דאָרטן איז געווען היימישלעכער און וואַרעמער. געוויס האָט ווײַנפּער גערעדט. מען האָט זיך אונטערגעלענט מיט די מטעמים אויפֿן געגרייטן טיש. מען האָט געזונגען, און ווײַנפּער אַליין פֿלעגט זינגען זײַנע "טויבן" און "אַ פֿאַסטוכל". בײַ אָט די היימישע מסיבות פֿלעגט ווײַנפּער איבערגעבן פֿון זײַנע ערשטע אַרויספֿאָרן אין ווײַטע שטעט און שטעטלעך אַוועקצושטעלן אַן "איקוף".

האָט ער איין מאָל דערציילט וועגן זײַן ערשטן אַרײַנפֿאָר קיין פּעטאַלומאַ. די ייִדן — "טשיקן־פֿאַרמערס" (האָדעווער פֿון עופֿות), האָבן אים האַרציק אויפֿגענומען. צוגעגעבן מוט צו זײַן דער שליח פֿאַרן "איקוף". בײַם איבערגעבן זײַנע ערשטע באַזוכן אין פֿאַרשיידענע מקומות, איז ווײַנפּער מער נישט געווען קיין "קאָלעקטאָר" (ווי ער פֿלעגט זיך גוטמוטיק רופֿן), נאָר אַ לעקטאָר, אַ היימישער בעל־דרשן. אין זײַנע אויגן האָט געשימערט אַ העלער בלוי. די בלאָנדע האָר זײַנען געפֿאַלן אויף זײַן שיינעם שטערן. ער איז געשטאַנען און געמאָלן בילדער אין פֿאָעטישע ווערטער. ער האָט דערציילט וועגן געוויינלעכע באַגעגענישן און טרעפֿענישן, און אַ ליכטיקייט האָט געצונדן זײַן געזיכט. ער האָט גערעדט מיט גרויס ליבשאַפֿט וועגן חברים און חברטעס. די דערהויבנקייט האָט געקוועלט פֿון די ווערטער. פֿון דער האַרבער וואָר (זאַמלען געלט איז נישט קיין לײַכט שטיקל אַרבעט), האָבן זײַנע ווערטער, אויפֿגעבויט וווּנדער. ער האָט דעם עולם געהאַלטן געשפּאַנט מיט זײַנע שילדערונגען, און שטייגער פֿון דערציילן סײַ בײַ זײַנע לעקציעס, סײַ בײַ די פּריוואַטע צונויפֿקומס, וואָס זײַנען גאַנץ־אָפֿט אויך פֿאָרגעקומען איך הויז פֿון פֿרידאַ עלבלינג.

ווײַנפּער אַליין האָט טיף איבערגעלעבט יענע אַרויסטריטן. ער איז אַליין נתעלה געוואָרן און דערהויבן דעם עולם אַרום.

אָט די הערלעכע מאָמענטן האָבן אָנגעוויייעט אין אים די שטימונג צו אַ צאָל געפֿילפֿולע פֿערזן, אין וועלכע ער כאַראַקטעריזירט זיך אַליין, בעת ער שוועבט אין זײַן וועלט פֿון טרוים. דער מיטנוואָכיקער אָוונט ווערט פֿאַרוועבט אין אַ מין עונג־שבת... אָט די הייליקע פֿײַערלעכקייט נעמט אַלעמען אַרום, ווײַל דער גלויביקער ז. ווײַנפּער ציט זיך כּסדר צו דער העלער שײַן פֿון האָפֿן אויף אַ טאָג, וואָס וועט זײַן כּלו טוב...:

"דו טוסט אַ פֿאַל אַריין גאָר פּלוצלונג, אַזוי אומגעריכט
אין וויסטן, אָפּשיידנסטן און פֿאַרוואָרפֿנדיקן ישוב,
און פֿנימער צעציינדן זיך אַנטקעגן דיר, ווי שבת־ליכט,
און אַרום דיר גייט אויף אַזאַ מין צויבערלעכער כּישוף".

(פֿון ז. ווײַנפּערס ליד: "כ'גיי דערציילן"). אַזוי אַרום, איז די ווײַנפּער־וואָך אין מאָנטרעאָל געווען דער יום־טוב פֿון יאָר בײַ די איקופֿניקעס.

פון די אַקטיווסטע טוער אין מאָנטרעאָלער „איקוף" איז געווען מײַן טײַערער שוואָגער שלום קרישטאַלקע זכרו לברכה. ער איז געווען אָנגעלייענט אין אונדזערע בײדע ליטעראַטורן, אין ייִדיש און אין העברעיש. זײַן גאַנץ חיות איז געווען דאָס ייִדישע וואָרט. די ייִדישע ליטעראַטור איז געווען דער באָדן פון זײַן גײַסטיק אויסלעבן זיך. מיר האָבן אים געקרוינט מיטן נאָמען „מיסטער איקוף". ער האָט אָט דעם נאָמען כשר פאַרדינט מיט זײַן איבערגעגעבנקייט און ליבשאַפט צום „איקוף" — צו זײַנע בויער און שרײַבער.

אַ מנהג איז געוואָרן בײַ אים און בײַ מײַן שוועסטער שפרה (איר צו לאַנגע יאָר), אַז די פּרייטיק צונאַכטסטיקע סעודה האָט ווײַנפּער, אין אַ געהויבן געמיט דערציילט פון זײַן שטעטל טריסק, פון זײַן אָנהייב־שרײַבן אין אַמעריקע, פון „די יונגע". ער האָט ממש געצונדן די הייליקע ליכטער פון שבת־קודש. אַזוי שיין, האַרציק און בילדלעך פלעגט ער אָפּשילדערן זײַן אַרויספאָרן פון שטעטל, און פון זײַן אַרײַנקום אין דער ייִדישער ליטעראַטור. זײַן פאַרערטער פּאָעט איז געווען משה לייב האַלפּערן. ער האָט אים געהאַלטן פאַרן גרעסטן פּאָעט. ער האָט אים און זײַן ליד ליב געהאַט. האָט ער גערעדט וועגן משה לייבן, איז עס געווען אַ מזמור שיר למשה לייב האַלפּערן.

דער אויסערלעך־פּריידיקער און גוטמוטיקער ווײַנפּער, איז אָפּט אַרײַנגעפאַלן אין אַ שווערן אומעט. אין אַזאַ שטימונג פלעגט ער זיך צוכאַפּן צום טיש, און שרײַבן אַ ליד. איין מאָל גאָר פרי, ווען מיר האָבן געדאַרפט אַרויספאָרן „קאָלעקטן", האָב איך ווײַנפּערן געטראָפן זיצן איבערגעבויגן איבער אַ בויגן־פּאַפּיר און שרײַבן אַ ליד. איך זאָג, ווײַנפּער, מען דאַרף זיך לאָזן אין וועג. און ער פאַרענטפערט זיך, אַז עפּעס האָט אַ שאַרפער טרויער זיך אין אים אָנגעצונדן און ער מוז פאַרענדיקן דאָס ליד...

פלוצלינג האָט ער זיך אויפגעהויבן, און אַ זאָג געטאָן, איך וועל שוין אין אָוונט פאַרענדיקן דאָס ליד. איצט בין איך דאָך דער שליח פון „איקוף", און זײַן שליחות פאַר דער פּראָגרעסיווער ייִדישער קולטור, איז אַן עבודת־הקודש, וואָרים, אויב מיר'ן נישט האָבן קיין געזיכערטן „איקוף", וועלן מיר נישט האָבן דעם זשורנאַל, נישט קענען אַרויסגעבן קיין ביכער, נישט האָבן קיין עולם, און קיין לייענער. אַ ליטעראַטור אָן לייענער (אַ סך צי אַ מיעוט) לעבט נישט...

פון צײַט צו צײַט פלעגט אויך קומען נחמן מײַזיל, טאַקע אויך קאָלעקטן. מיר פלעגן אַליין דורכפירן די זאַמלונג, און מײַזיל האָט געהאַלטן איינציקע לעקציעס. סײַ ווײַנפּערן, סײַ מײַזילן האָבן מיר באַצאָלט פאַר די געהאַלטענע רעפעראַטן.

נ. מײַזיל האָט נישט אַראָפּגעקוקט אויפן עולם. ער האָט זיך נישט געהאַלטן חלילה פאַרריסן, נאָר בײַ דער גאַנצער היימישקייט, איז געווען אַ

דיסטאַנץ... מײַזילן איז נאָכגעגאַנגען דער שם־טוב פון די "ליטעראַרישע בלעטער", און די באַרימטקייט פון אַ ליטעראַטור־קריטיקער. זײַן טראָגן דעם עול פון דער יידישער קולטור און ליטעראַטור האָט מען באַוווּנדערט, און הויך האָט מען געשאַצט זײַן טראָגן באהבה דעם יאָך פון בויען די יידישע קולטור. מען האָט אים אַרויסגעוויזן נאָענטקייט. מען האָט געהאַט גרויס אָפּשײַ פאַר זײַנע באַמיונגען, און פאַר זײַן גרויסן צושטײַער צו דער יידישער ליטעראַטור. ער איז דאָך אומעטום געווען דער בויער און שאַפער.

אויך מיט אים האָבן מיר געיומטוב'ט און זיך געפרייט. אויסער די אָפיציעלע אַרויסטרעטונגען און מסיבות, פלעגן מיר (איך און מײַן שוואָגער שלום קרישטאַלקע) קומען אין די אָוונטן צו אים אין האָטעל, און שמועסן וועגן ליטעראַרישע ענינים. די פּראָבלעמען און דער מצב פון דער יידישער ליטעראַטור, האָבן אונדז געבראַכט זאָרג און אומרו. דערצו האָט זיך מײַזיל געהאַט זײַנע באַליבטע ראָמאַניסטן, פּאָעטן, שרײַבער און ליטעראַטור־פאָרשער. מיר פלעגן זיך שטאַרק אַמפּערן וועגן די קינסטלערישע דערגרייכונגען פון געוויסע שרײַבער. פון די שרײַבער פון וועלכע ער האָט געהאַלטן, האָט ער נישט געלאָזט אָפּדינגען קיין איין וואָרט פון שבח. טאָמער ווערט זײַן געהויבענער שריפשטעלער חלילה געקריוודעט... אַזוי אַרום, פלעגט אַמאָל קומען צו אַ מילדן איבעררייד צווישן אונדז.

עס האָט זיך מיר פאַרקריצט אין זכרון אַ מאָמענט, וואָס וועקט שטענדיק אין מיר טיפע בענקשאַפט. עס איז געווען אַ מילדע ווינטער נאַכט. מיר ביידע (שלום קרישטאַלקע און איך), זײַנען געקומען צו מײַזילן אין האָטעלעכל אויפנעמען אייניקע ענינים וועגן דעם סדר פון די אַרויסטרעטונגען און צונויפקומס. אָפּגעפטערט די פראַגן, זאָגט מײַזיל, עס איז הײַנט אַזאַ שיינער אָוונט, עס דערמאָנט מיך אין קיעווער נעכט. טאַקע אויפן קרישטשאַטעק, ווען איך פלעג אַרומשפּאַצירן מיט אייניקע יידיש־סאָוועטישע שרײַבער, דערהויפּט מיט דוד־בערגעלסאנען. לאָמיר אַרויס־גיין, לאָמיר כאַפּן אַ שפּאַציר אַרום אײַער באַרג, וואָס זײַן צלם לויכט פון דער סאַמער ווײַס־באַוואַלדיקטער הייך.

זײַנען מיר געגאַנגען אין דרײַען. עס איז אויסגעקומען צו דרייען און קירעווען זיך, ביז מיר זײַנען געקומען צום מאָנומענט, וואָס הויערט צופוסנס דעם באַרג. אַ שניי, זילבערדיק און לינד, האָט געפלאַטערט אַרום די לאָמפּן. מיר זײַנען געטראָטן ווי אין ווייכן פוך. אַ ווײַסע שלוה האָט גערוט אין דעם אויסגעשטערנטן אַרום. דער באַרג האָט געבלענדט מיט דער קרוין פון אייז. ווײַסע פּערל האָבן געשימערט פון די שנייקע ציכן נ. מײַזיל האָט לכתחילה געשוויגן און זיך געקוויקט מיט דער פרישער, מילד־קילער לופט. אָבער שלום קרישטאַלקע, וואָס איז געווען אַ זאַמלער פון בריוו — געשריבן צו אים און פון אים צו שרײַבער, און אויך אַ געטרייער

היטער פון אָפּשאַצונגען וועגן זיַינע באַליבטע שריַיבער און ליט. זשורנאַלן, האָט אַ זאָג געטאָן, אַז מען היט נישט גענוג די אויסגאַבן פון היַינט, וועלכע וועלן מיט יאָרן שפּעטער זיַין יקר־מציאותן. מיַיזיל האָט געהאַלטן מיט שלומען, און גליַיכציַיטיק אַפילו באַשטעטיקט אַז דער "ייוואָ" אין ניו יאָרק, זאַמלט נישט גענוג מאַטעריאַל פאַר דער צוקונפט. איך האָב אָבער געהאַלטן, אַז זאַמלען איז טאַקע וויכטיק פאַר דער געשיכטע, אָבער מער ענערגיע און געלט דאַרף מען אָפּגעבן דער היַינטיקער אַקטיוו־שעפערישער ליטעראַטור, נישט יעדע שמהה דאַרף מען קליַיבן, ווו עמעצער דרוקט עפּעס אָפּ אין אַ וויַיטן, פאַרוואָרפענעם ישוב. איר מיַיזיל האַלט דאָך, אַז מען דאַרף זיך אָפּרופן אויף יעדן שריַיבער אַבי עס קומט פון מרחקים... בין איך נישט קעגן דעם דערמוטיקן יעדן ליטעראַרישן פּרווו. אָבער מען דאַרף נישט איבערטריַיבן דעם באַטיַיט פון די שריַיבער, למשל, אין לאַטיין־אַמעריקע, אין מעקסיקע. עס מוז זיַין אַן אָפּקליַיב.

מיַיזלין האָט שטאַרק פאַרדראָסן מיַין דערווידערן זיַין צוגאַנג. ער איז רויט געוואָרן... מיַיזיל, ווי נאָר עפּעס האָט אים אַ ברי געטאָן פלעגט ער זיך באַגיסן מיט דער רויטלעכער פאַרב... ער האָט אין אַ בייזלעכן טאָן מיר פאָרגעוואָרפן, אַז איך וויל האָבן אַ מנין אויסדערוויילטע... איר נעמט אָן, אַז די גאַנצע יידישע ליטעראַטור האָט אַ צוויי־דריַי צענטערן מיט גרויסע פאַרשטייער אין אונדזער ליטעראַטור. מיר זיַינען אַ פאָלק אין דער וועלט, צווישן כּלערליי פעלקער און פאַרשידענע לענדער. די שיינקייט און מעכטיקייט פון אונדזער ליטעראַטור ליגט אין דער פילאַרטיקייט פון שטייגער־סביבות ווו יידן וווינען. יעדע ניַיע פלאַנץ איז אונדז טיַיער. די פּראַכט פון ניַיע לענדער און פייזאַזשן וועלן רייַכער מאַכן די ליטעראַטור.

איך האָב נישט אָפּגעפרעגט זיַינע אַרגומענטן. היַינט, וואָלט איך געוויס מיט פרייד באַגעגנט ניַיע שפּראָצונגען אין דער יידישער ליטעראַטור. אָבער ביַי יענער ציַיט האָבן נאָך באַשיַינט אונדזער ליטעראַטור די גרויסע מיַיסטער אין אַמעריקע, אין ראַטנפאַרבאַנד, האָב איך נישט נוטה־געווען צו מיַיזילס פרייען זיך מיט קוואַנטיטעט אַליין. איך האָב בלויז געהאַלטן פון דער קוואַליטעט פון קינסטלערישער דערגרייכונג.

שלום קרישטאַלקע וואָס האָט כּמעט זיך נישט אַריַינגעמישט אין אונדזער שמועס, האָט אַ זאָג געטאָן, אַז גערעכט איז מיַיזיל, אַז וואָס גרעסער דער שטח פון יידישן שאַפן וועט זיַין, אַלץ מער טאַלאַנטן וועלן מיט דער ציַיט אַרויסוואַקסן פון די ניַיע יידישע ישובים. מיַיזיל האָט זיך צעשמייכלט און צוגעגעבן, אַז ער האָט גרויס הנאה פון דעם שמועס. ער איז זיך פשוט מחיה צו הערן אַז די שריַיבער וואָס ער, מיַיזיל, האַלט פון זיי, זיַינען אויך שלום קרישטאַלקעס באַליבטע שריַיבער. שלום האָט געלויבט מיַיזילן, אַז ער האָט אַ צאָל שריַיבער אַרויסגעפירט און באַרימט געמאַכט מיט זיַינע ליטעראַרישע אָפּהאַנדלונגען. און אַגב, איז ער אין גאַנצן מסכּים

מיט מייַזילן ווען חשוב־האַלטן און היטן יעדן נייַעם ליטעראַרישן אויפקום אין אַלע אַלטע און נייַע יידישע ישובים. מען דאַרף זאַמלען און זאַמלען, עס זאָל זייַן אַ זכר לדורות.

מייַזיל אַן אויפגעלייגטער, האָט געשפּרייַזט און מיר נאָך אים. ער האָט פאַרהויבן דעם קאָפּ צו די מיניענדיקע שטערן, וואָס האָבן זיך געשווענקט אין דער טיפער בלוי פון די העלע, זילבערנע הייכן. ער האָט גערעדט ווי צו זיך אַליין, אַז אַזאַ ברילאַנטענע נאַכט דערמאָנט אים אין פיל ענלעכע דערהויבענע מאָמענטן. דאָס האַרץ ווערט ווידער פול מיטן גלויבן, אַז מיר'ן נאָך האָבן אַ סך נחת פון אונדזער פאָלק, און פון דער יידישער קולטור.

בייַם צוריקפירן אים אין האָטעלעכל און געזעגנדיק זיך מיט אים, האָט מייַזיל אונדז האַרציק באַדאַנקט, און געזאָגט, הייַנטיקע נאַכט וועט זיך מיר שרייַבן גרינג. איך דאַרף נאָך הייַנט פאַרענדיקן מייַן אַרטיקל פאַרן קומענדיקן נומער "יידישע קולטור".

אויך מיר זייַנען געווען דערפרישטע פונעם שמועס. מיר האָבן ביידע גערעדט צווישן זיך, אַז מיט מייַזילן איז גרינגער צו טראָגן דעם עול פון בויען און פאַרשטאַרקן דעם "איקוף".

אַז מייַזיל, אָדער ווייַנפּער זייַנען אַוועקגעפאָרן, האָבן מיר געבענקט נאָך זיי, און נאָך דער יום־טובדיקער שטימונג, וואָס זיי האָבן געשפרייט אין אונדזער יידיש־פּראָגרעסיווער סביבה, אָבער דאָס האָט גלייַכצייַטיק געווירקט, אַז מיר זאָלן מיט אַ גרעסערן פאַרנעם טאָן די "איקוף"־אַרבעט.

אַזוי האָבן זיך יאָרן געקייטלט. עס איז מיר קיין מאָל נישט געקומען אויפן זינען, אַז אָט די יאָרן פון שווערן געראַנגל, און די וואָכן פון קולטור־יום־טוב, מיט ווייַנפּערן און מייזילן קענען ראַפּטום איבערגעריסן ווערן. אמת, ווען ווייַנפּער איז אין מאָנטרעאָל פּלוצלינג פאַרשלאָפט געוואָרן, זייַנען געווען טעג, אין וועלכע, עס האָט זיך אויסגעוויזן, אַז ווייַנפּער וועט די שווערע קאָמפּליקאַציעס פון דער אָפּעראַציע נישט איבערטראָגן. זייַנע יסורים זייַנען געווען אומבאַשרייַבלעך. עס איז געווען אַ צער צו קוקן, ווי ער ראַנגלט זיך. אין די שטאַרקע פרעסט, יענעם ווינטער, בין איך, מייַן סאָניע און שלום קרישטאַלקע כמעט נישט אָפּגעטראָטן פון זייַן בעט. ער האָט זיך געראַנגלט מיטן טויט, און אים בייַגעקומען. די שמחה איז געווען גרויס. בלויז אַ רבין באַגלייט מען אַזוי אַרויס, ווי מיר (אַ היפּשער עולם איקופניקעס) האָבן מיט טרערן פון פרייד זיך מיט אים געזעגנט בייַ דער באַן.

אָבער לאַנג איז דאָס גליק אונדז נישט באַשערט געווען. מיט אייניקע יאָר שפּעטער האָט ווייַנפּער אָנגעהויבן לייַדן אויפן האַרץ. אַן אומעט האָט זיך באַזעצט אין זייַנע בלויע אויגן. ער האָט זיך אָבער געשטאַרקט און

אָנגעגאַנגען מיט זײַן שליחות. אין דער סביבה פון די איקופֿניקעס, איז ער געווען דער זעלבער רעדנער. ער האָט זיך ווידער באַוויזן אין דער טרוימערישער שטימונג פון אַ פּאָעט, און גערירט די צוהערער מיט די רייד, וואָס זײַנען געווען דער וווּנדער פון דער וואָר פון מי און גלויבן.

בײַ זײַן לעצטן באַזוך איז ער געווען זייער אומרויק. ער האָט אָפּט געשלונגען די פּילן, און אַ שווייס. פּלעגט באַשלאָגן זײַן פּנים. דעם לעצטן זונטיק פאַר זײַן אָפּפאָר, איז ער באַשטאַנען, אַז ער פילט זיך פיל בעסער, און ער וויל מיר זאָלן בײדע גיין זען אַ מואווי. האָב איך אים צוליב געטאָן. מיר זײַנען געזעסן אפשר אַ האַלבע שעה, און ער האָט דערפילט, אַז עס פעלט אים אויס אָטעם. ער איז געוואָרן בלאַס. ער האָט אַראָפּגעשלונגען אַ פּיל, מיר זײַנען אַרויס אין דרויסן. און איך האָב אים געבעטן, ווײַנפּער, לאָמיר צופאָרן צו אַ שפּיטאָל. אויב איר וועט דאַרפן בלײַבן דאָהי אייניקע וואָכן, זײַנען דאָ פאַראַן אַזעלכע גוטע האַרץ-ספּעציאַליסטן ווי אין ניו יאָרק. פּאָלגט מיך און בלײַבט דערווײַל דאָ. אָבער ווײַנפּער האָט זיך אײַנגעשפּאַרט, איך וויל אַ היים פאָרן. אויב אין אַ שפּיטאָל, וויל איך בעסער אין ניו יאָרק. צומאָרגנס האָב איך זיך מיט אים געזעגנט בײַ דער באַן. מײַן האַרץ האָט מיך געשראָקן. אין אַ צוויי וואָכן אַרום האָבן מיר באַקומען די וויסטע בשורה, אַז מײַן נאָענטער פּען-חבר, דער געטרײַער "איקוף"-שליח, דער הויכבאַגאַבטער לירישער פּאָעט, דערציילער און עסייאיסט, ז. ווײַנפּער איז נפטר געוואָרן.

איך האָב ווײַנפּערן נישט פאַרגעסן. אָפּט בלעטער איך זײַנע בריוו, און לייען זײַנע לידער און זײַן געשטאַלט שטייט מיר פאַר די אויגן. זײַנע רייד ציטערן מיט זײַן צאַרט-דינעם קלאַנג. און דער וווּנדער פון זײַן וואָר ליכטיקט אין זײַן שעפערישן וואָרט, אין זײַנע גלויביקע מעשים.

אַברהם דזשענאָוווסקי איז באַשטימט געוואָרן פאַרן גענעראַל סעקרעטאַר פון "איקוף". דאָס ערשטע מאָל, וואָס ער איז געקומען קיין מאָנטרעאָל דורכצופירן די יערלעכע געלט-אַקציע, איז ער געווען אומזיכער בײַ זיך. ווי אַזוי קען איך זײַן דער ממלא-מקום פון ווײַנפּערן. — אַזוי האָט ער זיך פאַר מיר פאַרטרויט. פאַר זײַן עפּנטלעכן אויפטריט מיט אַ לעקציע אין "אָרדן", האָבן מיר פאַרבראַכט אַ גאַנצן טאָג אין שמועסן וועגן "איקוף", וועגן דער פּראָגרעסיווער ליטעראַרישער סביבה וכדומה. דזשענאָוווסקי האָט אַרויסגעוויזן בקיאות אין דער יידישער ליטעראַטור. דערצו אַ דערפאַרענער קולטור-געזעלשאַפטלעכער טוער, אַ פעיקער אָרגאַניזאַטאָר, וואָס האָט ליב דעם "איקוף". הויך האָב איך געשעצט זײַן קענען ווערן נאָענט מיט מענטשן. אַ האַרציקער פאָלקס-מענטש פון אַ הויכער מדרגה. ער האָט שטאַרק אויסגענומען בײַ די איקוף-טוער און בײַם עולם. מען האָט זיך ממש צוגעבונדן צו אים. די טראַדיציע איז נישט איבערגעריסן געוואָרן. ער האָט געהאַלטן איין עפּנטלעכע לעקציע אין

״אָרדן״ און אַ צווייטע אין דער מסיבה פון די ״איקוף״ לייען־קרייַזן. אַמאָל אין הויז פון די עלבלינגס, און אַמאָל אין הויז פון די מינדעסעס. יום־טובדיקע אָוונטן זייַנען דאָס געווען. דער עולם האָט הנאה־געהאַט אים צו הערן. ער האָט געהאַט גרויס נחת פון דער נאָענטשאַפט און שעצונג, מיט וועלכע מען רינגלט אים אַרום. אַברהם דזשענאָוסקי פלעגט ווי ווייַנפּער פריער, זייַן דער אָנגעלייגטער גאַסט פּרייַטיק־צונאַכטס בייַ די קריש־טאַלקעס אין הויז.

שבת (אַזאַ מנהג איז געוואָרן בייַ אונדז) האָבן מיר צוזאַמען געגעסן מיטיק אין האָטעל־רעסטאָראַן. נישט די סעודה — די דברי־קולטור, האָבן געשאַפן אַ חברישע נאָענטשאַפט צווישן אונדז. ער פלעגט קומען אַרום פרילינג־צייַט (מערץ־אַפּריל) און איך פלעג מיט בענקשאַפט וואַרטן אויף אים. מיט דזשענאָווסקין האָט מען נישט געדאַרפט מיטגיין מבית לבית. ער האָט אַליין אומעטום געטראָפן. ער האָט נישט געוואָלט קיין מיטבאַגלייטער. סייַ ווי, איז דער הויפּט איינמאָנער געווען שלום קרישטאַלקע. צוזאַמען האָבן זיי שטענדיק געזאַמלט די צוגעזאָגטע סומע.

נ. מייַזילן פלעגן מיר אייַנלאַדן אויף לעקציעס.

אַזוי האָט אַ יאָר זיך געוועבט אין אַ יאָר. יאָרן האָבן זיך געבונדן, און אונדזער איקופישער־שטייגער פון אויסלעבן זיך, איז ווידער נאָרמאַל געפלאָסן. עס איז טאַקע געוואָרן שווערער, אָבער מיר האָבן זיך נישט אונטערגעגעבן.

איז אָט באַזעצט זיך מייַזיל אין ישראל אין קבוץ אלומים, אַרבעט מיט כּסדר אין יידישע קולטור״, און דער רעדאַקטאָר ווערט איטשע גאָלדבערג. איז מען צופרידן, און מען האָפט, אַז נחמן מייַזיל דער באַרימטער ליטעראַטור־קריטיקער, בויער פון דער יידישער ליטעראַטור און קולטור אין רוסלאַנד, אין פּוילן, אין אַמעריקע, וועט מאריך ימים־זייַן, און וועט זייַן שעפערישע עשירות לאַנג־לאַנג, נאָך אַרייַנברענגען אין די קינסטלערישע גיטער פון דער יידישער ליטעראַטור. האָבן מיר לאַנג נישט געהאַט די זכיה אויף דעם. אויך דער ליב־נאָענטער נחמן מייַזיל — איינער פון די גרויסע פאָרשטייער פון אַ גרויסן דור שריפטשטעלער און קולטור־בויער, איז פרי אַרויסגעריסן געוואָרן פון לעבן. ער איז נפטר און נקבר געוואָרן אין ישראל וווהין ער האָט די לעצטע יאָרן באַגערט צו לעבן און שאַפן.

מיט נחמן מייַזיל האָט נאָך אַ זייַל פון ״איקוף״ זיך אַ וואַקל געטאָן. מיר האָבן זיך דערפילט פאַראַבלט און פאַראייננזאַמט, דער בנין האָט זיך טאַקע אַ טרייסל געטאָן, און דער ״איקוף״ איז געבליבן שטיין גאַנץ אין זייַן גלויבן ממשיך צו זייַן די הייליקע ״איקוף״־אַרבעט פון מייַזילן און ווייַנפּערן.

מיר האָבן זיך איצט ממש געטוליעט צו דזשענאָווסקין. די לעצטע פּאָר יאָר האָט ער זיך כּסדר געקלאָגט אויפן האַרצן. שטענדיק געטראָגן די פּילן, און באמת אַכטונג געטאָן אויף זיך. בייַ זייַן לעצטן באַזוך האָבן מיר זיך

אַזוי פֿאַררעדט, אַזש מיר האָבן געמוזט כאַפּן אַ טעקסי, און קוים באַוויזן צו קומען אין צײַט. עפּעס האָט ער געהאַט אַ פֿאָרגעפֿיל, אַז מיר זעען זיך צום לעצטן מאָל. עס איז איבעריק איצט צו דערמאָנען, אַז איך האָב אַברהם דזשענאָוואָסקי געהאַלטן פֿאַר אַ נאָענט־אייגענעם חבר און פֿרײַנד. ער איז געווען אָ פּעיקער מענטש — אַ פּראָגרעסיווער קולטור־געזעלשאַפֿטלעכער טוער, וואָס זײַן וויכטיקער צושטײַער צום יידישן לעבן וועט נישט פֿאַרשטויבט ווערן פֿון די זאַמד־ווינטן פֿון דער צײַט.

אַברהם דזשענאָוואָסקי האָט מען ליב געהאַט. ווײַל ער איז געווען פֿון די טוער העוסקים בצרכי צבור באמונה. מיט זײַנע מעשים האָט ער זיך אַרײַנגעשריבן אין דער געשיכטע פֿון "איקוף" צום אייביקן געדענקען.

אַזוי אויך וועט אַרויסשײַנען דער נאָמען פֿון שלום קרישטאַלקע, וואָס איז געווען אַ געטרײַער און גלויביקער בויער פֿון "איקוף". ער האָט זיך ממש געפֿרייט מיט יעדן נומער "יידישע קולטור" און מיט יעדן נײַדערשינענעם בוך.

די פֿיר נפֿטרים — זישע ווײַנפּער, נחמן מײַזיל, אַברהם דזשענאָוואָסקי און שלום קרישטאַלקע, דאַרפֿן פֿאַרצייכנט ווערן ווי העלדן פֿון "איקוף" וואָס זײַנען געווען די עקשנותדיקע היטער און בויער פֿון יידישן קולטור־לעבן. איטלעך איינער שעפּעריש אויף זײַן שטייגער.

יאַ, דער טרויער בווערט טיף אין געמיט. שטעלט זיך דער ווינטער. מאָנטרעאָל ליגט פֿאַרמויערט אין אײַז. אין טעג פֿון זון בלענדט דאָס זילבער פֿון הויך־געדיכטן שניי. אָבער ווײַנפּער און מײַזיל זײַנען מער נישטאָ. אָפּגעטאָן האָט זיך די פֿרייד פֿון יום־טוב פֿון איקופֿישע־טעג־און־וואָכן אין דער פּראָגרעסיווער יידישער סביבה אין מאָנטרעאָל.

אין מערץ־אַפּריל טאָפּיעט דער שניי. אַ צייכן אַז עס פֿרילינגט שוין. אין יענע חדשים נאָגט אַ טיפֿע בענקשאַפֿט. אַברהם דזשענאָוואָסקי וואָלט געדאַרפֿט שוין זײַן, אָבער ער וועט זיך שוין מער נישט באַווײַזן. די אייביקייט האָט אים און זײַנע חברים ערגעץ ווו פֿאַרהוילן, און זיי זײַנען געבליבן אין אונדז צינדן דאָס ליכט פֿון געדענקען אין אונדזערע בענקענדיקע טעג. אַז ביים דערמאָנען זיי זאָלן מיר אין טרויער אָבער אויך פֿאַראָן די שטילע טרייסט, וואָס פֿאַרמילדערט דעם צער: זייער ערלעכע, הערלעכע מי האָט אויפֿגעשטעלט דעם בנין "איקוף". זייער גײַסט לעבט אין אונדזערע טואונגען.

מיר האָבן דאָס גליק צו האָבן פֿאַרן רעדאַקטאָר פֿון "יידישע קולטור" — דעם גרויסן געלערנטן, אויסגעצייכנטן פּיליזײַטיקן שרײַבער איטשע גאָלדבערג. ער איז אונדזער אָנרעגער, ער שטאַרקט אין אונדז דעם גלויבן אַז דאָס יידישע שעפֿערישע וואָרט און דער "איקוף" וועלן ווײַטער וועבן די גאָלדענע פֿעדעם פֿון דער יידישער ליטעראַטור. אַז קיין שום שטורעמס וועלן נישט איבעררײַסן אונדזער ליכטיקן המשך.

צו 40 יאָר ״איקוף״־זשורנאַל ווינטש איך אַז מיר זאָלן האָבן אַ סך נחת פון ״איקוף״ און פון אַלע ״איקוף״־בויער און מיטאַרבעטער אין דער ״יידישע קולטור״.

גוט יום־טוב צום דערגרייכן 40 יאָר!

וואָרים מיר טאָרן זיך נישט לאָזן פאַרשוועכקען פון טרויער און ספקות. מיר דאַרפן שטיין אין געראַנגל מיט כלערליי אַסימילאַציע־פּרעדיקער און שונאי־יידיש. מיר זײַנען דאָך געבענטשט מיטן גליק פון גלויבן אין המשך פון דער יידישער קולטור, דעריבער דאַרפן מיר האָפן, אַז דויערנדיקע וואָר וועלן ווערן ז. ווײַנפּערס טרוימערישע פערזן:

״זיי וועלן קומען, קומען, —
אָט די נײַע, לײַכטנדיקע טעג,
און אויפגרינען אויפסנײַ וועט אונדזער וועג.
און גאַנץ וועט ווערן אויך די בריק,
וואָס איז אַהינטער אונדז צעפאַלן״.



שלום שטערן

# דער גערעטענער אַנהייב

כאַראַקטעריזאַציע פון דער לידער־זאַמלונג ״באַגינען״, רעדאַקטירט פון אַ רעד. קאָלעגיע אין פאַרלאַג ״אויפגאַנג״, טאָראָנטאָ 1928, קאַנאַדע.

## א.

שוין העכער אַ יאָר ווי אין קאַנאַדע האָט אויפגעהערט צו דערשײַנען ״דאָס וואָכנבלאַט״, וואָס האָט געהאַט פאַרשיידענע נעמען. פריער: ״דער קאַמף״, ״דער וועג״ און שפּעטער אונטער אַנדערן נאָמען ״דאָס וואָכנבלאַט״ אונטער דער פעאיקער רעדאַקציע פונעם טאַלאַנטירטן פובליציסט יהושע גערשמאַן. אין ״וואָכנבלאַט״ שפּיגלט זיך אָפּ די סביבה פון די יידישע פּראָגרעסיווע אַרבעטער און פאָלקס־מענטשן, די שווערע קאַמפן פון דער אַרבעטערשאַפט אין קאַנאַדע, דאָס בויען די הערלעכע יידישע מאָריס ווינטשעווסקי־שולן, און פאַרשיידענע קולטור־אָרגאַניזאַציעס, ווי די כאָרן, דראַמאַטישע גרופּן, וואָס האָבן גאַנץ־אָפט געהאַט הויך־קינסטלערישע אויפפירונגען פון שפּיל און געזאַנג. באמת דער גאַנצער ברויז פון אַ יונג־טרוימעריש לעבן איז פאַרקריצט אין די יאָרגענג פון אונדזער וואָכנשריפט. אונדזער יונג בלוט אין קאַמף פאַר אַ וועלט, וואָס זאָל געבוירן די געגאַרטע גערעכטיקייט און דעם שלום, האָט הייס און גלויביק געטריפט פון די בלעטער.

די יידישע שרײַבער, פון די אַלט־אײַנגעזעסענע און די נײַ־געקומענע נאָכן ערשטן וועלט־קריג, האָבן זיך געטוליעט צום ״קאַמף״ און די מערסטע האָבן מיטגעאַרבעט אין ״קאַמף״־״וועג״־״וואָכנבלאַט״. בלויז אַ מיעוט פון די שרײַבער פון יענעם אָנהייב־פּעריאָד, האָבן זיך נישט געפונען אין דער פּראָגרעסיווער יידישער פּעריפּעריע. אַזוי אַרום האָט זיך אָנגעזאַמלט אַ גרויס ליטעראַריש פאַרמעג אין דער יידישער פּראָגרעסיווער פּרעסע.

די רדיפות פון דער רעגירונג האָבן אונדז נישט געבראָכן, און דער חרם מצד דעם רעכטן צד אויף דער יידישער גאַס האָט אונדז נישט געבויגן. למען האמת ״דאָס וואָכנבלאַט״ האָט זיך פאַרמאַכט נישט צוליב מאַנגל אין פינאַנצן (הגם עס איז נישט אָנגעקומען גרינג). איר קול אין שריפט איז פאַרשטומט געוואָרן, ווייל איר פאַרדינסטפולער, טאַלאַנטפולער רעדאַקטאָר און זשורנאַליסט, האָט זיך געמוזט צוריקציען פון דער אַרבעט צוליבן שוואַכן געזונט. דאָס איז דער אמת פון די סיבות, וואָס האָבן גורם געווען איר אונטערגיין. אָבער, מיר האָבן ערגעץ־ווו פאַרזען. מיר האָבן זיך באַצײַטנס, מיט יאָרן צוריק נישט צושטאַרק באַמיט צוצוגרייטן אַ שרײַבער, וואָס מען זאָל קענען אין זײַנע הענט איבערגעבן ״דאָס וואָכנבלאַט״. עס איז

טאַקע אַ פֿאַקט. אָבער אָט־דער פֿאַקט, וואָס מען האָט שוין נישט געקענט בײַקומען, מינערט נישט דעם שאַרפֿן ווייטיק פֿון די יידיש־לייענערס, וואָס האָבן אים אויסגעטראָגן נאָענט צו 60 יאָר. עס איז געבליבן אַ ליידיקייט אַרום אונדז. מיר האָבן פֿאַרלאָרן די סאַמע־שעפֿעריש־אַקטיווסטע פּאָזיציע אין קאַנאַדע. מען האָט צעטרייסלט דעם באָדן פֿון אונטער די פֿיס. ״דאָס וואָכנבלאַט״ איז געווען מײַן ליטעראַריש־געזעלשאַפֿטלעכע טריבונע. און נישט בלויז פֿאַר מיר. אויך אַ היפּשע צאָל ליטעראַטן אין פֿאַרשיידענע יידישע ישובים האָבן פֿאַרלאָרן דעם וואַרשטאַט ווו זיי האָבן זיך געלערנט שרײַבן און רײַף־געוואָרן. טאַקע צוליבן שווערן קלאַפּ פֿונעם איבעררײַסן זיך פֿון ״דאָס וואָכנבלאַט״, דאַרף מען פֿאַרצייכענען די גרויסע השפּעה וואָס דער ״קאַמף״ האָט געהאַט אויף די יידישע שרײַבערס אין קאַנאַדע.

ב.

אין יענעם ברויז־פּעריאָד איז פֿאָרגעקומען אַן אויפֿלעב צווישן די יידישע שרײַבער. די אַלט־אײַנגעזעסע שרײַבער, ווי י.י. סיגאַל, א.ש. שקאָלניקאָוו, אײַדע מאַזע, אסתר סיגאַל, זײַנען שוין געווען באַקאַנט אין דער ליטעראַטור־סביבה פֿון ניו־יאָרק. דער אָנערקענטסטער איז געווען י. י. סיגאַל. מיר, די נײַ־געקומענע, זײַנען געווען אַ פֿלעיאַדע יונגע בחורימלעך — גרינע, אָבער אידעיש נישט פֿון איין געוועב — געווען לינקע פּועלי־ציון, יידישיסטן, און די מערסטע נאָענט צו דער לינקער באַוועגונג. בנימין קאַץ איז געווען אַ קאָמיוגיסט. אים האָט אַרויסגעהאָלפֿן אין אַרויסגעבן ״באַגינען״ דער קאָמיוגיסט יידיש־ליבהאָבער, קולטור־און־שול־טוער יאָסל קליינשטיין, וואָס האָט זייער ליב געהאַט די יידישע ליטעראַטור. ביידע זײַנען געווען שריפֿטזעצער און ביידע האָבן געהאַט אַ באַגער צו העלפֿן אַרויס־הויבן די יונגע טאַלאַנטן אין קאַנאַדע, און גלײַכצײַטיק שאַפֿן אַ פֿאַרלאַג אַרויסצוגעבן ביכלעך (בפירוש ביכלעך, אין העפֿטן־פֿאָרמאַט) און אַ זשורנאַל.

ווען בנימין קאַץ האָט אָנגעהויבן קלײַבן מאַטעריאַל פֿאַר דער לידער־זאַמלונג ״באַגינען״, האָב איך זיך דעמאָלט געפֿונען אין די ״לאָורענשאָן מאונטעינס״ (לאָרענשאָן־בערג, אין ״מאונט־סיני״־סאַנאַטאָריום פֿאַר טובערקולאָזע). מײַן גאַנצער באַגאַזש פֿון געדרוקטע לידער איז באַשטאַנען פֿון אַ צענדליק לידער אין אַ ליטעראַרישער וואָכנשריפֿט (נישט פֿאַרבײַטן מיטן פּראָגרעסיוון ״וואָכנבלאַט״) אין אַ יוגנט־פּועלי־ציון־זשורנאַל דערשינען אין ניו־יאָרק. דער דיכטער און הייסער קאָמיוגיסט בנימין קאַץ האָט מיך פֿאַרבעטן צו באַטייליקן זיך אין ״באַגינען״. אויף מײַנע צוגעשיקטע לידער, האָב איך פֿון אים באַקומען אַן אָפּרוף פֿון לויב און אַז די רעדקאָלעגיע האָט באַשטימט צו עפֿענען די זאַמלונג מיט מײַנע לידער. דאָס זײַנען געווען לידער אין פֿרייד פֿון אַ יונגער ליבע. דער סאָציאַלער עלעמענט האָט נישט געגליט דעמאָלט אין מײַנע

שורות, אַפילו נישט קיין שום טרויער־שטימונג וועגן מײַן פּיבערן אין סאַנאַטאָריום אויף אַ בעט, אײַנגעדעקט מיט אַ פּוטער, בײַ אַן אָפן פענצטער אין די שטאַרקסטע פרעסט. אַזוי האָט מען דעמאָלט געהיילט די פאַר־צערנדיקע קראַנקייט, וואָס מען האָט גערופן "די ווײַסע קרענק פון ווײַסן פרינץ". איז יאָ, בנימין קאַץ האָט בײַ קיינעם נישט פאַרלאַנגט קיין לידער מיט אַ סאָציאַלן און רעוואָלוציאָנערן אינהאַלט. דאָס האָט געשאַפן די גינציקע אַטמאָספערע, אַז די מערסטע פאַרבעטענע זאָלן זיך באַטייליקן.

שוין עטלעכע טעג, ווי איך האָב אייניקע מאָל איבערגעלייענט די שאַפונגען אין "באַגינען". איך לייען און איך באַוווּנדער דעם טאַלאַנט, וואָס אָט־די גרינע יוגנט האָט מיטגעבראַכט פון עבר לים — דאָס רוב אַריבערגעקומענע פון פּוילן — און אויך האָבן מיר געוואַרעמט אין זיך דעם טרוים און דעם גלויבן, אַז אויך דאָס געשטאַלט פון היגן היימישן שטייגער, וועט זיך אונדז אײַנגעבן אײַנצופלאַנצן אין דער יידישער ליטעראַטור.

איך לייען די לידער, וואָס זײַנען יונג און פריש, און עס ווייעט פון זיי די עכטע שטימונג פון פּאָעזיע. גלײַכצײַטיק האָט זיך אין מײַן האַרץ באַזעצט אַ טיפער טרויער, וואָס די מערסטע פון די באַטייליקטע האָט דער טויט צו יונג אַרויסגעריסן פון לעבן.

ג.

פון די עלף פּאָעטן, אין וועלכע דער קנויט פון לעבן ברענט נאָך (און הלוואַי אויף לאַנגע יאָרן), זײַנען בנימין קאַץ און שלום שטערן. אויף די איבעריקע אומעטיקט שוין גאַנץ לאַנג דער מצבה־שטיין. איטלעך איינער מיט זײַנע טראַגישע איבערלעבונגען, וועלכע ער האָט מיטגענומען אין דער אייביקער אייביקייט. טראַגיש איז געווען דאָס לעבן פון דעם זייער באַגאַבטן פּאָעט מאיר גרינבערג. ער איז געווען אַ לינקער פּועלי־ציון. ער האָט זיך פאַרליבט אין אַ מיידל, ריוועטשע. אויך זי האָט אים ליב געהאַט. נאָר זי איז געווען אַ קאָמוניסטקע. אַוועקפאָרן פון פּוילן, האָט בײַ איר געהייסן דעזערטירן פון שלאַכט־פעלד... האָט זי זיך אָפּגעזאָגט מיטצופאָרן מיט גרינבערגן קיין קאַנאַדע. אין צווישן־צײַט איז זי אַרײַנגעפאַלן אין תּפיסה. ווען זי איז אַרויס פון דער טורמע, האָט זי זיך פאַרבונדן מיט אַ דײַטשישן קאָמוניסט שמידט. ער איז אומגעקומען אין אַ קאָנצענטראַציע־לאַגער. גרינבערג האָט דערווײַל אַריבערגעבראַכט זײַנס אַ קוזינקע פון לאָדזש, מיט איר חתונה־געהאַט, אָבער קיין שלום־בית איז נישט געווען. ער האָט געהאַט צוויי זין מיט איר און לסוף האָבן זיי זיך געגט. מלחמה־צײַט האָט ער זיך אָנגעשלאָסן אין דער קאַנאַדער אַרמיי, צוריק־געקומען אַ האַרץ־קראַנקער. על־פּי־נס האָט זיך ריוועטשע געראַטעוועט. זי איז צו אים געקומען פון פּוילן. זיי האָבן חתונה־געהאַט. אָבער דאָס גליק האָט לאַנג נישט געדויערט. גרינבערג האָט געקראָגן אַ האַרץ־אַטאַקע און אַוועק פון דער וועלט. ער האָט זיך געגרייט ווידער צו נעמען די פּען אין דער האַנט. ריוועטשע, דאַכט מיר, איז אַוועק פון קאַנאַדע און זיך באַזעצט אין ישראל.

סיַיווי איך האָב פאַרלאָרן איר שפור זי, די געטרייַע קאָמוניסטקע, וואָס איז גרייט געווען זיך מוסר־נפש־זיַין פאַר דער פּאַרטיי, איז געווען אַנטווישט אין דער פּאַרטיי, אין סאָוועטן־פאַרבאַנד. זי האָט דאָך געלעבט דאָרט און דאָרט איבערגעלעבט דעם קריג. אַז איך האָב זי געפרעגט וועגן סטאַלינען, האָט זי אין צאָרן אַ ברום געטאָן: "אָט דער מערדער, וואָס האָט חרוב געמאַכט דאָס לאַנד און פאַראומווירדיקט די העכסטע און הערלעכסטע אידעאַלן פון קאָמוניזם".

מער האָט זי נישט געוואָלט רעדן. בלויז מיט אָנגעטרערטע אויגן אַ זאָג געטאָן: אויף מיַין פּאַרטיי וועל איך נישט רעדן. "מען שפּיַיט נישט אין ברונעם פון וועלכן מען האָט געטרונקען".

ריווטשע איז געווען זייער אַ קלוגע, אַ דורכגעליטענער מענטש, מיט אַ סך וויסן און דערפאַרונג. ביַים געזעגענען זיך מיט איר, האָט זי מיר געזאָגט: "איר זענט גרינבערגס בעסטער חבר, זאָלט איר געדענקען, דיקטאַטור אַרויפגעצוווּנגען פון סטאַלינען דאַרף מען באַקעמפן, אָבער אין סאָציאַליזם גלויב איך"...

ריווטשע איז געווען ביַי מאיר גרינבערגן די נאָגנדיקע בענקשאַפט, וואָס אין חלום האָט זי זיך צו אים שטענדיק באַוויזן אַ פאַרוויינטע, אַ פאַרקלעמטע צווישן תפיסה־ווענט. ביַיטאָג האָט ער צו איר גערעדט אין שאַפּ, ביַים ניי־מאַשין. איר טרויעריקער בליק האָט אים געשניטן און אַנגעלאָדן זיַין געמיט מיט צער. אין זיַין ליד "ריווטשען אין דער תפיסה" וויינען די ווערטער. זיי וויינען און געפינען נישט קיין טרייסט:

"כ׳זע דיך הינטער גראַטעס,
זיבן ריגלען,
אַ שוויַיגנדיקע, ריידן דיַינע בליקן,
שניַידן זשאַווער פון דיַינע ריגלען.

כ׳זע דיך הינטער גרויע מויערן,
חבר דו — אַזוי שאָטנדיק באַהעלט — —
דו אין אונדזער האַרץ,
אַ יונגער פרימאָרגן, וואָס גייט אויף צו דער וועלט.

ציען זיך דיַינע תפיסה טעג
פאַרוויינטע, מיט צער אין די אויגן
צינדסטו דעם חושך מיט פונקען,
דורך צער גייט אויף דיַין ליכטיקער גלויבן.

כ׳זע דיך האַלב אין חלום,
האַלב אין דרעמל...
אַ יונגער אָדלער אויף די העכסטע שפּיצן
צו דעם הימל!"

מ. גרינבערג, וואָס זיין יונג־בענקנדיק לעבן איז געווען דורכגעוועבט מיט פּיַין, האָט אין פיל פון זיַינע פערזן געצוימט אין זיך דעם טרויער; ער האָט געזוכט, אַז זיַין ליד זאָל דורכגעליכטיקט ווערן מיט דער גאַרונג נאָך

פרייד. ער האָט געלעכצט נאָכן געבאָרן ווערן פון אַ ליד:

„אין שווייַגנדיקע נעבט,
ווען הימל־ערד מיט צאַרטן קוש באַהעפט,
גייט אויף נײַ לעבן מיט שטיל געבענטשטער פרייד,
מיט זאַפטיקע טרויבן, איבער פעלד און בייט.
ווער איך אַ גרעזעלע,
קושן פערלדיקע טויען — באַזילבערן מייַן געמיט
און אין לויטערקייט פון טויען
גיי איך אויף מיט מייַן ליד".

ד.

אַ צאַרטע דיכטערין איז געווען אסתּר סיגאַל (די שוועסטער פון י. י. סיגאַל). אירע ציטערדיקע שורות אין די פינף לידער, זייַנען בענקשאַפטן נאָך ליבע. זיי זייַנען געשפּונען אין גלוסט, מיט רייצנדיק־רופנדיקער עראָטיק. אין אירע לידער זינגט נישט די פרייד פון ליבע, זיי זייַנען דאָך אַ געוועב פון אומעט, וואָס גראָד די דערגרייכטע ליבע האָט אַרייַנגעטריפט אין איר געמיט:

„נו, וואָס איז איצט, —
אַז מיר זייַנען שוין געקומען
צום געגאַרטן הויז?
און דו נעמסט מיך אייַן,
רעדסט מיר אויס
און זאָגסט מיר צו...
מיר איז אַלץ נאָך אומעטיק,
און איך טראַכט פון וויינען,
כ'בענק נאָך קליינע קינדער,
וואָס שפּילן זיך אין זאַמד".

אסתּר סיגאַל איז געווען אַ לירישע דיכטערין, די טאַלאַנטפולסטע צווישן דער פלעיאַדע פּאָעטן אין קאַנאַדע. אין איר „באַגינען" פאַרמאָגט זי אייניקע אויסגעצייכנטע לידער. אַ שטאַרקן אייַנדרוק לאָזט נאָך הייַנט איבער איר סאָציאַל ליד: „מייַן מאַן, דער פרינץ, דער בעקער", פון וועלכן אונדזער קלמן מרמר האָט זיך גאָרנישט געקענט גענוג אָפּלויבן. זי האָט נישט דערקלעטערט צו דער פּאָעטישער הויך, וועלכע זי וואָלט געקענט, לויט איר טאַלאַנט אַרויפשטייַגן, ווייַל — אַזוי טראַכט איך — זי האָט אָפּרייַסנדיק זיך אין די שפּעטערע יאָרן פון דער פּראָגרעסיווער סביבה, פאַרלאָרן דעם באָדן פון אונטער די פיס. עס האָבן מסתּמא אויך גורם־געווען אַ סך אַנדערע סיבות...

א. ש. שקאָלניקאָוו (איז געווען אַ בעקער) דער מאַן פון אסתּר סיגאַל. געוויס האָט ער פאַרמאָגט פּאָעטישן טאַלאַנט, אָבער קיין מזל נישט געהאַט. ער האָט נישט באַקומען די פאַרדינטע אָנערקענונג. פון די שאַרפסטע פאַרלייקענער פון זייַנע לידער איז געווען זייַן שוואָגער י. י.

סיגאַל, וואָס זייַן מיינונג האָט געגילט אין קאַנאַדע. און אַז שקאָלניקאָוו האָט פאַרדינט גוטע, און אַפּילו ווערטער פון לויב, האָבן באַוויזן אַ צאָל פון זייַנע לידער אייניקע יאָר פאַר זייַן פריען אַוועקגיין. זייַן און אסתּר סיגאַלס ליטעראַרישער איבערבלייַב געפינט זיך געוויס בייַ זייער טאָכטער, וואָס וווינט אין ישראל.

אין "באַגינען" איז א.ש. שקאָלניקאָוו פאַרטראָטן מיט פיר שטילע לידער, וואָס גיבן איבער דאָס ריינע געפיל פון צוויי, וואָס האָבן זיך ליב, אין אַ שטוב, וואו עס האָט זיך באַזעצט די נויט. רירנדיק איז זייַן ליד "מייַן האַנט". אָט די האַנט, וואָס זינגט דאָס "געזאַנג פון אַרבעט", און דער זינגער וויגט דאָס קראַנק־געוואָרענע קינד:

"מייַן האַנט וואָס קאָן
דאָס געזאַנג פון אַרבעט,
דאָס ליד פון ברויט —
מייַן האַנט וויגט איצט
אַ קראַנק קינד
און זינגט דאָס ליד
פון רו און שלאָף.

אַ, קלאַנג פון אַרבעט,
געזאַנג פון ברויט —
ס'איז אַזאַ פרייד
וואָס שטראָמט דורך מייַן האַנט
און ווי אַ ווייַסער פאַס ליכט
שטרעק איך מייַן האַנט
צום קראַנקן קינד,
גלעט עס,
וויג עס
וויג עס
און שטיל עס איין".

ה.

די דיכטערין איידע מאַזע איז געווען שטאַרק באַאייַנפלוסט פון "די יונגע". זי האָט זיך געהיט פאַר אַ פּראָסט און הויך וואָרט. אַגב, אויך י. י. סיגאַל און די מערסטע יונגע פּאָעטן זייַנען געווען אונטער דער השפּעה פון "די יונגע". איידע מאַזע האָט כּמעט נאָכגעזונגען יוסף ראָלניקן. עס האָט אַרויסגעקלונגען זייַן שטילער הכנעהדיקער טאָן, זייַן געזאַנג און געבעט.

שיין און שפּילעוודיק זייַנען אירע קינדער־לידער. פאַרן קליינוואַרג האָט זי געפונען דאָס פּאַסיקע וואָרט, דאָס זינגענדיקע וואָרט. די לידער פאַר דערוואַקסענע זייַנען אָנגעגאָסן מיטן ווייַ־און־געוויין פון טרויער. זי האָט פאַרלאָרן אַ קינד. אין חלום, אין וואָרט, קומט זי אָפט צום בערגעלע, וואו עס רוט דאָס געביין פון איר קינד. דאָס ליד "מייַן בערגעלע" איז אָנגעזאַפּט מיטן צער פון אַ צעווייטיקט מאַמעדיק האַרץ:

"די לופט דאָ אַזוי גוט און שטיל

און ווייך דאָס גראָז צום ליגן,
און בײַ מײַן זײַט אַ בערגעלע:
איך קום בײַנאַכט אים וויגן.
דאָ שטייען בערגעלעך אַ סך,
בערגעלעך איינזאַמע.
נאָר בײַ מײַן זײַט דאָס בערגעלע —
דעם בין איך אַ מאַמע״.

ו.

ש. נעפּאָם איז געווען לינק־געשטימט. אים איז ליב געווען די ליטעראַרישע סביבה. חיונה האָט ער געצויגן פון זײַן אַ קאָנדוקטאָר אויף אַ טראַמוויי. ער איז געווען אַ ליבער און ערלעכער מענטש. זײַנע באַגריפן וועגן קונסט און פּאָליטיק זײַנען געווען טרוימעריש־נאַאיוו. מיר האָט זייער אימפּאָנירט זײַן תמימות. מיר איז געפעלן זײַן שטאָלץ, וואָס ער האָט אַ צאָל פון זײַנע לידער געדרוקט אונטער דער רעדאַקציע פון יהואָשן. יהואָש איז בײַ אים געווען די העכסטע מדרגה פון פּאָעזיע. ש. נעפּאָם איז תּמיד געווען אויפריכטיק אין זײַן ליד. ווען ער האָט נישט אויפגעהויבן צו הויך זײַן קול, האָט ער געפונען ווערטער, וואָס זאָלן בילדלעך איבערגעבן זײַן שטימונג אין זיין שילדערן דעם דרויסן. אַזוי האָט ער, מיט די סאַמע געוויינלעכע און שטילסטע ווערטער, אויסגעמאָלן אַ דאָרפישן פּייסאַזש אין אַ ליד ״נאָך אַ זומער־שטורעם אין דאָרף״. די צײַט האָט נישט אָפּגעשווענקט די שיינקייט פון דער געמיטלעכער שטימונג:

״פון פאַרטאָג האָט דער רעגן
געקלאַפּט אין מײַן שויב.
האָט גוזאָגט און דערציילט
אויף זײַן פײַנלעכער שפּראַך,
פון דעם ווייצענעם פעלד,
פון דעם קאָרן און פלאַקס,
פון די פערד, פון די אָקסן
און קלאַדקע פון טײַך.
און די כמאַרעס, זיי האָבן געצויגן צום וואַלד.
איז דאָס דאָרף נאָך אין גרויען געלעגן פאַרוויגט.
און דאָס גרינס איז געהאָנגען געדולדיק געוואַרט,
פון די נאַכטיקע שטורעמס די צווײַגן צעפליקט״.

ער האָט טיף אײַנגעקוקט אין דעם אומעטיקן אויסזען פון דער אַרומיקייט, נאָכן רעגן:

״האָט דער האָן זיך פאַרשפּעטיקט,
דעם טאָג ניט געוועקט.
און דער צעבער בײַם ברונעם,
פאַרשטומט אויף דער קייט.
בלויז אַ קו האָט צערעוועט מיט בענקשאַפט די לופט
און דער רעגן פאַרטאָג האָט געטריפט שטילערהייט״.

אין זײַן ערשטן בוך ״אין גראַנגל״ געפינען זיך אַ צאָל פײַנע לירישע

לידער. אָבער ש. נעפּאָם האָט זיך אַליין אַראָפּגעשלאָגן פֿון זײַן גלײַכן וועג. ער איז ראַפּטום געוואָרן אַזוי לינק און זיך געפּלײַסט צו ווערן אַ פּראָלעטאַרישער דיכטער. נו, די פּאָעטישע לירע דאַרף אַרויסציטערן קלאַנגפֿולע בילדלעכע פֿערזן פֿון דערווירקלעכער וואָר. אָבער ווען מען רווישט צו־שטאַרק אויף אָט־דער פּאָעטישער לירע, ווערט דער קלאַנג. הייזעריק און טעמפּ. אַלע עלעמענטן פֿון דער קונסט־שאַפֿונג מוזן געוואָרעמט ווערן מיטן דינעם ציטער פֿון ליריזם. ליריק איז דער רוח־חיים פֿון דער פּאָעטישער קונסט, פֿון יעדער קונסט. ש. נעפּאָם, אין זײַן בוך „פּענטעס", האָט זיך אַליין געפּענטעט...

ער האָט זיך געלערנט גיין אויף אַ באַדאָרנטער סטעזשקע און נישט בלויז האָט ער זיך אויסגעגליטשט, נאָר ער האָט זיך צוליב דער באָמבאַסטיק, אַראָפּגעגליטשט פֿון זײַן אייגן־באַקאַנטן באָדן. עס איז אַ שאָד, וואָס ער האָט נישט באַוויזן צו פֿאַרהיטן דעם מיט שווערער מי אייגן־געפּלאַנצטן גאָרטן. סײַווי ש. נעפּאָם איז אין יאָרן געווען דער עלטסטער פּאָעט, וואָס האָט פֿאַרגונען זײַנע יונגע קאָלעגן דאָס ביסל אָנערקענונג. ער איז געווען אַ גוטער פֿרײַנט און אַן איידעלער מענטש. זײַנע עטלעכע צענדליק שיינע לידער דאַרפֿן אײַנגעשלאָסן ווערן אין יעדער יידישער אַנטאָלאָגיע פֿון פּאָעזיע, ווי מוסטערן פֿון עכטער שעפֿערישקייט, ווי עס זײַנען אָט אַזעלכע ריטמישע שורות:

„אונדז טרײַבן ווינטן,
רויע ווילדע ווינטן,
צום געל־און רויטן
פֿאַרנאַכטיקן פֿאַרגיין..."

ז.

מיט בלאַסע פֿערזן זײַנען פֿאַרטראָטן דער דעמאָלט נאָך יונגער (אויך פּרי־פֿאַרשניטן־געוואָרן דורכן טויט) מ. קרייצער און די צוויי עלטערע דיכטער א. ניסנעוויטש — דער שטאַרק־פֿאַרגלויבטער אין קאָמוניזם, און נחמיה סיגאַל (אַ ברודער פֿון י. י. סיגאַל). די דרײַ זײַנען, אָן ספֿק, געווען באַגאַבט אין צונויפֿשטעלן פֿערזן, אָבער זיי האָבן נישט געהאַט קיין וואָרט־געפֿיל און נישט באַנומען, אַז בילד אין אַ פּאָעטישער פֿאָרם, דאַרף אַרויסהעלן מיט דער אייגנאַרט פֿון דער באַזונדערקייט פֿון איר פֿאַרביקער פֿאָרם. אָן דער פֿאַרב פֿון בילדלעכן וואָרט בויט מען נישט אויף די אייגנאַרטיקע קאָנסטרוקציע וואָס זאָל אין זיך אַרײַננעמען די שײַן פֿון פּאָעזיע...

ח.

מ. סעגאַל איז געווען אַ יתום. ער איז אַריבערגעבראַכט געוואָרן קיין קאַנאַדע מיט אַ גאַנצער גרופּע יתומים, וועמענס עלטערן זײַנען אויסגעקוילעט געוואָרן פֿון די פּאָגראָמשטשיקעס, די מערדער־מחנות,

בעתן בירגער־קריג אין רוסלאַנד, איבערהויפּט אין אוקראַינע. ער איז געווען פון נידעריקן וווקס, אַ פול־געפּאַקטער און גערעדט האָט ער אַ ביסל הייזעריקלער. שטענדיק פאַרצאָגט. ער האָט אויסגעקוקט נעבעכדיק, אין זײַנע אויגן איז געשווומען אַ קאַלטער טוי פון טרויער.

זײַנע לידער אין "באַגינען" זײַנען געווען אַן אָנזאָג, אַז אַ בחורל מיט טאַלאַנט האָט זיך באַוויזן צווישן אונדז, די לידער זײַנען טאַקע געווען אומגעהובליעוועט, אָבער עס האָבן צוגעצויגן אַ צאָל שורות אין כּמעט יעדן ליד זײַנעם. ער האָט טאַקע צופיל געניצט די ווערטער "שלאַנג", "שלאַנגען", ווי אַ שלאַנג וואָלט זיך געוויקלט אַרום זײַן האַלדז. אין זײַן ליד "מײַן נשמה" כאַראַקטעריזירט ער זיך אַליין. ער דערציילט ווי ער פילט, ווי ער פיבערט דורך זײַנע טעג און נעכט:

"מײַן נשמה, געשוואַרצט, ווי הימל אין איר שוואַרצער נאַכט.
באַטריבטע שעהן צוען זיך אין מײַנע געדאַנקען אָן אויפהער,
לאַנגזאַמע, טריבע שעהן!
רויכיקע, פאַרנעפּלט, ציט זיך, ווי אַ שלאַנג אין מײַן גוף.
מײַן בלוט פאַרטרונקען און צעגאָסן,
ווי הימל אין רויטלעכן שײַן.
מײַן נשמה צאַנקט אין אירע שוואַרצע לעצטע מינוטן
ווי אַ לאָמפּ פאַרן אויסגיין..."

דער צייכן פון זײַן פאַריתומטקייט האָט זיך טיף אַרײַנגעקריצט אין זײַנע פערזן.

פלוצים פאַרלאָזט מ. סעגאַל קאַנאַדע און לאָזט זיך אַוועק קיין ניו־יאָרק קריגן מער אָנערקענונג. מיטן יתומדיק געבעט אין די אויגן, שטיל און הכנעהדיק, עפנט ש. ניגער די טיר פאַר אים. ער דרוקט אָפּ אַ שיינע סעריע לידער אין יוסף אָפּאַטאָשוס און לייוויקס "זאַמלביכער". ער גיט אַרויס אַ בוך לידער אין וועלכן עס זײַנען אַרײַנגעקומען מער ווי אַ מנין פּאָעטישע לידער. ש. ניגער האָט אין אַן אָפּשאַצונג וועגן מ. סעגאַל און זײַן לידער־בוך אים נישט געזשאַלעוועט קיין לויב. ער האָט מיר געשיקט זײַן בוך מיט אַ האַרציקן בריוו און אַ דאַנק פאַר מײַן שטענדיקן מוטיקן און אויפמונטערן אים צו שרײַבן. מער האָב איך פון אים נישט געהערט. עפּעס זײַנען דערגאַנגען קלאַנגען, אַז ער האָט חתונה־געהאַט. וואָס ער טוט האָט מען דאָ נישט געוווּסט. ער איז פאַרשוווּנדן. פאַרפאַלן געוואָרן ווי אין וואַסער אַרײַן. מען זאָגט, אַז ער האָט זיך גענומען דאָס לעבן... מען זאָגט און מען זאָגט... אָבער קיין זאַך איז נישט באַשטעטיקט געוואָרן. וואו איז טאַקע ערגעץ אַהין געקומען מ. סעגאַל?! מײַן אײַדרוק איז געווען, אַז מאיר סעגאַל האָט געוואָלט באַווײַזן, אַז ער קען שטײַגן העכער פון אַלע זײַנע חברים. מיטן דרוקן זיך אין "זאַמלביכער", מיטן אַרויסגעבן אַ פײַן בוך לידער און גלײַך קריגן אַ גוטן אָפּרוף פון ש. ניגערן, איז ער אַרויס פון צירקולאַציע ווי אַ דיכטער. ער האָט זײַנס באַוויזן. שוין אַלץ אויפגעטאָן... דער טרויער האָט אים געגריזשעט. דער יתום האָט זיך אַליין אָפּגעטאָן און

אפשר אַוועק רוען אין דער אייביקייט... עס איז אַ גרויסער ווייטיק און געוויס אַ פאַרלוסט פאַרן דיכטערישן יידישן ליד.

ט.

בנימין קאַץ איז געווען אַ יתום, אַן אַריבערגעקומענער מיט אַ גרופּע יתומים. אָבער גייַסטיק און פיזיש נישט געבראָכן. ער איז געווען אַ פעאיקער און פלינקער זעצער. ער האָט זיך פאַגעשטעלט אין זייַן גלויבן, אַז דער סאָוועטן־פאַרבאַנד וועט ברענגען די גאולה שלימה פאַר אַלע אונטעריאָכטע, בתוכם אויך דאָס יידישע פאָלק. גלייַכצייַטיק האָט ער זיך אָנגעשטרענגט אייַנצוהיימישן זיך אין קאַנאַדע און זינגען און באַזינגען דאָס לאַנד. אָבער זייַנע ערשטע פרוואוון צו מאָלן די קאַנאַדישע לאַנדשאַפט און ווירקלעכקייט, האָט זיך נישט אייַנגעגעבן. זיבן יאָר (ווי ער זינגט אין אַ ליד) אויף דער היגער ערד, זייַנען נישט גענוגנדיק געווען ער זאָל זיך אייַנוואָרצלען אין קאַנאַדישן באָדן. צו־פרי נאָך געווען צו דערקענען די היגע אייגנאַרט. עס איז אָבער צו זייַן פאַרדינסט, וואָס ער האָט זיך דער ערשטער אָנגעהויבן ראַנגלען מיט דער טעמע קאַנאַדע. ער האָט אויך געוואָלט אַרייַנגליען דעם סאָציאַלן עלעמענט אין זייַנע קאַנאַדער מאָטיוון. און עס קלאָגט דער ווייטיק אינעם "ליד פון יונגן מאַינער", וואָס יונג האָט דער קוילן־שטויב צעגריזשעט זייַנע לונגען, און ער שפּייַט מיט בלוט. עס איז אַ ליד, וואָס רודערט־אויף און מאָנט רעכענונג פאַר די יונג־פאַרלאָשענע לעבנס:

אויפגעשריבן, פאַרמעקט און ווידער אויפגעשריבן,
אַז ווערטער קייַקלען זיך, ווי בלייַ פון מויל:
קאָן מען דען דערציילן, דאַרף מען דען דערציילן,
אַז איך שפּייַ אויס געמיש פון בלוט און קויל?

קאָן מען דען דערציילן, דאַרף מען דען דערציילן
פון יונגע לעבנס, וואָס אין בליאונג פוילן —
קאָן מען דען אויפשרייַבן, דאַרף מען דען אויפשרייַבן,
די רייד, וואָס פאַלן הילפלאָזע אויף קוילן?"

איך מיין, אַז דער סאָציאַלער עלעמענט איז נאַטירלעך אַרייַנגעוועבט אין זייַנע ווייטיקדיקע און דאָך רואיקע פערזן... דער צונויפגוס פון סאָציאַלע, קאַנאַדישע און יידיש־נאַציאָנאַלע מאָטיוון, וואָלטן געווען דער גערעכטעסטער זשאַנער זייַנער. האָט בנימין קאַץ זיך אַרויסגערוקט פון דער פּראָגרעסיווער יידישער שרייַבער־סביבה, און גלייַכצייַטיק אויפגעהערט פאַרעפנטלעכן זייַנע לידער. צי ער שרייַבט? איך ווייס נישט. אין אַ טייל פון זייַנע לידער איז ער צו קאַלט. עס פעלט דער פרישער טוי פון ליריזם, אָבער בנימין קאַץ האָט פאַרמאָגט דעם גלי פון אַן עכטן פּאָעט. ער וועט פאַרנעמען אַ חשוב אָרט צוליבן אויפשטעלן די קליינע ביבליאָטעק "אויפגאַנג", אין וועלכן עס זייַנען דערשינען ביכלעך אויפן חשבון פון די צוויי "גבירים"־זעצער... בנימין קאַץ און יאָסעלע קליינשטיין... דערצו איז אַרויס אונטער זייַן רעדאַקציע דער זשורנאַל "העפטן". דאָס געהערט צו זייַן

זכות. אויב בנימין קאַץ שרײַבט נאָך לידער און דערציילונגען, איז שוין צײַט זיי זאָלן דערזען די ליכטיקע שײַן. פאַרוואָס איז ער שוין אַזויפיל יאָרן געוואָרן אַ פאַרבאָרגענער? ער קאָן שרײַבן. דאַרף ער נישט מורא האָבן צו אַנטפּלעקן דעם אומרו אין זײַן ליד. אַגב, מיט דער גרופּע אַרום "באַגינען", ווי מיט דער פּראָגרעסיווער פּעריפעריע, זײַנען געווען פאַרבונדן אויך גרשון פּאָמעראַנץ וואָס האָט זיך באַזעצט אין טאָראָנטאָ און געהאַט צו דערציילן פון זיך ניסים ונפלאות. ער איז געווען אויסגעקאָכט מיט די סאַמע גדולים־שרײַבער אין וואַרשע. (אַ בוך מעמואַרן וועגן אָט־די שרײַבער איז דערשינען, דאַכט מיר, נאָך זײַן טויט). ער איז געשטאַנען אין שטענדיקן בריוו־אויסטויש מיט אָפּאַטאָשון און לייוויקן. אַלץ וואָס לייוויק האָט געשריבן איז געווען בײַ אים קודש־קדשים. לייוויקן האָט ער פאַרהערלעכט. פלעגט ער רעדן וועגן לייוויקן איז ער אַרײַן אין אַזאַ התלהבות, אַז ער האָט פאַרשלונגען די ווערטער. גרשון האָט אַ ביסל געשטאַמלט. ער האָט אונדז (די "נאָוויבראַנצעס") דערציילט, אַז ווען לייוויק איז געקומען קיין סאָקאָלאָוו, האָבן זיי אויסגעשפּאַנט די פערד פון דער קאָטש און אַליין געפירט די קאַרעטע. די יוגנט האָט געוויזן זייערע טאַטעס און מאַמעס, אַז אויך זיי זײַנען חסידים און האָבן אויך אַ רבין... פּאָמעראַנץ האָט, דאַכט זיך, פאַרשפּעטיקט דאָס אַרײַנגיין אין "באַגינען", האָט ער געהאַלטן אין איין טענהן: חברה, איך דאַרף זיך אײַנמעלדן. ווי אַ דיכטער דאַרף איך זיך אײַנמעלדן... נו, ער האָט זיך צופיל און אומעטום געהאלטן אין אײַנמעלדן... ער האָט מיטגעאַרבעט אין "קאַמף" אונטער יתרוס נעמען: סאָקאָלאָווער, "אַ נײַער" וכדומה. ער האָט אייניקע יאָר געדרוקט ליטעראַטור־קריטיק אין "יידישע קולטור". שפּעטער זיך אָפּגעטרייסלט פון לינקס און געשריבן אין דער "פרײַער אַרבעטער שטימע", "צוקונפט". אַליין אַרויסגעגעבן אַ ליטעראַרישן זשורנאַל און נישט אַרײַנגעלאָזט זײַנע קאָלעגן פון דער פּראָגרעסיווער מחנה. טאָקע אָט־די שרײַבער, וועלכע ער האָט פריער געריימט אין דער "פרײַער אַרבעטער שטימע". מיר זײַנען די ערשטע יאָרן געווען גאָר גוטע פרײַנט. עס איז געווען אַ פרײַנטשאַפט וואָס אין אַ געוויסן פעריאָד, איז עס איז אים צוניץ געקו־מען... ער האָט זיך אויך אַרומגעריסן מיט ש. ניגערן. געוואָלט וויַיזן, אַז ער פאַרשטייט בעסער ליטעראַטור פון אים. פּאָמעראַנץ האָט געקענט ליטעראַטור, אָבער ער האָט געהאַט אַ צר־פּליסיקע פּען און זיך תּמיד געפלײַסט אַרויסצואווײַזן זײַן בקיאות. ער איז געווען אַ לידער־שרײַבער (געקענט, הייסט עס, די מלאכה פון צונויפשטעלן פערזן) אָבער דער פּאָעטישער פונק האָט פאָרט נישט אַרויסגעהעלט פון זײַנע לידער. ער האָט צעפּטרט זיינע פעאיקייטן אויף צופיל געביטן. אין דער ליטעראַטור אַז מען וויל זײַן אַלץ, בלײַבט מען בײַ גאָרנישט. אין זײַן אויפריכטיקייט האָב איך אָפּט געספּקט. ער האָט צו פיל און צו הויך געטומלט. און אַ ליטעראַרישער טומלער פאַרטויבט זיך און יענעם מיטן טומל...

...

י.

אויך שמשון פיזל, המכונה היום ש. אַפּטער, איז געווען פון די קאָלעגן, וועלכע איך האָב זייער גערן געהאַט און געווען צווישן אונדז יאָרן פון נאָענטשאַפט. איך וויל דאָ פאַרצייכענען אַן עפּיזאָד וועגן שמשונען. ער האָט מיך געבעטן אַרויפצוקומען צו אים. ער וויל מיר פאָרלייענען זיינע לידער און דערציילונגען. האָט ער געלייענט עטלעכע דערציילונגען וועלכע זיינען מיר ביז גאָר געפעלן. דערנאָך האָט ער אַרויסגעשלעפט אַ בינטל לידער און גענומען לייענען און זיי האָבן ביי מיר נישט אויסגענומען. דאָס פענצטער איז געווען אָפן. האָט אַ הונגעריקער ווינט זיי אַ כאַפּ געטאָן און אַוועקגעטראָגן. שמשון איז געוואָרן אויסער זיך. האָב איך אים באַרואיקט, לאמר, אַזוי צו זאָגן: ״שמשון, ביסט אַ פיינער דערציילער, אָבער לידער לאָז איבער פאַר מאיר גרינבערגן. דו ביסט אַ געבוירענער דערציילער״. שמשון האָט קיין פאַראיבל נישט געהאַט אויף מיר. אויך ער איז געוואָרן אַ תּושב אין ניו־יאָרק. זיך געדרוקט אין ״יידישע קולטור״. נחמן מייזיל האָט אים זייער מקרב־געווען. ער האָט געקראָגן די ״איקוף״־פּרעמיע פאַר זיין בוך ״אין דער רוימישער געטאָ״. געלט פאַרן אַרויסגעבן אָט־דעם ראָמאַן, האָט ער באַקומען פון דער אלמנה פון אַ טאָראנטער לינק־געשטימטן קולטור־טוערן, אין אָנדענק פון איר מאַן לואי. דערווייל איז שמשון אַפּטער אַוועק, ווייט פיל אַנדערע, אין רעכטן צד. ווי זאָגט זיך עס אין תּלמוד: ״למקום שאדם רוצה לילך, מוליכים אותו״ (״דאָרט וואוהין אַ מענטש וויל גיין, פירט מען אים״). עס איז זיין פּריווילעגיע. אָבער ער איז מיר געבליבן נאָענט. איך געדענק אים גוט פון יענע ערלעכע, טרוימערישע טעג פון יאָרן צוריק, דערצו איז ש. אפּטער אַ פיינער און אינטערעסאַנטער ראָמאַניסט, וואָס האָט מיט טאַלאַנט און ערלעכער מי פאַרדינט זיין אָנערקענונג.

יא

און אחרון, אחרון חביב — לייזער טרייסטער. ער אויך האָט געמאַכט זיין דעביוט אין פאַרלאַג ״אויפגאַנג״. מיר אַלע האָבן זיך געטוליעט צו די פּראָגרעסיווע יידישע קולטור־אָרגאַניזאַציעס און זייערע טריבונעס. ל. טרייסטער איז טאַקע געווען איינער פון אונדז, נאָר דאָך זיך געהאַלטן אַ ביסל פון דער זייט. ער איז געווען, דאַכט מיר, אַ רימער צי אַ טאַפּעצירער. ער האָט געהאַט אַ פעסטן טראָט און זיין פּנים האָט אויסגעדריקט זיכערקייט אין זיך און אַנטשלאָסנקייט צו דערשלאָגן זיך צו אַן אָנגעזען אָרט אין סאַמע אויבנאָן. צווישן די נייע יונגע פּראָזאַיקער.

מיין ערשטע באַגעגעניש מיט אים איז פאָרגעקומען אין אַ רעסטאָראַן. דאָס פלייש איז געווען האַרט ווי לעדער. אָבער טרייסטער האָט געקייט אויף ביידע באַקן. ער איז נאָר־וואָס געקומען פון דער אַרבעט אַן אויסגעהונגערטער. נאָכן אָפּפּאַרטיקן זיך מיטן עסן, האָט ער אַרויסגעצויגן אַ מאַנוסקריפּט און געלייענט אַ דערציילונג. אויף מיר האָט אַ שלאָג געטאָן

דער ריח פון אַ צו־שטאַרק־אויפּרייצנדיקער עראָטיק. אינטערעסאַנט דערציילט, אָבער צו נאַטוראַליסטיש. די כאַראַקטערן זייַנען געווען לעבעדיק געמאָלן, און אַפילו די דעטאַלן זייַנען געווען שאַרף געצייכנט. דאָך האָט זיך מיר אויסגעוויזן, אַז דער נאַטוראַליזם קען אים אַראָפּפירן פון וועג. איך האָב עס געזאָגט טרייסטערן און ער האָט בייז אַ ברוגז געטאָן.

מיר האָבן זיך צעזעגנט אין נישט קיין צו־געהויבענע שטימונג. מאיר גרינבערגן האָב איך איבערגעגעבן מייַן אייַנדרוק: טרייסטער איז אַ קרעפטיקער טאַלאַנט, אָבער ער דאַרף באַזייַטיקן אַ סך שטרויכלונגען, ווי מיר אַלע. מיר זייַנען אין תּוך נישט־מער ווי אָנהייבערס.

אָבער גראָד יענער צונויפטרעף האָט מיך געבראַכט נאָענט צו טרייסטערן. ער איז אויך געוואָרן אַן אייַנוואוינער אין ניו־יאָרק. חתונה־געהאַט און כסדר געאַרבעט אויף זיך. ער האָט אַ סך געלערנט אין ניו־יאָרק. ער האָט אין זיך אַרייַנגענומען אַלגעמיין און נאָכמער יידיש וויסן. ער האָט זיך קיין מאָל נישט געוואָלט נאַרן. ער האָט געהאָרעוועט אויף זיך. בייַ מייַן צונויפטרעף מיט אים און מיט זייַן שיינער און אינטעליגענטער פרוי פעני, איז פאַר מיר געזעסן אַ נייַער און היימיש־נאָענטער שרייַבער. פון אַ היפּשער צאָל פון זייַנע דערציילונגען, דראַמעס און ראָמאַנען בין איך באמת געווען אַנטציקט. ער האָט זיך נישט אפּגעריסן פון דער יידישער טראַדיציע אין דער יידישער ליטעראַטור. ער איז אַ מעבטיקער רינג אין דער קייט פון דער יידישער פּראָזע. גלייַכצייַטיק האָט ער זיך אַרויסגעהויבן מיט זייַן אופן פון אויפנעמען די רעאַלע מיליע מיט זייַנע שטייגער־שילדערונגען פון יידיש־פּוילן, און ער האָט זיך אַזוי טיף אַרייַנגעלעבט אין דעם לעבנס־רויש אין אַמעריקע, אַז ער האָט געריַיפט און איז געוואָקסן. פון זייַנע וויכטיקע ווערק זייַנען בייַ מיר זייַן דראַמע "דער קעניג שאול" און זייַן ברייט־פאָרמיקער ראָמאַן "בייַ די טייַכן פון ניו־יאָרק". די פּייסאַזשן, די טיפּן, די קאָנסטרוקציע פון די אומדערוואַרטע סיטואַציעס, פּאַרכאַפּן ממש דעם לייענער. ל. טרייסטער איז אין גייַסט מיר זייער נאָענט. ליב איז מיר זייַן שאַפן, ווייַל אין זייַנע ווערק ליכטיקט אַרויס די שיינקייט פון מענטשן, וואָס ראַנגלען זיך מיטן בייז און פאַרלירן נישט דאָס מענטשלעכע געשטאַלט, אין וועלכן זיי זייַנען געפורעמט געוואָרן.

יב.

דער סך־הכל: פון יענעם אָנהייב אין קאַנאַדע, האָט די יידישע ליטעראַטור נישט דערלייגט. מיר האָבן געמאַכט אונדזער וואָגיקן צושטייַער. ווי אַזוי האָט די קריטיק אויפגענומען אונדזער "באַגינען" און די ביכלעך פון דער "קליינער ביבליאָטעק"? נישט זייער דערמוטיקנדיק. "באַגינען" האָט נישט געהאַט קיין צו־וואַרעמע אויפנאַמע. אַ בעסערע מערכה האָט געהאַט מייַן לידער־ביכל, אין אַלבאָם־פאָרמאַט — "נאָענטקייט". העכער 40 אָפּרופן געשריבן מיט פיל וואַרעמקייט.

נאָך 42 יאָר — צו קיין נײַעם באַגינען האָבן מיר דערוויַיל נישט דערגרייכט. מיר האָבן אַראָפּגענידערט צום טרויער פון אָוונטיקן פאַרגיין. מעג ער זײַן אין סאַמע גלי פון גאָלדן־רויט. עס אָוונטיקט...

נאָך אונדזער גרויסן בראָך אין דער צווייטער וועלט־מלחמה, האָבן זיך דערשלאָגן צו די קאַנאַדער ברעגן העכער צוויי מנינים פּליטים־שרײַבער — נישט קיין מענטשן, וואָס זייער אָנהייב איז געווען אין קאַנאַדע. צווישן זיי האָבן זיך שוין געפונען טייל הויך־באַגאַבטע פּאָעטן און דערציילער. דאָס איז אַ פּאַזע אין אַ נײַעם סביבה־פּעריאָד אין יידישן ישוב אין קאַנאַדע.

קיין נײַער צוזאָגנדיקער אויפשטײַג ווי ״באַגינען״ וועט אויף יידיש דאָ־הי מער נישט זײַן. איז זאָלן כאָטש בלײַבן די קורצע פאַרצייכענונגען פון יענעם אויפקום פאַרן קומענדיקן ערלעבן פאַרשרײַבער פון דעם גאַנג פון דער ליטעראַטור אין קאַנאַדע. קיין נאָכקום זע איך נישט מער. אפשר וועט די צוקונפט אַרויסברענגען פון זיך נײַע יונגע נאָכקומער... מען דאַרף וואַרעמען אין זיך דעם בטחון — ״והמאמין — יאמין!...״

יאָ, בכדי צו קענען לעבן מיטן בטחון פון האָבן אויפשטײַגנדיקע טעג, דאַרף מען אָנשעפּן זיך מיט פרייד און גיין מיטן ליכטיקן אויפרויש, טאַקע ווי עס האָט דער טרויעריקער און טיף־לײַדנדיקער מאיר גרינבערג געזונגען אין ״באַגינען״:

״עם לײַטערט זיך דער הימל,
שוין ליכטיק אַלע וועגן —
קומט, לאָמיר שפּאַנען,
ס׳וועט די פרייד אונדז גיין אַנטקעגן!
קומט, לאָמיר שפּאַנען
איבער פעלדער, איבער לאַנען,
איבער פעלדזיק־קרומע וועגן —
מיט שטיקער פלאַמען אין די הענט,
צו צינדן קאַלטע ברעגן״.



**שלום שטערן**

# אין דער לידער־וועלט פונעם דיכטער נח יצחק גאָטליב

אין זיין בוך "בלויע גנאד" און אין זיינע צוויי נאראטיווע פאעמעס "מאנטרעאל" און "חלוצים" אנטפלעקט נח יצחק גאטליב זיין געפילס־וועלט און עכטן עמאציאנעל־לירישן טאלאנט. אין ברייט פארמיקע פערזן, זינגט ער פון זומער און אָסיען בעת ער גייט ארום אין דער גרין שאטנדיקער שטילקייט אין די לאָרענשן בערג. ער איז דארטן אליין, אבער נישט קיין עלנט פּאַראיינזאמטער. ער איז ארומגענומען מיט אזא שטום פארסודעטער רו וואס שטילט איין זיין געמיט. ער שוועבט אין א ליכטיקן טרוים. א פארגאפטער ציטערט אויף אין אים א געזאנג פון שטוינונג און לויב. אזוי איז ער אויך אין א צאל פון זיינע עראטישע ליבע־לידער. אין אלע זיינע לידער רוישט דאס בלוט פון א לירישן פאעט. דאך נישט אומעטום, נישט שטענדיק פירט ער אונדז אריין אין דער שטימונג פון זיין געמיט, ווייל טיילמאל ווערן זיינע איבערלעבענישן פארבלאסט אינעם פלוס פון די ווערטער, וואס ער קען נישט פארהאמעווען.

ער איז מערסטנס באשרייבעריש, אין זיין פרווו צו שילדערן דאס געשטאַלט פון דער דארפישער לאנדשאפט, ווען מעס שארף־לויטערע לופט ער אטעמט איין. כאטש ער קען זיך מיט איר שיינקייט נישט אנזעטיקן, איז נאר דארטן, ווו ער פארהאלט דעם ווערטער־שטראם און ווערט א מאלער מיט דער פען און איילט זיך נישט צו באשרייבן יעדע דעטאל, צעליכטיקט זיך די שיינקייט פונעם בארגיקן ארום אין שיינע נאטור־לידער, וואס זיינען רייך אין בילדער און אין העל־קלארע פארבן.

אין כמעט אלע זיינע לידער־זאמלונגען (עלף אין צאל) אנהייבנדיק מיטן "בלויע גנאד" (דערשינען נאך אין קאוונע, אין 1927) און ענדיקנדיק מיטן לעצטן בוך (אין 1968) וועבט זיך איין מאטיוו. אָן אויסנאם זיינען בלויז די צוויי דערציילערישע ווערק "חלוצים" און "מאנטרעאל".

ער וויל דערקענען בלויז זיך. עס איז איין לאנג ליד וועגן זיין געפילן־וועלט. ער דערציילט פון די קליינע טראפנס פרייד, וואס ווערן אפטער פארגאסן מיטן גלי פון טרויער. ווייזט אויס עס איז שוין אזוי דער שטייגער פון פאעטן, וואס זייער געמיט איז באטריבט מיט טרויער. ווי האט דער

מייסטער משלים־דיכטער אליעזר שטיינבארג געזונגען: "אומעטיק אויף דער וועלט דער גראמער".

אבער צוליבו שפילן אויף איין סטרונע, דערפירט דאס אפט צום אימיטירן זיך אליין. נ.י. גאטליבס דיכטן איז אין דעם אַרט דיכטן, נישט קיין יוצא מן הכלל. זעלטן, אז לירישע פערזן־שאפער, זאלן אויסמיידן איבערחזרונגען און דאס איבערזינגען זיך אליין.

גאר אנדערש איז זיין פאעטישער גאנג אין די נאראטיווע פאעמען. אין "חלוצים דערגרייכט ער א העכערע קינסטלערישקייט ווי אין "מאנטרעאל". מיין איינדרוק איז. אז אין "מאנטרעאל איז ער געווען א תושב־פראסט און פשוט א יידישער פאעט, וואס האט געוווינט אין מאנטרעאל, אבער מיט די צוועלף "קבוצות" אין ליטע, וועלכע מען האט גערופן "גליל" האט ער געלעבט אין גייסט פון ליכטיקן טרוים צו פארן אין "ארץ" און זיין א בויער אין לאנד פון די אבות. אט די פריידיקע איבערלעבענישן האט ער מיטגענומען מיט זיך. מיט טיפן געפיל זינגען זיי ארויס פון זיינע ציטערדיקע דערציילעריש־מאלערישע פערזן.

אין "מאנטרעאל" דערציילט ער, אז ער איז זייער פארליבט אין דער שטאט. ער לאזט וויסן אז:

מיט שרייבער מער פארקניפט זיך:
ראבינאוויטש, מדרש, זאק;

און אינדרויסן מער פארליבט זיך,
אין איעדן היגן פארק.

אין איעדן סקווערל,
אין איעדער היגער גאס —,

און צומאל, ווען ס'פלעגט מיר ווערן
ענג דא, אונטן, אינעם רעש".

איז וואס געשעט? ער אנטרינט צו דער שטיל אין די לארענשן־בערג. ער באשרייבט ווי דער מאלער מאניעוויטש באזוכט אים, אין א ווינטער־טאג. אין א ברענענדיקן פראסט מאלט ער א בילד, און ווען ער ברענגט דאס געמעל אריין אין הויז, גייט אפ דער פראסט. דאָס אייז צעטאָפּיעט זיך און די פארב מאכט נאס דעם דיל. ער דערציילט פון שניי־און־אייז פון בלעטערדיקן גרין, אבער קיין ווארט־פארב פאר א בילדלעכע פאנאראמע געפינט ער נישט. אין וואס באשטייט דער אויפטו פון "מאנטרעאל"? שוין דאס וואס עס איז אים געלונגען אנצושרייבן א כראניק וועגן זיין לעבן פון די קינדערישע און יוגנט־יארן. ער עפנט דאס טירל צו זיין פאַראומערט געמיט. אין דעם ערשטן טייל באקענט ער אונדז מיט זיין געמוטשעט לעבן. א גאנצן זאק מיט יסורים אין פיין און דער שימער פון דער קליינער פרייד ווערט דערטרונקען אין תהום פון לייד. קראנקהייט און נויט. ער האט תמיד געדענקט און מיר געדאנקט פארן אריבערנעמען אים קיין קאנאדע. אין צווייטן טייל פון זיין "מאנטרעאָל" דערמאנט ער, ווי געשטארקט ער איז

געוואָרן פון מיין לאָזן אים וויסן, אַז איך קען אים שיקן "פּאַפּירן" צו קומען אַהער. אַט דעם פריידיקן מאָמענט, באַשרייבט ער אין אַ צאָל אויפגעהייטערטע סטראָפן:

"קומט מיר אָן אַ בריוול פלוצים
פון אַ ווייטן, קאַלטן לאַנד:
אויב איך, גאָטליב, בין מרוצה —
שרייבט צו מיר אַ יונגערמאַן, —
קען ער מיר "פּאַפּירן" שיקן —
קיין קאַנאַדע כ'זאָל;

ס'וואַרטן אפשר נישט קיין גליקן
דאָרט אויף מיר, אין מאָנטרעאַל;

אָבער ברויט וועט מיר ניט פעלן
און איך קען נאָך ווערן רייך:
ס'איז קאַנאַדע יונג און קוועליק,
ס'איז קאַנאַדע גרויס און רייך.
און ווער איז ער, אַ־דער גוטער,
אַ — דער ליבער יונגערמאַן
(מיר צו ווייזן אַזאַ גוטסקייט,
אויסצושטרעקן אַזאַ האַנט)?
איז זיין נאָמען שלום שטערן —
אַ משורר — יונג צעבליט.
טוט ער דאָרטן לעצטנס הערן
פון מיין נאָמען און מיין ליד".

יאָ, איך האָב אים אָפּגעראַטעוועט פון היטלערס גאַז־אויוונס, אָבער מילדערן זיין דחקות און אַרויסציִען פון אים דעם ווײ, דעם טרויער, האָב איך נישט געקענט. איך האָב זיך דעמאָלט אַליין געראַנגלט מיט דער אָרעמקייט, מיט דער שאַרפער נויט.

אין מאָנטרעאַל האָט ער פאַרזוכט (נאָך אַלע זיינע גליקן ווי אַ לידער־שאַפער) דעם ביטערן טעם פון אַלייניקייט און פיין. ער עסט קעסט ביים פאַבריקאַנט שאַפּראַן, ער פילט זיך היימיש אין הויז פון דער דיכטערין איידע מאַזע, ער רופט אָן גאַסן ווי עספּלענעיד, וואַן־האָרן וכדומה, אָבער דורך אָנרופן נעמען פון גאַסן, ווערט נישט געבוירן דאָס געשטאַלט פון דער שטאָט.

אין דעם ערשטן טייל פּראַלט ער אויף דער לאַנגן פּיינען־וועג, וואָס ער איז דורכגעגאַנגען אין זיין קינדהייט און יוגנט. אים האָט געצויגן דער שיינער דרויסן, אָבער דער טאַטע, דער ראָש־הישיבה האָט אים געמוסרט און געהייסן בויגן זיך און ניגונען איבער דער גמרא. ער וואַלגערט זיך אין ישיבות, און ווי האָט אברהם רייזען געזונגען: "עסן טעג און שלינגען טרערן". ער האָט דורכגעגרווילט אַלע אומגליקן פון ערשטן וועלט־קריג. ער ווערט קראַנק אויף טיפוס. אין זעלבן שפּיטאָל, וווּ ער איז געלעגן און געפיבערט, זיינען געשטאָרבן זיינע צוויי ברידער. ער האָט קיין איין גוטע

שעה נישט געהאט. ער איז אויפגעטרייסלט געווארן פון ווייסגוואַרדייאישע שחיטות אויף יידן. אט די שוידערן האבן אין טיפן טרויער זיך איינגענעסטיקט אין זיין געמיט. ווען עס שטילט זיך איין, באקענט ער זיך מיט איניקע סאָוועטישע יידישע שרייבער וועלכע ער דערמאנט מיט גרויס ליבשאפט. אויך טראגט ער אין זיך א נאגנדיקע בענקשאפט נאך רוסלאנד און נאך אירע גוטע מענטשן, וועלכע ער באזינגט אין א פארבענקטער שטימונג בעת זיין צוריקפאר קיין ליטע, זיין היימלאנד:

„רוסלאנד! מיט וויפל טויטן
האסט שוין באצאלט ביז היינט
פאר דיין נייער וואָר — צעפיינט?

רוסלאנד! אין ערד אין דיינער
ליגט שוין אויך מיין טאטע טויט,
ברידער צוויי־גערואטן־מיינע
(ערשט צעבליט זיך און־שוין טויט).

רוסלאנד! איך האב א חלק —
היפשלעך גרויס־אצינד אין דיר.
כאטש ביטער איז דער חלק —
ביסטו אלץ נאך נאענט מיר.
ס'זיינען נאענט מיר דיינע מענטשן
(אויך אצינדערט ביי דיר קנעבט);
כ'טו זיך, רוסלאנד, אויבעט בענטשן
(אויך אצינדערט ביי דיר קנעבט);
כ'טו זיך, רוסלאנד, אויבעט בענטשן
מיט די שרייבער דיינע־עבט".

אין אלע זיינע לידער איז קאנטיק די השפעה פון די יידיש־סאוועטישע פּאעטן, ווי עזרא פייניבערג, איזי כאַריק און איציק פעפער.

נח יצחק גאטליב פארמינערט טיילווייז דעם פּאעטישן ווערט פון זיינע לידער, מיטן צו הויכן רויש פון זיינע גראמען. נישט קיין ריטמיש — מוזיקאלישן קלאנג פארנעמען מיר, נאר א טומל פון צו פיל און צו אפט איבערחזרנדיקע גראמען.

„מאנטרעאל" פארענדיקט זיך מיט א לאנג, ברייט־שורהדיק ליד „קיבוץ גלויות" און הויבט זיך אן מיט אזעלכע קלאפנדיקע גראמען:

„אויף ערדן, אויף ימען, מיט הימלישע שליאכן
פון לענדער, ישובים און כרכ'ן
עס טראגן זיך מחנות, המונים זיך ציען
צו זוניקע ראנדן פון הייליקן ציון".

די איבעריקע פערזן דערמאנען צו שטארק אין דעם פערזן־געבוי פון איציק פעפערס טעמאטישע לידער.

„מאנטרעאל" איז אַ כראַניק פון דעם ליידנס־וועג פונעם דיכטער. פאראן אין דער פאעמע שטעלן וועלכע פארמאגן א פאעטישן און אויך א

קולטור־היסטארישן ווערט. אין דעם, מיין איך, ליגט דער אויפטו פון אט דער פאעמע, וואס איז דורכגעוויקט מיט טרערן פון טרויער.

פאעטיש געשטיגן איז ער אין דער פאעמע "חלוצים". די גראמען צעשטערן נישט דעם ריטם. ער ניצט זיי אין א קינסטלערישן געוועב מיט א ריי מוזיקאלישע אסאנאנסן. דאס שאפט א הארמאנישע גאנצקייט אין די באזונדערע לידער, אין וועלכע ער שילדערט די צוועלף קבוצות מיט די חלוצים און חלוצות. דערצו ווערט ביי אים די לאנדשאפט באלעבט מיט א מאלערישער בילדלעכקייט, וואס ווייעט אן א ליבטיק־פריידיקע שטימונג.

אין זיין שילדערן די בחורים און מיידלעך זיינען זיי אלע גראטן, שיין אין אויסזען און כמעט אלע האבן שווארצע, אדער בלויע אויגן און פארצויבערן מיט זייער געשטאלט. די בחורים זיינען שטארק, יונג א־ן פלייסיק אין דער ארבעט. דאס זעלבע איז חל אויף די מיידלעך. אלע הארעווען שווער, אבער תמיד פארגרינגערן זיי זיך די הארעוואניע מיט טענץ־און־געזאנג. ווו נאר א פרייע מינוט, דרייט מען זיך אין א הורא.

נח יצחק גאטליב איז אין די קבוצות א לערער־דערציער. אויך ער גרייט זיך צו עלייה. אויך ער איז מיט זיי אויף הכשרה. אין קבוצות ליידט מען זיך אָן גענוג־און געגאך פון די פריצים ס׳רוב דייטשישע גוט־באזיצער. אבער עס האלט זיי אויף דער טרוים, וואס גיכער עולה צו זיין קיין "ארץ".

דאס פארזיסט זיי די שווערסטע מאמענטן. נח יצחק גאטליב איז מיט זיי אין לייד, אין פרייד און ער באזינגט זייער הויכן אידעאליזם און פארהערלעכט אט דעם טרוימעריש או דערהויבענעם דור פון חלוציזם. זיין געזאנג זינגט זיך אויך אריין אין אונדזער געמיט. מיר אטעמען די דופטיקע לופט פון דער פיל־פארביקער, דארפישער לאנדשאפט. אין אט דער פאעמע איז פארהאן אטמאספערע, וואס באווירקט מיט דער וואר פון דער סביבה־רעאליטעט. ווי דער פאעט ווערן מיר אויך דערהויבן, וואס נענטער מיר באקענען זיך מיט אט די הערלעכע געשטאלטן אין די קבוצות. יענע חלוצים געבענטשט מיט הויכן אידעאליזם, זיינען געוויס טיף דורכגענומען געווארן מיטן שאל־געזאנג פונעם העברעישן פאעט יעקב כהן וואס האט געקרוינט די חלוצים ווי דער דור פון "תחייה" און "גאולה" (אויפלעבונג און "אויסלייזונג").

די בחורים און מיידלעך, וואס זיינען געקומען אויף הכשרה, האבן איטלעך איינער געהאט די דערפארונגען פון היימען אנגעלאדן מיט פיין און דחקות. בלויז געציילטע זיינען צוגעצויגן געווארן צו די גלילער־קבוצות, נישט צוליב נויט, נאר גראד, ווייל זיי זיינען געוועזן אומצופרידן מיטן רייכן, צעבאלעוועטן, אבער פוסטן לעבן. זיי האבן געזוכט אינהאלט, אין וועלכן זיך אנצוהאלטן. ווי עס איז געווען מיט עדינה, וואס איר פאטער איז געווען א גוט־באזיצער. דער חלוצישער גייסט האט אויך אנגערעגט די זינגערין מינעלע, וואס האט שוין געזונגען אין דער אפערע, געווען א "שטערן" אין

דער קרוינשטאָט. אזוי אויך האט אט דער טרוים און חלוציזם געבראַכט די טענצעריז תחינה, געוועז שויז אז אנערקענטע באלערינע, וועלכע גאַטליב פּרוווט אויסשניצן איר שייז געשטאַלט:

"געוועז איז תחינה א הויכע,
א שלאַנקע — א סאַסנע א יונגע;
בלוי־אויגיק, מיט רייציקן שמייכל;
רויט־האַריק, מיט פיס צוויי־פּול וואונדער.
איז שיכלעך אויף קנאַפּל הויכע,
מיט צעפּ צוויי מיט גראָבע און לאַנגע;
באַדופטעט מיט איידעלע ריחות,
מיט טייערע צירונג באַהאַנגען".

נח יצחק גאַטליב איז געוועז נישט בלויז א לערער א געשיקטער פונעם "מרכז", ער האט מיטגעלעבט מיט די קבוצות. ער איז פאַרליבט איז דער שיינער חביבה. עס זיינעז צוויי יונגע הערצער איז יונג־פריידיקן אויפציטער פון דער ליבע. ער רופט זי "ילדה". אבער די ילדה איז "עולה" און ער קען נישט מיטפאָרן. נעסטיקט איז אים די בענקשאַפט נאָך דער צאַרטער חביבה. און אויך יאָרן שפּעטער, שויז אויך דא הי שטראַלט צו אים איר געשטאַלט. איז דער בענקשאַפט צויבערט די איבערלעבעניש פון יענעם געלייטערטן אמאָל:

"לופטיק, ווי פייגלשע קלאַנגען,
דופטיק, ווי פייגלשע קלאַנגען,
דופטיק, ווי ביימערשער צוויט,
גייט איז מייז זעל א געזאַנג אויף,
בליט איז מייז האַרץ אויף א ליד."

בעת ער שפּרייזט צו א קבוצה, איז ער נישט בלויז א דורכגייער, וואס באַקוקט דעם שימער פון דער שנייאיקער ווייסקייט. ער ווערט ווי באַהאַפטן מיט דער ווייס — שטראַליקער שטומקייט. באַטש עס פראַסטיקט, און די וועלט איז פאַרטוליעט איז אומעט, ליכטיקן די בילדערישע פערזן:

"...און אָט קום איך אַנעט־עס איז שויז פאַרנאַכט צו און שפּאַן דא אוועקעט מיט וועג־דעם פאַרטראַכטן, דורך רייעז בעריאַזעס און אנדערע ביימער, וואס שטייעז אַצינדערט מיט נאַקעטע קרוינען: נאָר שניי אויף די קעפּ זיי די הוילע עס לויכט זיך, און א ווינטל א שטעכיק מיט קאַלטקייט באַהויכט זיי. זיי שטייעז און שטאַרן, זיי שטייעז און שטומען, און שפּרייטן אַרום זיך א צעוווינטערטן אומעט..."

אזעלכע איידעלע געמעלן וועגן דער שיינקייט פון דער נאַטור, זיינעז צעוואָרפן איבערן גאַנצן בוך. די פּאָעמע וואָלט געוויס אַרויסגעקומען גאַנצער און פולער, ווען ער רעדט נישט אזוי פיל וועגן זיך. וואָרום דאָס רייסט איבער די פעדים פונעם נאַראַטיוו, וואס איז געבויט אויף אייניקע טרעפעלך־אָפּגעקליבענע סביבה־שילדערונגען. אמת, איז א דערציילע־רישע פּאָעמע פון אזא לירישן פאַרנעם, איז נישט תמיד מעגלעך אויסצו־

מיידן איבערחזרונגען. אבער דאס איבערזינגען און נאכזינגען זיך אליין, האָט ער זיך געקענט פארהיטן, ווען ער וואלט זיך געהאלטן ביים כלל פון שפּארעוודיקייט פון ווארט. סיי ווי ״חלוצים״ איז געווען זיין געפונענער זשאנער. נח יצחק גאטליב באווייזט זיך אין אט דער פאעמע, ווי א דיכטער אין אויפשטייג. ״חלוצים״ איז א פאעטישער דאָקומענט פון שיינעם בויערישן דור. פאר אט דעם צושטייער אליין פארדינט נח יצחק גאָטליב גרויס שעצונג און אנערקענונג.



**שלום שטערן**

# דער דיכטער א. ש. שקאָלניקאָוו

**(1896 — 1962)**

דער דיכטער א.ש. שקאָלניקאָוו האָט געבראַכט קיין מאָנטרעאַל דעם גלי פון טאַלאַנט און צוויי מיענדיקע הענט. פון 1919, פון דעם יאָר, וואָס ער האָט באַטראָטן דעם באָדן פון מאָנטרעאַל, האָט ער זיך איבערגעגעבן צו שרייבן לידער און פאַרדינען אויף ברויט אין אַ בעקעריי.

אין אַ צאָל שיינע לידער האָט ער געזונגען וועגן זיין גיין צו דער אַרבעט נאָך פאַרן אויפבלוי אויף טאָג און זיין גליען זיך ביים באַקאויוון שעהן לאַנג. אָט די לידער זיינען פון זיינע גראָטנסטע שאַפונגען:

״ס׳האָט די מי
מיך אויסגעלערנט אויפשטיין פרי
און מיט דער פרישקייט פון טאָג
זיך דערפרישן,
איינאָטעמען די שיין פון זון,
וואָס לייגט זיך רוען אויף מיין קישן״.

אויסער דער האָרעוואַניע אין דער בעקעריי, האָט ער אויך גענומען אויף זיך דעם עול פון אויפשטעלן אַ טריבונע פאַר די יידישע שרייבער (דערהויפט פאר פּאָעטן) אין קאַנאַדע, באמיענדיק זיך ארויסצוגעבן ליטעראַרישע זשורנאַלן אונטער פאַרשיידענע נעמען. ער איז אויך געווען אַ מיטרעדאַקטאָר אין ״עפּאכע״ (י.י. סיגאל, א. אַלמי און א.ש. שקאָלניקאָוו אין ״רויערד״ ״ניוואנסן״. ער האט אין זיי אַריינגעבראָקט א היפשן טייל פון זיין שווער־פאַרהאָרעוועטן פאַרדינסט. אויף דעם געביט איז ער געווען אַ פיאָנער. אזוי אַרום האָט שקאָלניקאָוו געהאָלפן שאַפן אַ געוויסע אַטמאָספערע פון אַ ליטעראַרישער סביבה אין מאָנטרעאַל.

עס איז דעריבער זייער פיינלעך צו דערמאָנען אַז אָפט, שוין צו אָפט, האָט א.ש. שקאָלניקאָוו ביים לעבן נישט געקראָגן די אָנערקענונג, וואָס ער האָט כשר פאַרדינט ווי אַ באַגאַבטער דיכטער. די פּאָר געציילטע אַרויס־געהויבענע שרייבער האָבן נישט צו גינסטיק אויפגענומען זיינע לידער. אַ גרויסן חלק האָט אין דעם געהאַט זיין שוואָגער י. י. סיגאַל, וואָס האָט שטענדיק געאייפערט, טאָמער חלילה רוקט זיך עמעצער אַרויס אַביסל

העבער פון אים. (דאָס איז געווען אַן אומזיסטע נישט־פאַרגינערישקייט, מחמת עס זיינען אין אונדזער סביבה דעמאָלט נישט געווען קיין מער באַגאַבטע פּאָעטן פון י. י. סיגאַל). שוין אין ״עפּאָכע״ (מאָנטרעאַל 1922) שטעלט זיך י. י. סיגאַל אָפּ אויף א.ש. שקאָלניקאָווס ערשטלינג לידער־בוך ״פּאַר אַ ברענענדיקער זון״ און לאָזט וויסן, אַז אין דעם בוך זיינען דאָ מער שלעכטע לידער ווי גוטע. ״די מערסטע לידער זיינען פאַרדאָרנט״... נישט אין קיין מילדן, דערמוטיקנדיקן טאָן, האט סיגאַל געערדט וועגן שקאָלניקאָוון. הגם, ער זאָגט פאָרויס (נביאות), אַז גראָד די ״ווילדקייטן״ מיט וועלכע די לידער זיינען אַרומגעוואַקסן, וועלן אים העלפן זיך אַנטוויקלען...

איך דערמאָן יענע רעצענזיע, ווייל איך מיין, אַז דאָס האָט גלייך אין אָנהייב געשאַפן אַ נישט־גינסטיקע באַציאונג צו שקאָלניקאָווס פּאָעטיש שאַפן. אַזוי אַרום האָט מען פאַרזען די עכטקייט פון זיין טאַלאַנט, וואָס האָט ארויסגעשימערט פון פיל פון זיינע טיף־איבערגעלעבטער און ערלעכער קינסטלערישער מי.

מ׳האָט געדאַרפט פאַרמאָגן שקאָלניקאָווס עקשנות און טיפן גלויבן אין זיין אייגענעם טאַלאַנט, צו האָבן דעם מוט כסדר צו אַרבעטן איבער זיך און ממש הובלעווען זיינע פערזן. ער האָט געמילדערט דעם פיין פון זיין טרויער, אין די שטימונגען פון טרוים, צו אויפבויען זיך אַ געצעלט, ערגעץ ווייט פון דער טומלדיקער שטאָט. דאָרט וועט ער אין רו, אין דער גלוסט צו דער ליבסטער, ווינען און געניסן די פרייד פון דער ליבע. טעג וועלן זומערן און די זון מיט איר פרימארגן ליכט וועט אויסבאָדן דעם גרינעם אַרום. די שטילקייט, וואָס זשומעט דאָרט וועט אים פירן ביי די וועגן פון פעלד און וואַלד און די צאַרטע גלוסט צו דער ליבסטער וועט דאָרטן אויפגיין אין פרייד:

״ביי די פּיס דאָס פעלד
אַזוי ווייך און גרין,
און אין מיין האַרץ איז ערשט טאָג געוואָרן,
פול מיט רייץ אין ווייסן דורכזיכטיקן קלייד;
זיי מיין פרייד!״

ער זוכט פרייד אין דער רו, וואָס איז ערגעץ. ער וויל זיך אַרויסטרייסלען פון דער פיין פון זיין קינדערישן אַ מאָל, וואָרום אים האָט אויסגעהאָדעוועט די נויט. ער זוכט אַנטרינונג פון יענע האַרבע, הונגעריקע קינדערישע יוגנט־יאָרן, ווען דער טאַטע האָט אים גאָר יונג געטריבן צו דער אַרבעט: ער שילדערט אָט דעם פיינלעכן גאַנג אין רואיקע אָבער טיף רירנדיקע פערזן:

״האָט ער מיך אויפגעוועקט
גאָר גאָר פרי
פאַר דער האַנט מיך גענומען
און געפירט צו דער אַרבעט.

אויף דער וועלט,
און אין מיין האַרץ איז ערשט טאָג געוואָרן,
אַ יונגער זומער האָט געשפּראָצט אַרום הויז,
און — ווייט אַרויס
איז דער וועג אין גראָז, אין טוי געלעגן;
איך האָב געוואָלט אים עפּעס פרעגן,
האָט ער מיין האַנט געהאַלטן שטיַיף
און שטיַיפער נאָך געשוויגן."

די דערפאַרונג פונעם שווערן לעבן, האָט אים אויך פאַרהאַרטעוועט. דאָס ליד איז געוואָרן דאָס לעבעדיקע בלוט וואָס האָט גענערט זיין גייסט און גוף. ער האָט תמיד געפונען אינהאַלט און אָנהאַלט אינעם וואָרט־אויסדרוק. דורכן וואָרט האָט ער געקראָגן זיין לוין און דערפילט דעם וואַרעמען אָטעם פון שעפערישקייט.

אין אַ צאָל פאַרטיפערטע לידער, האָט זיך באַוויזן דער וווּנדער פון פּאָעטישן טאַלאַנט:

"ווייט, ווי דורך זילבערנע זיפּן
שווימט אויף גאָלדענע נעצן
פון ערגעץ דער אָוונט צו —
טראָגט אויף זיינע לבנה־ליפּן
דעם קילן אָטעם פון מידקייט
צום בלויען קוש פון רו......"

פיל פון זיינע סטראָפן זיינען ביאָגראַפישע פּרטים פון זיין געמוטשעטער טאָג־טעגלעכקייט. אַ מוסטער איז דאָס ליד "דאָס ווייסע קלייד" וואָס איז געשריבן, אין דער שטימונג פון אַ פאָלקס־געזאַנג. די שורות זיינען דורכגעוואַרעמט מיט שטילער, אויפגעהייטערטער תמימות, וואָס זיין ליבסטע האָט אין ליבשאַפט אויפגענייט זיין ווייס ארבעטער־העמד:

"מעסט איך אָן דאָס ווייסע קלייד,
דאָס לייוונט קלייד — ניט פון טויט —
דאָס האָט מיין ליבסטע מיר אויפגענייט
אַ קלייד צו דער אַרבעט ביי ברויט.

טו איך אָן אינמיטן פון דער נאַכט
דעם ווייסן יאַך אויף מיין לייַב
ביים שטילן שלאָף פון קינד און וויַיב,
ביים ווייסן שטויב פון געמאָלענעם ווייץ,

ביים פריילעכן קנאַל פון האָלץ־געהייץ —
און דאָס האַרץ ווי אַ מיל
טוט אין נויט אַ לויף אונטערן ווייסן קלייד,
וואָס מיין ליבסטע האָט מיר אויפגענייט."

איז וואָס איז פאָרט די סיבה פון דעם נישט וואַרעמען אָפּרוף אויף זיי שאַפן? מיין איינדרוק איז, אַז עס נעמט זיך ערשטנס, פון דער שפּראַך

אָרעמקייט זיינער. ער האָט זיך באַנוצט מיט אַ קאַרגע צאָל ווערטער. ער איז נישט געווען קיין שפּראַך־עושר. ער האָט טאַקע נישט געדאַרפט זיך היטן פון ווערן צו ווערטערדיק. ער האָט נישט פאַרמאָגט דעם קינסטלערישן חוש צו קענען אויסקלייבן און אָפּקלייבן דאָס פּאַסיקע וואָרט. מיט וועלכן זיין ליד זאָל געבוירן ווערן. עס איז טיילמאָל פּיינלעך צו פילן, ווי ער מאַטערט זיך צו געפינען דאָס וואָרט אויף אַרויסצוברענגען די אָנגעזאַמלטע געפילן. ער ניצעוועט איבער די זעלבע ווערטער צו באַצייכענען זיינע איבערלעבונגען. פון צו אָפטן באַנוץ ווערן די ווערטער אָפּגעריבן, און דאָס שוואַכט אָפּ דעם איינדרוק פון דער פּאָעטישער שטימונג. די אויסגעבלאַסטע שורות פעלט דאָס וואַרעמע בלוט פון דער ליריק, און ממילא פאַרלירן זיי דעם צויבער פון עכטער דיכטונג.

אָט די נישט געראָטענע לידער ווערן פאַרצויגן מיט אַ שאָטן, ווי ער וואָל בלאָנדזשען אין דער פינצטער, גראָד אין העלן טאג. גאָר אָפט לאָדט ער איבער די פּערזן מיט "ליכטיק", "ליכטיקייט", און פון אַלע באַצייכענונגען ווערט אויף קיין טראָפּעלע נישט־ליכטיקער...

אָט די טיילווייזע אומבאַהאָלפנקייט, האָט גורם געווען ער זאָל אַ לאַנגע צייט נישט קענען זיך אַרויסהייבן מיט זיין ליד.

וואָס איז געווען א.ש. שקאַלניקאָווס זשאַנער? עס איז נישט גרינג צו באַשטימען. עס איז ביי אים אַן אָנוואַרף פון באַגערן און טרוימען, וואָס הייבן נישט אַרויס קיין באַזונדערע טעמאַטיק, וועלכע זאָל זיין דער קען־צייכן פון זיין שאַפן. מען פילט אָבער אין דעם זיין צאַפּלען זיך אין דער שרעק פאַרק טויט, זיין גלי אין גלוסט פון דער ליבע, און זיין געזאַנג צו דער אַרבעט. די לידער ביים הייסן שיין פון אויוון זיינען, דאַכט מיר, די שענסטע און פּאָעטיש־שטאַרקסטע אין די צוויי שפּעטערדיקע לידער זאַמלונגען: "לידער", מאנטרעאל 1926, "אין ליכט פון טאָג" מאָנטרעאל 1939. דער באַגער צו ווערן אַ פּראָלעטאַרישער דיכטער און צוטראָגן אַ צושטייער צום גייסט פונעם רעוואָלוציאנערן ברויז, אין זיין צייט. פון זיי זיינען געבליבן אַ בינטל שוואַכע, טענדענציעזע סטראָפן. בכלל, האָט דער פּראָלעטאַרישער פּעריאָד נישט איבערגעלאָזט קיין וואָגיקע שאַפונגען, נישט אין דער פּאָעזיע, נישט אין דער פּראָזע. עס איז געווען די באָמבאַסטיק פון הויכרעדעריי. אין דעם איז שקאָלניקאָוו נישט געווען קיין אויסנאַם. ער האָט אָבער אַ צאָל לידער וואָס זיינען לויטן שטייגער פון זיין שאַפן, שטילע, סאָציאַלע לידער, וואָס זיינען עכט און רעדן צו אונדזער געמיט:

"דאָס ליד פון דער פרוי<br>
וואָס וואַשט פרעמדע דילן<br>
קאָן זיך מיט פרייד נישט שפּילן<br>
עס איז ווי דאָס וואַסער גרוי<br>
און צאַנקט נאָכאַנאַנד<br>
אויף איר מידער האַנט,

קאַלט און רוי.
דאָס ליד פון דער פרוי,
וואָס וואַשט פרעמדע דילן
פויזעט אויף די הוילע קני
ווי אַ קינד וואָס וויל זיך שפּילן
מיטן מיסט אין שטוב
און פאַלט איבערן שוועל
ווי איבער אַ גרוב״.

די קליינע צאָל סאָציאַלע לידער שילדערן דאָס האַרבע לעבן פון די וואָס האָרעווען שווער און מוטשען זיך אין דער נויט. זיי דערוועקן מיטגעפיל און מאָנען צו קעמפן פאַר די רעכט פון דעם אָרעמען. ווען ער דערציילט וועגן זיין מי, דערקענט ער זיך דורך זיין ליד. עס ווערט ליכטיק. (אָן דער מאַטעריש פון די אַדיעקטיוון ״העל״. ליכטיק ״ליכטיקייט״). זיין שטימונג גיט זיך איבער אין אַ מילדער, שטילער בילדלעכקייט:

״אונדזער אַרבעט —
אַ פריש, זאַפטיק ברויט;
באַקן מיר ברויט
טאָג און נאַכט
אין הייסן שלאַכט
מיט דער נויט.
עס טוט אַ ברי
הייסע, ברוינע ברויטן;
ווי פון קנויטן
גייט אויף ווייסער רויך,
זאַפטיק, ווייך
און שיכורט די אויגן
וואָס ברעכן זיך פון שלאָף.
און די נאַכט מיט רו פאַרצויגן
בלאָנדזשעט שטיל צום סוף;
ראַזער מאָרגן אויף צווייגן
וועקט די בלעטער פון שלאָף;״

א. ש. שקאָלניקאָוו איז אידעיש געווען באַווירקט פון דער שיטה פון די עסטעטיקער, פון קונסט לשם קונסט, אָבער דוקא אין זיינע טעמאַטישע לידער האָט זיך אַרויסגעוויזן די עכטקייט פון זיין שאַפן. דאָס זיינען לידער, וואָס אָטעמען מיטן אמת פון דיכטונג. מחמת, אין זיי האָט ער אַריינגעבלאָזן דעם אָטעם פון לעבן, דעם אייביקן רוח־חיים פון יעדער לעבעדיק־געבוירענער קונסט.

אוודאי פילט מען אָפּט די ווירקונג פון י.י. סיגאַלן אינעם טאָן פון שקאָלניקאָווס שאַפן. עס איז אָבער אַ שעפערישע השפעה, וואָס איז געווען צום גוטן. מען דאַרף אָבער נישט צושרייבן די גינסטיקע באַווירקונג בלויז צו י. י. סיגאַלן, מחמת סיי י. י. סיגאַל און סיי אסתר סיגאַל, איידע מאַזע און א.ש. שקאָלניקאָוו האָבן געשאַפן אין טאָן פון ״די יונגע״. (מאַני

לייב און ראָלניק) ממילא איז אין דער שטימונג דאס געוואָרן דער תוך פון זייערע לידער. אַזוי אַרום זיינען אַלע פיר דערמאָנטע פּאָעטן (איטלעך איינער לויט דער קראַפט פון טאַלאַנט) געוועזן פון די טאַלאַנטירסטע נאָכקומער פון "די יונגע".

עס דויערט יאָרן לאַנג ביז דער טאַלאַנט פון יעדער שעפערישער פּער־זענלעכקייט פאָרמירט זיך אויס און געפינט די פאָרם פאַסיק צום אינהאַלט פון זיין שאַפן. דאָס נעמלעכע איז חל אויף שקאָלניקאָוון. אין די לעצטע יאָרן, פאַר זיין פריען אַוועקגיין אין לאַנד פון אייביקן נישט־זיין, האָט ער זיך ווי געפונען. ער האָט אָנגעהויבן זען זיך דורך יענעם. וואָרום פאַראַן פּאָעטן און בעלעטריסטן וואָס שילדערן די מיליע און די מענטשן, וואָס ראַנגלען זיך אין איר, און דורך דעם דערקענען זיי זייער אייגענע געדאַנק־און געפילן־וועלט.

אין די לעצטע נומערן "מאָנטרעאַל" און אין "קענעדער אָדלער" יובליי נומער האָט ער אָפּגעדרוקט אַן אָנהייב פון אַ פּאָעמע וועגן "מאָנטרעאַל — זיין היימשטאָט". אין אָט די פערזן דערגרייכט ער אַ גאַנצקייט. (וואָס דאָס איז געווען זעלטן צו געפינען אין זיינע פריערדיקע לידער). די שורות בינדן זיך. אפילו די עטלעכע פּראָזאַישע שורות באַשטעטיקן די עכטקייט פון דער שילדערונג. עס איז די רעאַלע וואָר פון דער יידישער סביבה, אין די יאָרן פון רוישיקן אימיגראַנטן פעריאָד. וואָס אין דער פאָרמלאָזיקייט, האָט זי געשימערט מיט דער פאַרב פון אַ יידישער אייגנאַרט.

א. ש. שקאָלניקאָוו האָט קינסטלעריש באַוויזן צו פאַרוועבן אין אַ שטילן טאָן די בענקשאַפט נאָך יענעם יידישן לעבן דאָ הי ווי ער האָט עס געקענט, און שפּעטער דערקענט זיך אַליין, אין זיין שטילן, געמיטלעכן רויש.

"ווי דער פאַלנדיקער שטויב פון זון,
שפּרייטסטו זיך אויס
אויף "מעין" סטריט
און ווערסט ליכטיק אין באַגינען,
לאָזסט זיך פילן מיטן ריח
פון פליייש. פיש און ברויט
און ס'הערן זיך די שווערע טריט
פון עלטערע יידן וואָס גייען
צו דער נאָענטער שיל דאַווענען".

דאָ, זיינען טאָן און טעמע קינסטלעריש באַהאָפטן. אָט דער געראָטענער אָנהייב האָט זיכער געקענט זיין אַן אָנרעג צו שילדערן אין אַן עפּישער, פּאָעטישער פאָרם דעם לעבעדיקן שטייגער פון אונדזער נעכטיקערווירקלעכקייט דא הי.

א. ש. שקאָלניקאָוו האָט באַטראָכטן דעם קאַנאַדער באָדן נישט מיטן

באַגער צו ווערן רייך, נאָר מיטן טרוים, אַז דער גלי פון זיין טאַלאַנט זאָל דאָ גאָלדיק אויפבליען. האָט ער אַלע זיינע יאָרן געהאָרעוועט אויף ברויט און זיך געראַנגלט מיט די ווערטער אויף צו געבן פולן אויסדרוק צו זיין געמיט.

ווען ער האָט שוין דורך מיפולער דערפאַרונג אָנגעהויבן דערגרייכן די שטופע פון אויסרייפן זיינע לידער אין דער איידעלער שיינקייט פון דער שעפערישער קונסט, וואָס האט זיך אַנטפּלעקט אין די טרויעריקע און דורכגעטרערטע לידער ווי ״לזכר י. י. סיגאַל״ און אין זיין אָפּשייד־ליד, וואָס איז אין נוסח פון אַ צוואה (געדרוקט אין ״מאָנטרעאַל״ יוני 1940)

״נעמט מיך, חברים
און טראָגט מיך אוועק,
ווו די ערד איז גרייט
און האָט ניט קיין וועג
צו אייך, צוריק.
זאָל קיינער ניט קלאָגן
ביי דעם שוואַרצן וואָגן,
ביים קאַסטן מיט רו...
איך אַליין בין געגאַנגען,
אין טרויער געפאַנגען״...

האָט דער טויט אַרויסגעשלאָגן די פען פון זיין האַנט.

א. ש. שקאָלניקאָוו, דער אַקטיווער, טאַלאַנטירטער פּאָעט, האָט זיך כשר פאַרדינט, אַז מען זאָל מאַכן אַן אָפּקלייב פון זיינע סאַמע צייטיקסטע לידער, וואָס זיינען אַ כבוד פאַר אים און אַ כבוד פאַר דער יידישער פּאָעזיע אין קאַנאַדע.



שלום שטערן

# דער דיכטער י. י. סיגאל

## (כאראקטעריסטיק)

י. י. סיגאל איז געווען איינער פון די טאלאנטפולסטע פארשטייער פון דעם דור פּאָעטן פון נאך "די יונגע". אין געמיט און אין געפיל, געהערט ער צום שעפערישן אויפשטייג פון די נאכקומער פון די "יונגע". מיט זיין הויכן טאלאנט, האט י. י. סיגאל געבראכט א וואגיק, פאעטיש פארמעג וואס דער שטויב פון דער צייט וועט נישט קענען פארדעקן. ער זינגט אין טיפן געבעט. ער אנטפלעקט דעם טרויער פון זיין צעבראכן געמיט. עס איז א געבעט און א ווייטיק פון דעם שטענדיקן געראנגל מיט זיך.

אין א צאל לידער אנטפלעקט ער זיך ווי א ליריש סענסיטיווער פאעט פון א הויכן ראנג. אט דאס פאעטיש פארמעג איז דויערהאפט און מיט דעם וואגיקן צושטייער וועט ער בלייבן ווי א פּאָעט וואס האט מיט זיין פאעטיש ווארט זיך ארייגעזונגען אין הארץ פון דעם ערנסטן לייענער.

י. י. סיגאל איז געווען זייער א פראדוקטיווער פאעט. ער האט זיך אויפגעהויבן אין דער פרי מיטן ליד אין הארצן און געגאנגען שלאפן מיטן ליד אויף די ליפן. ער זאגט טאקע אפט אין זיינע לידער אז ער וויל זיך ראטעווען פון דעם אליין זיין, פון דער פארלוירנקייט און טרויער וואס איז דער הויפּט־טאָן פון זיין פאעזיע. ער זוכט זיך אויך צו ראטעווען פון דער אפגעזונדערטקייט פון זיין אייגענער און פאר אים ענגער סביבה.

א הארץ אָנגעזויגן מיט פּיין פון טרויער, האט ער געבענקט נאכן יונגן א מאל, נאך זיין געבוירנשטעטל. אים דאכט זיך אויס, אז דארט, אין דער היים פון זיין נעכטיקייט, איז געווען א גאנץ, היימיש, יידיש, פרום און ריין לעבן, אין וועלכן ער וואָלט זיך געפילט היימיש עד היום. ער פאהערלעכט ר׳ פנחס קאָרעצער — דעם איש תם וטהור פון צווישן די חסידישע רבים.

ער לויפט אין זיין בענקשאפט אלץ צוריק צום נעכטן און אלע זיינע דערמאָנונגען זיינען וועגן דעם. ער פילט אז ער איז פון דארטן ארויס־געריסן געווארן, און דאָ הי קען ער זיך נישט איינהיימישן. ער איז אן אויסגעוואָרצלטער. ער איז א פרעמדער, וואס האט נישט און זוכט נישט

קיין נייעם באָדן, אין וועלכן זיך אויפסניי איינצוואָרצלען.

ווער זיינען זיינע געשטאלטן, וואס צו זייער ליכט ציט ער זיך? דאס זיינען דער בעש״ט און ר׳ פנחס קארעצער.

אין דער זאמלונג ״לידער פון י. י. סיגאל״ (ניו יארק 1926) דערציילט ער פון זיין טרויעריק געמיט. ער — וואס איז דאן נאך קיין דרייסיק יאר נישט אלט געווען, פילט, אז ער איז שוין אריינגעטראטן אין אָפּבלי פון זיינע טעג. דער טרויער האט אים אפשר געלייטערט, אבער די פיין האט גלייכצייטיק אויסגענאָגט זיין יונג געביין. ערגעץ איז ער פאַרבלאָנדזשעט געווארן און ער קען דעם וועג צו דער אפנקייט פון מענטשן־וואלד נישט געפינען. דעריבער קלאגט ער אויפן וועלקן פון זיינע טעג:

״נאך קיין פולע דרייסיק יאר
טרעט איך אויף מיין ערד ניט
און שוין געלט אויף מיר די וועלט אין קראנקער רייפקייט.
— מיך ציט אין שאטן פון אלע, קרומע פאַרקנס,
און דער ריח פון וועלק, וועקט אין מיר זיסע טרערן.
— איך פארקוק זיך אין דער הויך
קוק זיך ארום
און ווייס קלאר דעם וועג, די וועלט,
און ווייס קלאָר ווו צו גיין,
נאר איך וויל דערהערן א קול וואס רופט מיך
רופט מיך פון פארבלאָנדזשעטקייט״...

י.י. סיגאל מיט זיין מעכטיקן טאלאנט, וואָלט געקענט אויפהויבן און דערהויבן זיך אין גרויסע פאעטישע שאפנונגען, אין וועלכע מען וואלט געהערט דעם גאנג פון מענטשן אין דעם ליכטיקן רויש פון לעבן.

דאס טראגן אין זיך דאס שווערע געפיל, אז פרי וועט דער טויט אונטערשניידן זיין לעבן, האט פאר אים אלע וועגן פארשאָטנט. אט די אַנונג האט פארוויסטיקט דאס געמיט. זיין ליד ״שטיינערדיק״ (געשענקט מאני לייבן) איז א געוויין דורך פארשטשעמטע ציין:

״א שאטן פון מיין אײַליקן סוף
גרויט אויף אין ליכט פון יעדן אין דער פרי.
איך לעב אין אָנהייב פון מיין לעצטער שטראף,
ביים אויפוואכן צום שאטן פון מיין סוף.
איך גיי פארשולדיקט פון מיין שטוב ארויס.״

אויב מען האט איבערגעלייענט איין ליד זיינס, קען זיך שאפן דער איינדרוק אז מען האט שוין איבערגעלייענט אלע זיינע לידער, פון אלע זיינע לידער־זאמלונגען, דאָס האָבן אייניקע רעצענזענטן אים פארגעווארפן. דאס מיינט אבער זייער אויבנאויפיק אויפנעמען די צאַרט ציטערדיקע ליריק פון י. י. סיגאל, וואס איז געגליכן צו א היימיש־הארציקן בעל־תפילה, וואס זיין געבעט צו גאט קוואלט פון דער סאמע טיף פון טרויעריקן געמיט ארויס.

אמת, י.י. סיגאל וואַריאירט די זעלבע מאָטיוון, אבער אין יעדער וואַריאַציע איז פאַראַן דער פּאָעטישער קאָליר פון א נייעם ניואנס. דורך אט די ניואנסן מיידט ער אויס מאנאטאניע.

י. י. סיגאל וואס איז געשטאנען אונטער דער השפעה פון די ״יונגע״ האט ווי זיינע פארגייער און גרויסע פּאָרשטייער פון קונסט־לשם־קונסט־שיטה, געטריבן פון זיך יעדן אָנטייט אויף טעמע. טעמאטיק האט געמיינט אריינגיין צווישן מענטשן, זינגען פון — און ממילא שוין פאר — אן אייגענער פעריפעריע. פון דעם האבן זיך ״די יונגע״ אין באגין פון זייער אויפקום שטארק געהיט. י. י. סיגאל, וואס די העכסטע דערגרייכונג אין דער יידישער פאעזיע, איז ביי אים געווען מאַני לייב, האט גראד אפגעווייכט פון מאני לייבס נוסח, און בלויז, דאכט זיך מיר, אויפגענומען זיין ווונדערלעכע, דיכטערישע מוזיקאלישקייט. פונדעסטוועגן, זיינען פאראן ביי אים לידער וווּ מען דערפילט מאַני לייבס איינפלוס אין דער פארם. אין הכנעהדיקייט און אין שטילן געבעט (א סארט תפילה בלחש) איז ער נאענט צו יוסף ראָלניק. אין זין פון פארם און פערזן־בוי איז דער דאזיקער איינפלוס געווען א ברכה פאר סיגאלן. פון דער צווייטער זייט, האט ער, דורך זיין איינשטעל, גאַנץ אָפט פארלוירן יעדן חוש פאר דער וואָר פון דער ארומיקער ווירקלעכקייט. ער איז געבליבן הענגען כמעט ווי אין דער לופטן, און זיך געראנגלט מיטן באגער צו שאפן אן עפיש־פּאָעטיש ווערק, וואס זאל ארויסהויבן זיינע פארהערלעכטע געשטאלטן. אזוי האט ער געטרוימט אנצושרייבן א דראמאטישע פאעמע ״דער בעל שם טוב״.

שוין אין לעקסיקאן פון דער יידישער ליטעראטור פון זלמן רייזען, דערשינען אין ווילנע, 1927, ווערט דערמאָנט אין דער ביאָגראפיע פון י. י. סיגאל: ״ער ארבעט די לעצטע יארן אויף א גרויסער דראמאטישער פאעמע ״דער בעל שם טוב״. אין די פערציקער יארן, בעת זיינעם א באזוך אין ניו יארק, האט ער, אין זיין אינטערוויו אין ״טאג״ איבערגעגעבן, אז ער ארבעט לעצטנס אויף א דראמאטישער פאעמע ״דער בעל שם״. ער האט זיך בלויז פארמאסטן און זי נישט פארענדיקט? מסתמא געווען ביי אים די אמביציע צו שאפן אין א פאעטישער ראם איין גרויס עפיש ווערק. עס דערמאנט אין דעם וואס דער גרויסער אירלענדישער דראמאטורג שאָן א׳קייסי האט געשריבן אין זיינע מעמוארן וועגן שעליס א דראמע: ״אלע פרעגן די זעלבע פראגע: פארוואס האט שעלי נישט אנגעשריבן מער ווי איין אקט פון זיין דראמע״ — דערויף ענטפערט ער מער־ווייניקער אזוי: ״איך האָב געלייענט שעליס נישט־פארענדיקטע דראמע. שעלי איז געווען א גרויסער פאעט און נישט קיין דראמאטורג. ער האט די דראמע נישט פארענדיקט, פשוט, ווייל ער האט נישט געקענט״... י.י. סיגאל האט אפשר אויך נישט געקענט, אויף אן עפיש ווערק דארף מען זיך קאנצענטרירן, ארויספירן מענטשן און שאפן אקציע. און דאס איז נישט געווען אין דער קראפט פון זיין טאלאנט. י. י. סיגאלן איז געווען גרינגער אויסצוזינגען לידער צו און

וועגן בעל שם טוב. דא האט די פאנטאזיע פריי געארבעט, אבער אויפשטעלן א קאנסטרוקציע פון א דראמאטישער פאעמע, דאס האט דער לויטערער, שטילער זינגער י. י. סיגאל, נישט געקענט באווייזן, ווארעם, בלויז מיט ווערטער, אפילו מיט די סאמע אפגעקליבנסטע, און סאמע אויסגעאיידלסטע ווערטער, וואלט דער קינסטלער נישט געקענט אויפבויען זיינע אָנגופיקע געשטאלטן. דערצו איז י. י. סיגאל געווען ווייט פון דעם חסידישן לעבן און שטייגער־פירונג אין די אמאליקע יידישע שטעט און שטעטלעך. אין רוב פון זיינע בעש״ט־לידער נעמט ער דעם בעש״ט ארויס פון דער ראם פון זיין דאָרף־און שטעטל־סביבה.

ער שטעלט זיך אים פאָר, ווי ער איז פון אים וויזיאנעריש אויס־געטרוימט געווארן אין דער פארהייליקטער גייסטיקייט. דער בעש״ט איז ביי אים א מענטש לויט זיין שטימונג, אבער ער איז נישט קיין מענטש אין געשטאלט פון בלוט־און־פלייש, נאר ער שוועבט, כסדר, אין די עולמות העליונים.

י. י. סיגאל האט זיך געפילט פריי אין פרייען פערז (ווייסן פערז) אפשר שוין א ביסל צו פריי... אן שום צוים. דער רעזולטאט איז געווען, אז אין די ווייסע פערזן איז ער מער זאגער, ווי זינגער. דאס גינגאָלד פון פאעטישן פערז ווערט אפט צעשמאלצן אין די נישט־געהאמעוועטע שורות.

י. י. סיגאל האט געהאט זעענדיקע אויגן פאר דער נאטור, אויפצוכאפן פייסאזשן און זיי אריינליכטיקן אין זיינע לידער. דאך צייכענען זיי זיך נישט אויס מיט קיין איבערראשנדיקער בילדלעכקייט. ער פינקלט אויף דא און דארט מיט א מעטאפאר. מען באוואונדערט זיין שפראך־עשירות, אבער יעדער גוטער לייענער דערפילט, אז ווען ער זאל געווען וויסן דעם סוד פון זיין קארג אויפן ווארט, וואָלט זיין ליד דערגרייכט דעם וואונדער פון פאעטישער גאנצקייט.

י. י. סיגאל איז א מאריך. און אין לירישע לידער דארף מען זיך כסדר צוימען. וואס אין עפישער פאעזיע איז אפט א מעלה, איז אין לירישן ליד, די באריידעוודיקייט דער גרעסטער חסרון דעריבער, איז מיין איינדרוק, אז גראד אין זיינע לידער אין וועלכע ער נעמט צו הילף דעם גראם צו דערגרייכן ריטמישקייט, קריגט דאס ליד די פארם פון איין גוס. דער שטילער און איידעלער גראם שאפט א פולקלאנגיקע מוזיקאלישקייט, און מיר דערפילן דאס געמיט פון דעם פאעט אין אומעט פון דעם דורכגעציטערטן ליד:

„אויף דיין ערד וועל איך זיך לייגן,
און ווידוי זאגן שטילערהייט.
און אויף דיין ערד וועלן מיינע אויגן
איינדרימלען אין קלארן טויט
און אויף דיין ערד וועלן ליגן צווייגן,
א בינטל צווייגן אנגעגרייט.

און אויף די צווייגן — ליכטיק שווייגן,
דערמאָן זיך ווי אין חומש שטייט:
אַט איז דאָס האָלץ, אַט איז דאָס מעסער,
און ווו איז, פאָטער, די קרבן־שאָף?
שטילע גייען זון און פאָטער
צום באַרג אַרויף.״

(פון בוך ״ליריק״ מאָנטרעאַל 1930)

י.י. סיגאַל האָט כּסדר געוואָלט אויפעפענען פאַרן **פרעמדן דרויסן** זיינע טאָג־און־נאַכט עמאָציעס, אויסדערציילן, ווי ער פילט, און ווי ער פירט זיך אויף ״אין זיין טונקעלן באַווין״:

״איך צינד ניט אָן קיין ליכט אין מין טונקעלן באַווין,
איך צי אַראָפּ פון זיך די קליידער בלינד,
איך לייג זיך אויף מיין געלעגער:
אויפן וועג ווו איך גיי איינזאַם אַרום,
ניט ווייט פון מיין באַווין,
טרעף איך קיינעם ניט.
איך ליג אויף מיין געלעגער
אַלט, שטום, אַליין.
קליין איז די שעה
מיט געשענקטן שלאָף,
וואָס רוט אויף מיר.
און לאַנג און הויל
ווי וויסטער וועג,
מיין וואַרטן
אויפן בלויען שניר־ל פון פרימאָרגן,
און די גרויסע פענצטער
פון מיין באַווין.״

י. י. סיגאַל האָט אין זיינע לידער געזען בלויז זיך. דאָס ליד איז געוואָרן דער שפּיגל פון זיין געמיט. נישט קיין שפּיגל אין ליכטיקן בלענד, ווען די שיין פון דער זון פאַלט אויף אים — נאָר אויך דאָס שפּיגל־גלאָז האָט געטונקלט. דעריבער, ווען ער שרייבט וועגן ניו־יאָרק, וועגן ברוקלין, וועגן מאָנטרעאַל, איז עס נישט בכדי צו שילדערן ניו־יאַרק, נאָר ווי ער פילט אין מענטשן־וואַלד פון אַט דער גרויסער וועלט־שטאָט. אַזוי אַרום, בלייבט בלויז דער נאָמען ניו־יאַרק, ברוקלין וכדומה. מען קען אָבער בשום אופן **נישט** אַרויסקריגן דאָס **אויסזען** און דאָס **געשטאַלט פון אַט די שטעט. דער סאַמע עיקר — די בילדלעכע שילדערונג פעלט.**

אַ ליד איז, לפי דעתי, קודם כּל בילד. אַ פּאָעט דאַרף זיין אַן אימאַזשיסט. מען קען זיך נישט אָנלענען בלויז אויפן געפּילפּולן וואָרט. אַן אימאַזשן איז אַ ליד — אַ בנין אָן פענצטער, בלינד. די אויגן פון אַ שטוב זיינען די שויבן, און אַ ליריש ליד פאַרמאָגט, אויסער די שטימונג פון געמיט, אויך זעענדיקע אויגן, אין וועלכער דער דרויסן ווערט פאַרבילדערט. אָן דעם בלייבט ווינציק פון דעם לעבעדיקן אַרום.

כאראקטעריסטיש אבער פאר י. י. סיגאל איז, וואס אומעטום לויכט ארויס די געבענטשטקייט פון זיין גרויסן פאעטישן טאלאנט, סיי אין זיין זאגן, אין נוסח פון פאעטישן פיוט, סיי אין דער פולקלאנגיקייט פון זיין מוזיקאלישן פערז, וואס פארמאגט דעם איידעלן קלאנג פון ווייכן, ריטמישן גראם. מיין איינדרוק איז, אז בכדי זיין ליד זאל נישט פארלירן דעם פאעטישן רייץ, האט ער זיך געפלייסט, אַז זיינע פערזן זאלן אין דער שארפער געשליפנקייט האבן אין זיך דעם דין־ציטערדיקן קלאנג פון ליריק.

עס פארקלעמט ממש דאס הארץ פון צער צו הערן זיין געבעט, אז ער זאל זיך נישט אויסברענען אין אייגענעם פייער פון לעבן, א פרעמדער צווישן אייגענע...

„פארבינד מיך מיט וועלטן און מיט מענטשן,
איך שטיי אין מיין פרעמדקייט צעבראכן
פארהאקט אונטער בייזע טירן.
עס וועט דאך א מדבר פון וויסטקייט,
אלע וועגן פארווילדן ביז איבער די פלויטן.
ווי וועל איך זיך לאזן לויפן
אין דער גדיכטער פארווילדקייט,
ווי וועסטו מיין רופן דערהערן
פון מיין פארשטיקטקייט.
כ׳וועל ווערן אליין איבער זיך
א פארטריקנדיק וואסער.
כ׳וועל ווערן אליין איבער זיך
א פארצערנדיק פייער.
כ׳וועל ווערן אליין איבער זיך
א טויטלעכע בלינדקייט״.

קיינער האט נישט פארנומען, אז דער פיין צינדט דעם טרויער אין זיין ליד. דעריבער. ווייזט זיך מיר אויס, אז סיגאלס האלטן זיך אין באזונדערקייט, זיין „זיין פארווינקלט״, ווי ער אליין זאגט „עדות״ אויף זיך, שטאמט פון זיין מורא־האבן ארויסצוגיין, און נאך מער ארויסצוטרעטן קעגן די פני העיר, די כלומרשטע שיינע יידן. (סיגאל האט זיי ביטולדיק גערופן די „קולטורניקעס״). ער האט אבער נישט געהאט קיין מוט מורד צו זיין כאטש א קליין ביסל אין זיין סביבה, ווו ער האט זיך געפילט ווי אָן ארויסגעשטויסענער... אנדערשדיק, פולער, ברייטער, פילזייטיקער וואלט זיין דיכטונג געווען, ווען ער זאל זיך גראד געווען מישן אין די ענינים פון דער וועלט און ארויסגעטרעטן קעגן די עוולות און אויך קעגן דער סביבה וועלכע איז אים, אין תוך, דערווידער געווען. ער וואלט אפשר אזוי ארום, אויסגעברייטערט דאס געוועבק פון זיינע מאטיוון, און די שטילע, בענקענדיקע און וויינענדיקע טענער, אין זיינע לידער, וואלטן אפטער און מערער דערהערט געווארן. ער וואלט דעמאלט אפשר אין אן עפישער פארם געשטאלטיקט דעם שטייגער פון זיין סביבה, מיט אלע חסרונות און מעלות, און געגעבן פליגל צו זיין בייסיקער איראניע. עס וואלט געבליבן א

יש, גראד נישט מאין, נאר פון אן אקטיווער, וואָרערווירקלעכקייט. ווארום, אט האט י. י. סיגאל א צאל פּרעכטיקע לידער וועגן יידיש. מיט טיפער ליבשאפט צו מאמע יידיש, האט ער באוויזן, אז מען באליידיקט דאס יידישע לשון — די מאמע יידיש, וואס פון איר פליסן זיינע געלייטערטע ווערטער. דורכן מויל פון זיין פען, קען ער אין שטארקער איראניע א בייטש טאן די אדונים אין ארץ ישראל, וואס דערנידעריקן יידיש, און ווילן יידיש נישט ארויפלאזן אויף דער שוועל פון זייערע שטיבער.

„מאמע יידיש
ווערסט נעמען אונדזער פּאק מיט ספרימלעך
אויף דיינע געטרייע אקסל — איבער דער וועלט.
אפשר ווערסטו קאנען ערגעץ אפשטעקן
אביסעלע פון אונדזער נייעם אלטווארג.
אפשר וועט דער גוטער האר פון אקספארד,
קעניגסבערג, קאלאמביע, מק׳גיל
אפקויפן ביי דיר א פּאר שפּאגל נייע שמות.
אפשר וועט דער גוטער, פיינער אדון
פון דער אוניברסיטה ד׳ירושלים
ברעכן די הארטנעקיקייט,
און דיך ארויפלאזן אויפן ערשטן מארמאר־טרעפּל.
אפקלייבן ביי דיר א בלעטל אש,
א דפל מענדעלע,
א קונטרס שלום עליכם.
רעד אים איין דעם אדון,
בייג זיך פאר זיין שטאלץ,
ראטעווע פאר אונדז א חלק אייביקייט
זאל זיין אין שטויב,
אין פינצטערן ביינאכטיקן שארך
פון די ווילגעלערנטע ארכיוו־עכברים,
אבער עפּעס, עפּעס.
פארוואס זאלן מיר מער ווי איטלעכער פארשעמט זיין.
שטעל זיך איין פאר אונדזער גרויסער קריוודע.
פאַרזיכער דעם אדון,
אז ס׳איז שוין דאס לעצטע מאל.
און זאָג אים צו נאך א מתנה —
אונדזערע טינטערלעך און פעדערס,
אפשר וועט ער זיך לאקאמענען אויף אזא אנטיק.
און דו אליין ווערסט זיך נאך איינבעטן ביי אים אין דינסט —
אפקערן די טרעפּ פאר די איידעלע טריט
פון די געבענטשטע קינדער פון דער האַרנטע —
וואס דארפן אנצינדן דעם נייעם, העלן פאַקל
איבער די שפּיצן פון די אלטע, גרויע בערג.״

דאס זיינען די זעלטענע, געוואגטע טענער פון דער געזעלשאפטלעכקייט אין זיין דיכטונג. אים האט געצויגן קיין קארעץ, צוריק צו אן אויסגעחלומטן עבר, וואס פאר אים איז דאס געוואָרן אן אייביקע

לעבנס־וואָר. אין אים האט גענאגט פון בענקשאפט דער טרויער, אז ער האט פארשפעטיקט. א גאנצער דור, וואס זיין געמיט איז גאר אין דעם שטייגער פון נעכטן:

„באוויליק נאך איינמאל דעם וואנדער פון אנהייב
א יום־טוב אין אויגן,
א יום־טוב אין פענצטער,
א יום־טוב קומט אן אין א שטילן פארנאכט
אזוי ווי א מאל.
אט, מיר זיינען געבליבן נאך עטלעכע יידן אזעלכע,
וואס זיינען געבליבן אן אנדענק פון נעכטן,
אזוי ווי די ליכט אין די לייכטער,
וואס צאנקעןביים גרוי פון פענצטער פארטאג.
עס צינדן זיך העל
אין אונדז די נשמות,
און מיר — מיר האבן פארשפעטיקט.
מיר האבן פארשפעטיקט
און זיינען געקומען
געקלאפט אין די טירן,
מ׳האט געעפנט די טירן.
מ׳האט געעפנט די טירן.
א ליידיקער חלל.
— ווו איז דער בעל שם טוב?
— שוין נסתלק געווארן.
דער בראצלעווער?
— שוין אויך נסתלק געווארן.
— און דער בארדיטשעווער?
— ער האט אן ענטפער באקומען פון אויבן,
— אזא פינצטערן ענטפער באקומען פון אויבן,
וואס האט אים פארשטומט אין זיין חדר פארווארפן
און ער קומט נישט ארויס מער,
און לאזט נישט אריין צו זיך קיינעם,
א ליידיקער חלל.״

בעתן לייענען זיינע לידער־זאמלונגען, האט מיך כסדר געמאטערט די פראגע: וואס איז טאקע געווען די סיבה, וואס י. י. סיגאל האט אזוי באגערט צו א לעבנס־שטייגער, וואס אויפשטעלן אים אויף ס׳ניי האט מען אין דער נייער צייט, אין די נייע לעבנס־באדינגונגען שוין נישט געקענט. פונוואנען איז געקומען צו אים די פארהערלעכונג, אז אלץ אין די ווייטע, אמאליקע טעג איז געווען יום־טובדיק און ער האט דעם דאזיקן יום־טוב פארשפעטיקט?

איז י. י. סיגאל דער ליריקער געווען א ראמאנטיקער? איך ווייס נישט. איין זאך איז קלאר: ער האט זיך ממש געבראכן פון טרויער אין דעם איינזאם־זיין, אין וועלכן ער האט זיך אליין פארטריבן. פון אט דעם וויסטן עול פון עלנט, האט י. י. סיגאל אויסגעצויבערט א היפשע צאל הויך־

פאעטישע לידער. עס איז ווי ער וואלט אין דער טונקלקייט געוועבט דעם שאטן מיטן ליכט פון זיין ליד. אט די ליכטיקייט גייט אויף פאר די אויגן פון אלע זיינע לידער־ביכער. א היפשע צאל וווּנדערלעכע לידער טאקע אין ווארט־און־געמיט־וואריאציע, האט י. י. סיגאל איבערגעלאזט.

״זינג מיר די געזאנגען
פון אן אלטער וועלט —
זון־רויש צווישן זאנגען
אויף א רייפן פעלד.
אזא טאג א גרויסער
שפאנט איבער דער וועלט.
שניידט און לאזט מעשר
ביי דער ברעג פון פעלד.
איך בין אויך געקומען
מיט די ארעמעלייט
און איך האב גענומען
מיין חלק ארעמברויט.
איך בין זיכער געגאנגען
צו מיין שטיל געצעלט
מיט מיין ביסל זאנגען
פונעם ברעג פון פעלד,
זינג איך די געזאנגען
פון אן אלטער וועלט,
זון־רויש צווישן זאנגען
אויף א רייפן פעלד.״

י. י. סיגאל איז יונג אויסגעריסן געווארן פון לעבן און ער האט דאך באוויזן איבערצולאזן א פאעטיש פארמעג — א שיינע ירושה לדור דורות. י. י. סיגאל איז געווען און געבליבן א לירישער פאעט פון הויכן ראנג, און ממילא א וויכטיקע פיגור אין דעם אויפבלי פון דער יידישער ליטעראטור. געבענטשט זאל זיין זיין אנדענק!



# די דיכטערין אסתר סיגאל

מיט אסתר סיגאלס בוך "לידער" (ארויסגעגעבן פון זרובבל-ברענטש 219 א.נ.א.פ. 1928 טאראנטא) האב איך זיך באקענט אין 1929, בעת איך בין געווען א פאציענט אין מאונט סיינא סאנאטאריע. איר עלצטער ברודער נחמיה סיגאל — א משכיל, וואס האט געשריבן (אין יידיש) מליצהדיקע פערזן.

נחמיה האט זיך געגרויסט מיט י. י. סיגאלן, און אויף אסתרן, האט ער געזאגט, אז זי איז אויך א דיכטערין. אסתר סיגאלס לידער זיינען מיר געווען זייער ווינציק באקאנט.

איך בין געווען נייגעריק צו דערוויסן זיך די וואָג און די ווערט פון איר דיכטערישן טאלאנט האט מיר נחמיה אויסגעבארגט איר בוך.

איך האב גענומען לייענען, און פון ליד צו ליד, האט זיך פאר מיר אנטפלעקט אן עכטע דיכטערין. זי איז מיר נאענט געווארן מיט איר קלאָרער, פאעטישער בילדלעכקייט. איך האב נחמיהן איבערגעגעבן מיין איינדרוק פון אירע לידער און אים געבעטן, ער זאל שרייבן אסתרן מיין מיינונג און אויך מיין בעסטן גרוס. אסתר האט מיר געדאנקט (אין א בריוו צו נחמיהן) און פארגעלייגט, אז מיר זאלן זיך באגעגענען, ווען מיר וועט דערלויבט ווערן אריינצופארן אין שטאט. איך בין אייניקע מאל געווען אין שטאט און קיין איינמאל נישט באוויזן זי צו באזוכן.

באגעגנט האב איך זיך ערשט מיט איר אויף א פאעזיע-אוונט אין קולטור צענטער; עס האבן געלייענט אלע פאעטן, וועלכע האבן זיך דעמאלט געדרוקט אין "קאמף".

ש. פערל האט גענומען דעם עולם מיט זיינע לידער וועגן ארבעטסלאָזע און מיט זיין הייטערדיק ליד: "א חזירל א קליינס טאנצט אין מיין הארץ, ווילט זיך מיר באגילדן אלץ, וואס איז שווארץ" אסתר סיגאל איז געזעסן נאענט צו מיר און א זאג געטאן: פארוואס עפעס א חזירל? פארוואס נישט א קיעלע, א קאטשקעלע, א קעצעלע, א ווייס ציגעלע?...

נאך פערלען איז אויפגערופן געווארן אסתר און זי האט געלייענט שטילע, לירישע לידער, וועלכע האבן געווייעט מיט דער שטימונג פון גלוסט און בענקשאפט נאך ליבע.

איך בין געווען דער סאמער לעצטער פארלייענער.

— אסתר האט זיך נענטער צוגערוקט צו מיר און אריינגעשושקעט־ שיינע, דורכגעלעבטע לידער אין אייער סאנאטאריע סעריע.

מיר איז ליב געווען צו הערן אירע ווערטער פון אנערקענונג, גלייכצייטיק האב איך באמערקט, אז דער אָפּשאצער איז קאלט געבליבן צו מיינע לידער און אַז ער האט מיר פארגעווארפן, אז איך בין בלינד צום איצטיקן פעריאד פון רעוואלוציאנערן ברויז.

— אסתר האט ארויסגעזייערט עטלעכע ביטערע ווערטער: אט די פארטעמפטע קלאפערס, וואס פארשטייען זיין אין פאעזיע!

נאך יענער ערשטער באקאנטשאפט, האט זיך איינגעשטעלט א קאָלעגיאלע נאענטשאפט צווישן אונדז.

מיט אייניקע וואכן שפעטער האט זי מיר טעלעפאנירט, און מיך געבעטן, אז איך זאל קומען צו איר, אויף א גלעזל טיי. די שקאלניקאווס האבן דעמאלט געוואוינט אויף עספלאנייד.

עס איז געווען א ברענענדיקער תמוז־טאג. דיביימער אין פארק, האבן זיך מיר אויסגעוויזן, ווי זיי חלשן איינצואָטעמען די קילקייט פון דעם שטילן ווינטל, וואס האט געשווייבערט די בלעטער.

אן אויסגעשעפּטער פון דער פארעדיקער חמימה, בין איך אריין אין אסתרס ריין אבער גאנץ קליין דירהלע. אויפן טיש אין א בלוי־באצירטער שיסל האבן זיך געראיטיקט עטלעכע פרישע אפּלעסינען, (אראנדזשעס) אין פאדערשטן צימער איז געווען קיל און לופטיק. דער בוים אקעגן פענצטער האט געוועבט אויף די שויבן א שאטנדיקן פארהאנג...

— אסתר האָט אנגעגאסן צוויי פולע גלעזער טיי, שטארק אָנגעצויגן,

— אסתר האט זיך גענומען פארענטפערן פארן פארבעטן מיך אין אזא אָנגעהייצטן טאג, איך בין היינט אין דער שטימונג אייך צו לייענען עטלעכע פון מיינע לידער. דערצו האב איך א באדערפעניש זיך א ביסל אראפּצוריידן פון הארצן.

— אירע לידער זיינען געווען שטילע, לירישע, דורכגעפיבערט אין גלוסט, אין בענקשאפט נאך ליבע.

— איך האב געזאגט, אז די לידער וועלן אויסנעמען ביי איטלעך איינעם, וואס האט א געפיל פאר עכטער דיכטונג. — אויב אזוי, האט זי ארויסגעפלאצט אין גרויס פארדראס: פארוואס מיידט איר אויס צו שרייבן וועגן מיין בוך "לידער".

איך האב דערוווידערט איר טענה און געפּראוווט איר אויפוויזן, אז אין מיינע נאָטיצן "איינדרוקן און דערמאַנונגען", האב איך זיך שוין אייניקע מאל זיך אָפּגעשטעלט אויף אירע לידער געדרוקט אין זשורנאַלן. דאס איז פאר איר נישט געווען קיין פאַרענטפער. הערט שטערן, נאָט אייך מיין בוך און שרייבט! שוין צו אַפּט רימט איר מיין יאנקלען (י. י. סיגאַל) אין אייערע ליטעראַרישע פּאַרצייכענונגען.

איך פאַרגין אים דעם נחת, אבער ער איז מקנא און פאַרגינט קיינעם ניט, אייך אויך ניט. געוויס ער האַלט פון אייך, אבער ער וויל נישט דערלאָזן, אז איר זאַלט קריגן א צו שטאַרקן אָנזען אין דער ליטעראַרישער סביבה אין ניו־יאָרק. אים אַרט זייער וואס א. ליעסין דרוקט אייך פיר מאל אין יאָר אין דער "צוקונפט" וואָס מאַני לייב האט אין א בריוו צו אים זייער געלויבט אייערע סאָנאַטאַריע־לידער. פאר באַוויליקן אים מיט אן אוצר פון שבחים, וועט ער אייך אָפּצאָלן מיט זלזולים. (לײדער, איז עס מקוים געוואָרן נאָך מיין צוריקקער פון מיין ערשטן באַזוך אין פּוילן נאָך 1948). כסדר טשעפּעט ער זיך צו שקאַלניקאָוון. זיינע לידער טויגן ניט.

פאַרוואָס טויגן זיי ניט? שקאַלניקאָוו איז א זייער פיינער דיכטער, ער איז אויך א גרויסער נאַר... וואו ער האט א סענט, בראָקט ער אים אריין אין די זשורנאַלעכלעך. יאַנקל איז געווען א שותף צו כמעט אַלע ליטעראַרישע טריבונעס, וואס זיינען דערשינען אין מאָנטרעאָל, אבער א שותף גאַרנישט צו טאָן, פון מיר, האַלט ער כלומרשט, אבער איך בין נישט געגאַנגען פאַרויס, ער מיט זיין איבערחזרן איין מאָטיוו, איין שטימונג, ווי ווייט פאַרויס איז ער געגאַנגען? אַלע קאַנאַדער שרייבער זענען ביי אים גראַפאָמאַנען. איך האב קוים באַוויזן זי צו באַרואיקן.

איר ביידע נויטיקט זיך שוין מער נישט אין קיינעמס הסכמה. אייערע לידער האבן שוין לאַנג באַשטעטיקט אייער ביידנס פּאָעטישן טאַלאַנט.

מעגלעך, אז איך הויב צו אָפּט אַרויס סיגאַלס דיכטונג, ער איז מיר נאָענט געוואָרן פון זינט זיינס א ליד, וואס איז געדרוקט געוואָרן מיט יאָרן צוריק. מעגלעך, אין דער "צוקונפט".

איך קען נישט אַנדערש ווי פאַרערן און ליב האבן דעם דיכטער י. י. סיגאַל פאר אָט די פערזן:

"דיין פּרוטה די נישט גוטע נדבה,
האט פאַרשאָלטן מיין האַנט און פאַרדאַרט.
זיך באַזעצט אין מיין האַרץ
ווי א סאָווע, ווי א קוימען
אין א פינצטערער נאַכט"

איך האב צוטרוי צו סיגאַלן און צו זיינע פּאָעטישע לידער, און אויב עס וועט זיך אים אַמאָל פאַרגלוסטן (ער האט דאס שוין איינמאָל געטאָן, ווען עס איז דערשינען "באַגינען") בייזווויליק מיך באַפאַלן, וועט עס מיך טאַקע אָרן, אבער ער איז נישט דער ערשטער און וועט מסתמא נישט זיין דער לעצטער.

— — אסתר, אין אן אויפגערעגטן טאן; איך שעץ אייער ווארעמע באציאונג צו אונדז, אבער איר נארט זיך אליין. י. י. סיגאל איז אייך נישט קיין פריינט. מיר האבן נישט קיין ליטעראַרישע סביבה. מיר האבן א דיכטעריין אײדע מאזע — וואס האט זיך אליין־געקרוינט ווי די מאמע פון די שרייבערס — די נעבעכס... איך האב נישט געפילט, ווי צו אמפערן זיך מיט איר, עס איז געווארן שפעטלעך. די זון האט שוין געהאלטן ערב דער שעה פון פארגיין. מיט איר בוך "לידער" (מיט דער כונה נאכאמאל צו לייענען) האב איך זיך אומגעקערט אהיים.

א ביטערניש האט זיך אפגעזעצט אין מיין געמיט פון אירע בייזע רייד פון וועלכע עס רעדט ארויס דער ווייטיק. די וואס דארפן דערנענטערן. לסוף מיט דער רשעות פון נישט פארגינען — דערווייטערן זיי עבטע, שעפערישע טאלאנטן.

און אסתר? יא, די שטימונג פון איר ליד, אין שטילן, לירישן קלאנג האט געציטערט אין מיין געמיט.

מיט אייניקע וואכן שפעטער האב איך אפגעדרוקט אן אפשאצונג וועגן איר בוך "לידער" וואס האט שטארק אויסגענומען ביי אסתרן.

צווישנצייט, האט שקאלניקאוו זיך באוויזן מיט א סעריע ישראל־מאטיוון (וועלכע זיינען אריין אין א ישראל־אנטאלאגיע) און מיט אייניקע לידער מיט פיינע סביבה־שילדערונגען וועגן מאנטרעאל, עס איז א בילד אין וועלכן, ער האט פאעטיש ארויסגעהויבן די רעאליטעט פון יידיש מעין סטריט (סט.לארענס סטריט) אין די גרינע יארן. די לידער פארמאָגן די אטמאספערע פון יענעם פעריאד. א.ש. שקאלניקאוו האט דערגרייכט די מדרגה פון האבן א ביסל נחת פון אנהויבן ווערן אנערקענט. האבן מיר דאך, ווי שלום עליכם זאגט: "א גרויסן גאט" און ער טוט שוין אכטונג אז אזא ווי שקאלניקאוו זאל זיך נישט צו לאנג פרייען מיט דעם טראָפן פרייד פון זיין פאעטישן אויפשטייג. איז ער פלוצלינג שטארק קראנק געווארן און אויפן בעט אין שפיטאל ארויסגעלאזט זיין לעצטן אטעם. איך האב אים באזוכט אייניקע מאל, ער האט געהאט גרויסע ווייטיקן. ביי מיין לעצטן באזוך, האט ער מיך געבעטן, אז איך זאל העלפן אסתרן צונויפצושטעלן א זאמלונג פון זיינע לעצטע לידער. ער האט זיך געראנגלט מיטן טויט, זיין פנים איז געווען פייכט פון די אנגסטן, אין וועלכן זיין צעפייניקטער גוף האט זיך געווייקט, אין פייער פון פיבער. נאך שבעה, האט מיר אסתר טעלעפאנירט, אז זי וועט מיר צושיקן שקאלניקאווס זאכן, צוצוגרייטן א בוך צום דרוק.

עס זיינען אוועק עטלעכע וואכן און דער מאטעריאל איז נישט אנגעקומען, האב איך איר טעלעפאנירט און געפרעגט, הלמאי, זי שיקט נישט צו די זאכן? ערשט זי האט זיך צעבעסט: איר און אלע פאעטן זייט ניט ווערט, וואס די ערד טראגט אייך! מען דארף ניט קיין לידער! פאר וועמען ארויסגעבן א בוך פאר די מייז אין קעלער?...

וועמען פון אייך האט געאַרט דאס מאַטערניש און די יסורים פון שקאַלניקאַוון? עס איז געווען דער צאָרן פון צער. דאס איז געווען איר לעצטער איבעררייד מיט מיר אין גיכן האט זי זיך באַזעצט אין ישראל. זי האט געוואָלט זיין צוזאַמען מיט איר טאָכטער — — מאַשע, מיטן איידעם און די אייניקלעך.

מיט עטלעכע יאָר שפּעטער, האָב איך זי געטראָפן דרייען זיך אַהין און צוריק ביים "אָרדן־צענטער"... פריער האט זי אָפּגעשטעלט מיין סאָניען און איר געזאָגט, אַז זי האט געהערט, אַז היינט אָוונט וועט דאָ רעדן טים באַק. סאָניע האט איר דערקלערט, אַז מען האט איר נישט ריכטיק אינפאָרמירט. ווייזט אויס, אַז זי איז נישט געווען זיכער, וואָס סאָניע האט איר געזאָגט, האט זי מיך געפרעגט: פאַרוואָס וועט דאָ היינט אָוונט ניט רעדן טים באַק? האָב איך איר פאַרזיכערט, אַז אַפילו אין די פריערדיקע יאָרן, פלעגט טים באַק דאָ זעלטן אויפטרעטן, בפרט, היינט נאָכן דער צעשיסונג פון די יידישע סאָוויעטישע שרייבער. היינט קומט דאָ פאַר אַ קולטור אָוונט.

איך האָב זי געבעטן אַריינגיין, האט זי נישט געוואָלט. איך האָב זי געפרעגט, ווי אַזוי האט זי זיך איינגעלעבט אין ישראל? — אַן אויפגערעגטע האט זי אַ זאָג געטאָן: איך בין געפאָרן אין אַ יידיש לאַנד, רודפט מען דאָרט יידיש. איך האָב געמיינט, אַז עס איז אַ סאָציאַליסטישע געזעלשאַפט, געטראָפן האָב איך אַ ברוטאַל־קאַפּיטאַליסטישן סיסטעם מיט רייכע און אַ שפּעקולאַנטן קלאַס, וואָס לעבן אין וואוילטאָג. און דאָס פאָלק מוטשעט זיך. טפו, זאָל דאָס אַלץ ווערן!...

זי איז געווען צערייצט. זי האט זיך אָפּגעקערט פון מיר און מיט בייזע טריט פאַרשוואונדן אין דער אָוונטיקער טונקלעניש.

איך האָב געהאַט גרויס מיטלייד מיט איר. זי האט זיך געפילט אַליין און עלנט נאָכן טויט פון שקאַלניקאַוון, דערצו האט זי זיך נישט געקענט אַריינפּאַסן אין קרייז פון די נייע געקומענע שרייבער, האט זי זיך אַליין אַרויסגעשטויסן פון דער ליטעראַרישער סביבה סיי דאָ הי, סיי אין ישראל.

זי האט זיך אָפּגעפרעמדט אַפילו פון די, וואָס האָבן געשעצט איר טאַלאַנט און געווען מיט איר היימיש און נאָענט.

מיט מיינע דערמאָנונגען וועגן אסתר סיגאַל בין איך אויסן געווען, אַז מען זאָל כאָטש אַ ביסל זיין באַקאַנט מיטן גלייכגילטיקן אַרום, וואָס דאָס האט פאַראומערט דאס געמיט פון דער סאַמע וויכטיקסטע, פּרויען־דיכטערין, וואָס איז אויפגעשטיגן אויפן קאַנאַדער באָדן.

לויט איר אַרט שרייבן, דערקאָנט מען די אייגנאַרט פון איר פּאָעטיש ליד. אירע פערזן זיינען געבויט פון אַ געניטער האַנט, זיי צייכענען זיך אויס מיט אַ קלאָרער בילדלעכקייט אין פּאַסיק אָפּגעקליבענע ווערטער, וועלכע אַנטפּלעקן די עמאָציאָנעלע וועלט פון דער פרוי, וואָס איז

פארליבט און באגערט נאך קערפערלעכע נאענטשאפט. די גלוסט צערוישט דאס פיבערדיקע בלוט, וואס די ליבע לייטערט אין באהעפטונג. אָ טרינק צו מיר, אָ טרינק צו מיר מיט דיינע אויגן, ניט מיין ווין — כ׳וויל שיכור זיין, מיט דיינע אויגנס — שיין. ליב מיך ניט, צערטל מיך, גלעט מיט דיינע פינגער מיר די האָר. קוש מיך לייכט ווי עס קושט א קינד. און מיט א לויטער געמיט פארשווינד״

די מערסטע ליבע לידער זיינען דער פאעטישער אויסדרוק פון דער יונג-פרילינגדיקער ליבע, פון יונגן אמאל, אין פלאמיקער גארונג פון זיין א ווייב ״א יונג פרוי מיט קוואַלן יונגן ווין״.

זי בענקט נאכן צויבער פון פארליבט און געליבט-זיין, דאך ברענגט נישט די ליבע קיין לאנגדויערנדיק גליק, וואָרים זי מאָנט, אז דער טרוים פון דער ליבע, זאל אויך אזוי צויבערן אין דער וואָר. דאס פאראומערט איר געמיט און רייצט אָן איר צארן קעגן דעם וועמען זי האט ליב. און זי איז בייז אויף זיך אליין:

״כ׳בין בייז און צארנדיק — —
סם איך מיטן צאָרן מיין אייגן בלוט.
און ווען דו גייסט פון שטוב אוועק,
ווער איך אזוי אומבאהאלפן, גוט״

יא, זי האט ״קוואלן יונגער ווין״ וואס שוימען גלוסטיק, ווען זי איז ווייב, און איר מיידל-ווין שלאגט אן דאס הארץ פון געליבטן:

קוועלט מיין קוואלנדיקער מיידל-ווין
אין דיין שוימיק בלוט אריין — —
ווערסטו יונג אזוי און ווילד,
די אויגן גלעטן מילד,
און די הענט איבערן לייב
סודען ווייך — — —
ווייב — — ווייב — — — — ...

זי גארט נאכן גנאד פון דער ליבע, אבער זי ראנגלט זיך מיט דער ליבע, מיט אירע קליינע טראפנס פרייד, וואס פארצערן איר לייב:

״זוך מיך ניט אויף דיין געלעגער
מיט שלאפנדיקע-פארבענקטע הענט,
ווייסט דען ניט?
ווייסט דען ניט?
אז די ליבע האט מיך פארלענדט״

זי באגערט און ווארט אויף איר ליבסטן און, ווען ער טרעט די שוועל אריבער און דערנענטערט זיך צו איר, לעשט זיך אויס דער פלאם, און עס זעצט זיך אפ דאס גרוי פון אש... ווייל דאס ווייב וואס בליט אין דער ליבע, ווערט אין איר פארוועלקט: ״דו ביסט א גרעזעלע א קליינס״:

זאגט מיר שטיל די ערד — —
מיך האט גאט געבענטשט

מיט פרייד און צער.
בלי איך, און וועלק גאָר און דאַר,
פרוכפּער זיך און נער.
די פרוי מוזט וועלקן אין מיין אייביקן באַגער,
אַז ניט פאַרוועלקט זאָל ווערן דער זאָמען אין זיין לייב:
דיר איז באַשערט צו זיין אַ מאַמע און אַ ווייב"
דער ברויז פון ליבע איז דער הייסער קוואַל פון איר געזאַנג

עס איז אַנטפּלעקטע עראָטיק, אין וועלכע מיר פילן ממש דעם פיבערדיקן אויפּציטער פון לייב אין באַהעפטונג, אָבער אסתר סיגאַל לייטערט די גלוסט מיט אויסגעאיידלטע צאַרט־שעפּטשענדיקע רייד. די עראָטיק ווערט דערהויבן אין דער שטימונג פון אירע פּאָעטישע לידער, וואָס זיינען גלוסטנדיק און בלענדן ווי זאַנגען צעזונגענע אין גאָלד פון דער תמוזדיקער זון.

גינסטיק פאַר איר שאַפן איז געווען, וואָס זי איז נישט פאַרזונקען געוואָרן אין דעם צוויבער פון פאַרליבט־און־געליבט — זיין, אַנדערש וואָלט אַריינגעטראָטן די מאָנאָטאָניע פון וואַריאירן. זי האָט נישט געדאַרפט זוכן קיין סוזשעטן. זי האָט געשעפּט פון די איבערלעבונגען, וואָס האָבן געגנעסטיקט אין איר געמיט. אין מאָלערישע, שטילע פערזן האָט זי אַריינגענומען די דאָרפישע לאַנדשאַפט. מיר פאַרנעמען דאָס רוישן פון טויאיקן ווינט אין דעם פּאַסטאָראַלן־ליד "פרי אין דאָרף" עס פאַרשמעקט דער ריח־השדה, דאָס פעלד איז פאַרוועבט אין דער מאָרגנשטיל, דער אַרום פאַרטוליעט אין שלוה, וואָס באַרואיקט מיט איר הימלעבער רו:

"אויפן ברייטן־מיט פון פעלד
וואָס איז שוין ביי די זייטן האַלב פאַרגעלט,
גייט אַ באַרוועס שגדל מיט אַן אַלטן גוי,
אַ דערפרישטער אין זילבערן־טוי
גייט אַ שווער לעבן זיי די ראַב'ע קו
און פאַרגייט זיך אין אַ לאַנגן מו — מו.
עס שמעקט דער דאָרף מיט פרישע מילך
און רייפן היי און מיט ברייטער רו".

די שילדערונג פון די גרינע יאָר, איז אַ געטריי בילד פון דעם פּעריאָד, ווען אין די שעפער ביי די מאַשינען, זיינען ס'רוב געווען באַזעצט מיט יידישע אַרבעטער פון שניידער־צעך.

די מאַמעס מיט די קינדער־וועגעלעך פלעגן קומען כאַפּן אַ ביסל פרישע לופט אויף "פלעטשערס פילד"... די מאַמעס אַליין מידע פון האָרעווען אין הויז און מיט פיצלעך קינדער פלעגן איינדרימלען ביי די קינדער־וועגעלעך. עס האָט זיי פאַרשלעפערט די קילע ווייכקייט פון גראָז, און די טאַטעס אויסגעשעפּטע פלעגן טרעפן זייערע פרויען, פאַרנאַכט, ווען זיי האָבן זיך אומגעקערט פון מידן טאָג אַרבעט:

"די טאַטעס רוען אָפּ

לעבן ווייב און קינדער
אויפן אויסבעט פון גראזיקן גרין״.

וואָר, יענער ביטער־זיסער אמאל איז פארשוואונדן, אבער די רעאליטעט איז פארבילדערט געווארן אין אסתר סיגאלס דערציילעריש ליד. גראד אין די קליינע סאציאלע לידער, האט זי זיך ארויסגעהויבן, ווי א הויך באגאבטע, סענסיטיווע דיכטערין, אט די מאטיוון זיינען א דערגרייכונג פאר איר און א צירונג אויף דער טעמאטיק פון דער סאָציאלער, יידישער דיכטונג. א פולע און א גאנצע, דיכטערישע־שאפונג איז דאס ליד; ״מיין פרינץ דער בעקער״.

״מיין פרינץ־מיין מאן דער בעקער,
ווי עס קומט נאר אן די נאכט,
טוסט אויס פון קאפ די קרוין,
טוסט אויס פון זיך דאס בלויע קלייד,
ציסט א קלייד פון לייונט אן.

דעם יום־טוב פון די אויגן טוסטו אויס
שלייכסט פון פאלאץ ארויס,
אט בלייבסטו שטיין ביים קעלער־שטוב — —
אזוי ווי יוסף פאר דער גרוב,

בייגסט איין דיין שטאלצן קאפ
און גייסט די שמאלע טרעפ אראפ,
איבער א פולן מולטער ברויט
שטייט מיין פרינץ — —
מיין מאן דער בעקער
אין א לייוונטענעם קלייד
ביי דעם אנגעהייצטן אויוון
בריט ער און צעברענט די הענט,
און דאס פייער גרויסט זיך, רייצט זיך:
דא ווערן דיינע נעכט פארברענט״...

פשוט, דערציילעריש זיינען די פערזן. און די גראמען ווי תמיד ביי איר קוים, מען דערהערט זייער קלאנג. עס איז, דאכט זיך, בלויז די בענקשאפט פון דער פארליבטער פרוי נאך איר מאן, וואס וואכט, ער זאל צוריק קערן מיטן אויפבלוי אויף טאג. זי פייניקט זיך נישט צו צופארדרימלען, ווייל: עס קען דער שלאף, ווער ווייסט, חס וחלילה, אויסטרינקען די פולע ברוסט מיט פרייד; אין תוך האבן מיר א רעאלע שילדערונג פון דער נישט גאָר־ווייטער ביטערער ווירקלעכקייט דער טאָן, דער סאציאלער תוכן, און דאס פארטרוימטע און דורכגעטערטע געמיט פירט אריין אין א שטימונג פון וואָר און טרוים. און די פרוי — די פרינצעסין אין די שטילסטע גאַרנדיקסטע ווערטער מאָנט פאר זיך און פאר איר מאן פאר די ״פארברענטע נעכט״, זי איז וואַך אט ״די קליינינקע פרינצעסין״ ווייל זי ״שטעכט דעם שלאָף די אויגן אויס — — —

ער זאל נישט זען דעם וועג צום פאלאץ

עס זאל דאס בעט זיין גלאט און ריין,
ביז עס וועט דאס ראז פון מארגן
ברענגען דעם פרינץ אין בלוי א היים״...

דאס איז איינס פון די גרויסעפאעטישע, סאציאלע לידער אין אונדזער דיכטונג. אזעלכע סאציאלע לידער האבן אונדז געשענקט די אייגנארטיקע פאעטן ווי די ביאלאסטאצקי, ז. וויינפער און בערל לאפין.

אסתר סיגאלס פאעזיע איז א געוועב פון פרייד און נאָכמער פון טרויער, פון שווערע איבערלעבונגען און ביטערע דערפארונגען. אין די צאפּלדיקסטע שעהן פון פארליבט זיין, ווייסט זי אז זי און איר מאַן — דער פרינץ — ראַנגלען זיך מיט דער נויט און איר מאנס און אירע טעג, זיינען די טעג און נעבט אויסצומוטשען דאס שטיקל ברויט.

אז מען וויל זיך באקענען מיטן קוואל פון איר שאפן, דארף מען זיך אומקערן צו איר היים פון דער קינדהייט און יוגנט, וואו עס האט געפייניקט די נויט. בעתן לייענען דאס ליד ״מיין מאמעס לייכטער״ שווימען ארויס די דורכגעווייקטע שורות פון חיים נחמן ביאליקס ״התדע מאין נחלת את שירי״ (ווייסטו פונוואנען איך האב געירשנט מיין ליד מיין געזאַנג) אויך אסתר סיגאל האט מיטגענומען די נויט, און דעם טרויער פון דער היים.

אסתר פארהערלעבט דעם ערב שבת, ווען די מאמע בענטשט די ליכט, און פארשפרייט אין שטוב די דערהויבנקייט פון שבת־קודש, אבער פון איר מאמען וויינט ארויס דער גאנצער צער פון דער פארעלנטער אלמנה וואס מאכט קידוש איבער חלה:

״אלע־פרייטיק־צונאכט טוט מיין מאמע אן
א ווייס זיידן טיכל,
וואס ליגט א גאנצע וואך
פארשלאסן אין קאמאד,
לייגט מיין מאמע א ווייסן טישטעך אויפן טיש
און צינדט אן זיבן ליכט
אין זיבן מעשענע לייכטער
ווערט ווייס־חלומדיק אין שטוב בי אונדז
און שטיל וויינט מיין מאמע שטיל
בענטשנדיק ליכט...
שטייט א ליידיקער מיין טאטנס קידוש־בעכער,
שוין צוויי און צוואנציק יאר
און עס מאכט מיין מאמע קידוש איבער חלה אלע פרייטיק צונאכט.
ס׳קוקן פרעמד אויף מיר די פייערן פון די שבת־ליכט
און טוקן זיך און ציטערן פאר מיין הויך.
צאנקט און צאפלט זיך מיין וואכעדיקע ארעמקייט
אין די פייערן פון די שבת ליכט.
זיפט זיך פייער־שטויב, שבת־שטויב אויף מיין טונקעלן שאטן,
וואס לויערט אויף דער ווייסקייט
פון מיין מאמעס הייליקן חלום....

א פאעטישע פארצייכענונג, אין ווייסן פערז, (פרייען פערן) פון פרום־טראדיציאנעלן שטעטלדיקן שטייגער. עס איז אבער נישט נאר דער אופן, ווי די מאמע הייליקט דעם פרייטיק־צו־נאכט, אט די פרומע פארהייליקטע שיינקייט, איז טאקע נישט פארבלאַסט געווארן אין איר זכרון. אזוי אויך איז אין איר פאַרקריצט, דא געווארן דער עלנט און דער ווייטיק פון דער דחקות אין שטוב "די וואָכעדיקע אָרעמקייט" אט די פיינלעכע דערפארונגען האבן זיך טיף איינגעגראבן אין איר געמיט. דער ווייטיק האט זי תמיד דערמאנט, אז די נויט האט זי אויסגעקנאָטן, און עס איז געבליבן דער בריענדיקער טרויער.

אין אייניקע פערזן האבן מיר א כאראקטעריזאציע פון איר געפילן־וועלט:

"כ'האב אין לוסטן געברענט,
האב אין זיך זיי פארברענט,
איצט קום איך א ריינע
אין א שניי־ווייסן העמד..."

אין לוסטן, אין פיינען האט זי זיך פארברענט און א געלייטערטע איז זי געקומען מיט אירע אייגענע טעג, מיט צארט־ציטערדיקע טענער, וועלכע אנטפלעקן די שיינקייט פון איר פאעטיש שאפן.

עס איז א ווייטיק, וואס אין איר פארביטערטקייט האט זי זיך אפגעריסן פון דער שרייבערישער סביבה און איבערגעריסן מיט די סאמע נאענסטע צו איר אין גייסט, אין געמיט.

אסתר סיגאל האט זיך אפגעפרעמדט, אבער מיט אירע קינסטלערישע לעבעדיקע לידער ווערט זי היימיש־נאענט, איטלעך־איינעם וואס ווערט דערהויבן פון עכטער דיכטונג. און אסתר סיגאל איז געוועזן אַ הויך באגאבטע דיכטערין, וואס האט מיט איר רייכן טאלאַנט באַרייכערט די יידישע דיכטונג אין קאנאדע.



# איינדרוקן פון אַלטער קאַציזנע׳ס ווערק

אין די יאָרן 1967 און 1969 זיינען אין ישראל, אין די פאַרלאַגן ״י.ל. פּרץ״ און ״המנורה״ דערשינען די געזאַמלטע שריפטן פון אַלטער קאַציזנע אין צוויי פּראַכטפולע בענדער.

שוין עטלעכע טעג, ווי איך בין אַריינגעצויגן געוואָרן אין דער שעפערישער וועלט פון אַלטער קאַציזנע, דער אינהאַלט פון די ווערק און די פּאָרטרעטן פון די שרייבער וועקן אין מיר דערמאָנונגען פון נישט ווייטן עבר.

אָט זעען מיר אַ בילד פון אַלטער קאַציזנע, פּרץ מאַרקיש און משה בראָדערזאָן, אָט זיינען פאָטאָגראַפיעם פון שרייבער־גרופּעס. קיין איינער פון די אַלע אויפן לעצטן בילד לעבט שוין נישט מער. די מערסטע זיינען אומגעקומען דורך די הענט פון די נאַציס. (אייניקע יונג געשטאָרבן פון דעם לאַנגן יסורים־וועג) און פּרץ מאַרקיש מיטן געשניצטן פּנים און שיינעם קאָפּ האָר — אומגעבראַכט בימי סטאַלין.

אָט איז דאָס געשטאַלט פון אברהם מאָרעווסקי אין דער ראָל פון ״דובוס״. דאָס האָט מיך צוריקגעפירט צו די פריע צוואַנציקער יאָרן, ווען איך האָב אים געזען אויסצייכענען זיך אויף דער בינע אין דער דאָזיקער ראָל. דעם גאַנצן עולם האָט ער מיטגעריסן מיט זיין שפּילן. פּונקט אַזוי האָב איך קיינמאָל נישט פאַרגעסן אברהם מאָרעווסקי אינעם געשטאַלט פון מיראָפּאָלער צדיק, אין אַנסקי׳ס ״דיבוק״. מאָרעווסקי׳ן האָב איך ווידער געזען אין פּוילן בעת מיין לעצטן באַזוך דאָרטן. ער איז דאַן שוין געווען קראַנק און צעבראָכן. איך האָב אים דערמאָנט אָט־יענע שיינע יאָרן פון זיין קינסטלערישן אויפשטייג, און אַלץ אין אים האָט דאַכט זיך געוויינט, הגם טרערן זיינען אין זיינע אויגן ניט געשטאַנען.

אברהם מאָרעווסקי האָט מיט זיין רעזשי און מיט זיין שפּילן דעם ״דובוס״ דערנעענטערט דעם אידישן עולם צום אייגנאַרטיקן און פילזייטיקן שריפטשטעלער אַלטער קאַציזנע. איך בין זינט אַ לענגערער צייט געוואָרן קאַציזנע׳ס אַ לייענער און טיילווייז אויך זיינער אַ פאַרערער. יאָרן זיינען אָפּגעלאָפן — שרעקלעכע יאָרן פון אומקום פון העכער זעקס מיליאָן יידן.

אויף אַ גרויזאַמען אופן איז אויסגעקוילעט געוואָרן. אָט־דער גרויסער שאַפער פון קינסטלערישער ליטעראטור. איצט ליגן פאַר מיר צוויי בענדער פון קאַציזנ׳ס רייכן שעפערישן פאַרמעג.

איך לייען און פאַרלייען זיך און קאָן זיך נישט אָפּרייסן פון זיין דראַמע "דער דוכוס". דער רושם איז אַזאַ שטאַרקער. דער געדאַנק גראָבט טיף און יעדער מענטש זיינער שטייט פאַר אונז לעבעדיק אין הויכער קינסטלערישער געשטאַלטיקונג.

טראַכט איך: ווען מיר האָבן אַ יידיש טעאַטער, אפילו טעאַטער־גרופעס אין גאָר דער אידישער צעוואָרפנקייט וואָלט מען זיי געדאַרפט רעקאָמענדירן אויפצופירן קאַציזנע׳ס "דוכוס". איז אויב צו דעם קאָנען מיר היינט נישט זוכה זיין, זאָל מען כאָטש אָט־דאָס דראַמאַטישע ווערק לייענען.

## "די קראַנקע פערל"

בכלל געפינענען זיך אין אָט־די צוויי בענדער אַזאַ קינסטלערישער מאַטעריאַל, פון דראַמע, דערציילונג און פּאָעזיע, וואָס וועט פאַראינטערעסירן דעם גוטן לייענער.

למשל, די דערציילונג "די קראַנקע פערל" פון דער סעריע "אַראַבעסקן", ציט אַייך אַזוי אַריין, מ׳פאַרגעסט, אַן דאָס האָט אַלטער קאַציזנע אויסגעפאַנטאַזירט אַ סיפור־המעשה וועגן דער מלכה שבאָ מיט איר ווייטיקדיק־גאַרנדיקער ליבע צו מלך שלמה, און קראַנק זיינען געוואָרן אירע פערל, בלייך־קראַנק. מ׳דאַרף זיי אָנוואַרעמען. אַ וואַרעם פרויען־האַרץ דאַרף אין זיי אַריינגעבן ניי לעבן מיטן רויש פון איר גליענדיק בלוט. אויפן וועג קיין ירושלים באַגעגנט זי דאָס פאַסטעך־מיידל שולמית איר — דער ברוויזיקער הירטן אין די בערג גיט די מלכה שבאָ די פערל אויסצוואַרעמען אויף איר יונג הייס־גלוסטיקן לייב.

די גאַנצע דערציילונג, ווי אין אַלגעמיין אַלטער קאַציזנע׳ס שאַפן, איז סימבאָליש. יאָ, בעת מ׳לייענט "די קראַנקע פערל" פאַרגעסט מען, אָט דאָ האָבן מיר אַ שולמית פון שיר השירים מיט דער מלכה שבאָ, און אַז דאָס איז געשען בלויז אין געדאַנק פון קינסטלער. דאָך זיינען די געשטאַלטן אַזוי מייסטערהאַפט־רעאַל, געמאָלן, אַז פאַר די אויגן שטייט אויף די ווייטעווירקלעכקייט אין ארץ־ישראל פון שלמה המלכ׳ס ציטן. האָט דען געקאָנט זיין אַן אַנדער בילד אין דער ראָם צו יענער ווירקלעכקייט, ווי זי ווערט אויסגע׳חלומ׳ט אין "די קראַנקע פערל".

אַלע קריטיקער פון קאַציזנען האַלטן אין איין צייכענען די שטריכן אין זיין שאַפן, וואָס זאָלן אים "זאַלבן" פאַר אַ פרץ־תלמיד. פאַרשטיי איך באמת נישט, וואָס מיינט דאָס? אין אַ געוויסן זין זיינען מיר אַלע תלמידי פרץ. דעם דרך פון פרצ׳ן האָבן מיר אַלע אָנגענומען, אָבער איטלעך

איינער האָט זיך אויסגעטראָטן זיין אייגענע סטעזשקע. אויף אַזאַ שטייגער איז אַלטער קאַציזנע אַ פּרץ־תּלמיד. נאָכמער תּלמיד איז ער אין זוכן דאָס פאַרהוילענע אין יעדער זאַך. עס האָט אים געצויגן צו יעדער געשעעניש, וואָס איז אויסטערליש, וואָס האָט אין זיך דעם צויבער פון אַ לעגענדע.

## זיין באַזונדערער וועג

אין לשון, אין סטיל, קינסטלעריש אידייאיש איז אלטער קאַציזנע געווען אַן אָריגינעלער, אין אייניקע ווערק אַ גרויסער קינסטלער. אין וואָרט, אין פאָרם איז באַ קאַציזנע׳ן אַלצדינג אייגנס.

קאָן דען אַנדערש זיין באַ אַן עכטן קינסטלער?

דערצו, האַלט איך, אַז מ׳קאָן זיך געפינען אונטער דער השפּעה פון פּרצ׳ן און אין פּרצ׳עס סטיל קאָן מען זיך בשום אופן נישט ״אויסלערנען״ שרייבן. דאָס נעמלעכע איז שוין חל אויף שלום־עליכמ׳ס שפּראַך און פאָלקס־סטיל, די ״נאָכמאַכער״ זיינען קאַליע־מאַכער און פאַרשוועכער פון דער קונסט פון אָט־די צוויי גרויסע קלאַסיקער אונדזערע. אַזוי ארום, איז ביי מיר אַלטער קאַציזנע אַ יחיד במינו מיט זיין אויגנאַרטיקן שטייגער שרייבן.

אַזוי האָט ער זיך זיין באַזונדערן וועג אויסגעקליבן אין זיינע באַלאַדן. דער תּוכן כמעט תּמיד — אַ געוועב פון לעגענדע אין דער וואָר פון דער טרויעריקער ווירקלעכקייט. אָבער די קאָנסטרוקציע — אין וועלכער באַקאַנטער דיכטערישער פאָרם קומט זי אַריין? די שפּראַך, — איז זי אַ פאָלקסטימלעכע, ווי דאָס פאָלק האָט גערעדט? מער ניין, ווי יאָ.

אַלטער קאַציזנע ״פּאָעטעוועט״ ניט. ער באַמיט זיך אַפילו נישט צו אויפהייבן די ווערטער העכער פון דער ווירקלעכער סביבה אין וועלכער אַלצדנג איז באַ אים פאָרגעקומען. ער איז געוויינלעך אין דער שפּראַך און גראָד דורך דער דאָזיקער געוויינלעכקייט, מיידט ער אויס דאָס גרוי פון מאָנאָטאָניע, און דערהויבט דעם אַרום. ער בלענדט מיטן צויבער פון דער יידישער סביבה׳דיקער וואָר.

אַזוי אַרום האָבן מיר אַ נייעם מוסטער פון באַלאַדן־שאַפונגען אין דער אידישער פּאָעזיע. נישט די פאָלקסטימלעך־מוזיקאַלישקייט פון מאני לייב אָדער מאַנגער, נאָך אויך אַלטער קאַציזנעס אין דער שטימונג פון דערציילן:

״נישט פון אַלטע גוטע צייטן, נסים זעלטענע
נישט פון בלוטיקן געראַנגל מיטן אַשמדאַי,
איך וועל זינגען, ווי אַ ייד איז פון דער וועלט אַוועק
מיט אַ קללה אויף די ליפּן פאַר׳חתמ׳עטע״.

אָדער:

״אַ פרילינג, ווען דאָס אײַז האָט שוין גערירט,
דאַס מיידל־האַרץ האָט אויפגעוואַכט אין ציטער.

דער מלאַך פון חלומות האָט פאַר איר
דאָס אומרואיקע בלומענפעלד צעפליטערט.
און הייס און באָרוועס טרעטן אירע פיס.
און קיל און שטיל די בלומען בלייבן ליגן.
פאַרוואָס איז אַזוי טרויעריק און זיס
אברמלס גמראָ׳דיקער ניגון?״

* * *

דאָס וואָס איך פאַרצייכן דאָ איצט, איז בשום אופן ניט קיין אָפּשאַצונג פון אַלטער קאַציזנע׳ס שאַפן. זיין פילזייטיקע טעמאַטיק, זיין פאַרביק־מאָלערישער סטיל, פאַרדינט אַ ברייטאַרומנעמענדיקע אַרבעט, דאָ האָב איך בלויז געוואָלט איבערגעבן מיין פרישן איינדרוק בעת׳ן לייענען זיינע ווערק.



ד״ר. יוסף קעידזש

# דער שרייבער און קולטור־געזעלשאפטלעכער טוער.

דר. יוסף קעידזש האָט פיל דערגרייכט אין זיינע פאָרשאַרבעטן אויפן געביט פון סאָציאָלאגיע, געשיכטע פון יידישער אימיגראציע און מיט זיינע סקיצן פון דער געשיכטע פון קאנאדער לעבן, וואס זיינען אייגנטלעך שטריכן צום גאנג אין גייסט פון לעבן אין קוויבעק.

זיין בוך ״צוויי הונדערט יאָר פון יידישער אימיגראציע אין קאנאדע״, איז מער פון א געשיכטלעך־פינקטלעכע באשרייבונג פון דער יידישער איינוואנדערונג קיין קאנאדע. עס איז אַ טיילווייזע געשיכטע פון אויפקום און איינוואָרצלען זיך פון יידישן ישוב אין קאנאדע.

דר. יוסף קעידזש מיט זיין פרייען און פליסיקן יידיש האט א חוש פארן וואָרט, און ער מיידט אויס פון איבערלאָדן זיינע ארבעטן מיט איבעריקע דעטאלן און ציטאטן, וואס וואָלטן אָפּגעצויגן דעם לייענער פון דעם סאמען תוך און תוכן פון בוך.

דר. קעידזש איז אויסן געווען צו דערציילן די געשיכטע פון יידישער אימיגראציע אין קאַנאַדע, אז דער לייענער זאל באקאנט ווערן אי מיט די שוועריקייטן, אי מיטן יידישן ישוב און זיינע באמיאונגען אריינצוברענגען וואס מער יידן דאָהי.

דער שטייגער פון זיין שרייבן (באשרייבן) איז אין א דערציילערישער פאָרם. אויף אזא אופן האט ער אויך גלייכצייטיק געגעבן א בילד פון דער יידישער סביבה אין פארשיידענע פעריאדן. עס איז אים געראָטן צו שילדערן דעם אין און ארום פון דעם קולטור־געזעלשאפטלעכן יידישן לעבן דאהי. עס איז די שטייגער־פארב, וואס מיט איר האט ער געצייכנט דאס געשטאלט פון דער יונגער, פרישער נעבטיקייט אונדזערער אויפן קאנאדער באָדן. דער לייענער האט צוטרוי צום גוט־אויסגעסדרטן מאטעריאל, וויסנשאפטלעך באארבעט און אָביעקטיוו דערציילט וועגן די אופנים פון דעם אריינקום פון יידן, אין פארשיידענע פעריאדן. דר. יוסף קעידזש איז זיך טאַקע סומך אויף דער פאַקטאָלאָגיע, גלייכצייטיק, דורך זיינע שילדערונגען פון דעם דעמאלטיקן (עד היום) אקטיוון יידישן לעבן. באקומט זיך די אייגנארט און די אַטמאָספערע פון דעם קאנאדער יידישן

ישוב, וואס האט אין גאנג פון די יאָרן זיך אויסגעפורעמט אין אן אייגן געשטאַלט.

אזוי ארום, איז די ווירקונג פון זיינע געשיכטלעכע ווערק, ווי מען זאל לייענען בעלעטריסטיק מיט אינטערעסאנטע גוט־אריינגעבויטע סיטואציעס. איך האב געטראכט, אז אפשר פארטרייבט ער גאר פון זיך אַליין דעם דערציילערישן טאלאנט, בכדי צו טאן זיין פאָרשערישע ארבעטן.

ביידע ביכער זיינע צייכענען זיך אויס אין אינהאלט, סטיל און קאנסטרוקציע. דר. יוסף קעידזש מיט זיין זעלטענער פייאיקייט פון קלאָרער באשרייבערישקייט, ברענגט ארויס די סיבות פון אימיגראציע. די נויטן און די רדיפות אויף יידן, וואָס האבן געטריבן מאסן־יידן אין אייראפע אויסצורייסן זיך פון דורות־לאנג איינגעזעסענע ישובים, פשוט צו ראטעווען דאס נפש. אויב פארן ערשטן וועלט־קריג, איז די אימיגראציע פאר יידן געווען כמעט א פרייע, איז נאכן קריג דאס אימיגראציע געזעץ געווען נישט נאר נישט גינסטיק פאר אַן אריינלאָז פון יידן דא, ווערליג די פאדערונגען, איז אויסגעקומען, אז פאר יידן, איז דער אריינקום כמעט פארווערט.

אזוי ארום, איז פאר אחינו בני ישראל — די סאמע געליטנסטע און נויטליידנדיקע, וואס זיינען געבליבן אָן שום מקור פרנסה, זיינען די ברעגן פון קאנאדע פארצוימט געווארן.

אין אט דער שווערער (טיילמאל אוממעגלעכער) לאגע האט זיך אויסגעשטרעקט די העלפנדיקע האנט פון די יידן אין קאנאדע. אין די מערסטע פאלן האט דער יידישער ישוב באוויזן, אז זיי זיינען די בני־רחמנים, דערוואַקסן צו מעשים. מיין איינדרוק איז, אז עס האט זיך טיף איינגעקריצט אין זייער זכרון, אז אויך זיי — די יידישע איינוואוינער פון קאנאדע, זיינען גאר נישט לאנג אויך געווען אימיגראנטן, וואס האבן נישט פארגעסן דעם הארציקן קלאנג פון חומשדיקן ניגון, ווי יוסף נעמט איין זיינע ברידער מיט די ווערטער: "כי למחיה שלחני אלהים לפניכם" (ווארום צו דערהאלטן אייערע לעבנס האט מיך גאט געשיקט אייך פארויס איבערזעצט פון יהואש). איך האב געלייענט די באשרייבונגען פון דר. יוסף קעידזש און זיך געגרויסט מיט זייערע אומדערמידלעכע באמיאונגען, אז כאטש קליינע צאָלן זאלן קענען אריינקומען אין לאנד.

ליידער, זיינען אבער געווען אייניקע פאלן, ווען די צו שטרענגע פארזיכטיקייט פון די טוער פון "אימיגראנטן הילפס פאַריין" האבן ווי נאָכגעלאזט די הענט. צוליב אט דער שלאַבריקייט פון מוט, האבן א געוויסער מיעוט־יידן נישט פארטראָטן דעם קאנאדער באדן. און דער "אימיגראנטן הילפס פאראיין" האט פארלוירן יעדע שפור פון זיי. עס רודערט אויף דאס געמיט, מחמת עס איז נישטא קיין תירוץ, און אויך נישט קיין פארגעבונג פאר דעם.

דר. יוסף קעידזש, ווי א געשיכטע־שרייבער איז אָפן און אויפריכטיק מיטן איבערגעבן יענע פאלן. ער באהאלט גארנישט. אים טוט וויי, ער קען זיך דאס אליין נישט דערקלערן. עס עקבערט די פראגע: פאַרוואס איז געווען אזא שטרענגער פּאָרזיכט מצד די טוער (דאס באציט זיך צום פּראָיעקט פון אריבערברענגען א גרעסערע צאל יתומים נאכן ערשטן וועלט־קריג). איז דאָס בלויז געווען נישט איבערצוטרעטן דעם געזעץ, צי מען האט זיך טאקע נישט צו שטארק באמיט?

סיי ווי אין גאָרוויניקע פאלן האט דער ישוב נישט אויסגעפירט די אָנפארטרויטע שליחות.

אין אלגעמיין אבער האבן יידישע קהילות אין קאנאדע (דערהויפּט אין מאנטרעאל) ארויסגעוויזן הארציקייט און גרייטקייט אין דערמעגלעכן יידן זיך צו באזעצן אין קאנאדע. א דאנק דער מי פון די עסקנים פון "אימיגראנטן הילפס פאראיין" האט מען זיך דורכגעשפּארט, דורך די קליינע עפענונגען פון דעם פאַרהאַקנדיקן אימיגראציע געזעץ.

אין געוויסע סיטואציעס האט מען אויך געמוזט אנקומען צו שתדלנות. געוויס, איז ביטער וען מען דארף אויסנוצן אט דאס אלטע מיטל. מען קען טאקע פרעגן, פארוואס האט מען דערלויבט אזא דיסקרימינאציע־געזעץ לגבי יידן?

עס וועט אבער נישט פאַרמינערן דעם פאקט, אז אָן דעם משתדל־זיין זיך, וואלט דא היינט געווען ווינציקער יידן. פאראן מאמענטן, וואס דאס מיטגעפיל פון קאנאדער יידישן ישוב אין זייער הארציקן אפרוף און זאָרג פאר די יידישע אימיגראנטן, איז ממש רירנדיק. אין דעם זין האט יידיש מאנטרעאל דעם גרויסן זכות, וואס די הערלעכסטע קאפּיטלען אין דער געשיכטע פון יידישן ישוב, געהערן איר.

סך הכל: "200 יאר פון יידישע געשיכטע אימיגראציע אין קאנאדע" פון דר. יוסף קעידזש איז אן ערלעך בוך, געשריבן פון א טאלאנטפולן געשיכטע שרייבער.

פון גאר אן אנדערן כאראקטער איז זיין ענגליש־פראנצויזיש בוך

("סקיצן פון קאנאדער לעבן אונטערן פראנצויזישן רעזשים")

אויך דא האט זיך דר. קעידזש זיין וויסנשאפטלעכן און דערציילערישן שרייַב־מעטאָד. איין קאפיטל קייטלט זיך אין צווייטן, לויטן גאנג פון די געשעענישן. עס איז אן אינפּאָרמירנדיק בוך מיט ליכטיקע, אבער נאך מער מיט טרויעריק־טראגישע פעריאדן. עס איז ממש א נס, ווי אזוי אין דעם ים פון ליידן, פון נויט און הונגער, האט זיך אויספּאָרמירט א באזונדער ארטיק שטייגער לעבן אין קוויבעק.

דאס פראנצויזישע קוויבעק האט פון זיין סאמען באגינען באוויזן אויפצושטייגן ווי אן אייגנארט פון א באזונדערע נאציאנאליטעט.

באוואונדערונג. פארדינען די פּיאָנערן פאר זייער דרייסטקייט און אויסדויער. רום באַקרוינט די געוואגטע זובער און געפינער פון נייע וואסער־וועגן און ערד־שטחים, וואס האבן געזוכט, געפאָרשט און געפונען טייכן, וועלכע האבן פארבונדן די ווייטסטע געגנטן. אזוי ארום האבן זיי געהאָלפן אויסברייטערן. אנטוויקלען דאס לאנד, און פארשטאַרקערן די פּאָזיציע פון די פראנצויזישע קאָלאָניסטן. אבער די רייבונגען און ראנגלענישן צווישן די צוויי פעלקערשאפטן, די ענגלענדער און פראנצויזן, האט דערפירט צו מיליטערישע איבערפאלן פון ביידע צדדים. דאס ראָד פון פּאָליטיק איז געדרייט געוואָרן אין די קעניגלעכע הויפן פון ענגלאַנד און פאריז. און ביידע הויפּטשטעט זיינען געשפּונען געוואָרן אינטריגעס, און דאס אומגליק פון מלחמה האט געהויערט איבערן לאנד. סיי פראנקרייך סיי ענגלאנד האבן געוואלט פארכאפּן און באהערשן. די לעצטע שלאכט אויף "די פליינס אף אייבראַהאַם" (פּלוינען פון אייבראהאם) איז אייגנטלעך געווען די ענד פון קליינע... פאַרצויגענע שלאכטן. בילדלעך ווערט געשילדערט די לעצטע דערדריקנדיקע שלאַכט. מיר דערוויסן זיך פון דעם אינערלעכן צושטאנד פון דער באלאגערטער שטאָט קוויבעק. די גיריקייט נאָך מאכט האט צעבראָכן די אייניקייט, אפּגעשוואכט די שלאכט־גרייטקייט פון דער פראַנצויזישער ארמיי.

אין דעם אופן ווי די געשעענישן אנטוויקלען זיך, ווערט קלאר באלד פון אנהייב, אז די שלאכט וועט זיך ענדיקן מיטן נצחון פון דער ענגלישער ארמיי.

די העגעמאָניע איז טאקע פון דעמאלט אן אריבער אין די הענט פון די ענגלישער מאכטהאָבער, אבער די אויפטוען און דערגרייכונגען פון פראנצויזיש־קאנאדע זיינען וואָגיקע. פון די בלעטער פון דער קאנאדער געשיכטע שיינען ארויס די רומפולע ים־פָארער און פארשער. קוויבעק האט אָנגענומען אַן אייגן־אַנדערשדיקע ניי־פראַנצויזיש געשטאלט. (א קוויבעקער פראנצויז איז נישט דאס זעלבע ווי א פראנצויז פון פראנקרייך). פראנצויזן האבן זיך נישט אסימילירט. זיי האבן אפּגעהיטן זייער פראנצויזישע שפּראך. אין נייעם שטייגער און לעבנס־פּיר האט זיך אויסגעשטאלטיקט די פראנצויזישע נאציאנאליטעט אין קוויבעק.

דאס ווערט קלאר אין די ביז גאר אינפארמירנדיקע, אינטערעסאנטע סקיצן פון דר. יוסף קעידזש. מיר באקענען זיך מיט די לעבנס־געשיכטן פון פיל פראנצויזישע פערזענלעכקייטן, מענער און פרויען, וואס האבן מיט זייערע העראָישע מעשים, אויף שטענדיק זיך אריינגעשריבן אין געדענק־בוך פון דער קאנאדער געשיכטע. מיר דערוויסן זיך ווער עס זיינען געווען אט די דרייסטע, באגאבטע און קאלירפולע מענטשן וועמענס נעמען עס באשיינען פיל מאנטרעאלער גאסן. מיר קריגן גרויס אפשיי פאר די געוואגטע פּיאנערן־קעמפער — די עקשנותדיקע, גלויביקע בויער פון דער אייגנארטיקער פּראווינץ קוויבעק.

וועגן דעם אלעמען שרייבט דר. קעידזש מיט געפיל און פיעטעט. די פיאנערן, די לאנדשאפט און די סביבה ווערן צו אונדז דערקענט. דורך דעם נעכטן פארשטייען מיר בעסער די איצטיקע פּאָליטישע און עקאנאמישע סטרוקטור אין קאנאדע און די גערעכטע און אומגערעכטע טענות און פּאָדערונגען פון קוויבעק פאר באזונדערע רעכט.

צו דער געשיכטע פון קאנאדע איז דאס בוך "סקיצן" א צושטייער פון גרויס באטייט. עס איז א ליכטיק בוך. נישט גראָד, וואס אלץ איז דארט ליכטיק, עס איז ליכטיק ווייל עס באַלויכט דעם גאַנג פון די געשיכטלעכע געשעענישן. הויכע שעצונג פאַרדינט ד"ר יוסף קעידזש פאַר זיַין קולטור־געזעלשאפטלעכע טעטיקייט. ער איז איינער פון די געטרייסטע יידישע קולטורטוער און דערמוטיקער פון יידישער שעפערישקייט אין אונדזער סביבה. ער באמיט זיך, אז יידישע שרייבער זאלן האבן די מעגלעכקייט ארויסצוגעבן זייערע ביכער. כמעט אלע בוך־קאמיטעטן זיינען אוועקגעשטעלט געווארן א דאנק דער באמיאונג פון דר. יוסף קעידזש. ווי א שרייבער און קולטור־טוער איז ער אין דער טראדיציע פון די אַמאָליקע יידישע שרייבער אין רוסלאנד, פוילן וכדומה, וואס האבן גאנץ אָפט געשריבן אין דריי לשונות, אויף יידיש, העברעאיש און טיילווייז אויך אויף דער לאנדסשפראך.

דר. יוסף קעידזש שרייבט אויף יידיש, ענגליש און פראנצויזיש. דאס איז דער אופן פון זיין שעפערישן אויסדרוק.

דר. יוסף קעידזש איז דער עקזעקוטיוו דירעקטאר פון "האיאס", זייער א פארנומענער מענטש, דאָך האט ער באוויזן נישט פארזונקען צו ווערן בלויז אין זיין ארבעט (אגב א הייליקע ארבעט). ער געהערט צו די גאר, גאר ווייניקע פון די דאהי דערצויגענער יידישער אינטעליגענץ, וואס האט זיך נישט אפגעריסן פון דעם יידישן לשון און זיך נישט אַרויסגעריסן פון דער יידישער קולטור־סביבה.

אויף זיין שטייגער העלפט ער שמידן דעם המשך פון אונדזער יידיש שעפעריש לעבן. זאל ער זוכה זיין ארויסצוגעבן נאך נייע ווערק, וואס וועלן געוויס זיין א וויכטיקער און ליכטיקער צושטייער צו דער יידישער און אלגעמיינער ליטעראטור אין קאנאדע.



# דאס טרויעריקע ליד

## פון איידע מאזע

דער דויער פון א קונסט־שאפונג ווערט כמעט תמיד באשטעטיקט דורך א געוויסער לענג פון יארן.

דאך, נישט אלעמאל באשטימט די צייט דעם דויער פון א ווערק (אין פּאָעזיע ,אין פראזע). דער כח־הקיום פון יעדע שאפונג איז די עכטקייט פון זיין קינסטלערישן אויסדרוק. דאס איז אויך חל אויף א קליינער צאָל פון איידע מאזעס לירישע לידער, וואס לעבן מיט דער טרויעריקער שטימונג פון איר צעבראכן־געווארן געמיט, ווען דער מערדער — דער טויט, האט פון אירע הענט ארויסגעריסן איר קינד.

פון אָט דעם טיף־טרויעריקן ברונען פון פּייַן, האָבן אויפגעקוואַלט אירע שטילע, ציטערדיקע, טרערנדיקע מאמע־לידער, וואס יעדער וואָרט איז א הייסע, נישט־טרייסטנדיקע טרער, וואס פארמערט דעם צער אין טרויעריק־בענקענדיקן געמיט:

„איך ברענג רו פון בית־עולם
צו אייך, מאמעס פון דער וועלט

איך בין געזעסן און געוואכט דארט
און געהארכט דורך היץ און קעלט.

האב געפרעסט מיין ברוסט צו שטיינער
און מיין קאפ צו טיפער ערד.

געהארכט, געהארכט, מיט א פארשפיצטן אויער,
און האב גארנישט ניט געהערט.

אחוץ א פויגל אויף א בוים וואו
רעדט זיך איבער מיטן ווינט,
אחוץ א מאמע ביי א שטיין וואו
וויגט זיך שטיל איבער איר קינד.

חוץ א קלאנג, וואס טראגט זיך איבער
פון בארואיקטן געוויין;
חוץ א שטיין, וואס קוקט זיך איבער
אין גרויער שטומקייט פון א שטיין.

חוץ א גרינקייט פון די גראזן
און די ווייעקייט פון דעם פעלד —

אויסער דעם איז אלעס שטיל דארט.
אויסער דעם — אַ שטילע וועלט.״

אט די דורכגעלעבטע פערזן ווירקן מיטן אמת פון איר פּאָעטישן טאלאנט.

שטיל קלאגט דאס באצערטע געמיט און צינדט מיט איר טרויער די פארגליווערטע שטומקייט ביים מצבה־שטיין. עס איז דער פּײַן פון בענקשאפט וואס טרערט אין עלנטן־אליין:

״די לופט אזוי גוט און שטיל,
און ווייך דאס גראז צום ליגן,
און ביי מיין זייט א בערגעלע —
איך קום באנאכט אים וויגן.

דא שטייען בערגעלעך א סך,
בערגעלעך איינזאמע;
דעם בין איך א מאמע.

דורך לבנהדיקע נעכט,
בין איך דא געזעסן,
לבנה־סודות אויסגעהערט,
און האב זיך שיעור פארגעסן,
אז ניט א לבנה היט איך דא,
ניט די בערגעלעך איינזאמע,
נאר דעם קליינעם בערגעלע,
וואס איך בין אים א מאמע.״

איידע מאזע האט געהאט איר פּאָעטיש־העכערע דערגרייכונג אין די דורכגעטרערטע מאמע־לידער. אין אלגעמיין באמערקט זיך אין איר דיכטונג, אזוי איז נישט צו שטארק איבערקלייבעריש אין וואָרט. זי איז נישט געווען צו שטרענג צו זיך. ממילא זיינען אַ היפּשע צאל פערזן שלאַבריק אין דער קאנסטרוקציע. איר אַרט ניט צו ניצן אזעלכע אלטע וואָרט־פּאָרונגען, ווי ״לבנה־סודות״ און אזא מעטאפאר (און ענלעכע); ״שטאם איז פעסט און שטארק ווי אייזן״. די ״לבנה־סודות״ און דער פארגלייך ״פעסט און שטארק ווי אייזן״ זיינען שוין געווען אלט און אפגעריבן אפילו אין יאר 1931 (ווען דאס בוך איז ארויסגעגעבן געווארן פון דער יידישער קולטור־געזעלשאפט אין מאנטרעאל).

אויך איר שפּראַך־אוצר איז נישט קיין צו רייכער. זי וואריאירט צו אפט מיט די זעלבע ווערטער. עס איז אויך א וואונדער אויף איידע מאזען וואס האט זיך געהאדעוועט אין א דארף און קארג זיינען אירע נאטור־געמעלן. אבער נישט נאר ווינציק זיינען זיי, זי האט נישט אין איר ווערטער־געברויך די פארב מיט וועלכע צו מאָלן די לאנדשאפט און דעם דרויסן, וואס ענדערט זיין געשטאלט אין משך פון יאר.

דאס נישט זיין בכח צו פארבילדלעכן מיטן ווארט די נאטור, פארמינערט אפט די שיינקייט פון פּאָעטישן אויסדרוק, אבער עס

פארקלענערט ניט דעם טיפן איינדרוק פון אירע מאמע־לידער דורכגעגליט אין די פייערן פון טרויער. דאס ווערט באשטעטיקט דורך דער קליינער צאל פון אירע עכטע לידער. טאקע אין יענע לידער, אין וועלכע זי מיידט אויס סענטעמענטאַלישקייט, דעמאלט פליסט אין איר ווארט דאס לויטערע בלוט פון דער באלעבנדיקער ליריק. יא, עס זיינען די עמאציאנעלע ווערטער מיט וועלכע דער פאעט בויט זיינע פערזן און מען דארף זיך זייער היטן נישט אריינצופאלן אין א סענטעמענטאלן אויסגוס.

איידע מאזע האט באוויזן ארויסצוברענגען אירע איבערלעבונגען אין א צאָל פּאָעטיש־לירישע לידער אין וועלכע מיר פארנעמען דעם שטילן געקלאָג פון צער און דעם אויפרויש אין דער ליכטיק־טרייסטנדיקער פרייד פון געליבט־זיין.

„מיר איז גוט וואס דו האסט מיך ליב,
גוט צו הערן געצערטלטע נעמען.
עס שפרייטן דיינע רייד א מילדע ליכט ארום מיר,
ווי די זון איר גאלד אויף מיינע מידע ברעמען.
געווארט, געווארט א לאנגע צייט.
עלטער, קליגער און מידער געווארן;
עס נעמט די פרייד מיט געמאָסטענעם טראט,
ווי עס פאסט פאר פרייד אין די מיטעלע יארן.

ווי שטילער וואסער וואס ווייס זיין גאנג,
ווי געוואשענער זאמד אויף זוניקע ברעגן,
דיין זארג פאר מיר, ריין געוואשענער וואל,
געגרייט פאר מיין טראָט אויף שטילע וועגן.“

דער שטילער הכנעהדיקער טאָן, דאס שטענדיקע געבעט נאך גנאָד, שטאמט פון דער צו שטארקער השפעה אויף איר דיכטונג פון יוסף ראלניק און י.י. סיגאל. בכלל איז אין איר דיכטונג זייער אָנזעעוודיק די השפעה פון „די יונגע“ סיי אין פארם סיי אינעם אופן פון ארויסברענגען ווערטער אויסגעאיידלט און שטיל. גלייך ווי „די יונגע“ האט זי אפגעשטויסן פון זיך טעמאטיק, וואס זאל באַלעבן סביבה־שילדערונגען און די וואָר פון דעם ברויזיקן ארום, פאקטיש אויסמיידן די ווירקלעכקייט מיט איר בייזן גערויש. אַ דיכטער, אזוי צו זאגן, דארף זיך אריינציען אין זיך, און געמיט מיט די אייגענע שטימונגען און איבערלעבונגען.

זי האט זיך אליין געפּענטעט אין שטענדיקן באַגער תמיד אריינקוקן אין אייגן הארץ און וואס ווינציקער זען וואס טוט זיך אין ברומענדיק־בלוטיקן דרויסן.... רעדן שטיל און שוועבן מיט אן אויסגעטראַכטן חלום וואס זאל קיינמאל נישט אויפהערן.

„זאל מיין חלום בלייבן חלום,
זאל ער קיינמאָל ווערן וואָר,
אז מיין חלום וועט בליבן
וועט ער אייביק בלייבן שיין.“

פאראן ביי איר אייניקע סאציאלע לידער וועגן שווערע האָרעוואניע, ליידן פון אַן ארבעטלאזער פרוי וכדומה. זי באשרייבט אין זיי די ארעמשאפט און די ארעמע, ווי עס האט אין די אפט־איבערוואריאירטע נוסחאות, עס געטאן י.י. סיגאל מיט זיין גרויסן טאלאנט. דוקא באמיט זיך דא איידע מאזע אַרויסברענגען דעם פיין, פון די אָרעמע אין זייער ביטערער נויט. אבער דאס זיינען מער מיטגעפיל לידער, וואס טרייסלען נישט אויף מחמת. אין תוך, איז עם געווען א וועלט וואס איז איר פרעמד געווען, ממילא, האט זי זיך נישט אריינגעלעבט אין דער געבראכנקייט און אין צאָרנפיין, וואס געוועלטיקט מערסטנס אין די הייזער פון די ארעמע. זיינען אט די עטלעכע לידער אומגעהובלעוועט,... אז דאס איז געווען א פרעמדער באָדן פאר איר שעפעריש ליד, ווערן מיר געוואויר שפעטער אין איר שאפן, אין פיר, פשוטע ריטמיש דערציילערישע שורות.

„עברי־טייטש און יידיש,
שטאם פון מיינע לידער,
און זייער גורל, טאטע,
דער עלנט פון דיין סידור."

איר פאעטישן אויפשטייג האט זי אויך געהאט אין אירע גוט־געבויטע, געגראמטע לידער וועגן און פאר קינדער. אין דער קינדער־וועלט האט זי זיך נישט געדארפט אריינלעבן. מיט איר מאמעדיק געפיל איז דאס געווען די וועלט פון איר געמיט.

„איך וועל נאכגיין נאך דיר,
אויף דיינע דינינקע שטעגן,
נאכגיין און היטן דיך שטיל.
איך וועל נאכגיין נאך דיר —
אין דיינע גרינינקע וועלדער,
און דערציילן דיר מעשהלעך פיל.

איך וועל נאכגיין נאך דיר
צו דיינע כישוף־פאלאצן,
שטיין אונטערן פענצטער
און היטן דיין שפיל."

און דאס האט זי מיט אן ערלעך געמיט און מיט קינסטלערישער געניטשאפט געטאן. אירע לידער פאר קינדער און פון דער קינדערוועלט האבן זיך נישט דערהויבן צו דער הויכער קינסטלערישער מדרגה פון די פאעטן וואס האבן פיל געשאפן פאר קינדער, ווי י.ל.פרץ, מאני לייב. ז. וויינפער. מלכה לי. משה שיפריס, א. קאץ, גויכבערג און אנדערע, נישט אין דער שטימונג, נישט אין אימאזש האט זי דערגרייכט צו זייערע אויסגעשליפענע, מוזיקאלישע פערזן, ממש רירנדיק איז איר אָננעמען גוטוויליק די ווירקונג אויף איר קינדער־ליד פון אייניקע ענגלישע־אמעריקאנער שרייבער, וואס האבן זיך אויסגעצייכנט מיט שרייבן פאר קינדער, ווי ר.ל. סטיוונסאן, וויטקאם ריילי, יודזשין פילד, עמילי דיקענסאן,

ניקאלאס וואשלי, וו.לינדזי א.א.וו.. (לייענט וואס זי זאגט וועגן דעם אין איר ארייַנפירוואָרט צום בוך "וואקסן מיינע קינדערלעך").

עם ווייזט אויס, אז עס איז איר געראַם געווען אין דער אויסגעחלומטער קינדער־וועלט פון מאני לייבן, וואס ליכטיקט אזוי אין איר ליד "דער שלאָף":

"פון ערגעץ פון ווייטן, פארכישופטן לאנד,
קומט אָן דער שלאָף מיט א זעקעלע זאמד;
נאך א לאנגן טאג פון ארבעט און שפיל,
ווערן קינדערלעך, מידע, רואיק און שטיל.
קוקן פארחלומט צום פארכישופטן לאנד,
דערזעען דעם שלאף מיטן זעקעלע זאמד.
ווי ער שארט זיך פון פענצטער צו פענצטער ביים וואנט,
שעפט פון דעם זעקעלע גאלדענעם זאמד.
פארשיט מידע אויגן מיט גאלדענעם שיין —
ביז קינדערלעך שלאָפן איין."

אירע קינדער לידער, אפן, הארציק און פשוט, רעדן צום געמיט פון קינד, און ברענגען אים אין זיין אייגענער וועלט פון חלום און וואָר.

לייכט דער גראם, אבער איטלעך וואָרט איז אויפן ריכטיקן אָרט. זי היט זיך אויס פון טאָפּל־גראם, וואס צעשטערט אפט דעם שטילן ריטם אין די פערזן. זי וויל אזוי נאענט קומען צום הארץ פון קינד, אז זי דערציילט און רעדט צו אים אין די איינפאכסטע ווערטער. דערמיט דערגרייכט זי א פארוויגנדיקע מוזיקאלישקייט, וואס אין דער בענקשאפט פון חלום ווערט שיין און ליכטיק דער טאג; און אין חלום פון דער נאכט שפרייזט ער פריי אין דער שימערדיקער שיין פון די שטערן.

אין איינציקע פון אירע קינדער לידער, האלט זי אין איין ארויסווייזן איר צער אויפן טויט פון איר יונג קינד. זי דערציילט "דאס מעשהלע פון די שיפעלעך, וואס זיינען געשוואומען צו א ווייטן לאנד פון גליק" און דאס אומגליק האט געטראפן, אז אינעם "מעשהלע פון קליינע שיפעלעך און א גרויסן גליק" איז איין שיפעלע אוועקגעשוואומען און פארנומען מיין גאנצן "דאס אומגליק מיט דעם שיפעלע, וואס קומט ניט צוריק" האט גורם געווען אז איר גאנץ לעבן, זאל אירגעמיט זיין אָנגעטרערט מיט צער. פונדעסטוועגן איז מיר שווער צו באנעמען איידע מאזעס אויסמיידן דאס גרויסע אומגליק וואס האָט געטראפן אונדזער פאלק בימים ההם — אין אונדזערע טעג. ווי איך האב געקענט איידע מאזען איז זי געווען זייער א סענסיטיווע דיכטערין. אזוי אויך אין לעבן. געוויס איז זי אויפגעשווידערט געווארן פון אונדזער בראָך. זי האט געשוויגן. אפשר קען אויף איר געזאגט ווערן, ווי מיר האט געזאגט דער הויך־טאלאנטפולער פאעט ב.י. ביאליסטאצקי: "איך שרייב נישט קיין קינות אויף אונדזער חורבן. איך האב מורא, אז מיט מיינע

ווערטער וועל איך גאר פאר־שוועכן דעם הייליקן אנדענק פון די קדושים".

וואס זשע ווערט קלאר פון אזעלכע אפענע, אויפריכטיקע רייד, אז מען מעג און מען דארף דערמאנען א שרייבער פארוואס ער מיידט אויס געוויסע מאָטיוון אין זיין שאפן. אבער מאָנען ביי אים קאן מען נישט. מחמת יעדע שעפערישע פערזענלעכקייט אייגנט־איין צו זיך אזא טעמאטיק, וועלכע איז אים נאענט, און אין וועלכער ער פילט, אז מיט דער ערלכער באמיאונג פון זיין טאלאנט, וועט ער דערגרייכן זיין קינסטלערישע אמביציע. יעדער שרייבער קירעוועט אליין זיין געפילן־וועלט, און עס טרעפט, אז ער בלאָנדזשעט גאר אוועק אין א פארקערטער ריכטונג. וואָר, דער שרייבער פירט זיך אליין, אבער וואו ער קאן אמאל פארפאָרן... ווייסט ער אליין נישט אין פאָראויס. היוצא לנו מדברינו: מען דארף אפשר אָנווייזן אויף געוויסע מאטיוון, וואס פעלן ביי א שרייבער, אזוי אויך נישט פאַרבייגיין די שלאַבריקייטן אין פארם און סטיל. אבער קודם כל דארף יעדער קריטיק־שרייבער ארויסהויבן דאס קינסטלעריש־פארהאנענע אין די שאפונגען פון א שרייבער. איידע מאזע האט מיט איר ערלעכער, שעפערישער מי איבערגעלאָזט אין דער יידישער דיכטונג אין קאנאדע אַן עכט־פאעטיש פאַרמעג.

נישטא קיין ליכטיקער געדענקען, ווי לייענען און זיך ארייַנלעבן אין זייערע ספרים. דאס נעמלעכע דאַרף געזאגט ווערן וועגן איידע מאזעס פיר לידער־זאַמלונגען. אַן אנגעווייטיקט געמיט דערציילט, און מיט טרויער אָנגעטרערטע פערזן וועגן דעם פיינלעכן וועג פון איר לעבן.

די לידער וועגן און פאר קינדער האבן, קען זיין, געלינדערט א ביסל איר טרויער; און מעגלעך זי האט טיילמאל אויך געפונען אין זיי א טרייסטנדיקע רו: אז אלע ווייטע שיפן פון די ווייטסטע ווייטן וועלן די קינדער צוריקברענגען צום ברעג:

„טונקל איז דער טייך
אין ראם פון גאלדיק זאמד —
רוט ניט שטיל קיין רגע,
טראגט זיך נאכאנאנד.

שיף איך מיינע שיפן
אין זיין ברויזיקן שוים —
ציען מיינע זעגלען
אין א ווייטן רוים.

שווימען מיינע שיפן
פארביי א בארג, א טאל,
ווערט טונקלער דאס וואסער —
ווערט שטילער וואס אמאל.

ווייט אוועק דער טייך,
מיילן ווייט דער וועג —
ווער וועט מיינע שיפן

מיר ברענגען צו א ברעג?

שפילן זיך דארט קינדער
אויף יענעם ווייטן וועג —
זיי וועלן מיינע שיפֿן
מיר ברענגען צו א ברעג."

אין טרוים האבן די קינדער, מסתמא, געאנקערט אירע שיפן צו א גאלד־זאמדיקן ברעג. איינס איז זיכער, דער טרויער וואס האט געבויערט אין איר געביין, מיט אט דעם עלעמענט האט זי אויפגעבויט אירע לירישע טרויער־און־געבעט לידער. מיטן פאעטישן אמת פון איר טאלאנט, האט זיך איידע מאזע אריינגעשריבן אין בוך פון גדענקען פון דער יידישער דיכטונג אין קאנאדע.



**פון שלום שטערן**

# אַ רייף און קינסטלעריש ווערק

**י. פינער: "צוויי משפחות"**
ראָמאַן פאַרלאַג י. ל. פרץ, תל—אביב, ישראל, 1971.

אין דעם ראָמאַן "צוויי משפחות" שילדערט י. פינער צוויי משפחות, וואָס וואַנדערן אַרויס פון פוילן און ווערן תושבים אין פאַריז. אַלע פּאַסירונגען און דער גאַנצער נייער אַרט לעבן דרייען זיך אַרום דער אָרעמער משפחה פון יאָסל גראָסמאַן דעם שוסטער און אַרום דער רייכער משפחה פון פינחס שטיין.

י. פינער, דער זייער אינטערעסאַנטער דערציילער, שיילט אַרויס בלויז צוויי יידישע משפחות פון דעם רוישיקן פּאַריז, און דורך זיי הייבט ער אַרויס די סביבה פון די יידישע אימיגראַנטן. י. פינער דערציילט אונדז נישט קיין סך וועגן דעם יידישן לעבן פון שטעטל פּעטשיני, און אויך נישט פון דער גרויסשטאָט לאָדזש, פונוואַנען פנחס שטיין מיט זיין משפחה איז געקומען.

מיר ווערן בלויז געוואויר, אַז פנחס שטיין האָט עוקר־געווען פון לאָדזש, ווייל ער האָט באַנקראָטירט, און יאָסל דער שוסטער, וואָס מען האָט אין שטעטל גערופן דער רוצח, איז אַוועק קיין פּאַריז, ווייל אין שטעטל האָט ער געשוסטערוועט און געהונגערט מיט דער משפחה, און זיין ווייב יוכבד פלעגט ער שלאָגן מכות רצח, ער איז געווען פאַרביטערט, און זיין גאַנצן כעס אויסגעלאָזט אויף יוכבדן, זיין ווייב — די גוט האַרציקע געטרייע מאַמע פון זיינע פינף קינדער.

יאָסל איז אַוועק און פון זיך נישט געלאָזט הערן. מען האָט שוין געמיינט אין שטעטל, אַז יוכבד וועט בלייבן אַן אייביקע עגונה, אַ מאַרק הענדלערין מיט פינף קינדער. פּלוצלונג לאָזט יאָסל וויסן, אַז ער נעמט זיי גאָר צו זיך קיין פּאַריז. דאָס שטעטל האָט געמיינט, אַז איר יאָסל איז אין פּאַריז באַגליקט געוואָרן. אַ קלייניקייט, ער רופט די משפחה צו זיך, ער ציט זיי אַרויס פון דעם קעלער שטוב און נעמט זיי אַזש קיין פּאַריז. מסתמא, איז ער שוין דאָרטן געוואָרן אַ גרויסער עושר.

אַרויסגעוויזן אָבער האָט זיך, אַז יאָסל האָט אין פּאַריז אויך געהאָרעוועט שווער און ביטער, און איז פאַרבליבן דער זעלבער מר לב און אָרעמאַן. דער זעלבער בייזער מאַן און טאַטע, ווי ער איז געווען. ער האָט די

משפחה אַוועקגעפירט אין דעם שטאָט טייל "בעלוויל" און אַריינגעזעצט אין אַ קעלער שטוב. אַזוי איז אויסגערונען דאָס עשירות פון יאָסל דעם שוסטער. י. פינער שילדערט טאַקע נישט דאָס שטעטל פון נאָכן ערשטן וועלט־קריג אין מדינת פוילן. ער ברענגט אַרויס אין קורצע, שאַרפע שטריכן דעם אויפפיר פון יוכבדס טאָכטער, די שיינע פערעלע, מיטן שיינעם חיימקע, דעם זון פון ר׳ שמואל דעם האָלץ־סוחר. זי האָט געוואוסט, אַז ער וועט מיט איר נישט חתונה האָבן, אָבער די ליבע באַציאונגען צווישןביידע זיינען שוין נישט געווען אַזוינע צניעותדיקע, ווי מיר האָבן געמיינט, אַז עס איז געווען אין שטעטל.

דעם שלייער פון דער צניעות פון די יידישע טעכטער ווערט אַראָפּגעצויגן נאָך איידער מען איז אַרויס אין דער גרויסער וועלט. קיין פּאַריז, צו דער פּאַמיליע גראָסמאַן, קומט אויך זייער פלימעניצע רייזעלע, וואָס שטאַמט פון אַ דאָרף. איר פאָטער, אַ פרומער ייד,אַ למדן, זיצט יומם ולילה און לערנט, און די מאַמע מיט די טעכטער זיצן דאָרטן געבויגן ביי דער ניי מאַשין, און זיי זיינען מפרנס דאָס הויזגעזינד. אויך זי פאַרליבט זיך אין אַ שטאָטישן שאַרלאַטאַן, וואָס שווערט איר צו אייביקע ליבע... זי פאַרגייט אין טראָגן... די עלטערן אין גרוס צער, מוזן זי אַוועקשיקן קיין פּאַריז...

זיינען דאָס איינצלנע פּאַלן בלויז? נישט כאַראַקטעריסטיש פאַרן שטעטל פון נאָכן ערשטן וועלט קריג? מיר זעט אויס, אַז י. פינער וויל אין פּרט געבן דעם כלל אויך דאָס שטעטל האָט אָנגעהויבן ברעכן די צוימען פון צניעות. לאָמיר זיך נאָר דערמאָנען אין עוזר וואַרשאַווסקיס "שמוגלערס" "שניט צייט" און אין אַנדערע ווערק פון דעם פּעריאָד פון דער דייטשישער אָקופּאַציע אין ערשטן וועלט קריג, און די ווירקונג, וואָס דאָס האָט געהאַט שפּעטער אויפן יידישן לעבן פון שטעטל. דאָך איז דער לעבנס־אַרט פון שטעטל זיך נישט צעפאַלן. אָבער אין פּאַריז זיינען אַלע צניעות געבאָטן פאַרגעסן געוואָרן. די אימיגראַנטישע יוגנט איז אַריין אין שטראָם.זי איז הפקרדיק פריי געוואָרן. אַ בחור און אַ מיידל קומען זיך צונויף. מען לעבט אָפּ אַ שטיקל צייט, און מען צעגייט זיך. דאַס וואָס איז פאַר אונדז דאָהי געווען אַזוי אומגעוויינלעך. איז אויך דאָהי היינט געוואָרן אַ געוויינלעכע רעאַליטעט...

י. פינער באַמיט זיך אויסצומיידן דאָס לעבן פון די יידן אַמאָל אין שטעטל, איידער זיי זיינען געקומען קיין פראַנקרייך. אים אינטערעסירט בלויז צו שילדערן דאָס יידישע אימיגראַנטן לעבן אין פּאַריז, דעם דור פון אַלט און יונג. גערעכט איז ער, ווייל דאָס געשטאַלט פון שטעטל האָט מען שוין אויף פיל אופנים פאַרגעשטעלט אין כלערליי פאַרבן. י. פיינערס קינסט לערישער באַגער, איז שילדערן און דערציילן פון רווישיקן און רייכן און פול מיט אומרו יידישן אימיגראַנטן לעבן אין פּאַריז, די פאַרב וואָס ברענגט אַ

נייע פאַרב אין דער געשטאַלטיקונג פון אַ פאַרענדערטן יידישן לעבנס אויפפיר, וואָס ראַנגלט זיך מיט דער פרעמד אין וועלכער זיי היימישן זיך ביסלעכווייז שוין איין. אין אָט דער נייער אַרומיקייט שטרענגען זיי זיך אָן נישט צו פאַרלירן דאָס יידישע לשון און די יידישע קולטור אייגנאַרט.

געוויס, אײנגאַנצן זיך דערוויטערן פון דעם אַמאָל אין שטעטל, האָט זיך אים נישט איינגעגעבן. אין געמיט, אין זכרון זיינען איינגעגראָבן די בענקשאַפטן, אָבער דאָס זיינען מאָמענט דערמאָנונגען בלויז ביי יוכבדן און איר גלייכן.

אין אַלגעמיין אָבער, היט ער זיך פון צוריקקערן זיך צום נעכטן, פון וועלכן די אימיגראַנטן זיינען געקומען. ער האַלט פון דעם כלל גלייכער עפעס נישט דערזאָגן, ווי איבערזאָגן...

אין דעם אנגעלויף פון יידישע אימיגראַנטן זעען מיר די צוויי משפחות, וואָס ענדערן דעם אַרט פון זייער לעבן, ווי די קינדער פאַסן זיך אַריין אין דעם קאָך פון פאַריז, צווישן די פיל צאָליקע טיפּן, כאַראַקטערן און פיגורן טיילן זיך אויס אייניקע געשטאַלטן, ווי דער ווידער רייך געוואָרענער ר׳ פנחס, וואָס האָט אַ הויזגעזינד פון דריי פרויען (די ערשטע צוויי זיינען אים געשטאָרבן) אַלע זיינען געבונדן צום הויז פון דעם פרום ערלעכן און איידעלן ר׳ פנחס שטיין. אַלע האָבן זיך געהאָדעוועט ביי אים, די אייגענע קינדער און די שטיפקינדער. די שטיפמאַמע איז צו אַלעמען געווען אַ מאַמע. הגם פיל שטייען שוין אויף די אייגענע פיס, זיינען זעלטענע אַריינקומער, איז ביי שמחות און יום טובים דאָס הויז פון ר׳ פנחס שטיין דעם למדן זייער היים.

אַוודאי איז פאַריז נישט ר׳ פנחסעס פרום היימישע סביבה, ווי אין לאָדזש. אָבער אויפן פלעצל זיינען אויך פאַראַן פרומע יידן, וואָס פירן אַ רעליגיעז טראַדיציאָנעל יידיש לעבן. עס איז דער אַלטער לעבנס־סדר מיטגענומען פון די אַמאָליקע היימען, אָבער איבערגעבן דאָס די קינדער האָבן זיי נישט געקענט. די פאַריזער אַטמאָספערע איז גאָר אַן אַנדערע. דאָ איז אַלצדינג פון דעם נעכטן געוואָרן פריי. די צוימען פון טראַדיציאָנעל־רעליגיעזן פלויט זיינען אומגעוואָרפן און אַרויסגעריסן געוואָרן. דאָך די יוגנט מיטן יידישן לשון אין מויל, מיט דער ליבשאַפט צו דער יידישער קולטור, רייסט זיך טאַקע נישט אָפּ פון דעם אַלגעמיינעם לעבנס גאַנג, אָבער זיי ווילן פאָרט אויפהאַלטן, און זיי האַלטן טאַקע אויף, דעם רעוואָלוציאָנערן ברען אין זיך צוזאַמען מיט דער יידישער קולטור. די יידישע אַרבעטער און פאָלקס מענטשן מיט אַ טייל פון דער יידישער אימגראַנטישער אינטעליגענץ בויען אייגענער יידישע אינסטיטוציעס. אַ ברייטע קולטור טעטיקייט צעוואַקסט זיך. דער זאַמל פונקט איז ״די קולטור־ליגע״.

בעת מען לייענט וועגן ברויז אין אָט דער פּראָגרעסיווער יוגנט

אָרגאַניזאַציע דערמאָנט עס אין דעם פּראָגרעסיוון "קולטור צענטער" אין מאָנטרעאָל, און אין ענלעכע פּראָגרעסיווע קולטור געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס אין קאַנאַדע און אין די שטאַטן.

אַ שלל פון אָנרעגנדיקע דערמאָנונגען שווימען אויף און אַ וואַרעם ציטערדיקע בענקשאַפט גייט אויף אין האַרצן. די טעטיקייטן, די געשעענישן אין און אַרום דער "קולטור ליגע" זיינען געשילדערט מיט קורצע און שאַרף צייכנדיקע ווערטער דורך וועלכע עס אַנטפּלעקט זיך דער נייער, אַנדערש ווערנדיקער סביבה פון בת־שבע און הירשקע גראָסמאַן. האַנס בוימאַן קריגט ליב יידיש און דערלערנט דאָס יידישע לשון, און איז מקפּיד, ער זאָל רעדן אַ ריינעם יידיש. אויך פאַרטיפט ער זיך אין דער יידישער געשיכטע. ער געפינט, הייסט עס, זיין אייגן פאָלק. ער ווערט אַ לעקטאָר אויף די קורסן איינגעאָרדנט אין דער "קולטור ליגע" ער פאַרליבט זיך אין ביילקע גראָסמאַן און ווערט איינער פונעם שטאַם פון יאָסל און יוכבד גראָסמאַן.

האַנס בוימאַן איז אַ ווירקנדיקע פּערזענלעכקייט. ער איז פון די געשטאַלטן, וואָס גראָבן זיך אין זיך, און ווילן זיך תמיד געפינען אין דער סאַמע טיף פון אייגענעם טראַכטן. זיך אַליין דערקענען.

האַנס בוימאַן איז פון די סאַמע געראָטנסטע געשטאַלטן אין ראָמאַן. י. פינער האָט קינסטלעריש אַרויסגעהויבן זיין אייגנאַרט און אייגנאַרטיק איז ער אַרויס אין זיין טראַכטן, פילן און טעטיקייטן. אין אַלע נסיונותדיקע סיטואַציעס איז האַנס בוימאַן דער אויסערלעך באַדאַכטער, אָבער אינערלעך אַן אומרואיקער אין גייסט.

אַרום די אַרויסגעהויבענע געשטאַלטן און קעמפער ווי הירשקע, בת שבע, און דער מיטגעצויגענער האַנס בוימאַן לויפט פאַרביי אַ שטיק געשיכטע פון פאַר דעם פאַרוויסט ווערן פון יידישן לעבן אויך אין פראַנק רייך (דער עיקר פּאַריז).

עם זיינען פאַרשריבן די שטימונגען פון יידן און פראַנצויזן, ווען שלום שוואַרצבאַרד דערשיסט דעם ווייס גוואַרדייער פּאָגראָמטשיק פּעטליורע, ווען הערשל גרינשפּאַן האָט דערשאָסן דעם נאַציסטישן אַמבאַסאַדאָר. מעכטיק זיינען געשילדערט די אַנטיפאַשיסטישע דעמאָנסטראַציעס פון פאַראייניקטן פראָנט, אויף איינער פון אַזא פאָלקס־פראָנט־ דעמאָנסטראַציע ווערן דערשאָסן הירשקע גראָסמאַן און בת שבע פינקלשטיין, וואָס האָט חתונה געהאַט מיט איר פריערדיקן געליבטן אברהם פינקלשטיין.

דער בירגער־קריג אין שפּאַניע. די יידישע פרייוויליקע פון פּאַריז און די וואָס קומען פון פוילן, פון אַמעריקע, פון ישראל, פון קאַנאַדע, אַרגענטינע.

יידישע פרייוויליקע קעמפער שאַפן דעם באָטווין באַטאַליאָן. דער

פראָפעסאָר האַנס בוימאַן מאַטערט זיך צו שאַפן די קריגס טערמינאָלאָגיע פאַר אָט דעם יידישן באַטאַליאָן אויף יידיש, ווייל אויף יידיש האָט מען געלערנט למודי קודש ולמודי חול, אָבער קיין מלחמה־לייט זיינען יידן נישט געוועזן שוין העכער צוויי טויזנט יאָר...

אויך פראָפעסאָר האַנס בוימאַן שליסט זיך אָן אין דעם באַטאַליאָן.

די רעפּובליק פאַלט. האַנס בוימאַן מיט נאָך אַצאָל פרייוויליקע קערן זיך צוריק קיין פראַנקרייך נישט קיין פאַריאושט־געוואָרענע אַנטי פאַשיסטישע קעמפער, אָבער דער האַרמאַטן רויך איז אַ שוואַרץ הייס אַשיקער וואָלקן, וואָס פאַרציט זיך שוין איבער אייראָפּע. מיט שרעק זיינען געלאדן די לעצטען קאַפּיטלען. עס איז דאָס יאָר 1938, מען ווייסט, אַז דער נאַצי לויערט און וועט קומען מיטן פייער פון מלחמה. אַלע שרעקן זיך. יידן מער פון אַלעמען. עס איז אַ געשפּאַנטקייט, ווי פאַרן אויסברוך פון אַ שטורעם.

אַז דער חורבן רוקט זיך אָן פילן מיר אַרויס אין די שווערע שטימונגען פון פּראָפ. האַנס בוימאַן וואָס ער זאַפּט אין זיך אַריין, בעת ער לייענט וועגן דעם נאָוועמבער פּאָגראָם אין דייטשלאַנד און עסטרייך. ווי אַזוי די היטלעריסטן האָבן דורך כלערליי עינויים קשים אומגעבראַכט יידן. אויפן שוידערלעכסטן אופן האָבן באַגעגנט זייער טויט גראָד כלי־קודש. יאָ האַנס בוימאַן האָט געהאַט דאָס געפיל, ווי מען וואָלט אים געהייסן זיך אַנידערזעצן אויף אַ נידעריק בענקעלע און זאָגן מיט אַן איכה ניגון קינות, ווי אין טאָג פון תשעה באב.

האַנס בוימאַן "ער פריידענקער, פּראָגרעסיסט, דער געוועזענער פּראָפעסאָר פון אורגערמאַנישער געשיכטע און מיטאָלאָגיע און היינטיקער מיטרעדאַקטאָר פון אַ פּאַריזער יידישער אַרבעטער צייטונג האָט זיך אָנגעהויבן אַרומטראָגן מיט תשובה געדאַנקען. ער האָט געזוכט אַן אָנשפּאַר, "ער האָט טאַקע קיין מאָל נישט פאַרמאָגט קיין רעליגיעזע געפילן, אָבער זינט עטלעכע חדשים זוכט ער עפּעס אַ געלעגנהייט זיך צו צוקוקן ווי פרומע יידן דריקן אויס זייערע רעליגיעזע געפילן אין שול אָדער אין שטוב, בעת זיי באַקלאָגן דעם חורבן בית המקדש, אָדער זיי פרייען זיך מיט זייער תורה".

י.פינער באַווייזט אונדז אויף דעם צוזאַמענברוך פון דעם טראַדיציאָנעל רעליגיעזן שטייגער לעבן. עס האָט זיך נישט געקענט אָננעמען אויפן פרעמדן באָדן אין דער נישט היימישער אַטמאָספערע פאַר אַזעלכע פאַרוואָרצעלטע פרום יידישע מענטשן ווי פנחס שטיין און יוכבד. אַ טרויעריק בילד מאָלט י. פינער דעם פרייטיק צונאַכטס אין יוכבדס הויז, קיינער איז נישטאָ צו שבתן. בלויז "אירע געבענטשטע ליכט אין וועלכע עס טריפט אַריין אַ טרער"

אין וואָס אייגנטלעך באַשטייט דער קינסטלערישער צושטייער פון

י.פינערס ראָמאַן "צוויי משפחות"? קודם אַ שילדערונג פון אַ יידישן ישוב פון נאָך דער ערשטער וועלט מלחמה ביז דעם אויפפלאַקער פון צווייטן וועלט קריג. דערצו איז עס טיילווייז אויך אַ געטרייע און אָביעקטיווע און קינסטלערישע כראניק וואָס קיין שום געשיכטע־שרייבער פון דעם אַקטיוור־שעפערישן יידישן ישוב אין פראַנקרייך פון יענעם פעריאָד וועט נישט קענען פאַרבייגיין.

וואָס מיר געפעלט ניט, וואָס עס פעלט כמעט דער פייסאַזש. י.פינער האָט ווי מורא געהאַט, אַן אַ ווערטער געמעל פון אַ לאַנדשאַפט, אָדער אַ שילדערונג פון דער באַזונדערקייט פון די סעזאָנען אין פאַריז, קען איבער־האַקן די פעדעם וואָס וועבן די געשעענישן פון זיין אייגנאַרטיקער דערצייל־שטייגער.

און איך האַלט פאָרט פון לאָזן אָפּכאַפּן דעם אָטעם און לאָזן ארומנעמען מיטן אויג די נאַטור־שיינקייט און קאָנען אין וואָרט־בילדער ארויסצויבערן אין פאַרגאַפונג דעם מה נאה אילון זה! ווי שיין איז דער אַרום!

אָבער דאָס איז י.פינערס זשאַנער. זיין אַרבעט פון אויפבויען אַ ראָמאַן. אים אינטערעסירט די מיליע און נישט דאָס אויסזען פון דעם דרויסן. סיי ווי איז אַרויסגעוואָקסן אַ ראָמאַן פון ברייטער סביבה־שילדערונג, אויסערגעוויינלעך אינטערעסאַנט דערציילט און געשילדערט.

עס איז אַ קינסטלעריש־רייף ווערק. רייך אין כאַראַקטערן, טיפֿן און אין דערהויבענע געשטאַלטן, וואָס קריצן זיך איין אין זכרון.עס איז אַ ראָמאַן פול מיט אַקציע, אַ ווערק, וואָס וויל פאַרבינדן דאָס שיינע פון דעם אַמאָל מיט דעם נייעם זיך־אַנדערשדיקן לעבן־פורעם אין פאַריז — אַן אָפּשניט פון אַ ברויזיקן שעפערישן, קעמפערישן און מעכטיק־אַקטיוון פעריאָד אין פאַריז.



**שלום שטערן**

# דער סאציאלער דיכטער — ש. פּערל

איך האב זיך באקענט מיט שבתאי פּערל אין די אנהייב דרייסיקער יארן. געוואוינט האט ער דעמאלט ביי זיינע עלטערן אין א דירה מיט אָפּגעקראכענע ווענט, וואס האבן געוויזן דעם דלות פון דרויסן.

ער איז געווען זייער אקטיוו אין "קולטור צענטער" וואו איך האב אים באגעגנט. הגם ער רעדט שטיל און באשיידן, איז מיר נאך א קורצער צייט קלאָר געוואָרן, אז עס איז נישט גרינג צו זיין מיט אים נאענט. ער מורמלט ווערטער. אויך האב איך נישט געהאט קיין צוטרוי צו זיינע תמעוואטע רייד... ער איז געווען ביי זיך פארריסן, ווייל י.י. סיגאל איז געווען דער ערשטער וואס האט אפגעדרוקט עטלעכע פון זיינע לידער אין "רוי ערד".

דאך איז ער דיכטעריש נישט באווירקט געוואָרן פון י.י. סיגאלן — זיין ארויספירער. ער איז זיך געגאנגען אויף זיין שמאָלער סטעזשקע פון וועלכער ער האט נישט באוויזן אויסצורייסן דאס ווילדגראז...

ער האט געארבעט אין א שאפּ און איז געווען א קנאפּער פארדינער. איך האב זיך זייער געוואונדערט, ווען ער האט זיך צו מיר געווענדט, אז איך זאל אים העלפן צונויפשטעלן א בוך־לידער, וואס ער גרייט זיך ארויסצוגעבן. — פערל, וואו ווערסטו נעמען געלט? — האט ער געמורמלט, אונטערגעשמייכלט, און איך האב זיך גארנישט דערוואוסט. פערל האט אנגעהויבן קומען צו מיר אין שטוב אין פראָסטיקע ווינטער נעכט, אפילו אין די וויסט־ליארעמדיקע זאווערוכעס. ער פלעגט מיטברענגען "ווהייט פיש", כאַלוואַ און שווארצע ברויט וואָס ער האָט געגעסן מיט גרויס אפּעטיט און פארטרונקען מיט גערדיכט־רויט פארבריטע טיי. אין קיך האט דאס מויל פון אייזערנעם אייוועלע געשלונגען די שווארצע קוילן. פון די ווענטלעך האט געזעצט א היץ. און פערל איז געזעסן אָן אָנגעפּעלצטער און זיך געקוויקט מיט דער וועטשערע... פערל, טענהט צו אים סאניע: טוט אויס דעם פּאַלטן, איר וועט זיך דאָך פארקילן און פערל האָט אַן ענטפער: אין די אַנדערע צימערלעך אין אייער שטוב איז דאָך פארט קאלט, וועל איך כאפּן א ציטער דורכגייענדיק דעם קארידאר. אמת, אין דער חמימה אין קיך, האָבן דאָך די פענצטער געגליווערט אין זילבער פון געפריר.

פערל האט געגעסן, געזופּט די בריענדיקע טיי און געהאלטן אן אויג צי איך שטרײַך נישט אויס קיין ווערטער. צו דער פּונקטואַציע האט ער אויך נישט אלעמאָל צוגעשטימט, כאטש ער האט נישט געוואוסט די עלעמענטארע כללים וועגן גראמאטיק און פּאעטיק.

איך האב זיך אזוי שטארק געפּאָרעט מיט זיין בוך "פון חבר צו חבר," ווייל איך האב געהאלטן, אז עס איז א ווערטפול געשאנק פון אן עכטן סאציאלן דיכטער. איך האב דערוואַרט א ווארעמען אָפּרוף, איבערהויפּט פון "קאמף".

דער אויפנעם פון די צוויי רעצענזענטן אין "קאמף" איז געווען א בייזער אַראָפּרייס. וולאדימיר קראַסני האָט געפּסקנט: "ש. פערל איז נישט קיין פּראלעטארישער דיכטער; ער רעדט נישט צו די מאַסן, די יחידים".

נאך שטארקער איז געווען דער ארויסטריט פון משה פעלדמאן: "זיינע (פערלס) מאָטיוון זיינען נעבעכדיקע און קבצנישע, און איין מאָטיוו איז ביי אים ענלעך צום צווייטן, זאָגט ניט מער און נישט אנדערש. דאס ביכל לידער איז געשאפן געווארן ניט אויף דער לבנה, נאר אין (אויפן) קאנאדער באָדן: דארף אין דעם אפשפיגלען א קאנאדער ווירקלעכקייט. חבר פערל פארמאָגט מעגלעכקייטן עפּעס צו זאָגן, און אפשר שיין און גוט צו זאגן, איר האט פשוט ניט וואָס צו זאָגן".

טשיקאווע ווי משה שאפיר נעמט זיך אָן פערלס קריוודע, אז עס איז גאנץ נאטירלעך, נארמאל, אז ביים ערשטן בוך לידער, זאלן זיי נישט "זיין פּולבלוטיק פּראלעטאריש" ("קאמף" יוני 29, 1934).

דער פערטער אָפּרוף איז געקומען פון י.י. סיגאל, וואס באלד ביים אנהייב פּסלט ער די לידער, ווייל פערל איז מיט די לינקע, און ער לערנט מיט אים א פּרק אין עסטעטיק. י.י. סיגאל מאַכט איינציקע אינטערעסאנטע באמערקונגען גלייכצייטיק דרשנט ער און דרשנט: "וואו ניט וואו א נייער מעטאַפאָר, ווען ניט א שפּיל מיטן פערז, כאטש אויף א שרעקלעכן אומבאהאָלפענעם אופן, די געלונגענע לידער זיינען לידער, נאר זיי ליידן פון בלוט־ארעמקייט".

דריי גינסטיקערע אָפּשאַצונגען זיינען געווען פון גרשון פּאמעראַנץ: "פרייע ארבעטער שטימע"; פון איינעם א רעצענזענט "אין דער פרעסע" אַרגענטינע און מײַנע אין "ליטעראַרישע בלעטער".

פון דער גאנצער פּלעיאדע פּאָעטן געקומענע נאכן ערשטן וועלט־קריג, איז שבתאי פערל געווען דער מאָנענדיקסטער סאציאלער דיכטער אין קאנאדע. די מערסטע לידער אין זיין "פון חבר צו חבר" זיינען בילדלעכע באשרייבונגען פון די קריזיס־יאָרן אין די דרייסיקער. ארבעטסלאזע זיינען געשטאנען אין די "ברעד־ליינס" צו באקומען א ביסל וואַרעם געקעכץ און ש. פערל דערציילט פון דעם פּײַן וועלכע זיי,און זייערע פּראַצעדיקע הענט

זיינען געוואָרן איבעריק און קומען אָן אויף בעטלברויט:

„האט מען מיך פון שאפ
ארויסגעשיקט, ווי א פעסל מיסט,
מוז איך גיין אלע טאג
עסן סופ אומזיסט.

א סאלוויישאן מיידל,
ארומגעבונדן פרום דעם קאָפּ,
צעגיסט אין בלעכענע שיסעלעך
סופ פון א גרויסן טאָפּ.

שווייגנדיק ביים שטויביקן טיש
שאַר איך דעם לעפל
צווישן די ציין,
און כ׳קיי, ווי א שטיינדל
א שטיקל אויסגעקאָכטן ביין.“

ארבעטסלאָזע האָבן זיך געוואלגערט אין פארק אויף די מאונטיין. יענעם פיינלעכן פעריאד שילדערט פערל אין עמאָציאנעלע, דערציילערישע פערזן:

„אויסגעקנאקט די ביינער,
אויף די בענק אין פארק,
אויף אייזערנע פאַרענטשעס
איינגעקאַרבט דעם קאַרק.
איינגעדעקט דאס לייב
מיט צייטונגען ווי וואָל,
איז מיין דרימל איינגעפרוירן,
ווי טוי אויף קאלטן שטאָל.“

א געוויסע אייגנארט האָט ער ארויסגעוויזן מיט זיין פּשוטן, דירעקטן אַרט דערציילן און שילדערן. אין זיי הויבט ער זיך אויף, אויף די העכערע שטאפלען פון דיכטונג. פון די דאָזיקע רעאַלע שילדערונגען שימערט דאס דימענטל פון זײַן עכטן פאעטישן טאלאנט. ער איז ארויס שטרייַטן קעגן דער נויט, און וואָר ווערט ביי אים דער טרוים, אז דורך קאמף וועט מען פארטיליקן די וואָס זיינען די ברענגער פון נויט. און געטאָן וועט עס ווערן אָט אזוי:

ווי א משוגענעם הונט
טויטן וועלן מיר דעם האַס,
און מיט רויט־גאָלד
אויספּוצן די ארבעטער גאַס.

ווי א משוגענעם הונט
טויטן וועלן מיר שקלאַפעריי,
און טריט וועלן אויסרוישן
דאָס ליד פון ערשטן מאי“.

דער קאַמפּסגײַסט פון דער ארבעטער־סביבה אין יענע יארן פון ברויז, האט באווירקט זיין דיכטונג. ער איז געווען קעגן רעליגיע, ווייל מען דארף באקעמפן רעליגיע ווי "אפיום פארן פאלק" (לענין). נו האט ער דאס אויף זיין שטייגער מקים געווען "די מצוה" בשמחה רבה, טאקע מיט דער פולער פרייד, און וואו? ער האט דאס געטאן אין הויז פון זיינע פרומע עלטערן:

פאַרלאָזט די מאמען מיטן שבת,
מעשענע לייכטער, קוילעטש און פיש —
זינג איך מער נישט קיין זמירות
מיטן טאטן ביי איין טיש.

קוקט אויף מיר בייז די מאמע,
פון איר מויל רייסט זיך אַן אוי,
אַז איר קינד זאל וואקסן
אזא גרויסער גוי!"

פערל האָט נישט געוואוסט דעם חילוק פון רעליגיע און טראַדיציע, פון רעליגיע און רעליגיאָזיטעט, האט ער זיך אָן ווייַ פון בענקשאפט אפגעריסן פון זיין טאטע־מאמעס רעליגיעז־טראדיציאנעלן שטייגער, אין וועלכן ער איז פון זיין קינדהייט אָן איַינגעהיימישט געווארן. עד היום זײַנען מיר פריקרע די ערשטע פיר שורות פון זיין ליד "א פריילעבס":

"א חזירל א פריילעבס
טאנצט אין מיין הארץ
ווילט זיך מיר באגילדן
אלץ וואָס איז שווארץ."

אויף מיין באמערקן אים, אז צו שטארק טאנצט שוין דאס חזירל ביי אים, האט ער זיך אונטערגעשמייכלט און ארויסגעשטאַמלט, אז די קאַלעגן געפעלט עס שטארק. איבערהויפט איז פונם ליד שטארק נתפעל געווארן ה. לייוויק. איז טאקע מי לנו גדול מ׳לייוויק? און אַז ער זאגט גוט, ווי וואַגסטו, הייסט עס, צו דערווידערן...

ש. פערל האָט נישט געפונען קיין נייעם אינהאלט פאר זיין דיכטונג, נאָכדעם ווי מען האט אים אויסגעשלאסן פון "קולטור צענטער" פארן "גוואלדיקן חטא" פון חַברן זיך מיט ח.מ. קייזערמאן און זיינס גלייכן.

ער האט נישט געפונען קיין אנדערע פעריפעריע וואָס זאל זיין די גינסטיקע אַטמאָספערע פאר זיין פאעטיש שאפן. איבעררייסן מיט אן איינגעלעבטער סביבה, און אויסמעקן פון זיך די אייגענע טרוימערישע געפילן־וועלט, קומט זייער שווער אָן. האט אים געפעלט דער אָנרעג צו באנייטער פאעטישער שעפערישקייט, האט ער זיך א קער געטאן צו ליובאוויטש. צי ער האט זיך דאָרטן איינגעהיימישט מיט גייסט און געמיט, בין איך זייער מסופק, ווייל פון דעם קליינעם איבערבלייב פון נישט־געדרוקטע לידער, איז כמעט נישטאָ

קיין צייכן פון רעליגיע און נאציאנאלע מאטיוון. נאך אין זיין ליד "א דאָרן פון אַ דור", געדרוקט אין 1940, אין דער ליטעראַרישער שריפט "קאנאדער זשורנאל", איז ער פאַרלייקענער און אָפּלאַכער פון אלע נישט־מקוים־געוואָרענע הבטחות פון דעם "נביא דעם נאַר":

"כ׳בין א דארן פון א דור
אין אן אויסגערויבטן שייער
כ׳בין א שומר אין א נאכט
וואס האט אן אויסגעלאשן פייער.
ווי א הונט אין א חורבה —
מחשבות הודיען אין מיין מח.
איך וויל אפהיטן דאס אש
מיט מיין לעצטן כח.

לעבן אן אלטער, קאלטער וואנט,
אנגעשפארט ווי ביי א שטענדער -
מישן זיך אין מיין קאָפּ
צענדליקער ספרים בענדער.
אזוי האבן די חכמים געזאגט,
אויסגערעכנט ווי אין א קאלענדער.

'והיה באחרית הימים'
שווערט זיך דער נביא, דער נאַר...
ס׳וועט מער קיין מבול ניט זיין,
נאר מיט טויט איז די ערד באשפריצט,
הענגט דער רעגנבויגן — צייכן אין דער הויך
ווי אויפן קאָפּ פון א קלאון דער מיץ."

אין די דאזיקע צעפּאָרענע פערזן, איז בולט די מעטפאָריק פון משה לייב האלפּערן. ער האָט געזוכט אינהאלט פאַר זיין ליד. נישט דאָס אויסגעאיידלטע ווארט, נישט די שטימונג, די טעמאטיק איז געווען דער תוכן פון זיין פּאָעזיע. היות דער גייסט פון די יידיש־סאָוועטישע שרייבער, איז געווען דער אָנרעג פון זיין שאפן, זיינען טאקע א צאָל פון זיינע לידער שטארק באווירקט געווארן פון דער יידיש־סאוועטישער דיכטונג, איבערהויפּט פון איציק פעפער. אייניקע זיינען כמעט אַן אימיטאציע פון פעפערס רוישיק גאלאָפּירנדיקן ריטם:

"זיינען היידעמאקעס
אויף הייסע פערד געריטן,
שארף די שווערד —
גיך געשניטן."

אדער "דא האבן געריטן
ברידער קעגן ברידער,
דא האט מען געשניטן,
פארשאטן אין די גריבער".

עס דערמאנט אין איציק פעפערס לידער פון די בירגער־קריג יארן:

„אוי האט מען געהוליעט,
אוי האט מען געשניטן,
זשידעס און מאסקאליעס".

די לעצטע יארן האָט ש. פערל ווינציק געשריבן. איך מיין אבער, אז פיל פערזן האט ער געשריבן אין געדאנק און נישט פארצייכנט אויפן פאפיר. היות. ער איז געווען אן עכטער פּאָעט, איז אַ פּאָעט שרייבט אפילו ווען ער פארשרייבט נישט.

סך הכל: אין זיין „פון חבר צו חבר" האט ער זיך איינגעשטעלט:

„פאר די שקלאפן פארדאמטע
פון גרויען אַמאָל,
זינגער פון אייזן,
טרוימער פון שטאָל".

ש. פערל איז נישט געווען דער ערשטער, דער איינציקער, אָבער אָן ספק, דער סאמער עכסטער סאציאלער דיכטער אין דער יידישער דיכטונג אין קאנאדע.



**שלום שטערן**

# באַגעגענישן און שמועסן מיט קלמן מרמר

## א

קלמן מרמר, נידעריק אין וואוקס, מיט שמאָלע אַקסלען און ערנסט־פּאָרטראַכטן פּנים, האָט צוגעצויגן צו זיך יעדן וואָס האָט זיך מיט אים באַקענט. פאַר זיין טיפן וויסן און ערלעכקייט, און זיין אַרט שרייבן, האָט ער אַרויסגערופן צו זיך אָפּשיי און צוטרוי.

אין מאָנטרעאָל איז ער געווען אַן אָפּטער גאַסטרעדנער. אַזוי אַרום האָב איך געהאַט די מעגלעכקייט צו דערקענען אים פון דער נאָענט. איך בין נתפעל געוואָרן פון זיינע קענטשאַפטן — הן אין זיין יידיש און הן אין זיין וועלטלעכן וויסן. ער איז געווען אַ גרויסער בקי אין תלמוד, אין תנך און אין אַלטע ספרים פון יידישע געלערנטע פון די ווייטסטע דורות. מיר האָבן אָפט געשמועסט וועגן די פלאַמיקע צאָרנרייד פון די נביאים, באַוווּנדערט די דויערהאַפטקייט און די וואָר פון זייערע רייד, וואָס מאָנען גערעכטיקייט און טרוימען פון אַ וועלט פון אייביקן שלום. אָט די שמועסן האָבן געשטאַרקט מיין גלויבן, אַז עס איז שוין ניט ווייט דער גרויסער, ליכטיקער טאָג פון דער נאָענטשאַפט פון מענטש צו מענטש. אַז די שפע פון זעט, און די פרייד פון פרידן, וועט ממילא לייטערן דאָס האַרץ פון די פעלקער, און גערעכטיקייט און גנאָד וועלן געוועלטיקן אומעטום.

קלמן מרמר פלעגט אַ דערהויבענער זאָגן: "ניט מאַרקס, ניט ענגעלס האָבן מיך געמאַכט פאַר אַ סאָציאַליסט. צום סאָציאַליזם האָבן מיך געפירט די נביאים. זייער שטענדיק מאָנען יושר פאַרן אָרעמען געפלאָגטן פאָלק. זיי האָבן ניט מורא געהאַט אַרויסצוטרעטן קעגן די מעכטיקע, די ברוטאַלע."

אין די דרייסיקער יאָרן איז שטאַרק געווען זיין צוטרוי צום סאָוועטן־פאַרבאַנד (מרמר פלעגט זאָגן "שאָוועטן־פאַרבאַנד"). דאָס איז געווען דאָס חיות פון זיינע געדאַנקען און געפילן, אַז דאָס ראַטנלאַנד וועט אין אַ נייער, פרייער אַטמאָספערע, אויסגעשטאַלטיקן דעם נייעם, גוטן און שיינעם מענטש.

## ב

קלמן מרמר פלעגט קומען זייער אָפט קיין מאָנטרעאָל, האַלטן לעקציעס — ס׳רוב אין פרילינג און האַרבסט.

אין צווישן צייט איז אָנגעגאַנגען אַן אָפּטער בריוואויסטויש צווישן

אונדז ביידן. ער, דער עלטערער, דערפאַרענער שרײַבער, רעדאַקטאָר און ליטעראַטור אפשאַצער האָט, ווייזט אויס, זיך דערנעענטערט צו מיר, צוליב דער טראַדיציאָנעלער שטעטל-סביבה אין וועלכער מיר האָבן זיך אויסגעהאָדעוועט. דער אָנרעג פון אונדזער שעפערישקייט איז, מסתמא, געווען דער תנך און דער אומעטיק-נאָגנדיקער ניגון פון דער גמרא אויך דאָס געפיל פון יושר, וואָס האָט געהערשט אין אונדז, און דער צוטרוי, אַז פון לאַנד פון רויטן שטערן, וועט אַרויסהעלן דאָס ליכט, וואָס וועט באַלייכטן דעם וועג צו דער שלום-וועלט...

מיר זיינען געווען סאָציאַליסטן, און געגלויבט, אַז די געוואַגטע קעמפערישקייט אין דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי וועט ברענגען דאָס גליק פאַר אַלע מענטשן. גלייכצייטיק זיינען מיר געווען פון דעם מיעוט אין דער פּראָגרעסיווער, יידישער פעריפעריע, וואָס איז געווען באַהאָפטן מיט דער אייגנאַרט פון דער דורותדיקער יידישער שעפערישקייט. די שטימונג פון יידישן שטייגער האָבן מיר געטראָגן אין אומרו פון אונדזער בענקענדיק געמיט. מיר זיינען געווען נישט סתם סאָציאַליסטן, נאָר יידישע סאָציאַליסטן.

צוליב אונדזער גלויבן און טרוימעריי, האָבן מיר נישט דערזען די וואָר פון דער ביטערער ווירקלעכקייט. מען האָט ביי אונדז אַזוי לאַנג געפּשטלט, ביז מען האָט פאַרגלעט אַלע עוולות, וואָס האָבן זיך אויסגעבריט אינעם בייז פונעם סטאַליניזם. עד היום מיין איך, אַז דער סאַמע ווירקנדיקסטער עלעמענט פון דער טיפער פריינטשאַפט צווישן קלמן מרמר און מיר איז געווען וואָס מרמר איז געווען אַן אויפריכטיקער, אָפנהאַרציקער מענטש, אַן עטישע פערזענלעכקייט פון אַ גאָר הויכער שעפערישער מדרגה, וואָס האָט אַריינגעשפּאַנט אין רויש פון דער פּראָגרעסיווער מחנה דורכן גלי פון די קעמפערישע און טרוימערישע רייד פון די נביאים. קלמן מרמר האָט זיך איינגעהיימישט אין דער סביבה פון דער "פרייהייט", "האַמער" דערנאָך "איקוף", "יידישע קולטור" און דאָך האָב איך טייל מאָל געהאַט דעם איינדרוק, אַז ער זוכט אַ באַזונדערן וועג צו זיך, אַז ער וואַנדערט אין אומעט פון איינזאַם זיין. אפשר האָט דאָ געווירקט דער פאַקט, וואָס קלמן מרמר, דער פאָלקמענטש, איז אין גדאַנק, אין געמיט געשטאַנען "משכמו ומעלה גבוה מכל העם". אין תוך איז קלמן מרמר געווען אַ געלערנטער, אַ פאָרשער, אַ היסטאָריקער. זיין געצעלט איז געווען דאָס שטילע געצעלט פון תורה... אין געווירבל פון קאַמפן, האָט ער זיך מסתמא דערפילט, אַז ער ווערט אַריינגעשטויסן אין דער וועלט פון אַליין-זיין, הגם די אַרבעטער און פאָלקמענטשן האָבן אים הויך געשעצט און באמת ליב געהאַט.

איך האָב זיך געטוליעט צו אים, ווייל ער איז געווען מיינער אַ רבי, פאַר וועמען איך האָב געקענט אַרויסלייגן מיינע ספקות, מיינע מחשבות און עמאָציעס. דערצו האָט ער מיך תמיד געמוטיקט צו שרייבן. ווען מיך

פלעגט אַרומנעמען דער אומגלויבן אין מיינע אייגענע שעפערישע יכולתן, פלעגט ער מיר גלייך לאָזן וויסן, אין אַ בריוו: "שרייבט! כי לכך נוצרת" — שרייבט. ווייל צוליב דעם ביסטו באַשאַפן געוואָרן. ער האָט קיינמאָל נישט פאַרפעלט (אין זיין דורכבריוולען זיך מיט מיר) צו לאָזן מיר וויסן אין גוטע ווערטער, ווען מייַנס אַן עסיי צי אַ ליד האָט אויסגענומען ביי אים. ער האָט מיר איין מאָל געשריבן, אַז צוויי גוטע מידות קען אַן ערלעכער, שעפערישע מענטש נישט צוימען: ער הערשט נישט איבערן יושר, נאָר דער יושר הערשט איבער אים... אויך קען מען זיך נישט אַקעגנשטעלן דעם אייגענעם שעפערישן טאַלאַנט. מען ראַנגלט זיך מיט אים. אָבער ער איז שטענדיק גובר. ווייל באַגאַבונג איז דאָס גנאָד פון דער נאַטור. און טאַקע לכך נוצרת...

מרמר איז געוועזן אַ היימישער אין מייַן הויז. ער האָט זיך אפילו דורכגעבריוולט מיט מייַן עלטערן זון לייבל. מיט אמתן שטאָלץ פלעגט ער רעדן וועגן זיין זייער געראָטענעם זון, וואָס האָט זיך אויסגעצייכנט אין די לימודים. איך האָב זיך באמת מיטגעפרייט מיט זיין נחת. אָבער דאָס גליק האָט לאַנג נישט געדויערט. דער טויט האָט געלויערט, און דער זון איז יונג אַרויסגעריסן געוואָרן פון לעבן. אָט דאָס פּלוצלינגדיקע אומגליק האָט מרמרן שטאַרק דערשלאָגן.

מרמר האָט דורכגעמאַכט אַ סך גייסטיקע גלגולים: פון בית־מדרש און ישיבה צו וועלטלעכקייט, צו סאָציאַליטישע אידייען, ווידער אַ צוריקקער צו פרומקייט. יאָרן שפּעטער — אַ טעטיקער שרייַבער און טוער אין דער פועלי־ציון, רעדאַקטאָר פון זייערע פּאָליטיש־געזעלשאַפטלעכע צייטשריפטן. יעדער איבערבראָך, וואָס קומט פון אַנטוישן זיך, לאָזט איבער די צייכנס פון אינערליכן געראַנגל. עס איז נישט גרינג איבערצורייסן מיט חברים און פריינט פון אַ לאַנג־שוין־נאָענט־געוואָרענער פּעריפערעיע: דעריבער, האָט מיר הנאה געטאָן וואָס מרמר איז זייער רירעווודיק און שעפעריש־אַקטיוו.

ער איז געוועזן אַ פאָרשער, אַ קריטיק־שרייבער, אַ היסטאָריקער און אַלעקטאָר. זיין בוך "קלאַסנקאַמף אין אַלטערטום" איז עד היום אַ בוך, וואָס איך קוק אָפּט אין אים אַריין. עס איז ביי מיר ווי אַ האַנטבוך.

מיר דערמאָנט זיך: בעת דאָס בוך איז דערשינען, האָט עס שטאַרק אויסגענומען ביים עולם. עס איז ביי אַ סך געוועזן ווי אַ שליסל צו דעם קלאַסן־געראַנגל אין ווייט־ווייטן אַמאָל. דאָס דאָזיקע געשיכטע־בוך איז געשריבן אין אַ קלאָרן סטיל. עס לייענט זיך ווי אינטערעסאַנטע בעלעטריסטיק. אָבער איינער אַ רעצענזענט (איך געדענק נישט דעם נאָמען פון דעם פּאַרפאַסער) האָט אָפּגעדרוקט אַ רעצענזיע אין דער "פרייהייט", און געהאַט אויסצוזעצן קעגן דעם אופן פון מרמרס אינטערפּרעטירן דעם שטייגער און די פּאַסירונגען פון די קלאַסנקאַמפן פון יענע ווייטע עפּאָכעס. ער האָט, הייסט עס, געפונען אַ פּגם אינעם ספר.. עס איז, ווי אויסגעקומען,

אַז מרמר האָט זיך, חלילה, "אַראָפּגעגליטשט פון דער ליניע", און נישט נאָכגעגאַנגען געטריי די האַרבע פאָרשריפטן פון מאַרקסיסטישן שולחן ערוך...

איך האָב געפרעגט מרמרן, וואָס איז זיין איינדרוק וועגן אָט דעם אָפּרוף. (איך געדענק נישט גענוי דעם אינהאַלט און די כוונה פון יענער רעצענזיע. איך גיב בלויז איבער מיין דעמאָלטיקן איינדרוק).

מרמר האָט פריער געשוויגן. דערנאָך אַרויסגעקרעכצט: "מען דאַרף זיך אויך צוהערן צום אָפּרוף פון באַהאַוונטע שרייבער־מאַרקסיסטן..." איך האָב פאַרשטאַנען, אַז ער איז נישט צופרידן מיט יענעמס זוכן אַ פסול אין ספר...

געווען איז דעמאָלט פרילינג, ווען מרמר איז פאַרבעטן געוואָרן פון קולטור־קאָמיטעט אין "אָרדן" צו רעדן וועגן "קלאַסנקאַמף אין אַלטערטום", און אויך וועגן די מעשהאַרטיקע באַשרייבונגען אין חומש. ער איז, ווי תמיד, איינגעשטאַנען ביי מונע אַלטער. אַ פּראָגרעסיווער ייד, אַ יודע ספר און אַ גרויסער פאַרערער פון מרמרן. אַלטערס פרוי, די ליבהאַרציקע כייקע, האָט געשאַפן אַרום אים אַן אַטמאָספערע פון היימישקייט, געטאָן אַלץ, אַבי עס זאָל אים זיין אָנגענעם דאָס איינשטיין אין זייער הויז.

מרמר האָט ליב געהאַט אַרומשפּאַצירן אויף דער גרינער־לאָנקע, אין שאָטן פון די בלעטערנדיקע ביימער. עס איז געווען אַ שיינער, מחיהדיקער שבת־נאָכמיטאָג. פאַרטיפט אין שמועס, זיינען מיר אַרויף אויף אַ באַביימערטע סטשעזקע. און ווי תמיד, האָט מרמר אָנגעהויבן מיר צו דערציילן פון זיינע יונג־בחורישע יאָרן אין דער ישיבה, און פון זיינע איבערלעבענישן און שטימונגען, בעת ער האָט רעדאַקטירט די פועלי ציוניסטישע אויסגאַבעס אין אַמעריקע. אַ שאָד, וואָס איך האָב יענע מאָמענטן נישט פאַרצייכנט. איך בין געווען זיכער, אַז ער וועט וועגן זיי אַליין דערציילן אין זיין לעבנס־געשיכטע. איך האָב געהאַט מיט זיך אַן אַלט ספרל מיט אַ קליינער און טונקעלער שריפט. איך האָב געבלעטערט אין אים, כדי צו געפינען געוויסע באַמערקונגען. אָבער נישט געקענט געפינען דאָס אָרט. האָב איך געבעטן מרמרן, אַז ער זאָל פון דעם דאָזיקן געדיכטן ווערטערוואַלד מיר אָנווייזן ווו צו טרעפן צו יענעם אָרט.

מרמר האָט גענומען דאָס ספרל. ער האָט זיך אַוועקגעזעצט אויפן מאָכיקן גראָז, אַ מיש געטאָן עטלעכע בלעטלעך, און מיר אָנגעוויזן די געזוכטע זאַצן. אַ דערשטוינטער האָב איך אים געפרעגט: "ווי אַזוי האָט איר דאָס גלייך געטראָפן?" ניטאָ קיין וואונדער אין דעם. אין אוניווערסיטעט לערנט מען יעדן פאָרשער צו געפינען גיך וואָס איז פאַרדעקט מיטן שטויב פון אַרכיוון און באַהאַלטן אין די בלעטער פון אַלטע ספרים.

מרמר, וואָס איז געווען פאַרגאַפט פון דעם אַרומיקן פייסאַזש, האָט

ער צוגעגעבן: "די חז״ל וואָרענען, אַז עס איז ביטול־תורה, ווען מען פאַר־קוקט זיך אויף אַ בוים און מע זאָגט: מה נאה אילן זה׳ (ווי שיין איז דער בוים), די פּרומאַקעס, וואָס האַלטן זיך אָן אין דעם, טאָרן בפּירוש ניט זאָגן דאָס קאַפּיטל תהילים פון "ברכי נפשי". איך האָב זיך צעלאַכט פון מרמרס איינפאַל. מרמר האָט געשמייכלט, און איז געווען צופרידן פון מסביר זיין אַן ענין אויף זיין אייגענעם שטייגער. ווען מיר האָבן זיך שוין געגרייט אַהיים צו גיין, האָבן מיר אָנגעטראָפן חבר מאַמעליאַק — אַ מומחה אויף קונסט. זיינע אָפּשאַצונגען וועגן מאַלעריי און בילדעראויסשטעלונגען האָבן זיך געדרוקט אין "קענעדער אָדלער" און אין אונדזער "וואָכנבלאַט". מרמר האָט זיך אָפּגעשטעלט ביים קאַרטיער־מאָנומענט מיט זיינע אויסגעגאָסענע לייבן און די אויסגעהאַמערטע פיגורן. ביי איין פיגור איז דער גראָבער פינגער פון אַ פוס געווען אָנגעשטרענגט און אַ קאַפּעלע פאַרבויגן. מרמרן געפעלט דער מאָנומענט מיט די פיגורן. עס איז מסתמא אַן אויסגוס, אויסגעהאַמערט אין שטאָל, אין מעש און קופּער. נאָר איין זאַך חידושט מיך, פאַרוואָס איז ביי אָט דער פיגור דער גראָבער פינגער אַזוי אָנגעצויגן?

חבר מאַמעליאַק טראַכט נישט לאַנג און גיט צו פאַרשטיין, אַז דאָס קומט פון אַן אָנגעשטרענגטן טראַכטן. דער מענטש וויל זיך צו עפּעס דערגרונטעווען. מרמר באַקוקט דעם פינגער פון אַלע זייַטן און ווענדט זיך צו מאַמעליאַק: "הערט זיך איין, חבר טייערער, איך בין אין דעם גאָרנישט איבערצייגט. מסתמא האָט דער סקולפּטאָר געהאַט אַן אַנדערע כוונה.." "איך האָב ניט דערוואַרט אַזאַ ענטפער. ער האָט זיך באַלד געכאַפּט, אַז דאָס איז ניט זיין שטייגער פון אָפּפרעגן אַ מיינונג פון אַ מענטשן. בפרט, אַז ער האָט געוואוסט אַז מאַמעליאַק איז אַז גרויסער ליבהאָבער פון דער יידישער ליטעראַטור, אַ גוטער לייענער און אַ מבין אויף קונסט. האָט ער אין אַ מילדן טאָן צוגעגעבן: "חבר מאַמעליאַק, איר זענט געוויס אַ בקי אין דער וועלט פון קונסט, אָבער אַ קונסט־קריטיקער דאַרף ניט תמיד טרעפן. ער איז ניט מער ווי אַ בשר ודם און קען מאַכן אַ טעות. אפשר מאַך איך גאָר דעם טעות". מירביידע האָבן זיך צעלאַכט און אים צוגעפירט צו דער שטוב פון זיין אויפהאַלט.

מרמר איז אין אַ געהויבענער שטימונג אַוועק זיך אָפּרוען און איבערקוקן די נאָטיצן צו זיין שוין פון פריער צוגעגרייטן רעפעראַט.

ביי אָט דער לעקציע בין איך געווען פאָרזיצער. אין מיינע אַריינפיר־ווערטער צו דער לעקציע, שטעל איך זיך אָפּ אויף זיינע ווערק, וועגן די פיר אַרבעטער דיכטער — ווינטשעווסקי, עדעלשטאַדט, באָוושאָווער און ראָזענפעלד און זיין גרויסן פאַרדינסט אין זיין אויסגראָבן די ווערק פון מאָריס ווינטשעווסקי און זיינע מעמואַרן און אָפּשאַצונגען וועגן זיידן. גלייכצייטיק דערמאָן איך, אַז כמעט אַלע ביאָגראַפיעס פון די יידישע שרייבער אין זלמן רייזענס פיר בענד "לעקסיקאָן פון דער יידישער ליטעראַטור" זיינען אָנגעשריבן פון קלמן מרמר, און אַז וויכטיקער צושטייער זיינען אויך זיינע

קורצע כאַראַקטעריזירונגען וועגן שרייבער און ביכער.

קלמן מרמר איז אין אַ גוטער שטימונג. ער לייגט אַרויף זיינע נאָטיצן אויפן שטענדער און הויבט אָן אויף זיין לערערישן, געלאַסענעם שטייגער איבערצודערציילן און אינטערפּרעטירן די מעשהלעך פון חומש.

ער זאָגט דעם עולם, אַז דאָס זיינען שוין באַשטעטיקטע זאַכן דורך היסטאָריקער און ביבלפאָרשער. ער איז מסביר דעם ווייט־אַמאָליקן קלאַסנקאַמף אין עגיפּטן און פאַרשיידענע אַנדערע מדינות. קלמן מרמר איז נישט געווען פון די באַרימטע רעדנער אין זיין צייט, אָבער ער האָט אויסגענומען מיט זיין טיפן וויסן. עס האָט ממש געשפרודלט פון אים. זיינע לעקציעס האָבן פאַרמאָגט די תמימות פון ערלעכקייט און די אָפנהאַרציקייט פון אַ וואַרעמען פאָלקס מענטש וועמען מען גלויבט אויפן וואָרט...

איך האָב דעמאָלט הנאה געהאַט פון זיין רעדן און באמת נישט געוואָלט פאַרלירן דעם קלענסטן ניואַנס. אומגעריכט אָבער כאַפּ איך אַ קוק אויף זיינע פאַרשריבענע בלעטלעך, און צו מיין איבערראַשונג, זע איך אַז זיינע פאַרצייכענונגען זיינען געשריבן אין העברעיש וועגן פאַרשידענע שרייבער און זייערע ווערק.

נאָך די לעקציעס קומען פראַגעס. איך בין זייער נייגעריק אויסצוגעפינען פאַרוואָס זיינע נאָטיצן צו דער לעקציע זיינען געשריבן אין העברעיש.

יאָ, ווי תמיד האָט זיך אָן איינגעגעבענער רעפעראַט געענדיקט מיט זיצן אין אַ קאַפעטעריע און שמועסן מיטן חשובן גאַסט. איך זיץ ביי איין טישל מיט מרמרן און איך טו אים אַ פרעג: ״חבר מרמר, מיר איז טשיקאַווע צו וויסן, פאַרוואָס שרייבט איר אייערע נאָטיצן אין העברעיש?״ ״נו, ניטאָ אין דעם קיין שום סוד. איך האָב זיך דערצויגן אויף ביידע לשונות — יידיש און העברעיש. איך מאַך אָפט נאָטיצן אין לשון־קודש, ווייל עס איז אַ שפּראַך מיט קאָנדענסירטע ווערטער. איין וואָרט איז טייל מאָל כולל צען אין יידיש, אָט דער צמצום איז פאַסיק פאַר געוויסע פאַרצייכענונגען. ווי זאָגט זיך עס ערגעץ, שפת עבר אוהבת את הצמצום — העברעיש האָט ליב צמצום. דערפאַר האָב איך ליב העברעיש נאָך פון מיין יונגשאַפט אָן.״

מיר האָבן אָפּגעשמועסט, אַז אויב מאָרגן וועט זיין אַ שיינער טאָג, זאָל איך קומען צו אים און מיר וועלן מאַכן אַ שטיקל שפּאַציר. אויף צו מאָרגנס האָב איך. אים געוואָלט באַווייזן די שיינקייט פון ״לאַפאָנטעין פאַרק״.

עס איז אַ ליכטיק, לויטערער זונטיק־אינדערפרי, דער פאַרק איז פול מיט מענטשן. מיר זיצן נישט ווייט פון פאָנטאַן, וואָס וואָרפט דאָס פּיל קאָלירקע וואַסער צו דער זוניקער הויך. אָט ווערט אויסגעפלאָכטן אַ גאָלדן

בינטל זאַנגען. באַלד בייט זיך דער קאָליר, און זילבערנע שטראַלן, ווי אָנגעצויגענע סטרונעס, בלענדן, ווי זיי וואָלטן בעטן עמעצער זאָל אויסשטרעקן אַ האַנט און אויסשפּילן אַ שטיל־אומעטיק מעלאָדיע...

אָבער דער רויש פון וואַסער, דאָס הויכע געריידר פון די מענטשן אויפן גראָז, אויף די בענק און אונטער די שאָרכענדיקע בלעטער פון די ביימער, שטערט אונדז צו שמועסן. מיר געפינען אַ ליידיקע באַנק, נישט ווייט פון טײַכל, וואָס קערעוועט זיך דורך אַ געוויסער לענג פון פּאַרק. שיפלעך טראָגן זיך אויפן וואַסער, די פריילעכע פאָרער האָבן הנאה, פון פליעסקען מיט די הילצערנע וועסלעס. דאָס גרעסערע שיפל מיט אַ מאָטאָר פירט אַצאָל מענטשן, וואָס זיצן אויף גרין־געפאַרבטע בענק.

דער מאָטאָר פון דער שיף כריפּעט און קלאַפּט. דער עולם רופט אָן די שיף "די קאַטשקע" דאָרט גרייכט ניט דער געליאַרעם אין אונדזער שאָטנדיק ווינקל, ווי דאָס געוועב פון שאָטן וואָלט פאַרהאַלטן דעם טומל.

מרמר איז אויפגעלייגט, און אונדזער שמועס דרייט זיך אַרום ליטעראַטור, עסטעטיק, מיסטיק, סאָציאַלן רעאַליזם און פּראָלעטאַרישער קונסט.

מרמרן זיינען דערווידער די ניי־געבאַקענע מיסטיקער אין דער יידישער ליטעראַטור. פון דער מיסטיק, פּסקנט ער אָפּ מיט האַרבע ווערטער, וועט בלייבן אַ באַרג מיסט.

ליטעראַטור איז וועגן מענטשן און פאַר מענטשן. מען דאַרף שילדערן די ווירקלעכקייט, אַז מענטשן זאָלן זיך דערזען ווי אין אַ קלאָר־געשליפענעם שפּיגל. איך האַלט פון דעם לויב, וואָס דער גרויסער מפרש און פשטן רש"י ברענגט אַז: "דברה תורה כלשון בני אדם." (די תורה איז גע־שריבן געוואָרן — האָט גערעדט — מיטן לשון פון פאָלק —) עס מיינט נישט, זי איז געשריבן געוואָרן ווי דאָס פאָלק רעדט נאָר אין אַ שטייגער דאָס פאָלק זאָל פאַרשטיין. אים איז נאָענט די סאָוועטישע יידישע ליטעראַטור. זי איז אַ שאַפונג פון דעם רעאַלן אַרום. די פּראָלעטאַרישע שרייבער אונדזערע (די "פּראָלעטפּעניקעס") גייען אידעיש אויפן וועג וואָס סע האָבן אויסגע־לייגט פאַר זיי, די פאַרשטייער פון דער יידיש־סאָוועטישער ליטעראַטור".

איך שלאָג אים נישט איבער, נאָר ווען ער פרעגט מיך, וואָס איך טראַכט וועגן דער דאָזיקער נייער ווענדונג אין איצטיקן רעוואָלוציאָנערן פּעריאָד, ענטפער איך, אַז דער חבר מרמר זאָל ניט האָבן קיין פּאַראיבל אויף מיר, וואָס איך האָב מיר מיינע ספקות וועגן דער טענדענץ פון די פּראָלעטפּעניקעס — זייער סטעזשקע איז אַ צו שמאָלע.

די פיר אַרבעטער־דיכטער זיינען געווען רעוואָלוציאָנערע דיכטער, אברהם רייזען איז אַ סאָציאַלער דיכטער. נו, האָט ער געשריבן אויך וועגן אַנדערע מאָטיוון אין זיין שאַפן. די פּראָלעטפּעניקעס מאַכן זיך פאַרגעסן,

אַז פּאַר זיי איז שוין אויסגעשליפן געוואָרן אַ נייע פּאָרם אין דער יידישער פּאָעזיע. מען דאַרף נישט אָננעמען דעם איינשטעל פון דעם עסטעטיציזם פון די "יונגע", אָבער זיי האָבן אויפגעטאָן וואונדער אין סטיל און פּאָרם און באמת געשאַפן דאָס וואָרט־געפעס אין דער יידישער ליטעראַטור. מיר קענען זיך שוין מער נישט באַנוצן מיט דער פּרימיטיווער פּאָרם פון די אַרבעטער דיכטער, א.א.וו. — אַזוי האָב איך גערעדט. מרמר האָט זיך נישט אויפגעקאָכט. ער איז געווען רויק. אָבער איך האָב געפילט אַז מיינע צו שאַרפע רייד זיינען אים דערווידער. ער האָט אָנגעהויבן אָפּשלאָגן מיינע ווערטער און פּלוצלינג איבערגעריסן: "עס ווערט שפּעט. די לופט צערייצט דעם אַפּעטיט. איך האָב איצטער נישט די שטימונג זיך אַריינצופּלאָנטערן אין אַ וויכוח. לפי דעתי, איז נישט רעכט פון אייך אַזוי צו רעדן וועגן די הויך טאַלאַנטפולע שרייבער אין "פּראַלעטפען", מחמת איר זײַט אומגערעכט און נישט געגנוג אָביעקטיוו".

מיר האָבן אָנגעהויבן זיך אומקערן אַהיים — עס איז געווען אַ היפּשער מהלך פונעם פּאַרק צו אַלטערס הויז. מרמר, האָט, ווייזט אויס, געוואָלט פאַרטרייבן דעם שווערן איינדרוק פון מיַינע רייד, און אָנגעהויבן מיר דערציילן טשיקאַווע זאַכן אין דער פּראָגרעסיווער שרייבערישער סביבה.

אין פּאַרק איז טאַקע גרויס געווען דער טומל, אָבער עס האָט זיך מיר ניט געגלוסט צו פאַרלאָזן דעם שאָטן, וואָס האָט געקילט, די פייגל וואָס האָבן זיך געסודעט און געשושקעט צווישן די צווייגן און דעם צעשטראַלטן הימל, וואָס האָט זיך ווי אַ בלאָס טישטעך פאַרשפּרייט איבער די שאָטנדיקע, ברייט צעצווייגטעביימער. טויבן האָבן געקרייזט אין דעם בלענדענדיקן פּאַרק. דער פלאַטער פון זייערע פליגל האָט באַרויקט דעם טומל. ליב איז געווען דער פרימאָרגן און ליכטיק אויפן געמיט, ווייל מיט מיר איז געגאַנגען קלמן מרמר, וועמען איך האָב שטאַרק ליב געהאַט. יאָ, איך בין געגאַנגען מיט מיין רבין פון וועמענס מויל איך האָב געלערנט תורה. אַזוינע דערהויבענע טעג האָבן זיך באַוויזן, ווי נאָר קלמן מרמר איז געקומען האַלטן אַ לעקציע אין מאָנטרעאָל. אונדזער בריוולעכע פאַרבינדונג איז קיין מאָל ניט איבערגעריסן געוואָרן. תמיד האָט זיינס אַ בריוול, אָדער קאַרטל מיך געמוטיקט צו אַרבעטן איבער זיך. אויב אימיצער האָט בייזוויליק זיך גענומען טשעפּען צום אינהאַלט און אופן פון מיין שרייבן, האָט זיך אָנגעיאָגט מרמרס אַ בריוול, אַז דער עיקר איז דאָס שאַפן, און דעם צושטייער וואָס מען ברענגט, און נישט דער נישט גינסטיקער אָפּרוף פון אַ שרייבער, וואָס איז שטענדיק בודק דעם אַנדערנס שאַפן.

צוויי בריוולעך זיינע האָבן מיר פאַרשאַפט עגמת־נפש. עס זיינען געווען אויף אַ באַזוך אין סאָוועטן פאַרבאַנד אייניקע לינקאַטשעס, און זיינען צוריקגעקומען מיט אַ באַריכט, אַז די יידישע שולן אין ראַטנפאַרבאַנד

זיינען געשלאָסן געוואָרן, מחמת יידן אַליין ווילן נישט שיקן מער זייערע קינדער אין די יידישע שולן. עס איז אַן איבעריקע זאַך. אויף דעם באַריכט רעאַגירט מרמר אין אַ בריוו צו מיר און ער שרייבט מיט צאָרן און ווייטיק: "עס איז נישט אמת. ווייל איך בין דאָך געווען אין ס. פ. מיט איייניקע יאָר צוריק. איך האָב געלעבט און געטאָן פאַרשאַרבעט אין קיעוו, און די יידישע קולטור האָט געבליט. איך בעט אייך, אַז איר זאָלט דעם בלבול אויף סאָוועטישע יידן נישט פאַרשווייגן. רופט זיך אָפּ וועגן דעם אין אונדזער פּרעסע."

האָב איך זיך געוואָלט אָנפרעגן ביי מרמרן, פאַרוואָס טוט ער עס נישט אַליין? איז איידער וואָס און ווען, איז מיר אָנגעקומען אַ צווייט בריוול פון אים, אַז איך זאָל עס נישט טאָן, ווייל דער סאָוועטן־פאַרבאַנד האָט אַ סך שונאים, וואָס ווילן אים איינשלינגען, דאַרף מען אין איצטיקן מאָמענט שוויַיגן, און נישט צושטיין צו די שונאים... "פאַרוואָס־זשע פאַרענטלעך איך איצט נישט די צוויי בריוולעך. פּשוט, ער רופט אָן די נעמען פון די באַריכט־ברענגער, און זאָגט וועגן זיי שוין גאָרנישט קיין גוטע ווערטער.

די דאָזיקע גאַנץ ווילע יידן לעבן. (זאָלן זיי לעבן עד מאה ועשרים שנה) און זיי זיינען אויך היינט צווישן די שטייפע, און ווילן מיר זאָלן פאַרגעסן דעם מאָרד פון די יידישע שרייבער און נישט אָנווייזן אויפן מבול פון אַנטיסעמיטישער ביכער, און פאַרשווייגן דאָס פאַרברעכן קעגן דער יידישער שפּראַך און קולטור. דער תירוץ איז: עס איז טאַקע נישט פיין, אַז אין סאָוועטן פאַרבאַנד זאָלן געדרוקט ווערן אַזעלכע ביכער, נאָר דער סאָוועטן פאַרבאַנד, נעבעך, איז אַרומגערינגלט פון שונאים...

דאָס צווייטע בריוול האָט מיך אי פאַרחידושט, אי איך האָב געהאַט פאַראיבל אויף אים. נעמלעך, איך האָב אָפּגעדרוקט אַן אָפּשאַצונג וועגן באַשעוויסעס פּרעמירטן (לאַמעד־פּרייז) ראָמאַן "די משפּחה מושקאַט". איך האָב אָנגעוויזן, אַז עס איז אָנגעפּיקעוועט מיט זנות. ער שילדערט וואַרשעווער יידן, ווי זיי וואָלטן אַלע געווען נואפים און אַז ער שילדערט בכיוון — און קינסטלעריש ניט באַרעכטיקט — סעקס־סצענעס און פּרטים. האָט מרמר מיך געפרעגט אין גרויס פאַרוווּנדערונג צי מיין אַרויסטרעט קעגן דעם דאָזיקן ראָמאַן איז געווען נייטיק, הגם ש. ניגער האַט אין אַ מילדן טאָן צוגעגעבן אין זיינעם אַן אָפּרוף אין "טאָג", אַז עס זיינען פאַראַן שטעלן אין ראָמאַן וואָס פאַרמאָגן דעם רייץ־שטאָף פון זנות. מרמר פאַרענדיקט זיין בריוול, אַז ער קען זיך גאָרנישט אַרויסזאָגן וועגן באַשעוויסעס בוך, ווייל ער האָט אים ניט געלייענט

אַגב, אויך מייזיל האָט אויסגעזעצט קעגן מיין האַרבער אָפּשאַצונג. אויף מרמרס בריוו האָב איך געענטפערט: "חבר מרמר, לייענט אַליין דאָס בוך. אדרבא, לאָזט מיך הערן אייער מיינונג. "אויף דעם האָב איך קיין ענטפער שוין נישט געקראָגן.

פון זײַן גאָר לעצטן באַזוך, האָב איך קיין נחת נישט געהאַט. ער איז געווען זייער באַצערט. אין סאַמע בלי פון זיין לעבן, איז געשטאָרבן זיין געלערנטער זון, און ער האָט אויך פאַרלאָרן זיין פרוי. אויך דאָס מאָל איז ער איינגעשטאַנען ביי די אַלטערס. איך בין געקומען אים אַרויסנעמען אויף אַ שפּאַציר בכדי אים אַביסל אויפצוהייטערן, האָט ער זיך געבאָדן. ער איז געזעסן אין דער וואַנע, געפּליעסקעט דאָס וואַסער, און געקרעכצט: אוי וויי איז מיר! עס האָט מיך אַזוי פאַרקלעמט, אַז טרערן האָבן פאַרנעפּלט מיינע אויגן.

נאָכן איבערבייסן עפּעס, זיינען מיר אַרויס אויף אַ שפּאַציר. עס איז געווען האַרבסט. דער הערלעכער, זוניקער אינדערפרי האָט אָנגעפילט דאָס האַרץ מיט דער בענקשאַפט, וואָס צינדט זיך אין שטילן־נאָגנדיקן אומעט. דאָס איז געווען אַן אינדערפרייקער האַרבסט, וואָס וועבט די שיַין פון דער העלער זון אויף די רויטברענענדיקע ביימער אויפן באַרג. עס דאַכט זיך אויס אַז די זון זינגט איר לעצט געזאַנג צו איר לעצטן, ליכטיקן אויפגיין, טאַקע איידער עס שפּאַנט אַריין דער ווינטער מיט זיַין קאַלטן, וויַיס־ווינטיקן געוויין.

איך האָב געוואָלט אַרויסטרייסלען מרמרן פון זיין טרויער, און געפּרוּווט אָנקניפּן אַ שמועס. האָב איך גערעדט און מרמר האָט מערסטנס געשוויגן. אין אָוונט נאָך זיין רעפעראַט, אין אַ קאַפעטעריע, איז ער געווען גאַנץ אויפגעלייגט. ער האָט ליב געהאַט דעם עולם און דער עולם האָט אים ליב געהאַט.

מיר דאַכט, אַז דאָס איז געווען דאָס לעצטע מאָל וואָס ער איז געקומען קיין מאָנטרעאָל. אויף א לערער קאָנפערענץ אין ניו יאָרק, האָב איך זיך באַגעגנט מיט מרמרן. ער איז, ווי מיר דאַכט זיך, געווען אין פּראָגראַם־קאָמיטעט. איך האָב פאָרגעלייגט, אַז אין די העבערע קלאַסן און מיטלשולן זאָל מען איינפירן דעם לימוד פון העברעיש, עס איז נישט גענוג דאָס לערנען בלויז דעם העברעישן עלעמענט אין יידיש. מרמר האָט נישט נאָר געשטיצט דאָס אַריינפירן דעם לימוד פון העברעיש, ער האָט גערעדט וועגן דעם און אָנגעוויזן אויף דער נויטיקייט דאָס צוטאָן. די דאָזיקע לערער קאָנפערענץ איז, דאַכט מיר, פאָרגעקומען בעתן קריג. אויך דאָרט האָב איך געפילט זיין וואַרעמע באַציונג צו מיר. מיר האָבן אַרומגערעדט פיל ענינים. דאָס אומגליק וואָס האָט אונדז געטראָפן, די גרוילן, וואָס האָבן אונדז דערגרייכט, וועגן די היטלעריסטישע רציחות אויף די יידן, דאָס האָט געבראָכן זיין גייסט און גוף — ער האָט זיך באַקלאָגט, אַז ער פילט נישט גוט, אַז ער איז עלנט, אַז ער טראַכט גאַנץ ערנסט אַריבערצוציען זיך קיין לאָס־אַנדזשעלעס. אַזוי האָט ער טאַקע געטאָן מיט איניקע יאָר שפּעטער. איך געפין נישט אין מיַין אַרכיוו קיין שום בריוו פון מרמרן צו מיר פון לאָס אַנדזשעלעס. גרוסן, געדענק איך, האָב איך יאָ באַקומען, פון חברים, וואָס פלעגן קומען אויף אַ באַזוך קיין מאָנטרעאָל.

בעת מרמר איז נפטר געוואָרן, האָב איך זיך געפילט ווי אַן אָבל. איך האָב אויפגענומען זיין טויט, ווי עס וואָלט מיר געשטאָרבן דער סאַמער נאָענטסטער קרוב. דער טויט האָט אָפּגעריסן פון מיר אַ שרייבער, אַ חבר אַ פריינט, וואָס אין געדאַנק, אין גייַסט, אין געפיל האָבן מיר אין איינעם געוועבט דעם גרויסן חלום, אז מיר זיינען שוין אויף די גאָר הויכע שטאַפּלען צו דערגרייכן דעם טאָג פון יום "כולו טוב".



**שלום שטערן**

# לייזער טרייסטער

1

לייזער טרייסטער, וואָס איז געווען רײַך אין טאַלאַנט, האָט קוים דערגרייַכט צו זעקס־און־זיבעציק־יאָר.

איך האָב נישט געוווּסט, אַז ער איז אַזוי ערנסט קראַנק. אין אַ בריוו אָנהייב האַרבסט, האָט ער מיר געשריבן, אַז ער האָט פֿאַרשפּעטיקט מיט זײַן ענטפֿער, מחמת ער איז געלעגן אייניקע וואָכן אין שפּיטאָל. אויף וואָס ער לײַדט האָט ער אויסגעמיטן צו דערמאָנען. דאָס איז, אַגב, געווען כאַראַקטעריסטיש פֿאַר טרייסטערן. ער האָט זיך זעלטן־ווען באַקלאָגט אויפֿן געזונט. ער איז מיר געווען נאָענט נישט בלויז ווי אַ פֿען־חבר, נאָר טאַקע ווי אַ געטרייער חבר און פֿרײַנט צו וועמען איך האָב געהאַט צוטרוי. טאַקע דערפֿאַר האָב איך אָט די חברשאַפֿט אונדזערע זייער טײַער געהאַלטן.

מיר פֿלעגן זיך אָפֿט דורכשרײַבן. דער אינהאַלט פֿון אונדזערע בריוו, איז ס׳רוב געווען וועגן ליטעראַטור, וועגן שרײַבער און ביכער.

איך האָב הויך געשעצט זײַן מיינונג. ווײַל ער איז געווען ערלעך און ערנסט בײַם איבערגעבן זײַנס אַן אײַנדרוק. מיר האָבן זיך נישט גרינג געוואָרפֿן מיט שבחים (ווי דער שטייגער איז הײַנט...) מיר האָבן איינער דעם צווייטן אָנגעוויזן אויף שטרויכלונגען אין אונדזערע שאַפֿונגען.

פֿאַר אַ יאָרן, ווען ער האָט זיך דערוווּסט, אַז מײַן סאָניע איז זייער קראַנק, האָט ער טעלעפֿאָנירט, און באַלד האָט זיך אָנגעיאָגן פֿון אים אַ בריוו מיט טיפֿער זאָרג. ער איז געווען זייער אומרויִק וועגן אונדזער ביידנס געזונט.

אויף זײַן בריוו, אַז ער איז נישט מיט אַלעמען, האָב איך אים געבעטן, מיר לאָזן וויסן, ווי ער פֿילט. אויף אָט דעם בריוו האָב איך קיין אָפּרוף נישט באַקומען.

איך בין טאַקע געווען באַזאָרגט, דאָך האָב איך זיך געפּרוּווט אײַנרעדן. אַז אפֿשר האָט זיך טרייסטער אַריבערגעצויגן אין אַ נײַער דירה. אין זײַן לעצטן בריוו האָט ער מיך געבעטן, איך זאָל לייענען זײַן נײַעם

ראָמאַן, וואָס הויבט זיך אָן דרוקן אין ״פֿאָרווערטס״ און אים שרײַבן, ווי ער געפֿעלט מיר. האָב איך אים געזאָגט דעם אמת, אַז איך לייען זעלטן אַ ראָמאַן וואָס דרוקט זיך אין אַ טאָג צײַטונג. אָבער ליגנדיק אין שפּיטאָל, האָט מען מיר געברענגט אַ פּעקל ״פֿאָרווערטסן״, האָב איך געלייענט אייניקע קאַפּיטלען, וואָס האָבן בײַ מיר שטאַרק אויסגענומען, האָב איך מיט פֿרייד אים אָנגעשריבן וועגן מײַן איינדרוק. אויך דער בריוו איז מיר צוריקגעקומען. פֿונדעסטוועגן, האָב איך אַלץ אויסגעלייגט צום גוטן. איך האָב בפּירוש נישט געוואָלט דערלאָזן דעם געדאַנק, אַז עפּעס שרעקלעכס זאָל האָבן מיט טרייסטערן געטראָפֿן. טרייסטער און טויט? ווי קען עס גאָר געמאָלט זײַן.

האָב איך זיך געגרייט אָנצושרײַבן אַ בריוו אין ״פֿאָרווערטס״ און זיך נאָכפֿרעגן אויף טרייסטערן. האָב איך צופֿעליק געזאָגט מײַן פֿען־חבר, דעם דיכטער און גוטן פֿרײַנד חיים לייב פֿוקסן, אַז מיך וווּנדערט זייער, וואָס איך הער גאָרנישט פֿון טרייסטערן. האָב איך פֿון אים באַקומען די ווּיסטע בשורה, אַז ל. טרייסטער איז נפֿטר געוואָרן נאָך אין יאַנואַר.

וואָר, דעם טויט האָט צוגענומען טרייסטערן, און מיר איבערגעלאָזט דעם גלי פֿון ווייטיק און דעם שאַרפֿן טרויער פֿון בענקען נאָך אים, נאָך זײַנע דערציילונגען, ראָמאַנען און נאָך זײַנע נאָענט־האַרציקע, אָפֿן־אויפֿריכטיקע בריוו. זײַן טעלעפֿאָן צו מיר וועט שוין מער נישט קלינגען, און זײַנע בריוו וועלן מער נישט אָנפֿליען און אויפֿהייטערן מײַנע עלנט־אַלייניקע אינדערפֿריען.

זיץ איך איצט אַ געבויגענער איבערן ווײַס גלאַטיקן בויגן פּאַפּיר, און עס קײַקלען זיך פֿאַרבײַ די דערמאָנונגען פֿון אונדזערע באַגעגענישן און נאָענטהאַרציקער חברשאַפֿט. וואָס אין איר האָט געליכטיקט די שײַן פֿון האָפֿן, אַז אונדזער שאַפֿן האָט אַ האַפֿט, און אַז די הערלעכע קונסט געשאַפֿן אין יידיש וועט נישט פֿאַרלוירן ווערן אין ווינט־געווירבל פֿון דער אייביקער צײַט.

**2**

אין טרוים פֿון מײַן בענקשאַפֿט פֿלאַטערן צוריק די ערשטע עטלעכע וואָכן, ווען איך האָב זיך געפֿונען אין טאָראָנטאָ. איך האָב זיך אויפֿגעהאַלטן בײַם דיכטער מאיר גרינבערג. ער פֿלעגט אַוועק צו דער אַרבעט גאַנץ פֿרי, און איך האָב זיך באַקענט מיט דער פֿלעיאַדע יונגע, גרינע שרײַבער. אַלע אָנהייבער, אָבער מיט גלויבן און מיט אַמביציע, אַז צוזאַמען, וועלן מיר אויפֿן קאַנאַדער באָדן, מיט דער צײַט, אַרײַנברענגען רײַפֿע שאַפֿונגען אין רײַכן אוצר פֿון דער יידישער ליטעראַטור.

צווישן די פּאָעטן, האָבן זיך געפֿונען צוויי דערציילער — לייזער טרײַסטער און שמשון פּיזל (ש. אַפּטער). ל. טרייסטער איז געווען אַ פֿאַרשלאָסענער, אָבער זיכער אין זיך. זעלטן זיך באַטייליקט אין די הייסע

שמועסן וועגן שיטות אין דער ליטעראַטור. איז אים עפּעס נישט געווען צום האַרצן, פלעגט ער בייזלעך אונטערברומען.

ער פלעגט טענהן צו דער חברה: הערט, איר פּטרט צייט אויף אומפּרודוקטיקע רייד. דער עיקר איז, דאָס שרײַבן, אַרבעטן איבער זיך.

דעריבער האָב איך טרייסטערן אַביסל געקענט פון דעם, וואָס די חברה האָט מיר איבערגעגעבן וועגן אים.

מיך האָט דערפאַר געוווּנדערט, ווען ער האָט מיך געבעטן, איך זאָל זיך מיט אים באַגעגענען נאָך דער אַרבעט, אין אַ רעסטאָראַציע, ווײַל ער וויל פאַר מיר פאָרלייענען אַ נײַע דערציילונג.

איך בין געקומען צו דער באַשטימטער צײַט. ער איז דעמאָלט געווען אַ טאַפּעצירער, (פון דער היים איז ער געווען אַ רימער). געוויינטלעך, נאָך אַ טאָג פון שווערער אַרבעט, איז אַ מענטש מיד. אָבער ער איז אַרײַן מיט אַ פעסטן טראָט. ער איז געווען גוט־אויפגעלייגט און באַשטעלט צוויי פּאָרציעס זופּ־און־פלייש. איך געדענק: דאָס פלייש איז געווען האַרט ווי לעדער. איך האָב עס קוים געקענט אײַנבײַסן אָבער טרייסטער, אַן אויסגעהונגערטער, האָט געקײַט אויףביידע באַקן.

נאָכן אָפּפאַרטיקן זיך מיט דער סעודה, האָט ער אַרויסגעשלעפּט אַ צעקנייטשטן העפט, און אָנגעהויבן לייענען. דער ספּור־המעשה איז געווען אינטערעסאַנט. די אַרויסגעפירטע טיפּן קלאָר און לעבעדיק. אָבער צו נאַטוראַליסטיש. די שילדערונגען זײַנען געווען אויפגעזאָטן אין אַ טאָפּ פון אַ הייס־צעגליטער עראָטיק.

איך האָב זיך נישט צוריקגעהאַלטן און אים געזאָגט, אַז מיך שאָקירט דער שאַרפער נאַטוראַליזם, וואָס קען אומברענגען אין אים דעם עכטן רעאַליסט. — עס איז דאָ אַטמאָספערע. די פּערסאָנאַזשן שטייען אויף די אייגענע פיס, אָבער דאַרפסט אויפהערן רייצן מיט דער גליאיקער שאַרף פון עראָטיקאַ... ל. טרייסטער האָט בייז אַ ברום געטאָן און אַן אָנגעברוגזטער אַוועק: מיט מיר זיך אַפילו נישט געזעגנט. היות, די שטאָט איז מיר געווען אומבאַקאַנט, האָב איך אַ היפּשע צײַט געבלאָנדזשעט, ביז איך האָב זיך דערפרעגט צו מאיר גרינבערגן.

מיט אַ פּאָר טעג שפּעטער האָט ער מיר טעלעפאָנירט, אַז ער וויל זיך מיט מיר נאָך אַ מאָל טרעפן, ער האָט זיך נישט פאַרענטפערט פאַר זײַן רוגזה. מיר האָבן זיך אָפּגעזונדערט אין אַ שטיל ווינקל, אין אַ יידישן רעסטאָראַן אויף ספּאַדיינע עוועניו. ער האָט מיך מכבד געווען מיט אַ ציבעלע־פּלעצל, וואָס האָט געהאַט אַ היימישן טעם. עס האָט מיך דערמאָנט אין די זאַמאָשטשער פּלעצלעך, וואָס האָבן געהאַט אַ שם, אין אַלע אַרומיקע שטעטלעך. (די זאַמאָשטשער־יידן האָט מען בײַ אונדז

געגעבן דעם צונאָמען — ״זאַמאַשטשער פּלעץ...)

די הייסע קאַווע, האָט פאַרשמעקט, און דאָס פלעצל מיט פּוטער איז געווען מלא טעם. טרייסטער האָט צעעפנט אַ דיקן העפט, געדיכט־פאַרשריבן און גענומען לייענען. איך האָב זיך געקוויקט מיט דער קאַווע, און איך האָב זייער הנאה געהאַט פון זײַנע איבערגעלייענטע קאַפּיטלען. פּלוצלינג הערט ער אויף לייענען, און טוט אַ ברום. דער מיין פון זײַן ברום איז מיר שוין געווען באַקאַנט. — לייזער, ביסט אַ קרעפּטיקער רעאַליסט, אַן אויסגעצייכנטער שילדערער. דײַן ראָמאַן ״אין שטילע טעג״ איז אַ קינסטלערישע דערגרייכונג. אָט דער ראָמאַן וועט אויסנעמען בײַ עבטע שרײַבער־פאַרגינער... דאַרפסט שיקן קאַפּיטלען צו דער ״צוקונפט״ און צו די ״ליטעראַרישע בלעטער״.

איך האָב אים געפרעגט צי ער האָט געלייענט דעם ראָמאַן פאַר גרינבערגן און פאַר גרשון פּאָמעראַנצן. — כ׳האָב נישט געלייענט, און כ׳וועל נישט לייענען. צו גרשונען האָב איך נישט קיין צוטרוי. ער שטאַמלט, און וועט שוין אַזוי אָפּשטאַמלען זײַן גאַנץ לעבן... ער מעג זיך דרוקן אונטער הונדערט פּסעוודאָנימען, אָבער קיין דיכטער איז ער נישט.

דערצו איז ער שוין אַן אָנערקענטער... דיכטער. ער טראָגט זיך אַרום מיט מלך ראַוויטשעס עטלעכע גוטע ווערטער וועגן זײַנס אַ ליד: ״דער האַלדז פון דער וועלט איז צעשניטן״, אפשר וועט ער אַמאָל עפּעס קענען אָנשרייבן וועגן שרײַבער, אָבער ער אַליין וועט קיין שעפערישער שרײַבער נישט זײַן. שמשון פּיזעל אָבער האָט טאַלאַנט. ער האָט געוואַרעמט די הענט אין טעפּעלע קאַווע, און טרייסטער — דער תמיד פאַרטוענער אין זיך, האָט גערעדט און גערעדט. — עס איז זונטיק. איך האָב אַ פרײַען טאָג, קען איך זיך פאַרגינען צו רעדן און אפילו באַרעדן. מיר האָבן זיך צעלאַכט. שפּעט אין נאָכמיטאָג האָבן מיר זיך צעזעגנט, און אַזוי האָט זיך אָנגעהויבן אונדזער נאָענטע חברשאַפט.

מיט אייניקע חדשים שפּעטער האָט נחמן מייזיל אָנגעהויבן דרוקן זײַן ראָמאַן קאַפּיטלעכווײַז, און זיי בײַגעלייגט צו די ״ליטעראַרישע בלעטער״. נ. מייזיל האָט מיט גרויס לויב געשריבן וועגן אָט דעם ווערק. איך האָב זיך באמת געפרייט, וואָס זײַן ראָמאַן האָט מצליח געווען, ער האָט מיר געשריבן, אַז ער קומט אויף אַ פּאָר וואָכן קיין מאָנטרעאָל.

אין אַ הייסן יולי־פרימאָרגן, האָט ער מיר אָנגעקלונגען, אַז ער געפינט זיך שוין אין מאָנטרעאָל, און ער בעט מיך, איך זאָל אים קומען זען.

איך האָב אים געטראָפן אין אַן אויפגעהייטערטער שטימונג, אָן דער פאַרריסנקייט פון אַ יונגן שרײַבער, וואָס ווערט פרי אָנערקענט...

ער האָט אַ פריילעכער אַרויסגעלאָזט זײַן מיר שוין־באַקאַנטן ברום און אַ זאָג געטאָן: האָסט געטראָפן! מען האָט מײַן ראָמאַן וואַרעם

אויפגענומען. איך נאַר זיך נישט אָפּ. דאָס איז בלויז דער ערשטער שטאַפּל. מען דאַרף קלעטערן העכער... אַגב, דײַן סעריע סאַנאַטאָריע־לידער וועלכע דרוקסט פון צײַט צו צײַט אין "צוקונפט", זײַנען עכט און ליריש. עס איז אמת, אַז דו שרײַבסט פון דײַן "ליכטיקן באַזונדער" וואָס דו דערמאָנסט אין דײַן ליד מיטן זעלבן נאָמען.

איך וועל דאָ בלײַבן עטלעכע וואָכן, ווײַל איך וויל אַרויסנעמען מײַן ברודער, און איך דאַרף דאָ קויפן אַ שיפסקאַרטע און אַ פּוילישע שיפקאַנטאָר. מיר האָבן זיך געזען כמעט יעדן טאָג, און מיר האָבן פאָרגעלייענט אונדזערע זאַכן איינער פאַרן צווייטן.

אין גיכן האָט ער זיך באַזעצט אין ניו־יאָרק און חתונה געהאַט מיט אַ טאָראָנטער מיידל, זײַן האַרציקליבע פּרוי פּעני, וואָס האָט געשאַפן אין זייער שטוב די וואַרעמע היימישע אַטמאָספערע, וואָס האָט אים אָנגערעגט צו שאַפן הויכקינסטלערישע ווערק, וואָס דורך זײַן ערלעכער, שעפערישער מי, האָט ער באַקומען אָנזען גרויס אין דער יידישער ליטעראַטור.

אין ניו־יאָרק האָט ער אַ סך געלערנט און כסדר געאַרבעט איבער זיך. דאָס אַלגעמיינע און יידישע וויסן, וואָס ער האָט זיך דערוואָרבן אין ניו־יאָרק, האָט רייכער און רייפער געמאַכט זײַן טאַלאַנט. יעדע נײַע דערציילונג, יעדעס נײַע בוך, איז געווען אַ שטאַפּל העכער אין זײַן שאַפן. איך האָב געהאַט נחת פון זיינע דערציילונגען, דראַמען און ראָמאַנען. ער האָט זיך נישט אָפּגעריסן פון דער יידישער טראַדיציע.

וועגן דער דראַמע זײַנע דער "פּאַסטעך קעניג" (קעניג שאול) האָט ער מיך אָנגעפרעגט, וואָס טראַכט איך וועגן אָט דעם טראַגישן שאול. האָב איך אים געשריבן, אַז איך מיין, אַז דער נביא שמואל, האָט אים זייער באַעולה'ט, און אַז ער מיט די בעלי־דעה און בעלי־כח פון שבט יהודה, האָבן אַלץ געטאָן צו צעברעכן זײַן מלכות. אויף דעם האָט ער געענטפערט, אַז אויך ער טראַכט אַזוי, און טאַקע אויף אַזאַ אופן, איז געבויט זײַן דראַמע "קעניג שאול". נאָך זײַן קריגן פאַר איר די פּרעמיע פון טויזנט דאָלער פון "איפּט־טעאַטער" אין אַרגענטינע (אין כתב־יד). איז די דראַמע אויפגעפירט געוואָרן אין מאָריס שוואַרצס "קונסט־טעאַטער", אָבער זי האָט נישט געהאַט קיין אריכות ימים. ווערדליג אַ בריוו צו מיר, האָט ער זיך פאַר מיר באַקלאָגט, אַז גאָר אָנגעזעענע דיכטער און דראַמאַטורגן, האָבן געווירקט, אַז מען זאָל די דראַמע אַרונטערנעמען. די אַלטע מכה פון קנאת סופרים וואָס האָט גאַנץ־אָפט געבראַכט די פאַרדאַרבנדיקע שנאה אין אונדזער ליטעראַטור.

סײַ ווי דער "פּאַסטעך קעניג" איז אַ פּרעכטיקע, דראַמאַטישע שאַפונג און וועט בלײַבן אין אוצר פון הויכער שעפערישער קונסט, ווי אַ היפּשע צאָל פון זײַנע אַנדערע בעלעטריסטישע ווערק.

מיט איייניקע יאָר צוריק בין איך געווען אין ניו יאָרק, איך האָב געהאַט דעם גרויסן כבוד באַערט צו ווערן מיט דער חשובער פרעמיע פון דר. חיים זשיטלאָווסקי־פונדאַציע. האָבן מיר אָפּגערעדט אויפן טעלעפאָן זיך צו טרעפן אין אָוונט, אין אַ רעסטאָראַציע. בײַם צונויפטרעף זיינען געווען מײַן סאָניע און זײַן פעני. טרייסטער מיט זײַן געזונט־פעסטן געבוי, האָט זיך כמעט נישט געביטן. איין זאַך האָב איך באַמערקט, אַז ער איז געזעצטער, רויקער און זיכערער מיט זיך און מיט זײַנע אַרויסזאָגונגען וועגן שרײַבער און ביכער, מיר האָבן זיך אויך געטיילט מיט אונדזערע אײַנדרוקן פון דעם גורלדיקן גאַנג פון דער יידישער ליטעראַטור: אויסער די אַלגעמיינע סיבות — אַ רעזולטאַט פון אומשטענדן, זײַנען אין דער בידנער מערכה, אויך שולדיק די זיך־אַליין־געקרוינטע שרייבער־פאַרשטייער, וואָס האָבן זיך־אַליין אַוועקגעזעצט אויף אַלערליי כבוד־שטולן... ער האָט מיך אויך געפרעגט, צי איך האב שוין באַקומען דעם בריוו מיט זײַן אײַנדרוק פון מײַן נאָוועלע "דאָס ווײַסע הויז", און אַז עס איז אַ פּאָעטיש ווערק — אַן עכט קינסטלערישע שאַפונג.

עס איז געוואָרן שפּעטלעך. מיר האָבן זיך אַרומגענומען און אין אַ מונטערער שטימונג זיך געזעגנט. איך בין געווען גערירט פון זײַן אָפּענער האַרציקייט, און באמת הנאה געהאַט, וואָס ער זעט אויס געזונט, און זיין שטימונג איז אַזאַ געהויבענע.

אין דער היים האָב איך געטראָפן זײַן בריוו וועגן מײַן "דאָס ווײַסע הויז". עס איז געווען אַ טיפער אַרײַנדרינג אין דער קאָנסטרוקציע און געמיט פון מײַן נאָוועלע. ל. טרייסטער איז געווען פון די געציילטע פּראָזאַיקער, וואָס האָבן ליב געהאַט און גוט פאַרשטאַנען פּאָזעיע.

איך האָב זיך טאַקע געפרייט מיט זײַן אָפּשאַצונג און אים געשריבן, אַז איך גלויב נישט, אַז די קריטיק־שרײַבער וועלן זיך אָפּרופן אין אַזאַ טאָן ווי ער. — האָט ער געענטפערט. אַז "די ליטעראַרישע פּאָליטאָנקאַנסטוואָ און דאָס צעטיילט זײַן אויף לינקס און אויף רעכטס, וועט שטערן ארויסצוהייבן דײַן "דאָס ווײַסע הויז", אָבער מיך גייט נישט אָן זייער באַציונג, און דיך וועט עס געוויס נישט אַרן, מחמת ביסט שוין געווינט דערצו... דער עיקר איז, עס איז אַ גרויסע דערגרייכונג פאַר דיר. און איך פריי זיך מיט דעם שטאַרק. און אַגב, גרייט איך אַ בוך ליטעראַרישע עסייען, און איך וועל האָבן אַ גרעסערע אַרבעט וועגן דיין דיכטערישן גאַנג, און דײַנע ליטעראַרישע עסייען."

מיט צוויי יאָר צוריק האָט זיך אָפּגעדרוקט אין "יידישע קולטור" מײַן "דער גראָטענער אָנהייב" — כאַראַקטעריזאַציע און דערמאָנונגען וועגן די פּאָעטן, וועלכע זײַנען געווען פאַרטראָטן אין דער לידער־זאַמלונג "באַגינען" האָב איך באַקומען פון טרייסטערן אַ בריוו אין וועלכן ער דריקט אויס אַנטציקונג וועגן די דאָזיקע מעמואַרן, און מײַנע באַמערקונגען וועגן

די שרײַבער. ער שרײַבט, אַז ער האָט די „יידישע קולטור" געלייענט אין דער שטאָט־ביבליאָטעק, און ווען, ער האָט מיך איצט לעבן זיך, וואָלט ער מיר געגעבן אַ קוש פאַר דער אויסגעצייכנטער באַשרײַבונג „איך שטוין, ווי דו געדענקסט דאָס אַלץ. אונדזער ערשטע באַגעגעניש שטייט מיר פאַר די אויגן".

— האָב איך אים אויסגעזאָגט דעם סוד, אַז פיל עפּיזאָדן געדענק איך, אָבער איך פאַרלאָז זיך נישט אויפן זכּרון. איך האָב פאַרצייכנט באַגעגענישן, שמועסן און אײַנדרוקן וועגן שרײַבער, וועלכע איך האָב געהאַלטן, אַז אין זייער זכות, האָבן מיר זיך דערהויבן צו הויכע, קינסטלערישע דערגרייכונגען. אויך בין איך, שוין אין יענע יאָרן, נישט פאַרבײַגעגאַנגען יענע שרײַבער אין קאַנאַדע, פון וועלכע איך האָב שוין געוווּסט, אַז זיי ווערן אַ יש אין דער יידישער ליטעראַטור. (אגב, „דער גראָטענער אָנהייב" איז איבערגעדרוקט געוואָרן אין דער „פאָלקס שטימע" פון וואַרשע.)

פאַר אַ יאָרן האַרבסט, האָט ער מיר צוגעשיקט זײַן ראָמאַן „אַריבער די ברעגן." (דערשינען נ.י. 1942) היות, דאָס בוך איז אויספאַרקויפט, שיקט ער מיר אַן אָפּגעפאָטאָגראַפירטע קאָפּיע, הגם, מיר איז דער ראָמאַן שוין געווען גוט באַקאַנט, האָב איך אים נאָכן איבערלייענען אויף ס'ניי, געלאָזט וויסן, אַז עס איז אַ הויך קינסטלערישע שילדערונג פון יידישן לעבן פון פאַרן צווייטן וועלט־קריג. און אַז, בײַ דער ערשטער געלעגנהייט, וועל איך זיך אָפּרופן וועגן דאָזיקן ראָמאַן און אויך וועגן זײַנע אַנדערע ראָמאַנען און דערציילונגען, אין וועלכע ער קייטלט ממש צונויף דאָס יידישע לעבן אין פוילן מיט דער יידישער סביבה אין ניו־יאָרק אין איר באַזונדעראַרטיקן אופן, פון אַ יידישן שטייגער, אין אַ נייער פאָרמירונג.

מער האָב איך שוין פון אים נישט געהערט.

אין מאָמענט פון מײַן איצטיקער באַטריבקייט, קען איך זין נישט צונויפנעמען, און ברייטער אַרומנעמען זײַנע ווערק. ער האָט איבערגעלאָזט אַ הערלעך ליטעראַריש פאַרמעג.

ער איז געווען איינער פון דער קליינער צאָל מייסטער בעלעטריסטן — דער שעפערישער נאָכקום פון דעם אַש־ווייסענבערג־אָפּאַטאָשו דור.

ל. טרייסטער איז געווען אַ היימישער אין יידישן שטייגער אין פוילן, און אויך האָט ער זיך אײַנגעאייגנט אין דעם ברויז פון די גרוי־וואָכעדיקע, און אויך פאַרביקע שטייגערפאָרמען אין דער באַזונדעראַרטיקער יידיש־אַמעריקאַנישער פעריפעריע.

ער איז געווען אַ רעאַליסט אין וועמענס שילדערונג און נאַטור געמעלן האָט געריזלט דאָס וואַרעמע בלוט פון דער שעפערישער קונסט. ער האָט ווי אַ געניטער מײַסטער אַרויסגעהויבן טיפן און געשטאַלטן. ער האָט מיט דער וואַרעמקייט פון זײַן טאַלאַנט אויפגעלעבט ברייטע שטחים פון דער ווירקלעכער וואָר פון יידישן לעבן פון פאַר אונדזער פאַרוויסטן אַמאָל, און און יידישן לעבן דאָ־הי.

יאָ, דאָס האָט ער איבערגעלאָזט דער יידישער ליטעראַטור, און מיר האָט ער איבערגעלאָזט דעם גלי פון טרויער. אין מײַן בעקנשאַפט וועט ער תמיד זײַן מיט מיר אַזוי לאַנג ווי מיר איז דאָ צוגעטיילט ס׳ביסל זײַן אין דעם עמק־הבכא.



# דאָס ליכט פֿון ליד

**דער דיכטער מאַרטין בירנבוים און דאָס ליכט פֿון ליד**

ביי אַן ערנסטער און פֿאַראַנטוואָרטלעכער ליטעראַטור־קריטיק, וואָלט מען שוין לאַנג אַרויסגעהויבן די פּאָעטישע זאַמלונגען פֿון מאַרטין בירנבוים, וואָס איטלעך בוך זיינער, איז אַ שטאַפּל העכער אויפֿן לייטער פֿון דער אידישער דיכטונג.

דאָס נעמלעכע איז חל אויף זיין איצטיק בוך "לידער וועגן ליד". ביים נישט פֿאָרזיכטיקן לייענער קאָן זיך באַקומען, אַז עס איז בלויז איין קלאַנג פֿון אַדורכגעוויייטיקט דיכטער־געמיט, וואָס אין זיין אויפֿציטער צאַפּלען זיך די הייסע און טרויעריק־גאַרנדיקע ווערטער. מען קאָן דרינגען, אַז בלויז איין אָנגעצויגענע סטרונע ציטערט אין מאַרטין בירבוימס איצטיקער דיכטונג. דאָס וועט זיין אַ נישט־ריכטיקער איינדרוק. ווייל ער באַגערט צו אַנטפּלעקן פֿאַר אונז, דאָס וואָס איז פֿאַרהוילן — די מיסטעריע פֿון געבורט פֿון אַ ליד. גלייכצייטיק, באַזינגענדיק דעם פּראָצעס פֿון שעפֿערישקייט, שטייט פֿאַר אונז אַ הויכטאַלאַנטפולער דיכטער, וואָס ראַנגלט זיך ביים געשטאַלטיקן דאָס ליד.

די לידער זיינען אין עצם די טיפֿע און ווייטיקדיקע בענקשאַפֿט נאָך יענעם פֿולן און שלימותדיקן ליד, וואָס זאָל אויפֿעפֿענען די טיר צו זיין געפֿילוועלט, וואָרים, ער — דער דיכטער — זוכט זי און ער קאָן זי נישט געפֿינען...

אַזוי אַרום, זיינען די מערסטע לידער די אַטמאָספֿערישע ראַם פֿאַר לידער, וואָס בענקען נאָך לידער. די לידער זיינען אָנגעטרונקען מיט ווייטיק און טרויער, מיט אַזאַ יאוש, וואָס וויל נישט לאָזן פֿאַרטרייבן פֿון זיך דעם לעצטן זשאַר פֿון גלויבן. איז אין אָט דעם ברען־און־ברויז פֿון טרויער, איז מיר ליכטיק געוואָרן, בעת איך האָב זיך כסדר אָנגעטראָפֿן אויף לידער וואָס דערהויבן און וועלן ברענגען גרויס אָנזען און הויכע אָנערקענונג מאַרטין בירנבוים פֿאַר דער אייגנאַרט פֿון זיין פּאָעטיש שאַפֿן.

געוויס זיינען וואָר אַלע לויבן, וואָס מאַרטין בירנבוים געפֿינט אין אוצר פֿון לידער. און איך מיין, אַז אין צוויי געזאַנגען "אָן דיר" און "פֿרידאַן", לויכט דער וואונדער פֿון ליד.ביידע זיינען, אין תוך, טרויעריקע לידער און

דאָך איז דאָס געפיל פון ליבע אַזוי שטאַרק, אַז די גנאָד פון איר שיינקייט העלט אַרויס פון די צאַרטע ווערטער:

„אָן דיר —
וואָס וואָלט נאָך פאַרבליבן?!
דאָכט זיך —
גאָרניט מער.
צי וואָלט איך אַ ליד נאָך אָנגעשריבן?

צי וואָלט געוועזן נאָך
אַ קלאַנג אין מיין געלעכטער?
צי וואָלט איך געפילט
די זאַלציקייט נאָך פון אַ טרער?"

עס זיינען ליבע־לידער, אָן דער טרוימערישקייט און פלאַטער אין דער יונגשאַפט, דערפאַר זיינען זיי דורכגעזאַפּטיקער. ווייל אין די רייפע יאָרן פון עלטערן זיך פאַרשטאַרקט זיך דאָס געפיל פון מיטפילן און צונויפגעבונדגעפיל פון מיטפילן און צונויפגעבונדקייט. עס איז ווי „נפשו קשורה בנפשה"... פאַרוואָס אַזאַ ציטערניש איינער פאַרן צווייטן? ווייל ווי דער קוואַל פון ליבן, ריזלט אויך די בענקעניש נאָך דער פרייד פון שטענדיק געליבט זיין:

„לידער זיינען
אַלץ וואָס מען געדענקט,
וואָס מען וויל פאַרגעסן;
אַלץ וואָס מען בענקט
וואָס איז ליב און טייער".

ביים טיף־פילנדיקן מאַרטין בירנבוים זיינען לידער נישט בלויז דער אָטעם פון לעבן, עס איז דער סאַמע אומרואיקער רויש פון בלוט אין געביין.

דער לידער־שאַפער — דער דיכטער
„ער טראָגט אין זיך
פון זון און שטערן דאָס געפינקל;
ער טראָגט אין זיך
דעם גרויען יאָמער פון דעם
אָסיענדיקן ווינט;
ער זעט דורך מויערן און מאַסקעס
און ניט איינמאָל טראַכט ער,
אַז ער איז אינגאַנצן בלינד..."

דער דיכטער מאַרטין בירנבוים עפנט ממש אויף דאָס קלאַפּנדיקע האַרץ פון ליד. און מיר פאַרנעמען פונעם בענקענדיקן ליד דעם ניגון, וואָס ציטערט אין דער טיף פון זיין טרויעריק געמיט.

די ווירקונג פון בירנבוים'ס לידער זיינען לאַנג־דויערנדיק, ווייל ער פּורעמט זיי מיט פולע, גאַנצע און שטילע גראַמען. מיט קינסטלערישער געניטשאַפט זיינען אַריינגעבויט די אַסאָנאַנסן. דאָס שאַפט אַ ריטם, וואָס

בינדט־צונויף די פערזן. בירנבוים איז אויך געניט אין זיין באַניצן זיך מיטן פרייען פערז (ווייסן פערז). ער בויט זיינע לידער אין גאַנג פון דער שטימונג.

ער מיידט־אויס די מאָנאָטאָניע פון איבערחזרן זיך, דורך אַריינוועבן זיין טרוים־און־באַגער, דורך ראַנגלענישן פון דערזען די שיין פאַרהוילן אין שאָטן פון פיין און טרויער. זיינע שאַרפע איבערלעבענישן אין דער טאָג און נאַכט־שטימונג, איז אויך אַריינגעפעדעמט דער סאָציאַלער און נאַציאָנאַלער עלעמענט. ער, דער יחיד, איז אין שטאַרקן בונד מיטן פאָלק, מחמת —

„לידער זיינען פאָלק און שפּראַך און האַפט

און גאָלד־געוועבן
איינגעגלידערטע אין דורתדיקע רינגען.

לידער זיינען —
גלויבן, מוט און קראַפט
און אַלצדינג,
וואָס זי מוז זינגען"...

צווישן דער טעמאַטיק פון אידיששטעטלישע, און חורבן־מאָטיוון, געהערט זיין באַלאַדישע פּאָעמע, „ניט אין דעמער נעפּלען". אָט־די הויךפּאָעטישע שאַפונג איז נאַציאָנאַל אין אינהאַלט און פריש אין בילדלעכקייט. היות אינהאַלט און פאָרם זיינען אַ קינסטלערישע גאַנצקייט, האָט מאַרטין בירנבוים דאָס דערגרייכט אין דער שטייגער־פּאָעמע „האָראָדענקע".

עס איז, אָן ספק, אַ זכיה פאַר אַ פּאָעט דאָס צונויפוועבן די איבערלעבענישן פון זיין יונגן אַמאָל מיט דער בענקשאַפט, וואָס טרערט, אָן אויפהער, אין זיין געמיט. די שילדערונגען זיינען אַזוי רעליעף, ווי בילדער געקריצט אויף שטיין:

„אויף מיינע באָרוועסע בלאָטיקע פיס,
עס קלעפּט די גאַליצישע ערד נאָך; איך יאָג נאָך דורך פרילינגדיק־בליציקע שלאַקסן — דער רעגן טערפּקע און זיס, און כ'זע די דערשראָקענע פערד נאָך און כ'הער נאָך דעם סקריפּ פון די רעדער אויף שווערע, געדויערטע אַקסן. כ'זע נאָך ס'גײעג, דעם האַרמידער פון זומערדיקע־הייסע יאַרידן און הער דאָס געוויין פון באַנדורעס פון בעטלערס די טרויעריקע לידער, — די זמורים פון ביטערע דאָליעס; די קלאַנגען פון היציקן האַנדל, פון אוקראַיניש, פּויליש און אידיש"...

געלייטערט דער טרויער, אין דער נישט־אָפּגעקילטער בענקשאַפט נאָך דעם שיינעם מיידל, וואָס וועגן איר האָט מען געזאָגט אַז: „מיין זוניקע שכנה — זי וועט זיין מיין כלה". דער טרויער וויקט זיך דאָ ממש אין די טרערן פון דערמאָנען:

"זי קומט מיט אַן אויסרייד — אַ קליינינקן עמער — זי קומט מיט באָרוועסע פיסלעך און איך וואַרט אויף איר דאָרט צווישן גראָזן אַ באַנגער, פאַרציטערט און שטום"...

אַזאַ ליכטיקייט גייט־אויף פון יענער, ערשטער יונג־צניעותדיקער ליבע.

וואו איז אָט דאָס זוניקע מיידל ? וואו זיינען אַהינגעקומען די אידישע אינגלעך, וועלכע פלעגן קומען צו דער מיל ? פיל זיינען אַוועק אין די וועל־דער, געוואָרן פּאַרטיזאַנען, געוואָרן מוטיקע נקמה־נעמער. סיי די געפאַלענע אין קאַמפן מיט די נאַציס, סיי די אין שטעטל־געבליבענע, פון זיי און פון אַלע שטעטלדיקע־אידן, איז קיין זכר (זעכער) נישט געבליבן.

די פּאָעמע "ניט אין דעמער פון נעפלען" איז רייך מיט שטייגער־ביל־דער און אָנגעזאָפּט מיטן טרויער פון בענקען. עס איז אַ פּאָעטישע שאַפונג פון הויכער קוואַליטעט.

אין ניו יאָרק, וואו ער איז אַ לאַנגיאָריקער תושב, בענקט דער דיכטער נאָך דעם אַנטרונענעם, ווען דריי יונגע, טרוימערישע און גלויביקע שרייבער האָבן געהאַט פאַר זיך אַ שטיבל און דאָרט געשריבן. ווען דעם דערציילט מאַרטין בירנבוים אין בילדלעך־מוזיקאַלישע פערזן אין ליד "צי געדענקסטו ?" (אַ דערמאָנונג זיין אַלטן חבר דעם פיינעם דיכטער חיים פלאָטקין צום יום־טוב פאַר זיין בוך "אויף מיינע וועגן").

די דריי שרייבער זיינען געווען בירנבוים, פלאָטקין און לייבל (דער באַגאַבטער דערציילער לייבל סאָברין, וואָס איז פרי אַרויסגעריסן געוואָרן פון לעבן). דער גלויבן אין גיכן אָנקום פון אַ פרייער וועלט, אין דעם יום שכלו טוב (אַ טאָג פון אַלדאָס גוטס...)

איז געווען דער אָנרעג פון זייער געזאַנג. זיי זיינען טאַקע דעמאָלט געווען זינגער און אויפזינגער פאַר די קעמפנדיקע מאַסן. אָט זיינען זיי די דריי טרוימער־זינגער:

מירביידע — שלאַנקע צוויי יונגען —
לייבל דערשלאָגן און קליין.
מיר האָבן דאַן גלויביק געזונגען
ערלעך, באַגייסטערט און ריין"...

לייבל איז געווען צעפייניקט פון דער ליבע, ווייל דאָס מיידל האָט זי נישט אויפגענומען... אין די אַנדערע צוויי האָט אויך געבליט די ליבע.

געוויס איז דאָס לעבן זייערס געווען שווערע האָרעוואַניע. מען האָט קוים אויסגעמוטשעט דאָס שטיקל ברויט, אָבער דער פרישער ריח פון זייער יונג־צעבליטן פרילינג האָט גערייצט:

"דאָס ברויט איז געווען דאַן אָפּט ביטער
מיט אַרבעט, מיט שווייס און מיט מי.
נאָר ס'האָט אונז דעם גייסט ניט צעשפּליטערט
און ניט פאַרביטערט דעם טעם פונעם ליד"...

מען בענקט נאָך יענע איבערלעבענישן אין וועלכע מען האָט געפונען אַ זין. אין אונזער ליבן דיכטער מאַרטין בירנבוים גליט די בענקשאַפט אויך צו די יונג־שאַפנדיקע יאָרן אין דעם ענגן שטיבל.

אין ביידע לידער וועט זיך יעדער אידישער שרייבער דערזען. מיר דערקענען דאָרטן זיך אַליין. אויך מיר אַליין טראָגן אין זיך דאָס טרויעריקע ליכט פון דער בענקשאַפט נאָך דעם געוועזענעם.

רירנדיק איז דאָס ליד "ביים אויפדעקן דעם שטיין". עס זיינען ווערטער פון דער ווייטיקדיקער וואָר. אַזוי פילן און טראַכטן מיר אויך, ווען מיר גייען צווישן מצבה־שטיינער וועלכע הויערן אויפן געביין פון נאָענטע:

"אין שכנות דאָרטן מיט דיין שטיין —
אַזויפיל נאָך ניט אַלטע שטיינער,
מיט נעמען, וואָס לעבן נאָך אין מיר;
עס ליגן ניט פאַרשאָטן דאָרט קיין ביינער,
נאָר אַ וועלט,
וואָס איך און דו
האָבן געלעבט אין איר"....

דאָס זיינען פערזן, וואָס קומען אַרויס פון אַן אָבלס האַרץ אויפן פאַרלוירן־ווערן פון זיין נאָענטן חבר דעם נאָוועליסט לעאָן יורמאַן, וואָס האָט מיט זיין געבענטשטן טאַלאַנט זיך ערגעצוואו פאַרפלאָנטערט, ווי אין די דראָטן פון אַ צוים. ער האָט פאַרמאָגט דעם כח פון דערגרייכן דעם אָנזען צווישן די טאַלאַנטירסטע דערציילער אין דער אידישער ליטעראַטור.

זאָל אויך דערמאָנט ווערן מאַרטין בירנבוים'ס שיין־און־ערלעך וואָרט־פּאָרטרעט וועגן אונזער ליבן איטשע גאָלדבערג: "ער טראָגט אויף זיך"... עס איז אַ האַרציק־פּאָעטיש ליד. פיין זיינען די אילוסטראַציעס געצייכנט פונעם דיכטער.

"לידער וועגן ליד" אין אַן אַרויפשטייג אויף די העכערע שטאַפּלען אין דער אידישער דיכטונג. מאַרטין בירנבוימס רייפע לידער זיינען דער באַגלויבטסטער עדות אויף דעם און ער האָט רעכט ווען ער זאָגט:

"כ'בין אויף מיין פעלד
נאָך אַלץ אַ זייער און אַ שניטער
און אַרום מיר
די תבואה־קערנער שפּרייט איך —
איך פרעג ניט:
וואָס וועט זיך מאָרגן

אויף מיין פעלד צעצוויטען,
פאַר ווּעמען שנייד איך היינט
און פאַר וועלכן פרילינג גרייט איך״...

הלואי, אַזאַ ליבטיק־גאָלדענער שניט אויף לאַנגע, לאַנגע יאָר. שרייבן איז אַ מוז! ווי פלעגט מיך אָפט מונטערן אונזער אומפאַרגעסלעכער קלמן מרמר: ״כי לכך נוצרת!״ (פאַר דעם ביסטו באַשאַפן געוואָרן).



**פון שלום שטערן**

# דער קינסטלער־דערציילער פוליע טשערנער

**(צו זיין ווערן אַ בן שמונים)**

פּאַראַן אַ היפּשע צאָל וואָס רופן זיך פּאָעטן, און זיינען נישט מער ווי פלינקע פערזן־מאַכער. מען קאָן זייערע לידער נישט באַקרוינען ווי פּאָעטישע שאַפונגען.

דאָס נעמלעכע איז חל אויף נאָוועליסטן. פיל פון זיי זיינען פייאיקע צונויפשטעלער פון פאַרשיידענע דערציילונגען, און זיי צונויפבינדן, אַז זיי זאָלן פאַראינטערעסירן דעם לייענער. דאָס זיינען די ״סטאָרי־טעלערס״, אָבער צווישן זיי געפינט מען זעלטן אַ קינסטלערישן דערציילער. געוויס איז דערציילן אינטערעסאַנט אַ פייאיקייט, וואָס מען קאָן נישט אַוועקמאַכן מיט דער האַנט. אָבער ביי דעם קינסטלער־דערציילער, אָדער ראָמאַניסט, ווערט זיין שעפערישע קונסט דערקענט דורך זיינע סביבה־שילדערונגען, דורך זיינע פערסאָנאַזשן, וועלכע ווערן באַלעבט מיט זיין פען, וכדומה.

דער גרויסער ראָמאַניסט טאָמאַס מאַן אין זיין ״צויבער־באַרג״, אין ״יוסף מיט די ברידער״ איז נישט פון די פּראָזאַאיקער, וועלכע ציען אייך אַריין מיט דעם סיפּור־המעשה, נאָר מיט דער קראַפט פון זיינע שילדערונגען, מיט דער אַטמאָספערע וועלכע ער באַשאַפט אין זיין מאָלן די פעריפעריע.

ווו־הין אייגנטלעך ציל איך מיט מיינע באַמערקונגען? אַז אויך אין דער יידישער ליטעראַטור האָבן זיך ביים נישט־געשולטן לייענער אָנגענומען געוויסע לידער־שרייבער און דערציילער, וואָס האָבן זיי באַווירקט מיטן כוח פון קאָנען אינטערעסאַנט דערציילן אָבער זיי זיינען פּאַרט נישט קיין קינסטלער. שעפערישע קינסטלער זיינען בכלל אַ מיעוט, אַ מינדערהייט.

אין די לעצטע פּאָר צענדליק יאָרן קאָנען מיר שוין די קינסטלער־דערציילער און ראָמאַניסטן אין דער יידישער ליטעראַטור, כמעט ציילן

אויף די פינגער. די גרויסע פֿאַרשטייער פון דער אידישער בעלעטריסטיק האָט דער טויט, דער מערדער, שוין לאַנג אויסגעהאַקט פונעם אַמאָל אַזוי פֿאַרצווייגטן וואַלד פון דער אידישער ליטעראַטור... נישטאָ מער שלום אַש, יוסף אָפּאַטאָשו, אייזיק ראַבאָי, לאַמעד שאַפּיראָ, נאַטאַן זאַבאַרע (נפטר געוואָרן אין סאָוועטן פֿאַרבאַנד) און נאָך און נאָך. דער איינציקער גרויסער פֿאַרשטייער, קינסטלער־ראָמאַניסט און דערציילער, איז עליע שעכטמאַן, וואָס וואוינט אין ישראל.

דאָך האָבן מיר נאָך היינט אייניקע באַגאַבטע דערציילער אין אַמעריקע, אין סאָוועטן־פֿאַרבאַנד, אין קאַנאַדע און אין ישראל. צווישן זיי הויבט זיך אַרויס אונזער האַרציק־לירישער דערציילער פוליע טשערנער.

נו, פוליע טשערנער האָט כל ימיו קוים אויסגעמוטשעט די בידנע פּרנסה. פֿאַר זיין פרוי, אסתר, האָט זיך אין פוליעס האַרץ תמיד געלויטערט די ליבע. אויך אסתר׳ן האָט דער טויט לעצטנס אָפּגעפליקט פון בוים פון לעבן. איז ער איצטער געבליבן אַליין. היות די ליבשאַפט, און דאָס שאַפן האָבן אים ממש אויפגעהאַלטן ביים לעבן, האָף איך אַז פוליע וועט געפינען אין זיך די שעפערישע קראַפט, וואָס זאָל מילדערן זיין צער, און מיטן וואונדער פון זיין עכטן טאַלאַנט זאָל ער ממשיך־זיין די שעפערישקייט. פון איר ריינעם קוואַל זאָל ער אָנשעפּן טרייסט פֿאַר זיך.

אָט, אַנומעלטן, איבערלייענענדיק נאָכאַמאָל אַ צאָל פון זיינע דערציילונגען, מערסטע געדרוקט אין דער "מ.פ.", אויך אין דער "יידישער קולטור", האָבן זיי פֿאַר מיר אויפסניי באַשטעטיקט, אַז פוליע טשערנער איז אַ הויכבאַגאַבטער לירישער דערציילער, מיט אַן אויסגעאיידלטן לשון. אויף זיין שטיינער פון אויספֿאָרמירן אַ דערציילונג, איז ביי אים זייער וויכטיק דער תוכן, טאַקע, וועגן וואָס ער שרייבט, אָבער ער איז תמיד דער עסטעטיקער אין וואָרט־אָפּקלייב. זיינע ווייכע וואַרעמע ווערטער, וואָלט איך געגליכן צו סטרונעס, וואָס דער דינסטער באַריר צאַפּלט־אויף אַ צאַרט־ציטערדיק קלאַנג.

ער האָט מיט זיינע דערציילונגען פֿאַרבונדן סביבה־שילדערונגען און איבערלעבונגען פון דער היים, אין זיין געבוירנשטעטל. יענע שילדערונגען זיינען סביבה׳דיק אין שטייגער פון דעם אַלטן טיף־רעליגיעזן עלטערן דור, און די יוגנט, וואָס האָט טאַקע צעבראָכן די צוימען, אָבער נישט אַריסגעריסן די וואָרצלען פון דער נעכטיקייט, וועלכע נערן דאָס שאַפן עד היום.

ער האָט אויך אַרויסגעבראַכט אין דין־געצייכנטע בילדלעכע באַשרייבונגען די היגיקייט, דאָס יידיש־אַמעריקאַנישע, וואָס איז כאַראַקטעריסטיש פֿאַר דעם ברויז־פּעריאָד אין די צוואַנציקער און דרייסיקער יאָרן, פון נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה. אָט יענע גרינע

יאָרן פון קאַמף און טרוים, פון דעם עלנט פון פיל גרינע (דער עיקר, די יונגע שרייבער וועלכע האָבן זיך גרופּירט אַרום דער "מ.פ.") און זיינען ממש געווען פאַרקלעמט אין די גרויפּאַרשטויבטע ווענט אין די שעפּער. אָט אַזוי דערציילט און מאָלט אויס פּוליע טשערנער יענע פּיינלעכע יאָרן, וואָס זיינען דאָך דורכגעליכטיקט מיט האָפן אויף גרויסע טעג, וואָס דאַרפן זיך באַווייזן טאַקע בימינו — אין אונדזערע טעג. פון די טרוימען ווערן מיר דורכגענומען מיט אַ בענקשאַפט, וואָס פאַרזיסט, ווי מיט ליכטראַפּנס פון טרייסט, אַז עס איז דאָך כדאַי געווען, ווייל דער פּיַין איז צעשמאָלצן געוואָרן אין קאַמף. אָט־די קאַמפּס־מאָטיוון שטאַרקן און דערהויבן די קעמפערישע טרוימער אויך אין דער היינטיקייט.

אַזוי אַרום האָט פּוליע טשערנער אין זיינע דערציילונגען באַוויזן צו פאַרבינדן דעם מעבר־לימימ׳דיקן ברעג מיטן אַמעריקאַנער באָדן — מיטן לעבעדיק־שעפערישן יידישן ישוב.

אין דעם אינהאַלט, און אויך אין דער פּשטות פון דערציילן, איז ער ביי מיר, אין דער קינסטלערישער מדרגה פון אַזעלכע לירישע דערציילער, ווי אייזיק ראַבאַי און איציק קיפּניס. ווי זיי האָט ער זיך דערנענטערט מיט זיין ליריש־האַרציקער פּראָזע צו פּאָעזיע. אין געפילן, אין דער שטימונג זיינען זיינע ווערטער אָנגעהויכט מיטן וואַרעמען באַלעבנדיקן אָטעם פון פּאָעזיע, ווייל הויך־קינסטלערישע בעלעטריסטיק, איז דורכגעוועבט מיט די דין־גאָלדענע פעדים פון פּאָעזיע.

אין פּוליע טשערנערס בעלעטריסטיק העלן אַרויס אַ צאָל טיפּן. דערהויפּט אייניקע הערלעכע געשטאַלטן. צווישן זיי שיינען אַרויס די אומפּאַרגעסלעכע געשטאַלטן פון זיינע טאַטע־מאַמע און דעם קערנדיקן דערציילער כאַוואַ פאַוועד (גרשון איינבינדער). אָט־די מענטשן, הגם שוין לאַנג אַרויסגעריסן געוואָרן פון אונז, בלאַסן נישט אין זיין בענקשאַפט. ער האָט זיי פאַרקריצט אין זיין זכרון. און מיט דער פּען פון דער שעפערישער קונסט, האָט פּוליע טשערנער זיך אַריינגעשריבן צווישן די טאַלאַנטפולסטע דערציילער אין דער אידישער בעלעטריסטיק.

פאַר דער באַזונדעראַרטיקייט פון זיין דערציילערישן מעטאָד, קאָן אויך דינען די טראַגישע איבערלעבונג אין זיין מיט טרערן־אָנגעקוואָלענער דערציילונג "דער לעצטער טאָג" (פעברואַר נומער "יידישע קולטור"):

"ער איז געזעסן ביי איר בעט, דניאל, אויף אַן אָנלענשטול. זי האָט לייכט געדרעמלט, ריטאַ. זי האָט אַן אומרואיקע זיך אַלעמאָל אויפגעכאַפּט און האָט פון זיך אַרונטערגעוואָרפן די קאָלדרע און זי האָט עפּעס אין דער שטיל געמורמלט. ער האָט צוגעבויגן צו איר דעם אויער און ער האָט אויפגעכאַפּט אָפּגעריסענע און אומפאַרשטענדלעכע קלאַנגען. פון צייט צו צייט האָט זי, ווי אין שרעק, זיך אַ צאַפּל געטאָן און אויפגעעפנט האַלב־

פּאַרמאַכטע, פאַרנעפּלטע אויגן, און אויסגעשטרעקט צו דניאלן איר האַנט: ״ביסט דאָ דניאל?״ — ״אַוודאי בין איך דאָ לעבן דיר, ריטאַ טייערע. וואו דען קאָן איך זיין?״ ״גוט״ — האָט זי אַ שעפּטשע געטאָן און פאַרקלאַמערט אירע פינגער צווישן זיינע. — ״האַלט מיך צו, דניאל, לאָז מיך ניט אָפּ״...״.

אַזוי, פאַרקלאַמערט אין דניאלס פינגער, גייט זי אויס. דניאל, פון מידקייט, זינקט אַריין אין אַ באַרואיקנדיקן שלאָף. ווען מען וועקט אים אויף, אַרויסצונעמען דעם אָפּגעקילטן גוף פון ריטאַן, זיינען אירע פינגער נאָך אַלץ איינגעפּרעסט אין זיינע...

ביי אַן אַנדער דערציילער, וואָלט די אַנגסט געשילדערט געוואָרן מיט אַ העכערן טאָן. דאָ האָבן מיר דעם סוד פון פוליע טשערנערס שטייגער דערציילן. ווייזט אויס, אַז דער טויט קומט מיט שטילע טריט, און ער פאַרשטילט די יסורים פון קראַנקען. אָבער אין דניאלן רוישט־אויף די גרויל פון ריטאַס טויט. עס דערשלאָגט אים אַזוי, אַז ער גלויבט ניט אַז דער טויט האָט שוין פון זיינע פאַרקלאַמערטע פינגער, אַרויסגעריסן ריטאַן, ווען ער איז פאַרוויגט געוואָרן אין חלומדיקן שלאָף.

ביי פוליע טשערנער זיינען די סוזשעטן קאָנצענטרירט אויף נישט קיין צוברייטן שטח. ממילא איז דער טיפּאַזש אויך נישט פּילאַרטיק. אָבער פון יעדער באַזונדערער דערציילונג, האָט ער געקאָנט בויען אַ קאָנסטרוקציע פון אַ גרעסערער נאָוועלע. זיין שאַפן וואָלט געוואָרן אָנזעעוודיקער און פולער.

סיי־ווי, איז פוליע טשערנערס אַריינגאָב אין דער אידישער בעלעטריסטיק פון אַ הויכער קינסטלערישן דערגרייך.

יאָ, ביים לייענען די דערציילונגען צעשפּרייט אין פאַרשיידענע זשורנאַלן, האָב איך געהאַט פאַרדראָס, וואָס קיין איין זאַמלונג פון זיינע דערציילונגען איז ביז איצט נישט דערשינען אין בוך־פאָרם. עס זעט מיר אויס, אַז פוליע טשערנער, וואָס האָט אַ שטילן טאָן אין שרייבן, איז אויך שטיל אין אונדזערע ליטעראַרישע געמאַרקן. וואו זיינען געוועזן און וואו זיינען די קולטור־טוער אונדזערע? פאַרוואָס באַמיען זיי זיך נישט איצט, לכבוד זיין ווערן אַ בן־שמונים, אַרויסצוגעבן כאָטש איין בוך זיינעם?

עס איז געטאָן געוואָרן אַן עוולה נישט בלויז פוליע טשערנערן, נאָר אויך דעם בעסערן לייענער פון דער יידישער ליטעראַטור. טאַקע ווי פּרץ האָט געזאָגט: ״איך שרייב פאַר אַ העכערן לעזער״. מיר האָבן זיי נאָך אַלץ אין אונדזער פּראָגרעסיווער סביבה. איז וואוזשע זיינען זיי, זיי זאָלן זיך אָנהויבן עוסקן אַרויסצוגעבן אַ זאַמלונג פון זיינע דערציילונגען.

וואָס קאָן איך פוליען ווינטשן צו זיינע אַכציק? — אַז ער זאָל זיך שטאַרקן און געפינען טרייסט אין שאַפן זיינע שיינע, לירישע, ליב־האַרציקע דערציילונגען, וואָס האָבן מיך דערנענטערט צו אים.

פוליע, — געזונט און שעפערישע יאָרן צו דיין ווערן אַ בן־שמונים! די פּען איז דיין שוץ פיזיש און גייסטיק. איז זיי אונז וואָס אָפטער מהנה מיט דיינע שאַפונגען. דאָס איז אונזער נחת פון דיר. לאַנגע יאָר. אָמן!



# געפונענע בריוו

(פון מיין מעמואַרן־פּנקס)

מיינע מעמואַרן וועגן "שרייבער וואָס איך האָב געקענט" האָב איך אָנגעהויבן מיט מאַני לייבן. איך דערמאָן דאָרטן, אַז איך האָב דערהאַלטן פון אים איינציקע בריוו.

איך האָב זיי נישט אַריינגענומען, מחמת איך האָב געוווּסט, אַז זיי זיינען מיר צעאַשט געוואָרן אין אַ קליינער שריפה, וואָס האָט אויסגעבראָכן אין אַ קעלער פון מיינער אַ שכנה.

געשען איז אָט וואָס: עס איז געווען בעת דער ווילדער רעאַקציע, וואָס האָט געבושעוועט אין יענע יאָרן אין קאַנאַדע. דער דעטעקטיוו בענואַר האָט אָנגעוואָרפן אַ שרעק אויף אַלעמען. ער פלעגט זוכן קאָמוניסטן און ביי איטלעך איינעם וואָס האָט זיך געהאַלטן נאָענט צו דער סביבה פון דעם לינקן און יוגנטלעכן "קולטור־צענטער". בפרט האָט ער געטשאַטעוועט אויף די שרייבער אין "קאַמף" "מאָרגן פרייהייט", "האַמער", "סיגנאַל", וכדומה.

האָב איך די קליינע צאָל פון מיינע לידער, און די פּאָר צענדליק בריוו באַהאַלטן אין קעלער פון מיינער אַ שכנה.

נו, האָט דאָרטן אָנגעהויבן זשאַרען אַ פייערל, וואָס איז טאַקע גיך פאַרלאָשן געוואָרן, אָבער עטלעכע צינגלעך־פייער, האָבן זיך צוגעכאַפּט צו מיינע קעסטלעך. איינס האָבן זיי באַוויזן אויפצועסן, און דאָס אַנדערע האָבן זיי בלויז אָפּגעבריט און פאַראַשט...

אין דעם פאַרברענטן קעסטעלע זיינען געלעגן מאַני לייבס בריוו. און די צוויי בריוו פונעם מיט טאַלאַנט געבענטשטן יונגן ליריקער הירשקע ־יאַמאַנט (זיינע פרעכטיקע לידער זיינען געדרוקט אין נאָוועמבער —

דעצעמבער "יידישע קולטור", 1981), איזי כאַריק, די ערשטע פּאָר בריוו פון א. ליעסין, קלמן מרמר, ז. ווײַנפּער און ב.י. ביאַליסטאָצקי (רעדאַקציע-קאָלעגיום פון "אויפקום").

די בריוו זײַנען טאַקע אַוועק מיטן רויך, אָבער זייער אינהאַלט האָט זיך פאַרהיט אין מײַן זכרון (עס האָבן זיך פאַרהיט אין מײַן זכרון פּאַסירונגען און איבערלעבענישן פון יונגן אַמאָל. אָבער, ווו איך לײַג הײַנט עפּעס אַוועק, געדענק איך נישט פינף מינוט שפּעטער... אוי, די "גאָלדענע יאָר אויף דער עלטער"...)



פון רעכטס צו לינקס זיצן יוסף דימענטשטיין און מאַני לייב. פון רעכטס צו לינקס שטייען שלום שטערן און י.י. סיגאַל. אין אָנהייב 30-קער יאָרן אין מאָנטרעאָל.

ווי אַרײַנגעשריבן אין זכרון, איז בײַ מיר עד-היום פאַרבליבן דער תוכן, און מײַן פון איזי כאַריקס אַ בריוו. איך האָב אים געשיקט מײַן ערשט ביכל לידער "נאָענטקייט" (דערשינען אין טאָראָנטאָ אין פאַרלאַג "אויפגאַנג" געזעצט פון דעם פאַרליבטן אין יידיש יאָסל קליינשטיין — פּראָגרעסיווער שול-און קולטור-בויער).

י.י. סיגאַל, זכרונו לברכה, האָט זיך אַרײַנגעשטאָכן אין די לידער, ווי אַ לייב וואָס גראָבט זיך אײַן מיט די נעגל אין אַ ציגעלע, אײדער ער פאַרצוקט עס.

איידער ער האָט נאָך געעפנט די ווײַכע טעוועלעך פון מײַן ביכל-לידער אין אַלבאָם-פאָרמאַט, ווייסט ער שוין, אַז עס זײַנען

"אומגעלומפערטע לידער פון אַ לידער־שרײַבער אָן טאַלאַנט". בלויז צוויי שורות האָבן געפונען לײַטזעליקײַט אין זײַנע אויגן...

דאָך, אויף דעם בראשית פון מײַנע עטלעכע צענדליק לידער, אײַנגעזאַמלט אונטער איין דאַך, האָבן אַ צאָל רעצענזענטן זיך גאָר וואַרעם אָפּגערופן. שטאַרק אויסגענומען האָט די סעריע פון פיר לידער "דער מאַמעס שבת".

ווי אַזוי האָט איזי כאַריק רעאַגירט אויף די לידער אין "נאָענטקײַט"? — פיל ווייניק בזה הלשון: "איר האָט טאַלאַנט. איר זײַט אַ לירישער דיכטער. די לידער אין אײַער ביכל זײַנען יונג און פריש. אָבער אײַער פאַרהעלעכן "דער מאַמעס שבת" האַלט איך, פאַר אַן אָפּגעלעבטער טעמאַטיק. מיר דאַרפן אָנפילן די יידישע ליטעראַטער מיט דעם נײַעם רעוואָלוציאָנערן גײַסט און נישט אַרײַנברענגען שטימונג פון אַן אַלט־אָפּגעריבענער טראַדיציאָנעלקײַט"... א.אַ.וו.

דערויף האָב איך אָפּגעענטפערט: (אָן אַ פאַרענטפער). אַז איך דאַנק אים פאַר די ווערטער פון אָנערקענונג. אָבער, וואָס פאַר אַ שטער איז עס פאַר דעם רעוואָלוציאָנערן ברויז, ווען מען שילדערט, און אפילו ווען מען באַזינגט די שיינקײַט פון יידישן שטייגער מיט זײַן שבת־יומטובדיקייט. הגם, איך שעץ הויך זײַנע לידער וועגן די "מינסקער בלאָטעס", איז מיר גאָר נישט — ליב אייער ליד "שטעטעלע פאַרשווינד!"

זיכער, דאַרף מען איבערבויען דאָס שטעטל. אָבער איבערהאַקן אַלע פעדעם מיט אונדזער נעבטיקער שטײַגערישקײַט. איז מיר גאָרנישט ניחא. עס איז נישט לויט מײַן גײַסט און געמיט. מיר איז שוין גאָר נאָענט דוד האָפּשטיינס אויפזינג: "אוי, ווי גוט איז מיר צו וויסן. עס האָט דער ליכטיקער פאָדעם זיך ניט איבערגעריסן."

אויף מײַן אָפּוואַרפן זײַן אײַנשטעל האָב איך שוין קיין ענטפער נישט דערהאַלטן.

וואָס־זשע געהערן זיך אָן הירשקעס און איזי כאַריקס בריוו צו מאַני לייבס בריוו? זיי זײַנען כּמעט פון איין ברויז־פעריאָד, און זײַנען געווען אײַנגעטוליעט אין איין קעסטעלע. און על פּי נס, איז זיכער דער דאָזיקער בריוו באַשירעמט געוואָרן פון אַ צינגעלע־פײַער...

איצט אייניקע באַמערקונגען וועגן בריוו גופא נישטאָ אויף אים קיין דאַטע. אויך דער קאָנווערט פעלט. עס זעט מיר אויס, אַז ער האָט זיך דעמאָלט געפונען אין דעבאָרא־סאַנאַטאָריע, אין דענווער, קאָלאָראַדאָ. דער אויסלייג פון די העברעישע ווערטער איז פאָנעטיש. האָט מאַני לייב געהאַלטן פון דעם פאָנעטישן אויסלייג פון העברעישן עלעמענט אין יידיש, לויטן מוסטער פון די יידיש־סאָוועטישע שרײַבער? — איך ספק וועגן דעם. גיכער נעם איך אָן, אַז עס איז אים גרינגער געווען אַזוי, מחמת ער איז נישט

געוועזן קיין גרויסער בקיא אין לשון־קודש. רוסיש האָט ער טאַקע גוט געקענט. אָבער אויסלייגן אַ לשון־קודש־וואָרט, איז אים אָנגעקומען גאַנץ שווער.

בעת מאַני לייב איז געווען אין מאָנטרעאָל, האָב איך אים אויך געלייענט דאָס ליד מײַנס "עס שרעקט די שטאָט". דאָס ליד איז אים טאַקע געפעלן געוואָרן, אָבער ער האָט נישט געקענט גלויבן, אַז עס איז אַזוי, דאָס ליד איז פּאָעטיש, דעריבער מאַכט עס מיך צו גלויבן, אַז דאָס איז דער אמת.

וואָרים קיין גרעסער אמת, ווי דער אמת פון דער קונסט איז נישטאָ, כאָטש דאָס עכטע ליד איז געוועבט פון די אומזעיקע פאַנטאַזיע פעדעם פון שטימונג און פאַנטאַזיע. בכדי קלאָרער צו מאַכן מאַני לייבס ספקות, מיין איך, אַז איך דאַרף דאָ ציטירן דאָס ליד:

"פּאַציענטן שוין מער נישט קראַנק,
האָבן מורא זיך צוריקצוקערן
אין שטאָט, צום געדראַנג.

פעדלער, קרעמער און שנײַדער
זײַנען שוין אײַנגעהײמישט
אין דעם גרויען לעבנס־סדר:

נאָך די מאָלצייטן ליגן זיי אויף רו־שטולן
און קוקן צו די בלויע, בערגיקע ווײַטן.
דרײַ מאָל זונטיק אויף אַ שפּאַציר
ביז צום בריקל
מיט די שטיינער פּיר.

קומט זונטיק דאָקטער מאַכלין
און זאָגט צו אַ פּאַציענט:
ביסט שוין פרײַ פון די סאַנאַטאָריע־ווענט,
קענסט שוין פאָרן אין שטאָט.
דאַרפסט שוין מער נישט ליגן
אויפן באַלקאָן,
אַרומגעוגומען מיט דראָט און גאַפן
אויפן דראָנג מיט דער קאָלירטער פאָן.

וואָס זשע ענטפערט אַזאַ איינער?
— דאָקטער, אין שטאָט
וואַרט אויף מיר נישט קיינער.

איך דאַרף זוכן אַ דזשאָב,
ווידער וועט מיך קראַנק מאַכן
די שווערע אַרבעט אין שאַפּ.

דאָקטער מאַכלין גיט צופאַרשטיין:
אַז בלויז פאַר נישט־אויסגעהיילטע
דאַרף די סאַנאַטאָריע זײַן אַ היים.

לעבט נאָרמאַל, היט זיך, האָט קאָנטראָל.
גײט שלאָפן פרי,
פונקט ווי דאָ אין וואַלדיקן טאָל.
פון דער אַרבעט וועט איר קומען
צו אײַער אייגענעם טיש דעם זאַטן.
געדענקט, איך וויל אײַך זען
אין מײַן אָפיס יעדע דרײַ מאָנאַטן.

דאָקטער מאַכלינס רייד
פאַרטרײַבן די שרעק,
און דער פאַציענט אַן אויפגעלייגטער
גרייט זיך אין וועג.

צומאָרגנס מיט פריידיקן שפּאַן
גײט דער פּאַציענט צו דער באַן.
אויפן בערגל ווינטלט די פאָן,
און געזעגנדיקע הענט.
פאָכען צו אים פון באַלקאָן.

דער לאָקאָמאָטיוו וואָיעט צווישן די בערג
און טראָגט זיך צו דער שטאָט,
צו די רווישיקע גאַסן און שרײַיקע מערק.

הימל־הויכן העלן איבער שטוב, שטיין,
טײַך און בריק,
די גראָבע רויכן ציען זיך ווי גראָע שטריק.

מויערן, פאַבריק קוימען, סלופּעס פאַרצויגן
מיט דראָט.
אין האַרצן נאָגט זיס־אומעטיקער ווײַ.
ווען דער פאַציענט דערזעט די שטאָט
און ער זעצט זיך ווידער אַריין
אין אָנגעפּראָפּטן טראַמוויי".

אַגב, אַט דאָס ליד איז אַרײַן אין אַ מעדיצינישן בוך אין מעדיצינישן פאַקולטעט אין בראַון אוניווערזיטעט, אין פּראָווידענס. ראוד אײַלאַנד. מיט אַט דעם ליד עפנט זיך דאָס בוך, און איטלעכער סטודענט פון ערשטן און צווייטן יאָר מעדיצין, דאַרף שרײַבן, וואָס ער נעמט אַרויס פון דעם ליד.

מאַני לייב, וואָס האָט נישט געהאַט קיין גרויס צוטרוי צו דער שרעק פון פּאַציענטן וואָס דאַרפן אַרויסגיין פון שפּיטאָל, באַשרײַבט אין בריוו ווי ער, און אַנדערע לעבן־איבער אָט די שרעק.

אָט איז מאַני לייבס בריוו:

טייערער שאָלעם שטערן:

איך האָב ניט געהאַט די געלעגנהײַט צו ענטפערן אין דער צײַט. נעמט ניט פאַר אומגוט.

איך פיל זייער גוט אין געזונט. מײַן כאלאס איז ניט קיין שווערע און אין מיינע יארן איז זי ניט געפערלאך. איך שטעל זיך פאָר אייער לאגע ווען איר זייט געווען קראנק. דא געפינען זיך אסאך יונגע מענטשן און איך קוק זיך צו ווי זיי פילן פארלאָרן — א שרעק!

איך וועל דא לאנג ניט זיין: עפשער נאך אַ פּאָר כאדאשים. און גלייבט מיר: מיר ווילט זיך ניט ארויסגיין פון דאַנען; איך האב פּאַשעט מוירע פאר דער וועלט פון די געזונטע. איך בין געווען אט ערשט צוויי טעג אויף אורלויב און איך בין צוריק געקומען אן איבערגעשראקענער. דאס האב איך באמערקט ביי אלע טורבעקילאָז קראנקע: א שרעק אנצוהויבן לעבן א געזונטן לעבן.

אייער באקלאגן זיך אויף אייער שווערן און אומעטיקן לעבן — דענק איך, אז איר קאנט מאכן אייער לעבן אינטערעסאנטער מיט שרייבן לידער און לייענען. איר זייט אַ טאַלאַנטפּולער פּאַעט, ארבעט מען אויף ווערק און ס׳וועט זיין אינטערסאנט. איר, י.י. סיגאַל, האָט אירביידע געדארפט ארויסגעבן אַ זשורנאל און זאמלען טאקע אלעמען — און דאָס וועט אייך געבן א סאך אינטערעס. זאל נאר סיגאל א האָדעלע פארבויגן זיינע פאדערונגען און ער וועט אויך אנהויבן לעבן אינטערסאנטער. גריסט אים, זידלט אָן פאר מיר דימענטשטיינען. גריסט אייער ווייב און אייערע אינגאלע. מיין בוך וועל איך אייך זיכער צושיקן ווען איך וועל ארויס פון סאניטאריום. ראשלען האב איך געבעטן שיקן אייך איר בוך: זי וועט צושיקן.

איגנאטאוו האט מיך געבעטן — ווען איך בין געפאָרן אין מאנטרעאל — ריידן מיט אייך אז איר זאלט אים ענטפערן וועגן קויפן — פארקויפן זיינע ביכער. איך האב ניט געפילט ווי צו ריידן מיט אייך וועגן דעם. אבער מיין געוויסן איז אנקעגן אים ניט ריין, דערפאר מוז איך איצטער ארייננווארפן אייך אַ פּאָר ווערטער וועגן דעם איניען.

און — זייט מיר געזונט און שרייבט לידער און זייט אויפגעהייטערט.

אייער,

**מאני לייב**

מאַני לייבס עצהנען, אַז סיגאַל און איך זאָלן אַרויסגעבן אַ זשורנאַל, וואָלט געקענט צושטאַנד קומען, ווען סיגאַל וואָלט נישט מבטל-געווען אַלע שרייבער אין מאָנטרעאָל. די פּאָעטן, דערציילער און שרייַבער פון אַלע זשאַנערן. אַלע — אַלע זייַנען בייַ אים געווען גראַפּאָמאַנען! גראַפּאָמאַנען עליך ישראל! איז ווי־זשע האָט מען געקענט אפילו טראַכטן וועגן אַזאַ טריבונע? מען האָט דאָך אויך, לויט מייַן מיינונג, געדאַרפט צוציען אפילו אין דער רעדאַקציע נאָך אַ פּאָר שרייַבער. אויף דעם האָט סיגאַל נישט געוואָלט אייַנגיין. כ׳מיין אַז דאָס איז געווען די הויפּט מניעה.

דימענטשטיין איז געווען זייער אַן אינטעליגענטער מענטש און אַ גרויסער פאַרערער פון מאַני לייבן. ער האָט מאַני לייבן זייער ליב געהאַט, און געהאַט פאַר אים גרויס אָפּשיי. מאַני לייב האָט מיר דערציילט, אַז ער איז זייער דערשלאָגן, און אַז ער האָט מאָמענטן פון ווענלן זיך נעמען דאָס לעבן. מיר דאַכט, אַז דימענשטיין האָט אפילו געדרוקט פון צייַט צו צייַט אַרטיקלען אין ״קענעדער אָדלער״. מאַני לייב האָט אים געפּרוּווט אייַננעמען, באַרויקן און ער האָט זיך אפילו געבייזערט אויף אים. ער האָט געמיינט, אַז ער האָט שוין געמילדערט זייַן דערשלאָגנקייט. אָבער, מיט אַ האַלב יאָר שפּעטער, האָט דימאַנטשטיין זיך אַרייַנגעיאָגט אַ קויל אין קאָפּ. וועגן איגנאַטאָווס בקשה איך זאָל פאַרקויפן זייַנע ביכער. פאַרשטיי איך נישט, פאַרוואָס ער האָט מיט מיר וועגן דעם נישט גערעדט. אפשר, האָט ער געמיינט, אַז ער וועט מיט דעם מיר פּוגע כּבוד זייַן, ווייל איך האָב מייַן בידנע פּרנסה דעמאָלט געצויגן פון פאַרקויפן יידישע ביכער פון די פאַרלאַגן ״קלעצקין״ און ״קולטור ליגע״, און די ״ליטעראַרישע בלעטער״. איך וואָלט געוויס געקענט פאַרשפּרייטן אַ געוויסע צאָל פון זייַנע ביכער. דעמאָלט איז נאָך געווען אַ קרייַז פון קויפער און לייענער פון יידישע ביכער.

מאַני לייבס בריוו מיט די דריבנע און שיין־געשריבענע אותיותלעך, האָט מיך גערירט. די ווערטער זייַנען דורכגעוואַרעמט מיט אַ ליבטיקער נאָענטשאַפט. דאָס געמיט פון דעם ליב־האַרציקן, גרויסן פּאָעט מאַני לייב, איז אַן אָפן ספר פון וועלכן עס גייט־אויף אַ ליבשאַפט צו שרייַבער צו וועמענס טאַלאַנט ער האָט געהאַט צוטרוי.

תּמיד, ווען עס קומט מיר אויס צו רעדן אָדער שרייַבן וועגן מאַני לייבן, שווימט אַרויס זייַן געשטאַלט. זייַנע גרינע אויגן, גרין ווי אַגרעסן, שימערן. זייַנע איידלגעטאָקטע הענט נעמען אַרום מיט אַ ליבשאַפט, וואָס געזעגענען זיך טאַקע, אָבער ווילן זיך נישט אָפּשיידן פון די וועמען ער האָט ליב.

פון סאַנאַטאָריע איז ער דאָס ערשטע מאָל אַרייַן און אַרויס. דאָס צווייטע מאָל איז שוין דאָס געלעגער דאָרטן געווען דאָס בעט, אויף וועלכן ער האָט דעם באַשעפער אָפּגעגעבן זייַן ריינע נשמה, (ווי עס שטייט געשריבן: ״הנשמה שנתת בי טהורה היא״).

ווען נאָר איך טראַכט וועגן מאַני לייבן, ציטערטן אויף אין מיר די פערזן פון גרויסן פּאָעט משה לייב האַלפּערן:

אַז די זון וועט ארונטערגיין
אונטערן וואַלד,
וועט קומען די נאַכט
און זינגען ליו ליו
אַריבער די אויגן וואָס פאַלן שוין צו
צושלאָפן אין אייביקער רו!

כל זמן עס וועט לעבן די יידישע ליטעראַטור, וועט מאַני לייבס נאָמען לויכטן ווי דער סאַמע ליכטיקסטער ליריקער אין דער יידישער פּאָעזיע.

## נישט געדענקט

אין מײַנע מעמוּאַרן וועגן קלמן מרמר געדרוקט אין סעפּטעמבער־אָקטאָבער ״יידישע קולטור״ 1981, האָב איך געשריבן, אַז פון ״לאָס אַנדזשעלעס״, האָב איך פון מרמרן קיין בריוו נישט דערהאַלטן.

האָב איך געמאַכט אַ טעות. אין די יאָרן פון עלטערן־זיך, ווערן געוויסע פּאַסירונגען פאַרטונקלט. איז אין שאָטן פון נישט־געדענקען, גייט אויך אַרײַן, נישט קענען טייל מאָל זיך דערמאָנען צי איך האָב נאָך געוויסע און אנדערע מאַטעריאַלן. דערצו איז אין מײַן כּלומרשטן אַרכיוו, נישט לויטן בעסטן סדר צופיל אָנגעלייגט אין די קעסטלעך. צו אויססדרן, ווי עס באַדאַרף צו זײַן, דאַרף מען האָבן כּח און כּידוע אויף דער עלטער ווערט דאָס געזונט שלאַבריק.

איז ווי אַזוי האָב איך זיך פאַרט דערגראָבן צו מרמרס בריוול. איך האָב געזוכט עפּעס אַנדערש, און זיך אָנגעשלאָגן אויף מרמרס קליין און כּמעט קינדערישן כּתב.

דערזעענדיק לאָס אַנדזשעלעס און די דאַטע, האָב איך פאַרשטאַנען, אַז מײַן זכרון האָט מיך פאַרפירט.

איז מחמת וואָס פאַרעפנטלעך איך דאָ אָט דאָס בריוול? איך מײן, אַז נישט צוליב דעם שבח, מיט וועלכן ער איז מיך מכבד, אַזעלכע אויפריכטיקע שבחים, האָב איך גאַנץ אָפט פון אים באַקומען אין זײַנע בריוו און בריוועלעך, און צוליב כּמה וכמה טעמים, האַלט איך זיך אָפּ פון אַרויסברענגען זיי אויף דער ליכטיקער שײַן. וואָס ברענגט מיך פאַרט צו לאָזן אָפּדרוקן דאָס דאָזיקע בריוול, איז מרמרס אַרויסשרײַבן וועגן זײַן מצב הבריאות.

צוליבן אָפּגעשוואַכטן געזונט ״פיזיש און גייסטיק״ קען ער דאָס נישט טאָן, ווען ער פילט, אַז ער דאַרף עס טאָן. נו, טרייסט ער זיך מיט דעם האָפן: ״אויף בעסערע צײַטן, ווען ער וועט זײַן קרעפטיקער פיזיש און גייסטיק״. איז פון אַלע זײַנע וויכטיקע דערגרייכונגען, האָט ער נישט געקענט מער קומען

צו אַ פאַרבעסערטן געזונט און אויך נישט צו אַן אויפהייטערונג אין גייסטיקן זין.

איך בין נישט זיכער, צי עס איז ערגעץ פאַרוואַלגערט פון אים נאָך בריוו פון לאָס־אַנדזשעלעס, אין וועלכע מרמר באַקלאָגט זיך אויף זײַן עלנטקייט און אַליינקייט. אָבער פון גרוסן וואָס איך פלעג באַקומען פון חברים, וועלכע האָבן אים באַזוכט, האָט ער זיך ארויסגערעדט, אַז ער פילט זיך ווי פאַרלאָזן. ווי מען האָט מיר איבערגעגעבן דעמאָלט, האָבן חברים־פאַרערערס אים נישט געלאָזט פאַראיינזאַמט־ווערן. עס איז אָבער אויך אַ פראַגע וויפיל צײַט האָבן זיי באַוויליקט אָפּצושפּאָרן פאַר אים, און ווי אַזוי עס איז געטאָן געוואָרן...

עס פאַרקלעמט בײַם האַרצן, ווען דאָס שווימט מיר אַרויף אויפן זכרון. מרמר איז נישט געווען דער איינציקער פאַל... י.י. שוואַרץ האָט זיך אויף די עלטערע יאָרן געפילט ווי פאַרלאָרן, בפרט נאָך דעם, ווען זײַן טאָכטער און איידעם זײַנען אומגעקומען אין אַן אויטאָמאָביל־אומגליק. ער איז געווען אַ חבר אין "פאַרבאַנד", און דעמאָלט האָבן נאָך געלעבט אַ צאָל שרײַבער בני־דורו, אָבער אין י.י. שוואַרצן האָבן זיי נישט געדענקט, זעלטן געקומען אים לינדערן זײַן ווייַ און טרויער. היינט איז שוין נישטאָ צו וועמען צו האָבן טענות. אין יענע יאָרן האָבן מיר נאָך געהאַט קליינע, געטרייע קרײַזן פון יידיש־לייענערס און קולטור־בויערס, בײַ וועלכן אַ שרײַבער איז נאָך געווען חשוב. דאָס בריוול מרמרס (איז עס געווען דאָס לעצטע געשריפטס צו מיר?) איז פאַר מיר אַ באַווײַז (מסתמא צום טויזנטסטן מאָל), אַז מרמר איז געווען אַ וויכטיקער, ערנסטער שריפטשטעלער, נאָענט מיט מענטשן, ליב געהאַט חברים און פרײַנט, מיט זײַן שטענדיקן אַרויסווײַזן זײַן וואַרעמע באַציונג צו זיי.

מיך האָבן זײַנע בריוו געשטאַרקט אין מײַן שווערן גאַנג, ווי זאָגט מען עס, דורך ווינט, רעגן און האָגל...

אין אָט דעם בריוול לויטערט זיך דאָס וואַרעמע געמיט פון אַ ליכטיק־שעפערישער פערזענלעכקײַט פונעם "דור פון הויכע אידעאַלן" וואָס אברהם רייזען, האָט אַזוי הערלעך באַזונגען אין זײַן ליד "איך האָב ליב מײַן דור פון די הויכע אידעאַלן".

לייענט מרמרס בריוול און דערמאָנט זיך אין זײַן געשטאַלט:

ל.א., דאָנערשטיק, 15טן אָקטאָבער, 1953

מײַן ליבער שלום שטערן,

יעדעס מאָל ווען כ׳לייען אַ ליד אָדער אַן עסעי פּיל איך ווי אײַך צו שרײַבן אַ יישר כּח. נאָר דאָס קומט מיר אָן צו שווער דורכצופירן. לייג איך עס אָפּ אויף בעסערע צײַטן, ווען כ׳וועל זײַן קרעפטיקער פיזיש און גייסטיק.

מיט האַרציקסטע גרוסן און בעסטע ווונטשן צו אײַך און סאָניען מיט אײַערע זין.

אײַער קלמן מרמר

Kalman Marmor
525 No. Formosa Ave.
Los Angeles 36, Calif.

יאָ, איך טראָג אין זיך דעם טרויער אין דער בענקשאַפט נאָך מרמרן און נאָך אַלע שרײַבער, וועלכע איך האָב געקענט און וועלכע זײַנען מיר געווען נאָענט. וועגן מרמרן האָב איך אָפּט דאָס געפיל, אַז אָט וועט זיך אומגעריכט אָניאָגן פון אים אַ בריוו אין זעלבן נוסח ווי דאָס בריוול, וואָס ווערט איצט פאַרעפנטלעכט. אָבער קיין בריוו און קיין גרוסן גרײַכן מער נישט צו מיר. אויף אייביק האָט די אייביקייט אים אײַנגעשלונגען.

* * *

## באַמערק פון דער רעדאַציע:

מײַן אײַנדרוק איז, אַז די לאָס־אַנדזשעלעסער חברים און פרײַנד פלעגן אָפּט — אפשר, זייער אָפּט — אָפּשטאַטן וויזיטן צו קלמן מרמר, אים אָפּט נעמען אויף אַן אויטאָמאָביל־שפּאַציר, אָדער צו זיך אַהיים אויף עטלעכע שעה. די באַלעבאַטים פון דער ״היים״, ווו ק. מרמר האָט פאַרבראַכט זײַנע לעצטע יאָרן — די באַוווּסטע גאַרפילד־משפּחה — איז געווען צו אים זייער וואַרעם און פריינדלעך. ניו־יאָרקער פרײַנד און חברים פלעגן אים אַלע מאָל באַזוכן. איך אַליין פלעג ניט פאַרפעלן פאַרברענגען מיט אים בעת מײַנע אָפּטע וויזיטן קיין לאָס־אַנדזשעלעס.

איך ווייס ניט גענוג צי חברים שרײַבערס און זײַנע פאַרבאַנד־חברים פלעגן אָפּט באַזוכן י.י. שוואַרצן. איך ווייס אָבער באַשטימט — און וויל, אַז אַנדערע זאָלן עס וויסן, אַז פייגל ראָלניק איז געווען זייער פרײַנדלעך צו י.י. שוואַרץ, וווּנדערלעך געטריי, פלעגט אים זייער אָפּט זען (זיי האָבן, דאַכט זיך, געוווינט בשכנות) און אים בײַשטיין אין זײַנע נויטן, אים אָפּט אַרויסגעהאָלפן און פאַרברענגט שעהן מיט אים.

א.ג.

# מיר אין באשערט

קאַנאַדע גנאָדיק, לאַנד
פון מיין היים.
מיר איז באַשערט,
אויף דיין פרוכטיקער ערד
זאָל דאָס געזאַנג פון מיין ליד,
אין ליכטיקער פרייד
דאָ אויפגיין.

איך האָב מיין היים
דאָ געבויט.
וואָר, נישט תמיד
האָט דער הימל
אויף מיין וועג געבלויט.
אין טעג פון פיין,
האָט דאָס ליד
מיין גלויבן פאַרהיט.
אין אויפגיין פון באַגין,
איך הויב מיין קאָפ
צו דער ליכטיקער בלוי
און אין לויב
איך בענטש דיך, קאַנאַדע
גנאָדיק לאַנד פון מיין היים

# אינהאַלט

זייט

זייט